ברוך שפּינאזא

# די עטיק

(דערוויזן אויף א געאמעטרישן אופן)

אין פינף טיילן

יידיש

ו. נאטאנסאן




פארלאג „נייע געזעלשאפט" שיקאגא
יעקב באבינסקי – פרעזידענט

דער פּאָרטרעט אויף זייט 2 איז דאָס באַקאַנטע
װאָלפּענביטלער בילד פֿון ב. ש פּ י נ אָ ז א
דער זיגל אויף זייט 3 איז שפּינאָזאָס אייגנ=
האַנטיקע אַרבעט





װאַרשע 1923, געדרוקט אין 1500 עקזעמפּלאַרן
דרוקעריי „די װעלט“, װאַרשע נאָװאָליפּיע 7

B. SPINOZA — ETIK

Wyd. Kultur Liga.
Warszawa, 1923
Druk. „Di Welt“, Warszawa Nowolipie 7

# ערשטער טייל

## וועגן גאָט

### דעפיניציעס, אקסיאמען, גרונדזאַצן און שלוסזאַצן

### דעפיניציעס.

I. אונטער אורזאַך פון זיך גופא פאַרשטיי איך דאָס, וואָס זיין תמצית שליסט אין זיך איין עקזיסטענץ, אָדער דאָס, וואָס זיין נאַטור קאָן נאָר אַלס עקזיסטירנד באַגריפן ווערן.

II. אַ זאַך הייסט ענדלעך נאָך איר מין נאָך, ווען זי קאָן באַגרעַנעצט ווערן דורך אַן אַנדער זאַך פון דער זעלבער נאַטור. אַ קערפּער, למשל, הייסט ענדלעך, מחמת מיר קאָנען אַלע מאָל באַגרייפן אַן אַנדער גרעסערן קערפּער. אַזוי ווערט אויך דאָס דענקען דורך אַן אַנדער דענקען באַגרענעצט, אַ קערפּער, אָבער, ווערט נישט דורך דעם דענקען באַגרענעצט, און נישט דאָס דענקען דורך אַ קערפּער.

III. אונטער סובסטאַנץ פאַרשטיי איך דאָס, וואָס איז אין זיך גופא, און ווערט באַגריפן דורך זיך גופא, דאָס הייסט דאָס, וואָס וועגן דעם קאָן אַ באַגריף געשאַפן ווערן אומאָפּהענגיג פון וואָסערן עס איז אַנדערן באַגריף.

IV. אונטער אַטריבוט פאַרשטיי איך דאָס, וואָס דער פאַרשטאַנד באַגרייפט אַלס אַזעלכעס, וועלכעס בילדעט דעם תמצית פון דער סובסטאַנץ.

V. אונטער מאָדוס פאַרשטיי איך די פאַרענדערונגען פון דער סובסטאַנץ, אָדער דאָס וואָס עקזיסטירט אין עפּעס אַנדערש, און איז באַגריפן דורך דעם און נישט דורך זיך גופא.

VI. אונטער גאָט פאַרשטיי איך אַן אַבסאָלוט אומענדלעכן יש, דאָס הייסט, אַ סובסטאַנץ, וועלכע באַשטייט פון אומענדלעכע אַטריבוטן, וואָס יעדער איינער פון זיי דריקט־אויס אַן אייביגע און אומענדלעכע מהות.

VII. פריי הייסט יענע זאַך, וועלכע עקזיסטירט בלויז על פּי הכרח פון איר אייגענער נאַטור, און וואָס איר האַנדלונג ווערט באַשטימט דורך איר אַליין;

נויטוועגדיג אָבער, אָדער נאָך מער, געצוואונגען איז די יעניגע זאַך, וועלכע ווערט פון אַן אַנדער זאַך דעטערמינירט צו עקזיסטירן און צו ווירקן אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן.

VIII אונטער אייביגקייט פאַרשטיי איך די עקזיסטענץ גופא, אויף ווי וויט זי ווערט באַגריפן אויף אַ נויטוועגדיגן אופן אַלס אַ פועל יוצא פון דער דעפיניציע פון דעם, וואָס איז אייביג.

## אַקסיאָמען.

I אַלץ וואָס עקזיסטירט, עקזיסטירט אַנטוועדער אין זיך, אָדער אין אַן אַנדערן.

II דאָס, וואָס קאָן נישט באַגריפן ווערן דורך אַנדערס, מוז דורך זיך באַגריפן ווערן.

III פון אַ געגעבענער באַשטימטער אורזאַך פאָלגט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן אַ ווירקונג, און, אומגעקערט, ווען עס ווערט נישט געגעבן קיין אורזאַך, קאָן בשום אופן קיין ווירקונג נישט פאָלגן.

IV די דערקענטעניש פון דער ווירקונג הענגט אָפּ פון דער דערקענטעניש פון דער אורזאַך און שליסט זי איין אין זיך.

V זאַכן, וואָס האָבן נישט עפּעס געמיינזאַם, קאָנען נישט פאַרשטאַנען ווערן איינע דורך דער אַנדערער. דער באַגריף פון איינער שליסט נישט איין דעם באַגריף פון דער אַנדערער.

VI אַן אמתע אידעע מוז צונויפשטימען מיט איר אויסבילד אָדער געגנשטאַנד.

VII אויב אַ זאַך קאָן באַגריפן ווערן אַלס נישט עקזיסטירנד, שליסט איר תמצית נישט איין קיין עקזיסטענץ.

## גרונדזאצן און שלוסזאַצן.

זאַץ I. סובסטאַנץ איז לויט איר נאַטור קודם פאַר אירע פאַרענדערונגען.

זאַץ II. צוויי סובסטאַנצן, וואָס האָבן פאַרשיידענע אַטריבוטן, האָבן קיין זאַך נישט געמיינזאַם.

זאַץ III. פון זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין זאַך געמיינזאַם, קאָן נישט איינע זיין די אורזאַך פון דער אַנדערער.

זאַץ IV. צוויי אָדער מער פאַרשיידענע זאַכן אונטערשיידן זיך איינע פון דער אַנדערער, אַנטוועדער דורך דער פאַרשיידנהייט פון זייערע אַטריבוטן, אָדער דורך דער פאַרשיידנהייט פון זייערע פאַרענדערונגען.

זאַץ V. עס קאָנען נישט עקזיסטירן אין דער נאַטור צוויי אָדער מער

סובסטאַנצן, וואָס זאָלן האָבן די זעלבע אייגנשאַפט אָדער דעם זעלבן אַטריבוט.
זאַץ VI. איין סובסטאַנץ קאָן נישט אַרויסגעבראַכט ווערן פון אַן אַנדער סובסטאַנץ.
שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז די סובסטאַנץ קאָן נישט אַרויסגעבראַכט ווערן פון אַן אַנדער סובסטאַנץ.
זאַץ VII. עקזיסטענץ געהערט צו דער נאַטור פון דער סובסטאַנץ.
זאַץ VIII. יעדע סובסטאַנץ איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן אומענדלעך.
זאַץ IX. וואָס מער רעאַליטעט אָדער זיין אַ זאַך האָט, אַלץ גרע־סער איז די צאָל פון אירע אַטריבוטן.
זאַץ X. יעדער באַזונדערער אַטריבוט פון דער איינער סובסטאַנץ מוז דורך זיך גופא באַגריפן ווערן.
זאַץ IX. גאָט, אָדער די, פון אומענדלעכע אַטריבוטן באַשטייענדע, סובסטאַנץ, וואָס איטלעכער פון זיי דריקט אויס אַן אייביגע און אומענדלעכע וועזנטלעכקייט, עקזיסטירט אויף אַ נויטווענדיגן אופן.
זאַץ XII. עס קאָן נישט באַגריפן ווערן קיין אַטריבוט פון סובסטאַנץ, וואָס פון אים זאָל אויסקומען, אַז סובסטאַנץ קאָן ווערן געטיילט.
זאַץ XIII. די אבסאָלוט אומענדלעכע סובסטאַנץ איז אומטיילבאַר.
זאַץ XIV. אַ חוץ גאָט קאָן קיין סובסטאַנץ נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן.
זאַץ XV. אַלץ וואָס איז, איז אין גאָט, און אָן גאָט קאָן קיין זאַך נישט זיין אָדער באַגריפן ווערן.
זאַץ XVI. פון דער נויטווענדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור, מוז פאָלגן אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן, אויף אָן אַ שיעור אופנים, דאָס הייסט, עס מוז פאָלגן אַלץ, וואָס דער אומענדלעכער פאַרשטאַנד קאָן תופס זיין.
שלוסזאַץ 1. דערפון פאָלגט, אַז גאָט איז די ווירקנדע סיבה פון אַלץ, וואָס דער אומענדלעכער פאַרשטאַנד קאָן אומפאַסן.
שלוסזאַץ 2. צווייטנס פאָלגט דערפון, אַז גאָט איז אַ סיבה אין זיך גופא, און נישט דורך אַ צופאַל פון זיין נאַטור.
שלוסזאַץ 3. דריטנס פאָלגט דערפון, אַז גאָט איז אַבסאָלוט די ערשטע סיבה.
זאַץ XVII. גאָט האַנדלט בלויז לפי די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור, און ער איז פון קיינעם נישט געצוואונגען.
שלוסזאַץ 1. דערפון פאָלגט, ערשטנס, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין אורזאַך אַחוץ דער פולקאָמענהייט פון זיין אייגענער נאַטור, וואָס זאָל אויף אַן אויסנווייניגסטן אָדער אינווייניגסטן אופן באַוועגן גאָט צו האַנדלען.
שלוסזאַץ 2. עס פאָלגט צווייטנס, אַז גאָט אַליין איז אַ פרייע אורזאַך,

מחמת גאָט אַליין עקזיסטירט בלויז דורך דער נויטווענדיגקייט פון זיין נאַטור (זאַץ XI און שלוס-זאַץ 1. צו זאַץ XIV) און האַנדלט בלויז דורך דער נויטווענדיגקייט פון זיין נאַטור, דעריבער איז גאָט (לויט דעפיניציע VII) אַליין די פרייע אורזאַך.

זאַץ XVIII. גאָט איז אַן אינווייניג וואוינענדע און ניט קיין פאַראיבערגייענדע אויסנווייניגסטע אורזאַך פון אַלע זאַכן.

זאַץ XIX. גאָט און אַלע אַטריבוטן פון גאָט זענען אייביג.

זאַץ XX. די עקזיסטענץ פון גאָט און זיין תּמצית זענען איינס און דאָס זעלבע.

שלוסזאַץ 1. דערפון פאָלגט, ערשטנס, אַז גאָטס עקזיסטענץ, אַזוי גוט ווי זיין תּמצית, איז אַן אייביגער אמת.

שלוסזאַץ 2. עס פאָלגט צווייטנס, אַז גאָט און אַלע זיינע אַטריבוטן זענען אומפאַראַנדערלעך.

זאַץ XXI. אַלץ, וואָס פאָלגט פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון גאָטס אַן אַטריבוט, מוז תּמיד עקזיסטירן און אומענדלעך זיין, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, עס מוז זיין אייביג און אומענדלעך דורך דעם דאָזיגן אַטריבוט.

זאַץ XXII. אַלץ, וואָס פאָלגט פון וועלכן עס איז אַטריבוט פון גאָט, אויף ווי ווייט עס איז מאָדיפיצירט דורך אַ פאַראַנדערונג, וועלכע עקזיסטירט, אויף אַ נויטוועדיגן אופן און אַלס אומענדלעך דורך דעם דערמאָנטן אַטריבוט, מוז אויך עקזיסטירן אויף אַ נויטווענדיגן אופן און אַלס אומענדלעך.

זאַץ XXIII. איטלעכער מאָדוס, וואָס עקזיסטירט אי אויף אַ נויטווענדיגן אופן אי אַלס אומענדלעך, מוז אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאָלגן אַנטוועדער פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון וואָסערן עס איז געטלעכן אַטריבוט, אָדער פון אַן אַטריבוט, וואָס איז מאָדיפיצירט דורך אַ פאַראַנדערונג, וועלכע עקזיסטירט אויף אַ נויטווענדיגן אופן און אַלס אומענדלעך.

זאַץ XXIV. די תּמצית פון זאַכן, וועלכע ווערן פון גאָט אַרויסגעבראַכט, שליסט נישט איין אין זיך קיין עקזיסטענץ.

שלוסזאַץ. עס קומט אויס דעריבער, אַז גאָט איז נישט נאָר די אורזאַך פון דער אַנטשטייאונג פון זאַכן, נאָר אויך פון דעם עקזיסטענץ-אָנהאַלט פון זאַכן, דאָס הייסט, אויף דעם לשון פון דער סכאָלאַסטיק, אַז גאָט איז די סיבה פון דער מהות פון זאַכן.

זאַץ XXV. גאָט איז די ווירקנדע אורזאַך נישט נאָר פון דער עקזיסטענץ פון זאַכן, נאָר אויך פון זייער תּמצית.

שלוסזאַץ. איינצעלנע זאַכן זענען נישט מער ווי פאַראַנדערונגען פון די אַטריבוטן פון גאָט, אָדער מאָדוסן פון דער עקזיסטענץ, וואָס דורך זיי דריקן זיך אויס די אַטריבוטן פון גאָט אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן.

זאַץ XXVI. אַ זאַך, וועלכע איז באַשטימט עטוואָס צו ווירקן, ווערט על פי הכרח אַזוי באַשטימט פון גאָט, און דאָס וואָס איז פון גאָט נישט באַשטימט, קאָן זיך אַליין צום ווירקן נישט באַשטימען.

זאַץ XXVI. אַ זאַך, וועלכע איז פון גאָט באַשטימט געוואָרן עפּעס צו ווירקן קאָן זיך זעלבסט נישט מאַכן אומבאַשטימט.

זאַץ XXVIII. יעדע איינצלנע זאַך, אָדער יעדע זאַך, וועלכע איז ענדלעך און האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ, קאָן נישט עקזיסטירן אָדער באַשטימט ווערן צו ווירקן, סיידן זי ווערט באַשטימט צו עקזיסטענץ און צום ווירקן פון אַן אַנדער ווי זי אַליין אורזאַך, וועלכע אורזאַך איז אויך ענדלעך און האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ. די דאָזיגע אורזאַך, ווידער, קאָן אויך נישט עקזיסטירן אָדער באַשטימט ווערן צו ווירקן, סיידן זי ווערט באַשטימט צו עקזיסטענץ און צום ווירקן פון אַן אַנדער אורזאַך, וועלכע איז אויך ענדלעך און האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ, און אַזוי עד לאין סוף.

זאַץ XXIX. קיין זאַך אין דער נאַטור איז נישט צופעליג. אַלץ איז באַשטימט אויף אַ געוויסן אופן צו עקזיסטירן און צו ווירקן פון דער נויטווענדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור.

זאַץ XXX. דער פאַרשטאַנד אין ווירקונג, סיי דער ענדלעכער, סיי דער אומענדלעכער, מוז פאַסן די אַטריבוטן פון גאָט און די פאַרענדערונגען פון גאָט און קיין אַנדער זאַך נישט.

זאַץ XXXI. דער פאַרשטאַנד אין ווירקונג, מעג ער זיין ענדלעך אָדער אומענדלעך, ווי אויך דער ווילן, דער באַגער, די ליבע און אַזוי ווייטער, מוזן צוגערעכנט ווערן צו דער פאַסיווער און נישט צו דער ווירקנדער נאַטור.

זאַץ XXXII. דער ווילן קאָן נישט הייסן קיין פרייע אורזאַך, נאָר אַ נויטווענדיגע אורזאַך.

שלוסזאַץ 1. אויס דעם דאָזיקן גרונד פאָלגט, ערשטנס, אַז גאָט האַנדלט נישט לפי דער פרייהייט פון ווילן.

שלוסזאַץ 2. צווייטנס, אַז דער ווילן און דער פאַרשטאַנד שטייען אין דער זעלבער שייכות צו דער נאַטור פון גאָט ווי באַוועגונג, רוה, און, אי־בערהויפּט, ווי אַלע נאַטור דערשיינונגען, וועלכע מוזן (לויט XXIX) מיט זייער עקזיסטענץ און האַנדלונג זיין אויף אַ באַשטימטן אופן אָפּהענגיג פון גאָט.

זאַץ XXXIII. זאַכן וואָלטן נישט געקאָנט פון גאָט געבראַכט ווערן צו זייער עקזיסטענץ אויף אַן אַנדער אופן, אָדער אין אַן אַנדער סדר, איידער די, אין וועלכע זיי זענען, אין דער ווירקלעכקייט, געבראַכט געוואָרן.

זאַץ XXXIV. גאָטס מאַכט איז אידענטיש מיט זיין תּמצית.

זאַץ XXXV. אַלץ, וואָס מיר באַגרייפן אַלס עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז אין דער מאַכט פון גאָט, עקזיסטירט על פּי הכרח.

זאַץ XXXVI. עס איז נישט פאַראַן אַזאַ אורזאַך, וואָס פון איר נאַטור זאָל אַ ווערכע עס איז ווירקונג נישט פאָלגן.

# צווייטער טייל

## וועגן דער נאַטור און דעם אורשפּרונג פון דעם גייסט

### דעפיניציעס, אַקסיאָמען, גרונדזאַצן און שלוסזאַצן

### דעפיניציעס.

I. אונטער קערפּער פאַרשטיי איך אַ מאָדוס פון עקזיסטענץ, וואָס דריקט-אויס אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן די תּמצית פון גאָט, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס אַ זאַך, וועלכע איז אויסגעשפּרייט אין רוים (טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XXV).

II. צו דער תּמצית פון אַ זאַך, זאָג איך, געהערט דאָס, וואָס ווען דאָס ווערט געגעבן, מוז שוין אויף אַ נויטווענדיגן אופן אויך די זאַך געגעבן ווערן, און ווען דאָס ווערט אַוועקגענומען, ווערט על פּי הכרח אויך די זאַך אַוועקגענומען., מיט אַנדערע ווערטער, דאָס, וואָס די זאַך אָן דעם, און דאָס אַליין אָן דער זאַך קאָן נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן.

III. אונטער אידעע פאַרשטיי איך דעם באַגריף פון דעם גייסט, וואָס דער גייסט בילדעט, דערפאַר וואָס ער איז אַ דענקענדע זאַך.

IV. אונטער אַדעקוואַטער אידעע פאַרשטיי איך די אידעע, וועלכע, ווי ווייט זי ווערט באַטראַכט אין זיך גופא, אָן אַ שייכות צו אָביעקט, האָט אַלע אייגנשאַפטן, אָדער אַמווייניגסטן אַלע סימנים פון אַן אמתער אידעע.

V. דויער איז אַן אומבאַשטימטע פאָרטזעצונג פון דער עקזיסטענץ.

VI. אונטער רעאַליטעט און פולקאָמענהייט פאַרשטיי איך איינס און דאָס זעלבע.

VII. אונטער איינצלנע זאַכן פאַרשטיי איך זאַכן, וואָס זענען ענדלעך און האָבן אַ באַשטימטע עקזיסטענץ. ווען אָבער עטלעכע איינצעלנע זאַכן טרעפן זיך אַזוי צונויף אינאיינעם אין איין האַנדלונג, אַז זיי אַלע זענען גלייכצייטיג די ווירקונג פון איין אורזאַך, באַטראַכט איך זיי אַלע, אויף אַזוי ווייט, אַלס איין איינצלנע זאַך.

## אקסיאָמען.

I. די תמצית פון מענטשן שליסט נישט איין אין זיך נויטווענדיגע עקזיסטענץ, דאָס הייסט על פּי דעם סדר הטבע קאָן עס גראָד אַזוי גוט געמאָלט זיין, אַז דער אָדער יענער מענטש עקזיסטירט, ווי — אַז ער עקזיסטירט נישט.

II. דער מענטש דענקט.

III. די מאָדוסן פון דענקען, ווי די ליבע, באַגער, אָדער וועלכער עס איז אַנדערער, וואָס ווערט באַצייכנט מיט דעם נאָמען נשמה־באַוועגונג, קומען פאָר נאָר דעמאָלט, ווען עס איז פאַראַן אין דעם זעלבן אינדיוויד אַן אידעע פון דעם געליבטן אָדער באַגערטן געגנשטאנד. די אידעע, אָבער, קאָן אויך עקזיסטירן, ווען עס איז נישט פאַראַן קיין אַנדער מאָדוס פון דענקען.

IV. מיר עמפינדן, ווען אַ געוויסער קערפער ווערט אויף פילערליי אופנים באַווירקט.

V. מיר עמפינדן נישט און פילן נישט קיין שום אַנדערע איינצלנע זאַכן אחוץ קערפער און מאָדוסן פון דענקען.

## גרונדזאצן.

זאַץ I. דאָס דענקען איז אַן אַטריבוט פון גאָט, אָדער גאָט איז אַ דענקענדע זאַך.

זאַץ II. די אויסגעשפרייטקייט איז אַן אַטריבוט פון גאָט, אַדער גאָט איז אַן אויסגעשפרייטע זאַך.

זאַץ III. אין גאָט איז פאַראַן אויף אַ נויטווענדיגן אופן די אידעע נישט נאָר פון זיין תמצית, נאָר אויך פון אַלע זאַכן, וואָס פאָלגן אויף אַ נויטווענדיגן אופן פון זיין תמצית.

זאַץ IV. די אידעע פון גאָט, וואָס פון איר פאָלגט אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן אויף אָן אַ שיעור אופנים, קאָן זיין נאָר איינע.

זאַץ V. דאָס אַקטועלע זיין פון אידעען אָנערקענט נאָר גאָט אַלס זיין אורזאַך, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס אַ דענקענדע זאַך, און נישט אויף ווי ווייט ער ווערט דורך אַן אַנדער אַטריבוט דערקלערט. דאָס הייסט, די אידעען פון גאָטס אַטריבוטן, אַזוי גוט ווי פון איינצלנע זאַכן, אָנערקענען נישט די געגנשטאַנדן גופא, אָדער די געוואָרענע זאַכן, אַלס זייער ווירקנדע אורזאַך, נאָר גאָט אַליין אויף ווי ווייט ער איז אַ דענקענדע זאַך.

זאַץ VI. די מאָדוסן פון יעדן אַטריבוט האָבן גאָט אַלס אורזאַך, אויף אַזוי ווייט נאָר, ווי ער ווערט באַטראַכט דורך דעם דאָזיקן אַטריבוט, וואָס, פון

אים זענען זיי מאָדוסן, און נישט אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט דורך וועלכן עס איז אַנדערן אַטריבוט.

שלוסזאַץ. דערפאַר איז דאָס אַקטועלע זיין פון זאַכן, וועלכע זענען נישט קיין מאָדוסן פון דענקען, אַ פועל־יוצא פון דער געטלעכער נאַטור, נישט דערפאַר וואָס די דאָזיגע נאַטור האָט פריהער דערקענט די זאַכן. זאַכן, וואָס זענען אין די אידעען פאָרגעשטעלט, פאָלגן פון זייער אַטריבוט, און ווערן פון אים אַרויסגעדרונגען אויף דעם זעלבן אופן און מיט דערזעלבער נויטווענדיגקייט, וואָס די אידעען פאָלגן פון דעם אַטריבוט פון דענקען.

זאַץ VII. דער סדר און די שייכות פון אידעען איז דער זעלבער ווי דער סדר און די שייכות פון זאַכן.

שלוסזאַץ. דעריבער איז די השפעה פון גאָטס דענקען גלייך צו דער פאַרווירקלעכטער השפעה פון זיין האַנדלונג — דאָס הייסט, אַלץ וואָס פאָלגט פון דער אומענדלעכער נאַטור פון גאָט פאָרמאַל (אין דער וועלט פון רוימלעכער אויסגעשפרייטקייט) פאָלגט אָן אויסנאַם אין דעם זעלבן סדר און אין דער זעלבער שייכות פון דער אידעע פון גאָט אָביעקטיוו (אין דער וועלט פון דענקען).

זאַץ VIII. די אידעען פון איינצעלנע זאַכן, אָדער פון מאָדוסן, וואָס עקזיסטירן נישט, מוזן זיין אַנטהאַלטן אין דער אומענדלעכער אידעע פון גאָט, אויף דעם זעלבן אופן, ווי די ווירקלעכע מהותן פון איינצעלנע זאַכן זענען אַנטהאַלטן אין די אַטריבוטן פון גאָט.

זאַץ IX. די אידעע פון איין איינצלנער אין דער ווירקלעכקייט עקזיסטירנדער זאַך האָט גאָט אַלס איר אורזאַך, נישט אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אומענדלעך, נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון אַן אַנדער אידעע פון אַ זאַך, וועלכע עקזיסטירט אין דער ווירקלעכקייט, און וואָס פון איר איז ער די אורזאַך, אויף ווי ווייט ער איז באַווירקט פון אַ דריטער אידעע, און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט.

שלוס־זאַץ. פון אַלץ וואָס געשעהט אין דעם איינצעלנעם געגנשטאַנד פון יעדער אידעע איז פאַראַן דערפון אַ דערקענטעניש אין גאָט, אויף ווי ווייט ער האט די אידעע פון דעם דאָזיגן געגנשטאַנד.

זאַץ X. דאָס זיין פון דער סובסטאַנץ געהערט נישט צו דער תמצית פון דעם מענטשן. מיט אַנדערע ווערטער: די סובסטאַנץ שטעלט נישט צונויף דעם ווירקלעכן יש פון דעם מענטשן.

שלוסזאַץ. די תמצית פון דעם מענטשן באַשטייט פון געוויסע פאַרענדערונגען פון די אַטריבוטן פון גאָט.... די דאָזיגע תמצית, דעריבער, איז עפּעס וואָס איז אין גאָט, און וואָס אָן גאָט קאָן זי נישט זיין און נישט באַ־

נרינדעט ווערן, אָדער זי איז אַ פאַרענדערונג, אָדער אַ מאָדוס, וואָס דריקט-אויס גאָטס נאַטור אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן.

זאַץ XI. דער ערשטער עלעמענט, וואָס פון אים באַשטייט דאָס ווירקלעכע זיין פון דעם מענטשלעכן גייסט, איז די אידעע פון אַן איינצלנער ווירקלעך עקזיסטירנדער זאַך.

שלוסזאַץ. ...דער מענטשלעכער גייסט איז אַ טייל פון דעם אומענדלעכן פאַרשטאַנד פון גאָט.... דער מענטשלעכער גייסט פאַסט אויף אַ זאַך טיילווייז אָדער אומאַדעקוואַט.

זאַץ XII. אַלץ, וואָס געשעהט אין דעם אָביעקט פון דער אידעע, וואָס פון איר באַשטייט דער מענטשלעכער גייסט, מוז אויפגעפאַסט ווערן פון דעם מענטשלעכן גייסט, אָדער: עס וועט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן זיין אין דעם מענטשלעכן גייסט אַן אידעע דערפון, וואָס קומט פאָר אין דעם אָביעקט, דאָס הייסט: ווען דער אָביעקט פון דער אידעע, וואָס מאַכט אויס דעם מענטשלעכן גייסט איז אַ קערפער, קאָן קיין זאַך נישט געשעהן אין קערפער, וואָס זאָל נישט אויפגעפאַסט ווערן פון גייסט.

זאַץ XIII. דער געגנשטאַנד פון דער אידעע, וועלכער מאַכט אויס דעם מענטשלעכן גייסט, איז דער קערפער, אָדער אַ געוויסער מאָדוס פון אויסגעשפרייטקייט, וועלכער עקזיסטירט ווירקלעך, און נישט קיין אַנדער זאַך.

שלוסזאַץ. .... דער מענטש באַשטייט פון גייסט און קערפער... דער מענטשלעכער קערפער עקזיסטירט אַזוי ווי מיר ווערן אים געוואָר מיט אונזערע חושים.

אַקסיאָמע I. אַלע קערפער געפינען זיך אין אַ צושטאַנד אַנטוועדער פון באַוועגונג אָדער פון רוה.

אַקסיאָמע II. יעדער קערפער באַוועגט זיך אַמאָל פאַמעלעכער אַמאָל גיכער.

הילפזאַץ I. קערפער אונטערשיידן זיך בנוגע באַוועגונג און רוה, גיכקייט און פאַמעלעכקייט, און נישט בנוגע דער סובסטאַנץ.

הילפזאַץ II. אַלע קערפער שטימען צונויף איינער מיט דעם אַנדערן אין געוויסע פּרטים.

הילפזאַץ III. אַ באַוועגטער אָדער רוהענדער קערפער מוז צו באַוועגונג אָדער צו רוה באַשטימט ווערן פון אַן אַנדער קערפער, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן צו באַוועגונג אָדער צו רוה פון אַן אַנדער קערפער, און דער דאָזיגער קערפער ווידער פון נאָך אַן אַנדערן, און אַזוי ווייטער ביז צו דער אומענדלעכקייט.

שלוס-זאַץ. אַ קערפער וואָס באַוועגט זיך, האַלט זיך אין באַוועגן ביז וואַנען ער ווערט באַשטימט צו אַ רוה-צושטאַנד פון אַן אַנדער קערפער. און

אַ קערפּער וואָס רוהט, האַלט אין רוהען ביז ער ווערט באַשטימט פון אַן אַנ־דער קערפּער צו אַ באַוועגונגס־צושטאַנד.

אַ ק ס י אָ מ ע I. אַלע מאַדוסן, וואָס אין זיי ווערט איין קערפּער באַרירט פון אַן אַנדער קערפּער, פאָלגן גלייכצייטיג פון דער נאַטור פון דעם קערפּער, וואָס ווערט באַרירט, און פון דעם קערפּער וואָס באַרירט. אַזוי, אַז איינער און דער זעלבער קערפּער קאָן באַוועגט ווערן אויף פאַרשיידענע אופנים לפי דעם אונ־טערשייד פון דער נאַטור פון די קערפּער, וואָס באַוועגן אים. פון דער אַנ־דערער זייט, קאָנען פאַרשיידענע קערפּער באַוועגט ווערן אויף פאַרשיידענע אופנים דורך איינעם און דעם זעלבן קערפּער.

אַ ק ס י אָ מ ע II. ווען אַ קערפּער, וואָס איז אין באַוועגונג, שטויסט זיך אָן אין אַ קערפּער, וואָס רוהט, וועלכן ער איז נישט ביכולת צו באַוועגן, שפּרינגט ער אָפּ צוריק. כדי פאָרטצוזעצן די באַוועגונג, און דער ווינקל, וואָס ווערט געמאַכט פון דער באַוועגונגס־ליניע אין דער ריקווערטס־שפּרונג, מיט דער פלאַך פון דעם רוהענדן קערפּער, וואָס אין אים האָט זיך אָנגעשטויסן דער באַוועגנדער קערפּער, וועט זיין גלייך צום ווינקל, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון דער באַוועגונגס־ליניע מיט דער זעלבער פלאַך, וואָס מיט אים פאַלט זי צונויף.

ד ע פ י נ י צ י ע. ווען עטלעכע קערפּער פון גלייכער אָדער פאַרשיידענער גרייס ווערן פון אַנדערע קערפּער אַזוי צוזאַמענגעדרענגט, אַז זיי ליגן איינע אויף די אַנדערע, אָדער אַזוי, אַז ווען זיי באַגעגענען זיך מיט דעם זעלבן אָדער פאַרשיידענעם גראַד פון שנעלקייט, טיילן זיי מיט איינע די אַנדערע זייערע באַוועגונגען אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן, זאָגן מיר, אַז אַזעלכע קערפּער זענען פאַרבונדן איינע מיט די אַנדערע און אַלע אינאיינעם בילדן איין קערפּער, אָדער איין אינדיווידוּ, וועלכער אונטערשיידט זיך פון די אַנ־דערע דורך דער דאָזיגער פאַראייניגונג פון קערפּער.

אַ ק ס י אָ מ ע III. לפי ערך צו דעם ווי די טיילן פון אַן אינדיווידוּ, אָדער אַ צונויפגעזעצטן קערפּער, ליגן איינע אויף די אַנדערע מיט גרעסערע אָדער קלענערע אויבערפלאַכן, קאָנען זיי מיט מער אָדער ווייניגער שווערקייט גע־צוואונגען ווערן צו ענדערן זייער פּאָזיציע, און ממילא, קאָן מיט מער אָדער ווייניגער שווערקייט באַווירקט ווערן, אַז דער אינדיווידוּ גופא זאָל אַן אַנדער געשטאַלט אָננעמען. די קערפּער, וואָס זייערע טיילן ליגן איינע אויף די אַנ־דערע מיט גרויסע אויבערפלאַכן, רופן זיך ה אַ ר ט ע, די וואָס זייערע טיילן ליגן איינע אויף די אַנדערע מיט קליינע אויבערפלאַכן רופן זיך ווייכע. די קערפּער, וואָס זייערע טיילן באַוועגן זיך איינע צווישן די אַנדערע, רופן זיך פליסיגע.

ה י ל פ ס ז אַ ץ IV. אויב פון אַ קערפּער, אָדער פון אַן אינדיווידוּ, וואָס

איז צונויפגעזעצט פון עטליכע קערפּער, טיילן זיך אָפּ אייניגע קערפּער, און אויב אין דער אייגענער צייט פאַרנעמט זייער אָרט אַ גלייכע צאָל אַנדערע קערפּער פון דער זעלבער נאַטור, ווערט דער אינדיוויד פאַרבאַהאַלטן זיין נאַטור ווי פריהער אָן אַ וואָסער איז פאַרענדערונג פון זיין פאָרם.

הילפזאַץ V. ווען די טיילן, וואָס בילדן אַן אינדיוויד, ווערן קלע-נער אָדער גרעסער, אָבער אין אַזאַ שייכות, אַז זיי האַלטן אַלע אָן דיזעלבע אַרט פון באַוועגונג און רוה ווי פריהער, ווערט דער אינדיוויד אַלץ אָנהאַלטן זיין אָריגינעלע נאַטור, אָן אַ וואָסער עס איז פאַרענדערונג פון זיין פאָרם.

הילפס-זאַץ VI. ווען געוויסע קערפּער, וואָס שטעלן צונויף אַן אינדי-וויד, ווערן באַצוואונגען צו בייטען די באַוועגונג, וואָס זיי האָבן אין איין ריכטונג, פאַר אַ באַוועגונג אין אַן אַנדער ריכטונג, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלען זיין ביכולת פּאָרטצוזעצן זייערע באַוועגונגען און זייער געגנזייטיגע מיטטיילונג אין די זעלבע שייכותן ווי פריהער, ווערט דער אינ-דיוויד פאַרבאַהאַלטן זיין אייגענע נאַטור אָן וועלכער עס איז פאַרענדערונג פון דער פאָרם.

הילפסזאַץ VII. מעג דער צונויפגעזעצטער אינדיוויד אַלס גאַנצעס זיך באַוועגן אָדער רוהען, מעג ער זיך אין דער אָדער יענער ריכטונג באַוועגן, פארבאַהאַלט ער זיין נאַטור אַזוי לאַנג, ווי יענער טייל האַלט אָן זיין באַוועגונג און טיילט מיט ווי פריהער די דאָזיגע באַוועגונג צו די איבריגע טיילן.

## פּאָסטולאַטן.

I. דער מענטשלעכער קערפּער באַשטייט פון פילע איינצעלנע טיילן, פון פאַרשיידנאַרטיגער נאַטור, וואָס יעדער איינער פון זיי איז אין זיך גופא זייער קאָמפּליצירט.

II. פון די איינצלנע טיילן, וואָס שטעלן צונויף דעם מענטשלעכן קערפּער, זענען אייניגע פליסיג, אייניגע ווייך, אייניגע האַרט.

III. די איינצעלנע טיילן, וואָס שטעלן צונויף דעם מענטשלעכן קערפּער, און ממילא, דער מענטשלעכער קערפּער גופא, ווערט באַווירקט פון אויסנווייניגסטע קערפּער אויף פאַרשידענע אופנים.

IV. דער מענטשלעכער קערפּער נייטיגט זיך פאַר זיין דערהאַלטונג אין פאַרשיידענע אַנדערע קערפּער, וואָס דורך זיי ווערט ער, אַזוי צו זאָגן, תמיד רעגענערירט.

V. ווען דער פליסיגער טייל פון אַ מענטשלעכן קערפּער ווערט באַשטימט פון אַן אויסנווייניגסטן קערפּער, זיך אָפּט אָנצושטויסן אויף אַן אַנדער ווייכן טייל, בייט ער די פלאַך פון דעם דאָזיגן לעצטן טייל און לאָזט אויף אים שפּורן פון דעם אויסנווייניגסטן איינווירקנדן קערפּער.

VI. דער מענטשלעכער קערפּער קאָן אויף פאַרשיידענע אופנים באווענן אויסנווייניגסטע קערפּער און איינאָרדענען זיי אויף פאַרשיידענע אופנים.

זאץ XIV. דער מענטשלעכער גייסט איז ביכולת אויפצופאַסן אַ גרויסע צאָל זאַכן לפי ערך צו דעם, אויף וויפיל זיין קערפּער איז ביכולת אויפצונעמען אַ גרויסע צאָל איינדרוקען.

זאץ XV. די אידעע, וועלכע מאַכט-אויס דאָס פאָרמאַלע זיין פון מענטשלעכן גייסט, איז נישט איינפאַך, נאָר זי איז צונויפגעזעצט פון אַ גרויסער צאָל אידעען.

זאַץ XVI. די אידעע פון יעדן מאָדוס, וואָס דורך אים ווערט דער מענטשלעכער קערפּער באַווירקט פון אויסנווייניגסטע קערפּער, מוז אין זיך איינשליסן די נאַטור פון דעם מענטשלעכן קערפּער און אויך די נאַטור פון דעם אויסנווייניגסטן קערפּער.

שלוסזאַץ I. דער מענטשלעכער גייסט פאַסט אויף די נאַטור פון פיל קערפּער צוגלייך מיט דער נאַטור פון זיין אייגענעם קערפּער.

שלוסזאַץ II. די אידעען, וואָס מיר האָבן פון אויסנווייניגסטע קערפּער, צייגן אָן מער דעם צושטאַנד פון אונזער אייגענעם קערפּער, איידער די נאַטור פון אויסנווייניגסטע קערפּער, וואָס איך האָב דורך פיל ביישפּילן דערקלערט אין דער הוספה צום ערשטן טייל.

זאַץ XVII. ווען דער מענטשלעכער קערפּער ווערט באַווירקט דורך אַ מאָדוס, וואָס שליסט-איין אין זיך די נאַטור פון אַן אויסנווייניגסטן קערפּער, וועט דער מענטשלעכער גייסט באַטראַכטן דעם דאָזיגן אויסנווייניגסטן קערפּער אַלס ווירקלעך עקזיסטירנד, אָדער אַלס געגנוואַרטיג צו זיך גופא, ביז דער קערפּער ווערט באַווירקט אויף אַן אופן, וואָס זאָל אויסשליסן די עקזיסטענץ און די געגנוואַרטיגקייט פון דעם דאָזיגן קערפּער.

שלוסזאַץ. דער גייסט איז ביכולת צו באַטראַכטן אַלס געגנוואַרטיג אויסנווייניגסטע קערפּער, וואָס דורך זיי איז דער מענטשלעכער קערפּער איין מאָל באַווירקט געוואָרן, הגם זיי עקזיסטירן שוין נישט מער און זענען ניט געגנוואַרטיג.

זאַץ XVIII. ווען דער מענטשלעכער קערפּער איז איין מאָל באַווירקט געוואָרן פון צוויי אָדער מערערע קערפּער אין דער זעלבער צייט, וועט דער גייסט נאָכדעם ווי ער וועט זיך פאָרשטעלן איינעם פון זיי, תיכף זיך דערמאָנען אויך אין די אַנדערע.

זאַץ XIX. דער מענטשלעכער גייסט דערקענט דעם מענטשלעכן קערפּער און ווייסט זיין עקזיסטענץ, נאָר דורך די אידעען פון די פאַרענדערונגען, וואָסדורך זיי ווערט דער קערפּער באַווירקט.

זאַץ XX. אין גאָט איז אויך פאַראַן די אידעע, אָדער די דערקענ-טעניש פון דעם מענטשלעכן גייסט, וועלכע פאָלגט אין גאָט אויף דעם זעלבן אופן, און באַציהט זיך אויף גאָט אין דעם זעלבן אופן, ווי די אידעע, אָדער די דערקענטעניש פון מענטשלעכן קערפער.

זאַץ XXI. די דאָזיגע אידעע פון דעם גייסט איז פאַראייניגט מיט דעם גייסט אויף דעם זעלבן אופן ווי דער גייסט גופא איז פאַרייניגט מיט דעם קערפער.

זאַץ XXII. דער מענטשלעכער גייסט פאַסט אויף ניט נאָר די פאָדע-רונגען פון דעם קערפער, נאָר אויך די אידעען פון די דאָזיגע פאַרענדערונגען.

זאַץ XXIII. דער גייסט דערקענט זיך זעלבסט נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ער פאַסט-אויף די אידעען פון דעם מענטשלעכן קערפער.

זאַץ XXIV. דער מענטשלעכער גייסט שליסט נישט איין אין זיך קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון טיילן, וואָס פון זיי באַשטייט דער מענטש-לעכער קערפער.

זאַץ XXV. די אידעע פון יעדער פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפער שליסט ניט איין אין זיך קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דעם אויסנווייניגסטן קערפער.

זאַץ XXV. דער מענטשלעכער גייסט פאַסט-אויף אַן אויסנווייניגסטן קערפער אַלס ווירקלעך עקזיסטירענד, בלויז דורך די אידעען פון די פאַר-ענדערונגען פון זיין אייגענעם קערפער.

שלוסזאַץ. אויף ווי ווייט דער מענטשלעכער גייסט שטעלט זיך פאָר אַן אויסנווייניגסטן קערפער, אויף אַזוי ווייט האָט ער נישט פון אים קיין אַדעקוואַטע דעקענטעניש.

זאַץ XXVII. די אידעע פון יעדער פאַרענדערונג פון דעם מענטש-לעכן קערפער שליסט נישט איין קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דעם מענטשלעכן קערפער גופא.

זאַץ XXVIII. די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון דעם מענטש-לעכן קערפער אויף ווי ווייט זיי האָבן אַ שייכות בלויז צו דעם מענטשלעכן גייסט, זענען נישט קלאָר און באַשטימט, נאָר מבולבל'דיג.

זאַץ XXIX. די אידעע פון דער אידעע פון יעדער פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפער שליסט ניט איין אין זיך קיין אַדעקוואַטע דער-קענטעניש פון דעם מענטשלעכן גייסט.

שלוסזאַץ. ווען דער מענטשלעכער גייסט פאַסט אויף זאַכן לויט דעם געוויינטלעכן סדר פון דער נאַטור, האָט ער נישט פון זיין אייגענעם קער-פער, און נישט פון אויסנווייניגסטע קערפער קיין אַדעקוואַטע דערקענטעני'ש, נאָר אַ צעמישטע און אַ צעפיצלטע.

זאַץ XXX. מיר קאָנען האָבן בלויז אַ זייער אומאַדעקוואַטע דער־קענטעניש פון דער דויער פון אונזער קערפּער.

זאַץ XXXI. מיר קאָנען האָבן בלויז אַ זייער אומאַדעקוואַטע דער־קענטעניש פון דער דויער פון איינצעלנע זאַכן, וועלכע זענען אויסנווייניג פון אונז.

זאַץ XXXII. אַלע אידעען, אויף ווי ווייט זיי באַציהען זיך אויף גאָט, זענען אמת.

זאַץ XXXIII. עס איז נישט פאַראַן קיין פּאָזיטיווס אין די אידעען, וואָס צוליב דעם זאָלן זיי קאָנען אָנגערופן ווערן פאַלש.

זאַץ XXXIV. יעדע אידעע, וועלכע איז אין אונז אַבסאָלוט, אָדער אדעקוואַט און פולשטענדיג, איז אמת.

זאַץ XXXV. די פאַלשקייט באַשטייט אין דעם מאַנגל פון דער דערקענטעניש, וואָס אים שליסן אין זיך איין די אומאַדעקוואַטע, אָדער די צעפּיצלטע און פאַרפּלאָנטערטע אידעען.

זאַץ XXXVI. אומאַדעקוואַטע און פאַרפּלאָנטערטע אידעען פאָלגן מיט דערזעלבער נויטווענדיגקייט ווי אַדעקוואַטע, אָדער קלאָרע און דייטלעכע אידעען.

זאַץ XXXVII. דאָס וואָס איז געמיינזאַם צו אַלע זאַכן (טייל II, הילפזאַץ II), און דאָס וואָס געפינט זיך אויף אַ גלייכן אופן אין דעם טייל פון אַ זאַך און אין דער גאַנצער זאַך, שטעלט נישט צונויף די עסענץ פון וועלכער עס איז איינצלנער זאַך.

זאַץ XXXVIII. דאָס וואָס איז געמיינזאַם צו אַלע זאַכן און וואָס געפינט זיך אויף אַ גלייכן אופן אין דעם טייל פון דער זאַך און אין דער גאַנצער זאַך, קאָן נישט אַנדערש ווי אַדעקוואַט באַגריפן ווערן.

שלוסזאַץ. עס זענען פאַראַן געוויסע אידעען אָדער באַגריפן, וואָס זענען געמיינזאַם צו אַלע מענטשן.

זאַץ XXXIX. דאָס וואָס איז געמיינזאַם און אייגנטימלעך צו דעם מענטשלעכן קערפּער און איניגע אַנדערע קערפּער, וואָס פון זיי פלעגט דער מענטשלעכער קערפּער באַווירקט ווערן, און דאָס וואָס איז פאַראַן אין דעם טייל פון יעדן איינעם פון זיי אַזוי גוט ווי אין דעם גאַנצן, וועט דורך אַן אַדעקוואַטאָר אידעע זיין רעפּרעזענטירט אין דעם גייסט.

שלוסזאַץ. דער גייסט איז פּעהיג אויפצופאַסן מערערע זאַכן, לפי ערך צו דעם מער געמיינזאַמס, וואָס זיין קערפּער האָט מיט אַנדערע קערפּער.

זאַץ XL. אַלע די אידעען אין דעם גייסט, וועלכע פאָלגן פון די אַדעקוואַטע אידעען אין אים, זענען אויך אַדעקוואַט.

זאַץ XLI. די דערקענטעניש פון ערשטן מין איז דער איינציגער

מקור פון פאַלשקייט, די דערקענטעניש אָבער פון צווייטן און דריטן מין איז פולשטענדיג אמת.

זאַץ XLII. די דערקענטעניש פון צווייטן און דריטן מין, און נישט די דערקענשעניש פון דעם ערשטן מין לערנט אונז צו אונטערשיידן דאָס אמתע פון דעם פאַלשן.

זאַץ XLIII. ווער עס האָט אַן אמתע אידעע, ווייס אין דער אייגענער צייט, אַז ער האָט אַן אמתע אידעע, און ער קאָן נישט צווייפלען אין דער זאַך, וועלכע ער ווערט געוואָר.

זאַץ XLIV. עס ליגט אין דער נאַטור פון דער פאַרנונפט צו באַטראַכטן זאַכן נישט אַלס צופעליגע, נאָר אַלס נויטווענדיגע.

זאַץ XLV. יעדע אידעע פון יעדן קערפער, אָדער פון יעדער אייגער ווירקליך עקזיסטירנדער זאַך שליסט איין אויף אַ נויטווענדיגן אופן די אייביגע און אומענדלעכע תּמצית פון גאָט.

זאַץ XLVI. די דערקענטעניש פון דער אייביגער און אומענדלעכער תּמצית פון גאָט, וואָס זי שליסט יעדע אידעע אין זיך איין, איז אַדעקוואַט און פאָלקאָמען.

זאַץ XLVII. דער מענטשלעכער גייסט האָט אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער אייביגער און אומענדלעכער תּמצית פון גאָט.

זאַץ XLVIII. עס איז נישט פאַראַן אין דעם גייסט קיין אַבסאָלוטער אָדער פרייער ווילן, נאָר דער גייסט איז באַשטימט צו וועלן אַזאַ אָדער אַן אַנדער זאַך, פון אַן אורזאַך, וועלכע ווערט אויך באַשטימט פון אַן אַנדער אורזאַך, און די דאָזיגע אורזאַך, ווידער, ווערט באַשטימט פון אַן אַנדער אורזאַך און אַזוי ביז דער אומענדליכקייט.

זאַץ XIL. עס איז ניט פאַראַן אין דעם גייסט קיין וועלן, אָדער אַ באַיאָהונג און אַ פאַרניינונג, אַחוץ דעם וואָס די אידעע, אויף וויפיל זי איז אַן אידעע, שליסט אין זיך איין.

שלוסזאַץ. ווילן און פאַרשטאַנד זענען איינס און דאָס זעלבע.

# דריטער טייל

## וועגן דעם אורשפרונג און דער נאַטור פון די עמאָציעס

### דעפיניציעס, פּאָסטולאַטן, גרונדזאַצן און שלוסזאַצן

### דעפיניציעס.

דעפיניציע 1: אונטער אַדעקוואַטער אורזאַך פאַרשטיי איך אַן אורזאַך, וואָס דורך איר קאָן איר ווירקונג קלאָר און באַשטימט אויפגעפאַסט ווערן. אונטער אַן אומאַדעקוואַטער אָדער טיילווייזער אורזאַך פאַרשטיי איך אַן אורזאַך, וואָס דורך איר אַליין קאָן איר ווירקונג נישט פאַרשטאַנען ווערן.

דעפ. 2: איך זאָג, אַז מיר זענען יעמאָלט טעטיג, ווען עס געשעהט עטוואָס אינווייניג אין אונז, אָדער אויסנווייניג פון אונז, פון וואָס מיר זענען די אַדעקוואַטע אורזאַך. דאָס הייסט, (לפי דער פאָריגער דעפיניציע), ווען דורך אונזער נאַטור געשעהט עטוואָס אינווייניג אין אונז, אָדער אויסנווייניג פון אונז, וואָס קאָן דורך אונזער נאַטור אַליין קלאָר און באַשטימט פאַרשטאַנען ווערן. דערגעגן, זאָג איך, אַז מיר זענען פּאַסיוו, ווען עס געשעהט עטוואָס אינעווייניג אין אונז, אָדער אויסנווייניג פון אונז פאָלגט עטוואָס פון אונזער נאַטור, פון וואָס מיר זענען נאָר אַ טיילווייזע אורזאַך.

דעפ. 3: אונטער עמאָציע פאַרשטיי איך די פאַרענדערונג פון דעם קערפער, וואָס דורך איר ווערט די ווירקונגס-קראַפט פון קערפער פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, אויסגעברייטערט אָדער איינגעשרענקט, און אויך די אידעען פון אַזעלכע פאַרענדערונגען.

### פּאָסטולאַטן.

פּאָסטולאַט 1: דער מענטשלעכער קערפער קאָן באַווירקט ווערן אויף פילערליי אופנים, וואָס דורך זיי ווערט זיין ווירקונגס-קראַפט פאַרמערט

אָדער פאַרמינערט, און אויף אַנדערע אופנים, וואָס מאַכן זיין ווירקונגס-קראַפט נישט גרעסער און נישט קלענער.

דעפ. 2: דער מענטשלעכער קערפּער קאָן דורכמאַכן פיל פאַרענדערונגען און דאָך פאַרבאַהאַלטן די איינדרוקן אָדער שפּורן פון אָביעקטן (טייל פּאָסטולאַט 5) און, ממילא, דיזעלבע פאָרשטעלונגען פון זאַכן.

## גרונדזאַצן און שלוסזאַצן.

זאַץ 1. אונזער גייסט איז אין געוויסע פאַלן אַקטיוו, און אין געוויסע פאַלן פּאַסיוו. אויף ווי ווייט ער האָט אַדעקוואַטע אידעען, איז ער אַ נויטווענדיגן אופן אַקטיוו, און אויף ווי ווייט ער האָט אומאַדעקוואַטע אידעען, איז ער אויף אַ נויטווענדיגן אופן פּאַסיוו.

שלוסזאַץ. דער גייסט איז אַלץ מער מסוגל צו ליידן פון יענעמס אַקטיוויטעט, וואָס מער אומאדעקוואַטע אידעען ער האָט, און, להיפוך, ער איז מער אַקטיוו אַליין, וואָס מעה אַדעקוואַטע אידעען ער האָט.

זאַץ 2. דער קערפּער קאָן נישט באַשטימען דעם גייסט צו דענקען, און דער גייסט קאָן נישט באַשטימען דעם קערפּער צו באַוועגונג אָדער צו רוה, אָדער צו עטוואָס אַנדערש, אויב עס זאָל זיין אַזעלכעס.

זאַץ 3. די טעטיגקייטן פון גייסט אַנטשטייען בלויז פון די אַדעקוואַטע אידעען, די פּאַסיווע צושטאַנדן, דערגעגען, פון גייסט הענגען אָפּ בלויז פון אומאַדעקוואַטע אידעען.

זאַץ 4. יעדע זאַך קאָן נאָר פון אַן אויסנווענינגסטער אורזאַך צעשטערט ווערן.

זאַץ 5. זאַכן זענען אויף אַזוי ווייט פון אַ געגנזעצלעכער נאַטור, דאָס הייסט, זיי קאָנען אויף אַזוי ווייט נישט זיין אין דעם זעלבן סוביעקט, אויף ווי ווייט איינע קאָן די אַנדערע צעשטערן.

זאַץ 6. יעדע זאַך, ווי ווייט זי איז אין זיך גופא, שטרעבט אָנצוהאַלטן איר אייגענע עקזיסטענץ.

זאַץ 7. דער באַשטרעב, וואָס מיט אים שטרעבט יעדע זאַך אָנצוהאַלטן איר אייגענע עקזיסטענץ, איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי די ווירקלעכע תמצית פון דער זאַך גופא.

זאַץ 8. דער באַשטרעב, מיט וועלכן אַ זאַך שטרעבט אָנצוהאַלטן איר אייגענע עקזיסטענץ, שליסט נישט איין קיין ענדלעכע צייט, נאָר אַן אומבאַשטימטע צייט.

זאַץ 9. דער גייסט, סיי אויף ווי ווייט ער האָט קלאָרע און דייטלעכע אידעען, און סיי אויך אויף ווי ווייט ער האָט צומישטע אידעען, באַ-

שטרעבט אָנצוהאַלטן זיין עקזיסטענץ פאַר אַן אומבאַשטימטן דויער, און ער איז באַוואוסטזיניג אויף דעם דאָזיגן באַשטרעב.

זאַץ 10. עס קאָן נישט געבן אין אונזער גייסט קיין אידעע, וועלכע זאָל אויסשליסן די עקזיסטענץ פון אונזער קערפּער, נאָכמער, אַזאַ אידעע איז אין געגנזאַץ צום גייסט.

זאַץ 11. די אידעע פון אַלץ, וואָס פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, העלפט אָדער שטערט דער ווירקונגס-קראַפט פון אונזער קערפּער, פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, העלפט אָדער שטערט דער דענק-קראַפט פון אונזער גייסט.

זאַץ 12. דער גייסט זוכט, ווי ווייט ער קאָן, זיך פאָרצושטעלן דאָס, וואָס פאַרמערט אָדער העלפט דער ווירקונגס-קראַפט פון קערפּער.

זאַץ 13. ווען דער גייסט שטעלט זיך פאָר זאַכן, וואָס פאַרמינערן און באַשרענקען די ווירקונגס-קראַפט פון קערפּער, זוכט ער ווי ווייט מעגלעך, צו דערמאָנען זיך אָן זאַכן, וואָס שליסן אויס די עקזיסטענץ פון די ערשטע זאַכן.

שלוסזאַץ. דער גייסט האָט קיין חשק נישט זיך פאָרצושטעלן זאַכן, וואָס פאַרמינערן אָדער באַשרענקען זיין אייגענע קראַפט און די קראַפט פון זיין קערפּער.

זאַץ 14. ווען דער גייסט איז איינמאָל אויפגערעגט געוואָרן פון צוויי עמאָציעס גלייכצייטיג, וועט ער דערנאָכדעם, ווען ער וועט אויפגערעגט ווערן פון איינער פון זיי, אויך אויפגערעגט ווערן פון דער אַנדערער.

זאַץ 15. יעדע זאַך קאָן דורך צופאַל זיין די אורזאַך פון לוסט, אומלוסט אָדער באַגער.

שלוסזאַץ. מיר קאָנען ליבן אָדער האַסן אַ זאַך שוין נאָר דערפאַר, וואָס מיר באַטראַכטן זי מיט דער עמאָציע פון לוסט און אומלוסט, הגם די זאַך איז נישט די ווירקענדע אורזאַך פון דער עמאָציע.

זאַץ 16. מיר ליבן און האַסן אַ זאַך שוין נאָר דערפאַר, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז זי האָט אַ וועלכע עס איז ענלעכקייט צו אַ געגנשטאַנד, וואָס פלעגט אָנפירן אונזער גייסט מיט לוסט אָדער אומלוסט, אפילו ווען דאָס, מיט וואָס די זאַך איז ענלעך צו דעם געגנשטאַנד, איז נישט די ווירקנדע אורזאַך פון דער דאָזיגער עמאָציע.

זאַץ 17. שטעלן מיר זיך פאָר, אַז אַ זאַך, וועלכע פלעגט אונז אויפרעגן מיט דער עמאָציע פון אומלוסט, האָט אַ וועלכע עס איז ענלעכקייט מיט אַן אַנדער זאַך, וועלכע פלעגט אונז אויפרעגן מיט אַ גלייך שטאַרקער עמאָציע פון לוסט, וועלן מיר די דאָזיגע ערשטע דערמאָנטע זאַך צוגלייך האַסן און ליבן.

זאַך 18. דער מענטש ווערט אַזוי פיל אויפגערעגט צו לוסט אָדער אומלוסט דורך אַ פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ פאַרגאַנגענער אָדער צוקונפטיגער זאַך, ווי פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ געגנוואַרטיגער זאַך.

זאַך 19. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס וואָס ער האָט ליב, ווערט פאַרניכטעט, ווערט מיט אַן אומלוסט דורכגענומען, דערגעגען, שטעלט ער זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס ער האָט ליב, ווערט דערהאַלטן, ווערט ער לוסטיג.

זאַך 20. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס וואָס ער האַסט ווערט פאַרניכטעט, דער וועט לוסט דערשפירן.

זאַך 21. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס וואָס ער ליבט איז פון לוסט אָדער אומלוסט באַווירקט, וועט אויך פון לוסט אָדער אומלוסט באַווירקט ווערן, און יעדע פון די דאָזיגעביידע עמאָציעס וועט זיין שוואַכער אָדער שטאַרקער אין דעם ליבהאָבער לפי ערך צו דעם, אויף ווי שטאַרק אָדער שוואַך די אָדער יענע עמאָציע וועט זיין אין דער געליבטער זאַך.

זאַך 22. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער רעגט אויף מיט לוסט דאָס, וואָס מיר האָבן ליב, וועלן מיר אויפגערעגט ווערן מיט ליבע צו אים. אומגעקערט, ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז ער רעגט אויף דאָס, וואָס מיר האָבן ליב מיט אומלוסט, וועלן מיר אויפגערעגט ווערן מיט האַס צו אים.

זאַך 23. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס וואָס ער האַסט, איז פון אומלוסט אויפגערעגט, וועט שפירן לוסט. ווען ער, דערגעגן, שטעלט זיך פאָר, אַז עס איז פון לוסט אויפגערעגט, וועט ער דערשפירן אומלוסט. יעדע איינע פון די דאָזיגע עמאָציעס וועט זיין שוואַכער אָדער שטאַרקער לפי ערך צו דעם אויף וויפיל איר היפוך וועט זיין שוואַכער אָדער שטאַרקער אין דעם, וואָס ער האַסט.

זאַך 24. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער רעגט אויף מיט לוסט דאָס, וואָס מיר האַסן, וועלן מיר אויך געגן אים אויפגערעגט ווערן מיט האַס. דערגעגן, שטעלן מיר זיך פאָר, אַז ער רעגט אויף מיט אומלוסט דעם זעלבן געגנשטאַנד, וועלן מיר אויפגערעגט ווערן מיט ליבע צו אים.

זאַך 25. מיר באַשטרעבן צו באַיאָהען וועגן אונז און וועגן דעם, וואָס מיר ליבן, אַלץ וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט אויף מיט לוסט אונז, אָדער דאָס וואָס מיר ליבן. און, אומגעקעהט, מיר באַשטרעבן צו פאַר-נייגען אַלץ דאָס, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט אויף מיט אומלוסט אונז, אָדער דעם געליבטן געגנשטאַנד.

זאַך 26. מיר באשטרעבן צו באַיאָהען, וועגן דעם, וואָס מיר האַסן, אַלץ וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט עס אויף מיט אומלוסט. און,

אומגעקערט, מיר באַשטרעבן צו פאַרניינען וועגן דעם אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט עס אויף מיט לוסט.

זאַץ 27. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַ זאַך, וועלכע איז צו אונז געגליכן, און פאַר וועלכער מיר האָבן נישט קיין עמאָציע, איז אויפגערעגט פון אַ וועלכער עס איז עמאָציע, ווערן מיר אַליין דורך דעם גופא אויפגע-רעגט ווערן פון דער זעלבער עמאָציע.

זאַץ 28. מיר שטרעבן צו פאַרווירקלעכן אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס פירט צו לוסט. אַלץ, אָבער, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס שטרייט געגן איר, און אַז עס פירט צו אומלוסט, שטרעבן מיר אָפּצושאַפן אָדער צו צעשטערן.

זאַץ 29. מיר וועלן אויך שטרעבן צו טאָן אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז מענטשן באַטראַכטן עס מיט לוסט, און דערגעגען, מיר וועלן אויסמיידן צו טאָן דאָס, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז מענטשן מיידן עס אויס.

זאַץ 30. ווען עמיצער האָט געטאָן עטוואָס, וועגן וואָס ער שטעלט זיך פאָר, אַז עס וועט דעם אנדערן מיט לוסט אויפרעגן, וועט ער אויפגע-רעגט ווערן מיט לוסט באַגלייט מיט דער אידעע פון זיך זעלבסט אַלס די אורזאַך. מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט זיך גופא מיט לוסט באַטראַכטן. פון דער אַנדערער זייט, ווען ער האָט געטאָן עטוואָס, וואָס ער שטעלט זיך פאָר, אַז עס וועט אויפרעגן אַנדערע מיט אומלוסט, וועט ער זיך זעלבסט מיט אומלוסט באַטראַכטן.

זאַץ 31. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער ליבט, באַגערט אָדער האַסט עטוואָס, וואָס מיר אַליין ליבן, באַגערן אָדער האַסן, וועלן מיר צוליב דעם גופא דאָס זעלבסט מער דויערהאַפטיג ליבן, א. א. וו., שטעלן מיר זיך, דערגעגן, פאָר, אַז עמיצער קאָן נישט סובל זיין דאָס וואָס מיר ליבן, וועלן מיר דורכמאַכן אַ וואַקלונג פון געמיט.

שלוס זאַץ. יעדער איינער שטרעבט, וויפיל ער קאָן, דערצו, אז אַלע זאָלן ליבן דאָס, וואָס ער אַליין ליבט, און אַלע זאָלן האַסן דאָס, וואָס ער אַליין האַסט: ווי דער דיכטער זאָגט:

„האָפן און גלייכצייטיג זיך שרעקן מוז יעדער וואָס ליבט.
פון אייזן איז דער, וועלכער ליבט דאָס האַרץ, וואָס אַן אַנדרער פאַרלאָזט.“

זאַץ 32. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער פרייט זיך מיט אַ זאַך, וועלכע נאָר ער אַליין קאָן באַזיצען, וועלן מיר זוכן צו באַווירקן, אַז ער זאָל די זאַך נישט באַזיצן.

זאַץ 33. ווען מיר ליבן עפעס פון אונזער גלייכן, זוכן מיר, וויפיל מיר קאָנען, צו באַווירקן, אַז עס זאָל אונז צוריק ליבן.

זאַך 34. וואָס שטאַרקער די עמאָציע, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַ געליבטע זאַך האָט פאַר אונז, אַלץ גרעסער וועט זיין אונזער שטאָלץ.

זאַך 35. ווען עמיצער שטעלט זיך פאָר, אַז די זאַך, וואָס ער ליבט פאַרבינדט זיך צו אַן אַנדערן מיט אַ גלייכן אָדער ערגערן באַנד פון פריינט-שאַפט, איידער דער וואָס ער האָט דערגרייכט, וועט ער דעם געליבטן געגנ-שטאַנד האַסן און זיין ריוואַל וועט ער מקנא זיין.

זאַך 36. ווער עס דערמאָנט זיך אָן אַ זאַך, וואָס ער האָט זיך מיט איר אַמאָל געפרייט, באַגערט ער צו באַזיצן זי אונטער די זעלבע אומשטענדן, וואָס זענען געווען, ווען ער האָט זיך מיט איר געפרייט.

שלוסזאַך. אַ געליבטער וועט, דעריבער, זיין באַטריבט, אויב איינער פון די דערמאָנטע אומשטענדן וועט פעלן.

זאַך 37. דער באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אומלוסט אָדער לוסט, האַס אָדער ליבע, איז שטאַרקער, וואָס שטאַרקער די דאָזיגע עמאָציע איז.

זאַך 38. ווען אַ מענטש האָט אָנגעהויבן צו האַסן אַ געליבטע זאַך אַזוי, אַז די ליבע איז פולשטענדיג פאַרטיליגט געוואָרן, וועט ער אויב די אורזאַכן וועלן זיין גלייכע, פאַרפאָלגן זי מיט אַ גרעסערן האַס, איידער ווען ער וואָלט זיי קיינמאָל ניט ליב געהאַט, און זיין האַס וועט זיין גרעסער, וואָס גרעסער זיין פריערדיגע ליבע איז געווען.

זאַך 39. ווער עס האַסט עמיצן, וועט זיך באַמיהען צו טאָן אים שאָדן, סיידן ער וועט מורא האָבן, אַז אים אַליין וועט דערפון אַ גרעסערער שאָדן אַרויסקומען; אומגעקערט, ווער עס האָט ליב עמיצן, וועט, לפי דעם זעלבן געזעץ, זוכן אים וואויל צו טאָן.

זאַך 40. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז עמיצער האַסט אים, און דערביי גלויבט ער, אַז ער האָט אים נישט געגעבן קיין גרונד פאַר דעם, וועט ער אים צוריק האַסן.

זאַך 41. ווען איינער שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געליבט פון עמיצן, און ער גלויבט, אַז ער האָט אים קיין גרונד ניט געגעבן פאַר אַזאַ ליבע, וועט ער אים צוריק ליבן.

זאַך 42. ווער עס האָט אויס ליבע אָדער אין דער האָפענונג אויף כבוד, דערוויזן עמיצן אַ וואוילטאַט, וועט אומלוסט דערשפירן, ווען ער זעהט, אַז די וואוילטאַט איז אָן דאַנקבאַרקייט אָנגענומען געוואָרן.

זאַך 43. האַס ווערט פאַרשטאַרקט דורך געגן-האַס, און ער קאָן דערגעגן פאַרטיליגט ווערן דורך ליבע.

זאַך 44. האַס, וואָס ווערט לגמרי באַזיגט פון ליבע, גייט אַריבער אין ליבע, און די ליבע איז יעמאָלט שטאַרקער, ווי ווען עס וואָלט קיין האַס נישט געווען פון פריהער.

זאַץ 45. ווען אַ מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז אַן אַנדערער פון זיין גלייכן האַסט עפּעס אויך פון זיין גלייכן, און וואָס ער ליבט, וועט ער האַס דעם דאָזיגן אַנדערן.

זאַץ 46. ווען אַ מענטש איז אויפגערעגט געוואָרן מיט לוסט אָדער אומלוסט פון עמיצן, וואָס געהערט נישט צו זיין קלאַס אָדער נאַציע, און אויב די דאָזיגע לוסט אָדער אומלוסט איז באַגלייט געוואָרן פון דער אידעע פון דעם עמיצן אַלס אורזאַך, אונטער דער אַלגעמיינער קאַטעגאָריע פון קלאַס אָדער נאַציע, וועט דער מענטש פילן ליבע אָדער האַס, נישט נאָר צו דעם אינדיווידועלן עמיצן, נאָר אויך צו דעם גאַנצן קלאַס אָדער נאַציע, צו וועמען דער עמיצער געהערט.

זאַץ 47. די פרייד, וועלכע נעמט זיך דערפון, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עטוואָס, וואָס מיר האַסן איז פאַרניכטעט געוואָרן אָדער געניזוקט געוואָרן, איז קיין מאָל ניט אומבאַגלייט פון אַ געוויסן שמערץ אין אונז.

זאַץ 48. ליבע אָדער האַס, צום ביישפּיל געגן פּעטערן, ווערט אויסגעראָטן, אויב די לוסט, וועלכע איז איינגעשלאָסן אין דער ליבע, אָדער די אומלוסט, וועלכע איז איינגעשלאָסן אין דעם האַס, ווערט פאַרקניפּט מיט דער אידעע פון אַן אַנדער אורזאַך. אוןביידע עמאָציעס וועלן אויף אַזוי ווייט פאַרמינערט ווערן, אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך פאָר, אַז פּעטער איז נישט געווען די איינציגע סיבה פון איינער אָדער פון דער אַנדערער עמאָציע.

זאַץ 49. ליבע אָדער האַס צו אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר, אַז זי איז פריי, מוזן זיין, אויב אַלע אַנדערע באַדינגונגען זענען גלייך, שטאַרקער איידער די ליבע אָדער האַס, וואָס מיר וואָלטן געפילט צו אַ זאַך, וועלכע האַנדלט על פּי הכרח.

זאַץ 50. יעדע איינציגע זאַך קאָן זיין, דורך אַ צופאַל, אַן אורזאַך פון האָפענונג און שרעק.

זאַץ 51. פאַרשיידענע מענטשן קאָנען פון איינעם און דעם זעלבן געגנשטאַנד אויף פאַרשיידענע אופנים אויפגערעגט ווערן, און איין און דער זעלבער מענטש קאָן פון איינעם און דעם זעלבן געגנשטאַנד צו פאַרשיידענע צייטן, אויף פאַרשיידענע אופנים, אויפגערעגט ווערן.

זאַץ 52. אַ געגנשטאַנד, וואָס מיר האָבן פריהער געזעהן אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע, און וועלכער, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, האָט ניט קיין אייגנשאַפט, וואָס איז ניט געמיינזאַם צו פילע אַנדערע געגנשטאַנדן, וועט אַזוי לאַנג פון אונז נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ געגנשטאַנד, וואָס זאָל, לויט אונזער פאָרשטעלונג, האָבן אַן אייגנטימלעכע אייגנשאַפט.

זאַץ 53. ווען דער גייסט באַטראַכט זיך גופא און זיין אייגענע וויר-

קוננס-קראַפט, דערשפּירט ער לוסט, און אַלץ מער לוסט, וואָס דייטלעכער ער שטעלט זיך פאָר זיך גופא און זיין ווירקונגס-קראַפט.

שלוס זאַץ. די דאָזיגע לוסט געפינט מער און מער נערונג, וואָס מער דער מענטש שטעלט זיך-פאָר, אַז ער ווערט געליבט פון אַנדערע.

זאַץ 54. דער גייסט שטרעבט זיך פאָרצושטעלן נאָר אַזעלכע זאַכן, וואָס דורך זיי ווערט זיין ווירקונגס-קראַפט פעסטגעשטעלט.

זאַץ 55. ווען דער גייסט באַטראַכט זיין אייגענע אָנמאַכט, האָט ער דורך דעם גופא אומלוסט.

שלוס זאַץ. די דאָזיגע אומלוסט געפינט מער און מער נערונג, ווען אַ מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט פון אַנדערע געטאַדלט.

זאַץ 56. עס זענען פאַראַן אַזוי פיל מינים פון לוסט, אומלוסט, באַגער, און פאָלגלעך, אויך פון די עמאָציעס, וועלכע זענען פון זיי צונויפגעזעצט, ווי די וואַקלונגען פון דעם געמיט, אָדער ווי עמאָציעס, וועלכע שטאַמען אָפּ פון די דאָזיגע וואַקלונגען, ווי ליבע, האַס, האָפענונג, שרעק א.א.וו., וויפיל עס זענען פאַראַן מינים פון געגנשטאַנדן, וואָס פון זיי ווערן מיר באַווירקט.

זאַץ 57. יעדע עמאָציע פון איין אינדיווידואום איז פאַרשיידן פון דער עמאָציע פון אַן אַנדער אינדיווידואום, נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די תּמצית פון איין אינדיווידואום אונטערשיידט זיך פון דער תּמצית פון אַן אַנדערן.

זאַץ 58. אַחוץ דער לוסט און דעם באַגער, וועלכע זענען פּאַסיווי-טעטן אָדער ליידנשאַפטן, זענען פאַראַן אַנדערע עמאָציעס, וואָס שטאַמען אָפּ פון לוסט און באַגער, און וואָס באַציהען זיך אויף אונז אויף ווי ווייט מיר זענען פּאַסיוו.

זאַץ 59. אונטער אַלע עמאָציעס, וואָס באַציהען זיך אויף דעם גייסט, אויף ווי ווייט ער איז אַקטיוו, איז נישט פאַראַן קיין איינע, וואָס זאָל נישט קאָנען זיך באַציהען אויף לוסט אָדער באַגער.

# פערטער טייל

## וועגן דער מענטשלעכער קערפערשאַפט

### דעפיניציעס, אַקסיאָמען, זאַצן, גרונדזאַצן און שלוסזאַצן

### דעפיניציעס.

דעפ. 1. אונטער גוט פאַרשטיי איך דאָס, וואָס מיר ווייסן זיכער, אַז עס איז נוצלעך פאַר אונז.

דעפ. 2. אונטער שלעכט (אָדער בייז) פאַרשטיי איך דאָס, וואָס מיר ווייסן זיכער, אַז עס הינדערט אונז אין דער דערגרייכונג פון אַ וואָסער עס איז גוטס.

דעפ. 3. איינציגע זאַכן רוף איך *צופעליג*, אויף אַזוי ווייט ווי מיר, ביי דער באַטראַכטונג פון זייער תּמצית בלויז, געפינען אין איר קיין זאַך נישט, וואָס זאָל, אויף אַ נויטוועדיגן אופן, פעסטשטעלן זייער עקזיסטענץ, אָדער, אויף אַ נויטוועדיגן אופן זי אויסשליסן.

דעפ. 4. די זעלבע איינצלנע זאַכן רוף איך *מעגלעך* אויף ווי ווייט מיר, באַטראַכטנדיג די אורזאַכן, וואָס דורך זיי מוזן זיי אַרויסגעבראַכט ווערן, ווייסן נישט צי זענען אַזעלכע אורזאַכןווירקלעך באַשטימט אויף אַרויס-ברענגען זיי.

דעפ. 5. אונטער *אַנטקעגנגעזעצטע* עמאָציעס פאַרשטיי איך אַזעלכע, וואָס ציהען דעם מענטשן אין פאַרשיידענע ריכטונגען, הגם זיי זענען פון דער זעלבער גאַטונג, דהיינו, ווי לוקסוס און זשעדנעקייט, וועלכע זענען ביידע מינים פון ליבע, און זענען געגנזאַצן נישט פון דער נאַטור, נאָר דורך אַ צופאַל.

דעפ. 6. וואָס איך פאַרשטיי אונטער עמאָציע געגן אַ צוקונפטיגער, געגנוואַרטיגער און פאַרגאַנגענער זאַך, האָב איך דערקלערט אין טייל III אַנ-מערקונגען 1 און 2 צו זאַץ 18.

דעפ. 7. אונטער צוועק, וואָס צוליב אים טוען מיר עטוואָס, פאַרשטיי איך אַ באַגער נאָך עטוואָס.

דעפ. 8. אונטער טוגנט און קראַפט פאַרשטיי איך איינס און דאָס זעלבע. דאָס הייסט, טוגנט אויף ווי ווייט זי באַציהט זיך אויף דעם מענטשן, איז די עסענץ פון דעם מענטשן אָדער זיין נאַטור גופא, אויף ווי ווייט ער האָט די מאַכט צו באַווירקן עטוואָס, וואָס קאָן פאַרשטאַנען ווערן בלויז דורך די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור.

## אַקסיאָמע.

עס איז נישט פאַראַן קיין איינצלנע זאַך אין דער נאַטור, וועלכע זאָל נים איבערטראָפן ווערן פון אַן אַנדערער מעכטיגערער און שטאַרקערער זאַך וואָס פאר אַ זאַך עס זאָל נישט געגעבן ווערן, איז תמיד פאַראַן אַ שטאַרקערע זאַך, וואָס דורך איר קאָן זי צעשטערט ווערן.

## גרונדזאַצן.

זאַץ 1. פון דעם פּאָזיטיוון, וואָס אַ פאַלשע אידעע אַנטהאַלט, ווערט קיין זאַך ניט אָוועקגעשאַפט דורך דער געגנוואַרט פון דאָס אמתע, אויף אַזוי ווייט ווי עס איז אמת.

זאַץ 2. מיר זענען פּאַסיוו נאָר אויף ווי ווייט מיר זענען אַ טייל פון דער נאַטור, וואָס קאָן נישט באַגריפן ווערן דורך זיך גופא אָן אַנדערע טיילן.

זאַץ 3. די קראַפט, וואָס מיט איר דערהאַלט זיך אַ מענטש עקשנות־דיג אין זיין עקזיסטענץ, ווערט אומענדלעך איבערטראָפן פון דער קראַפט פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן.

זאַץ 4. עס איז אוממעגלעך, אַז דער מענטש זאָל נישט זיין קיין טייל פון דער נאַטור, און אַז ער זאָל זיין ביכולת דורכצומאַכן נאָר אַזעלכע פאַר־ענדערונגען, וועלכע קאָנען פאַרשטאַנען ווערן נאָר דורך זיין נאַטור אַליין, און וואָס פון זיי איז ער די אַדעקוואַטע אורזאַך.

שלוסזאַץ. דער מענטש איז, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אונטער־געוואָרפן צו זיינע ליידנשאַפטן, און ער פאָלגט און געהאָרכט דעם אַלגעמיי־נעם סדר פון דער נאַטור, און פאַסט זיך צו צו אים, ווי ווייט די נאַטור פון זאַכן פאָדערט עס.

זאַץ 5. די קראַפט און דער וואוקס פון יעדער ליידנשאַפט, און דער עקשנות׳דיגער אָנהאַלט אירער אין דער עקזיסטענץ, ווערן נישט דערקלערט דורך דער קראַפט, מיט וועלכער מיר אַליין שטרעבן האַרטנעקיג זיך אָנצו־

האַלטן אָן דער עקזיסטענץ, נאָר דורך דער קראַפט פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך אין פאַרגלייך מיט אונזער אייגענער קראַפט.

זאַץ 6. די קראַפט פון וועלכער עס איז ליידנשאַפט אָדער עמאָציע, קאָן אַזוי איבערשטייגן די איבריגע האַנדלונגען פון דעם מענטשן אָדער זיין קראַפט, אַז די עמאָציע זאָל זיך עקשנותדיג אָנהאַלטן אָן דעם מענטשן.

זאַץ 7. אַן עמאָציע קאָן קאָנטראָלירט אָדער אַוועקגעשאַפט ווערן נאָר דורך אַן אַנדער עמאָציע, וועלכע איז דער היפוך פון און שטאַרקער פאַר דער עמאָציע, וועלכע באַדאַרף קאָנטראָלירט ווערן.

שלוסזאַץ. אַן עמאָציע, אויף ווי ווייט זי באַציהט זיך אויף דעם גייסט, קאָן קאָנטראָלירט ווערן אָדער אַוועקגעשאַפט ווערן נאָר דורך אַן אידעע פון אַן אַנטקעגנגעזעצטער קערפער-פאַרענדערונג, וועלכע איז שטאַרקער פאַר דער פאַרענדערונג, וועלכע מיר שטייען איצט אויס.

זאַץ 8. די דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי די עמאָציעס פון לוסט אָדער אומלוסט, אויף ווי ווייט מיר זענען אויף זיי באַוואוסטזיניג.

זאַץ 9. אַן עמאָציע איז שטאַרקער, ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז איר אורזאַך געפינט זיך געגנוואַרטיג פאַר אונז, איידער ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז איר אורזאַך געפינט זיך נישט געגנוואַרטיג פאַר אונז.

שלוסזאַץ. דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ קינפטיגער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, דאָס הייסט, פון אַ זאַך וואָס מיר באַטראַכטן אין שייכות צו דער צוקונפטיגער אָדער פאַרגאַנגענער צייט, מיט דעם אויסשלוס פון דער געגנוואַרטיגער צייט, איז, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, שוואַכער איידער דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ געגנוואַרטיגער זאַך. מילא, איז די עמאָציע צו אַ פאַרגאַנגענער אָדער צוקונפטיגער זאַך ווייניגער אינטענסיוו, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, איידער אַן עמאָציע צו אַ געגנוואַרטיגער זאַך.

זאַץ 10. געגן אַ צוקונפטיגער זאַך, וואָס מיר שטעלן זיך זי פאָר אַלס גאַנץ נאָנט צו אונז אין צייט, ווערן מיר מער אינטענסיוו אויפגערעגט, ווי ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די צייט פון איר דאָזיין איז אָפגעטיילט פון דער געגנוואַרט דורך אַ לאַנגן בין-הזמנים. אַזוי אויך, ווען מיר דערמאָנען זיך אָן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר אַלס נאָך נישט לאַנג פאַרגאַנגען, ווערן מיר מער אינטענסיוו אויפגערעגט, ווי ווען מיר שטעלן זיך זי פאָר אַלס לאַנג פאַרגאַנגען.

זאַץ 11. אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר אַלס נויטווענדיג, איז, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, מער אינטענסיוו איי-

דער אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע איז מעגלעך אָדער צופעליג, דאָס הייסט, נישט נויטוועגדיג.

**זאַץ 12.** אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וואָס מיר ווייסן, אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער געגנוואַרט, און וואָס מיר שטעלן זיך, אָבער, זי פאָר אַלס מעג-לעך, איז מער אינטענסיוו, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, איידער אַן עמאָציע געגן אַ צופעליגער זאַך.

**שלוס זאַץ.** אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וואָס מיר ווייסן, אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער געגנוואַרט, און וואָס מיר שטעלן זיך זי פאָר אַלס צופעליג, איז אַ סך שוואַכער, ווי ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די זאַך איז געגנוואַרטיג איצט מיט אונז.

**זאַץ 13.** אַן עמאָציע געגן אַ צופעליגער זאַך, וואָס מיר ווייסן, אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער געגנוואַרט, איז, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, שוואַכער איידער אַן עמאָציע געגן אַ פאַרגאַנגענער זאַך.

**זאַץ 14.** די אמתע דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס קאָן נישט אָפּהאַלטן קיין עמאָציע, אויף ווי ווייט זי איז אמת, נאָר אויף אַזוי ווייט בלויז ווי זי, די דערקענטעניש גופא, ווערט באַטראַכט אַלס אַן עמאָציע.

**זאַץ 15.** אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון דער אמתער דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, קאָן אונטערדריקט און געשטערט ווערן פון די אַנ-דערע באַגערן, וואָס אַנטשטייען פון די עמאָציעס, וואָס פון זיי ווערן מיר אָנגעגריפן.

**זאַץ 16.** אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון דער דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, קאָן, אויף ווי ווייט אַזאַ דערקענטעניש באַציהט זיך אויף דער צוקונפט, גרינגער אונטערדריקט און קאָנטראָלירט ווערן, איידער דער באַגער נאָך זאַכן, וועלכע זענען אנגענעם אין דער געגנוואַרט.

**זאַץ 17.** אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון דער אמתער דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, קאָן, אויף ווי ווייט אַזאַ דערקענטעניש באַציהט זיך אויף צופעליגע זאַכן, נאָך אַ סך גרינגער קאָנטראָלירט ווערן איידער אַ באַגער נאָך זאַכן, וואָס זענען געגנוואַרטיג.

**זאַץ 18.** אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון לוסט, איז, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, שטאַרקער איידער דער באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אומלוסט.

**זאַץ 19.** יעדער מענטש באַגערט אָדער ווייזט צוריק, על פי די גע-זעצן פון זיין נאַטור, דאָס, וואָס ער באַטראַכט פאַר גוט אָדער שלעכט.

**זאַץ 20.** וואָס מער יעדער מענטש שטרעבט און איז ביכולת צו זוכן דאָס, וואָס איז ניצלעך פאַר אים, מיט אַנדערע ווערטער, צו דערהאַלטן זיין אייגענעם זיין, אַלץ מער איז ער מיט טוגנט באַגאַבט. דערגעגן, אויף ווי

ווייט אַ מענטש פאַרנאַכלעסיגט צו זוכן, וואָס איז נוצלעך פאַר אים, דאָס הייסט צו דערהאַלטן זיין אייגענעם זיין, אויף אַזוי ווייט איז ער אָנמעכטיג.

זאַץ 21. קיינער קאָן נישט באַגערן גליקלעך צו זיין, גוט צו האַנדלען און גוט צו לעבן, ווער עס באַגערט נישט צוגלייך איבערהויפּט צו זיין, צו האַנדלען און צו לעבן, מיט אַנדערע ווערטער, אַקטועל צו עקזיסטירן.

זאַץ 22. קיין טוגנט קאָן נישט באַגריפן ווערן פריער פאַר דער דאָזיגער — נעמלעך, פאַר דעם באַשטרעב צו זעלבסט-דערהאַלטונג.

שלוסזאַץ. דאָס שטרעבן צו זעלבסט-דערהאַלטונג איז די ערשטע און איינציגע גרונדלאַגע פון טוגנט.

זאַץ 23. אויף אַזוי ווייט ווי דער מענטש איז באַשטימט עטוואָס צו טאָן דורך דעם, וואָס ער האָט אַדעקוואַטע אידעען, קאָן מען נישט אַבסאָלוט זאָגן, אַז ער האַנדלט טוגנדהאַפט. אַזעלכעס זאָגן וועגן אים קאָן מען נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט באַשטימט צו אַקציע דורך דעם, וואָס ער דערקענט.

זאַץ 24. צו האַנדלען אַבסאָלוט טוגנטהאַפט איז קיין אַנדער זאַך נישט אין אונז ווי צו האנדלען, צו לעבן, אָדער צו דערהאַלטן דעם אייגענעם זיין (די דאָזיגע דריי אויסדריקען זענען אידענטיש אין באַטייט) אין איינקלאַנג מיט די געבאָטן פון דער פאַרנונפט, אויף דעם גרונד פון דעם זוכן, וואָס נוצלעך איז פאַר זיך זעלבסט.

זאַץ 25. קיינער שטרעבט נישט צו דערהאַלטן זיין יש צוליב וועלכער עס איז אַנדער זאַך.

זאַץ 26. אַלץ, וואָס מיר שטרעבן אין געהאָרכזאַמקייט צו דער פאַרנונפט, איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי דאָס דערקענען. און דער גייסט, אויף אַזוי ווייט ווי ער ווענדט אָן די פאַרנונפט, האַלט פאַר נוצלעך נאָר אַזעלכע זאַכן, וואָס פירן צו דעם דערקענען.

זאַץ 27. נאָר וועגן אַזעלכע זאַכן וויסן מיר אויף געוויס, אַז זיי זענען גוט אָדער שלעכט, וועלכע פירן אונז, באמת, צו דער דערקענטעניש, אָדער וועלכע קאָנען אונז שטערן אין דער דערקענטעניש.

זאַץ 28. דאָס העכסטע גוטס פון גייסט איז די דערקענטעניש פון גאָט, און די העכסטע טוגנט פון דעם גייסט איז גאָט צו דערקענען.

זאַץ 29. אַן איינצלנע זאך, וואָס איר נאַטור איז לגמרי פאַרשיידן פון אונזערער, קאָן ניט העלפן און ניט שטערן אונזער ווירקונגס-קראַפט, און בכלל קאָן קיין זאַך ניט זיין גוט אָדער שלעכט פאַר אונז, ווען זי האָט נישט עפּעס געמיינזאַם מיט אונזער נאַטור.

זאַץ 30. קיין זאַך קאָן נישט זיין שלעכט דורך דעם, וואָס זי האָט

עפּעס געמיינזאַם מיט אונזער נאַטור. נאָר אויף ווי ווייט זי איז פאַר אונז שלעכט, אויף אַזוי ווייט איז זי להיפוך צו אונזער נאַטור.

**זאַץ** 31. אויף אַזוי ווייט ווי אַ זאַך שטימט צונויף מיט אונזער נאַטור, איז זי, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, גוט.

**שלוסזאַץ**. וואָס מער אַ זאַך שטימט מיט אונזער נאַטור, אַלץ נוצלעכער און בעסער איז זי פאַר אונז, און, להיפוך, וואָס נוצלעכער אַ זאַך איז פאַר אונז, אַלץ מער שטימט זי צונויף מיט אונזער נאַטור.

**זאַץ** 32. אויף ווי ווייט מענטשן זענען אונטערגעוואָרפן דער לײדנשאַפט, אויף אַזוי ווייט קאָן מען נישט זאַגן, אַז זיי זענען פון נאַטור האַרמאָניש.

**זאַץ** 33. מענטשן קאָנען זיין פאַרשיידן אין נאַטור אויף אַזוי ווייט ווי זיי ווערן אָנגעגריפן פון די עמאָציעס, וועלכע זענען לײדנשאַפטן אָדער פּאַסיווע צושטאַנדן. און אויף אַזוי ווייט איז אפילו איינער און דערזעלבער מענטש פאַרענדערלעך און אומבאַשטענדיג.

**זאַץ** 34. אויף אַזוי ווייט ווי מענטשן זענען אָנגעגריפן פון עמאָציעס, וועלכע זענען לײדנשאַפטן, קאָנען זיי זיין אַנטקעגנגעזעצטע איינער צו דעם אַנדערן.

**זאַץ** 35. אויף אַזוי ווייט ווי מענטשן לעבן לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, און נאָר אויף אַזוי ווייט, שטימען זיי תמיד צונויף אין דער נאַטור נאָך, אויף אַ נויטווענדיגן אופן.

**שלוסזאַץ** 1. עס איז נישט פאַראַן אין דער נאַטור פון זאַכן קיין איינצלנע זאַך, וואָס זאָל זיין נוצלעכער פאַר דעם מענטשן איידער אַ מענטש, וואָס לעבט לפי דעה לייטונג פון דער פאַרנונפט.

**שלוסזאַץ** 2. אַזוי ווי דער מענטש זוכט על פּי רוב דאָס, וואָס איז נוצלעך פאַר אים, זענען דעריבער מענטשן איינער צו דעם אַנדערן אַמנוצלעכסטן.

**זאַץ** 36. דאָס העכסטע גוטס פון די יעניגע, וועלכע פאָלגן נאָך דער טוגנט, איז געמיינזאַם פאַר אַלע, און דערפאַר קאָנען אַלע אויף אַ גלייכן אופן זיך פרייען דערמיט.

**זאַץ** 37. דאָס גוטס, וואָס יעדער מענטש, וועלכער פאָלגט נאָך דער טוגנט, באַגערט פאַר זיך, וועט ער אויך באַגערן פאַר אַנדערע מענטשן, און אַלץ מער, וואָס גרעסער עס איז די דערקענטעניש, וואָס ער האָט וועגן גאָט.

**זאַץ** 38. אַלץ וואָס באאיינפלוסט דעם מענטשלעכן קערפּער אַזוי, אַז ער זאָל קאָנען אויף פילערליי אופנים אויפגערעגט ווערן, אָבער וואָס מאַכט אים פעהיג אויף פילערליי אופנים אויפצורעגן אויסנוויינינגסטע קערפּער, איז ניצלעך פאַר דעם מענטשן. און אַלץ ניצלעכער, וואָס פעהיגער דער קערפּער

ווערט דורך דעם געמאַכט אויף פילערליי אופנים אויפגערעגט צו ווערן און אַנדערע קערפּער אויפצורעגן. אומגעקערט, אַלץ, וואָס מאַכט דעם קערפּער ווייניגער פעהיג אין דעם פּרט, איז שעדלעך פאַר דעם מענטשן.

זאַץ 39. אַלץ וואָס פירט דערצו, אַז עס זאָל דערהאַלטן בלייבן די שייכות צווישן באַוועגונג און רוה, וואָס טיילן פון דעם מענטשלעכן קערפּער נעמען געגנזייטיג אָן, איז גוט. אומגעקערט, אַלץ וואָס פאַראורזאַכט אַ פאַר-ענדערונג אין אַזאַ שייכות, איז שלעכט.

זאַץ 40. אַלץ, וואָס פירט צו אַ שטאַטלעכער געמיינשאַפט פון דעם מענטשן, אָדער וואָס באַווירקט, אַז מענטשן זאָלן לעבן אינאיינעם האַרמאָניש, איז נוצלעך; דערגעגן, אַלץ, וואָס ברענגט אַריין אַ דיסהאַרמאָניע אין דעם שטאַט, איז שלעכט.

זאַץ 41. לוסט אַן און פאַר זיך איז נישט שלעכט אָדער גוט. אומ-לוסט, דערגעגן, איז אַן און פאַר זיך שלעכט

זאַץ 42. פריילעכקייט קאָן נישט האָבן קיין איבערמאָס, נאָר איז תּמיד גוט. מעלאַנכאָליע, דערגעגן, איז תּמיד שלעכט.

זאַץ 43. סטימולאַציע קאָן האָבן אַן איבערמאָס און זיין שלעכט, שמארץ אָבער קאָן זיין גוט אויף אַזוי ווייט ווי סטימולאַציע אָדער לוסט איז שלעכט.

זאַץ 44. ליבע און באַגער קאָנען האָבן אַן איבערמאָס.

זאַץ 45. האַס קאָן קיינמאָל נישט זיין גוט.

שלוסזאַץ 1. קינאה, שפּאָט, פאַראַכטונג, כּעס, נקמה, און אַנדערע עמאָציעס, וואָס געהערן צו דעם האַס, אָדער אַנטשטייען פון אים, זענען שלעכט.

שלוסזאַץ — זאַץ 2. אַלץ, וואָס מיר באַגערן דערפאַר, ווייל מיר זענען באַהערשט פון דער עמאָציע פון האַס, איז נידעריג, און אין אַ שטאַט איז דאָס אומגערעכט.

זאַץ 46. ווער עס לעבט לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, שטרעבט, ווי ווייט מעגלעך, צו ענטפערן מיט ליבע, אָדער פריינדלעכקייט אויף דעם אַנדערנס האַס, צאָרן, פאַראַכטונג א. א. וו. געגן אים.

זאַץ 47. עמאָציעס פון האָפענונג און שרעק קאָנען נישט אין זיך גופא גוט זיין.

זאַץ 48. די עמאָציעס פון איבערשאַצונג און אונטערשאַצונג זענען תּמיד שלעכט.

זאַץ 49. די איבערשאַצונג מאַכט דעם מענטשן, וואָס אים איבער-שאַצט מען, לייכט שטאָלץ.

זאַץ 50. רחמנות אין אַ מענטשן וואָס לעבט לויט דער לייטונג פֿון דער פֿאַרנונפֿט איז אַן און פֿאַר זיך שלעכט און אומנוצלעך.

זאַץ 51. די גונסט ווידערשטרייט נישט דער פֿאַרנונפֿט, נאָר זי קאָן מיט איר צונויפֿשטימען און פֿון איר אַנטשטיין.

זאַץ 52. זעלבסט-צופֿרידנהייט קאָן אַנטשטיין פֿון דער פֿאַרנונפֿט, און בלויז די זעלבסט-צופֿרידנהייט, וועלכע אַנטשטייט פֿון דער פֿאַרנונפֿט, איז די העכסטע, וואָס ס'קאָן געבן.

זאַץ 53. נידערגעשלאָגנקייט איז ניט קיין טוגנט, דאָס הייסט זי אַנט-שטייט ניט פֿון דער פֿאַרנונפֿט.

זאַץ 54. חרטה איז ניט קיין טוגנט, דאָס הייסט, זי אַנטשטייט נישט פֿון דער פֿאַרנונפֿט, נאָר דער וואָס האָט חרטה אויף אַ טאַט איז טאָפּלט עלנט און אומטיכטיג.

זאַץ 55. די גרעסטע גאווה ווי די גרעסטע נידערגעשלאָגנקייט איז די גרעסטע אומדערקענטעניש פֿון זיך זעלבסט.

זאַץ 56. די גרעסטע גאווה און די גרעסטע נידערגעשלאָגנקייט זענען סימנים פֿון דער גרעסטער אָנמאַכט פֿון דער נשמה.

שלוס זאַץ. די שטאָלצע און די נידערגעשלאָגענע ווערן על פּי רוב אונטערוואָרפֿן די עמאָציעס.

זאַץ 57. דער בעל-גאווה ליבט די חברה חניפֿה'ניקעס און פֿאַראַזיטן, און האַסט די געזעלשאַפֿט פֿון אויפֿריכטיגע.

זאַץ 58. כבוד ווידערשטרייט נישט דער פֿאַרנונפֿט, נאָר קאָן פֿון איר אַנטשטיין.

זאַץ 59. צו אַלע טאַטן, וואָס צו זיי זענען מיר באַשטימט דורך אַן עמאָציע, וואָס אין איר איז דער גייסט פּאַסיוו, קאָנען מיר באַשטימט ווערן אויך אָן אַן עמאָציע דורך דער פֿאַרנונפֿט.

זאַץ 60. אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פֿון לוסט אָדער אַן אומלוסט, וועלכע גייט אָן איינעם אָדער אייניגע, אָבער ניט אַלע טיילן פֿון קערפּער, האָט קיין שייכות ניט צו דעם נוץ פֿון דעם מענטשן אַלס גאַנצן.

זאַץ 61. אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פֿון פֿאַרנונפֿט, קאָן נישט האָבן קיין איבערמאָס.

זאַץ 62. אויף אַזוי ווייט ווי דער גייסט באַגרייפֿט אַ זאַך לויט דער אָנווייזונג פֿון דער פֿאַרנונפֿט, ווערט ער אויף אַ גלייכן אופֿן אָנגערעגט, מעג די אידעע זיין פֿון אַ צוקונפֿטיגער, אָדער פֿון אַ פֿאַרגאַנגענער, אָדער פֿון אַ געגנוואַרטיגער זאַך.

זאַץ 63. ווער עס ווערט פֿון שרעק געלייטעט און טוט גוטס, בכדי ניצול צו ווערן פֿון שלעכטס, דער ווערט ניט פֿון דער פֿאַרנונפֿט געלייטעט.

שלוסזאַץ. אויף דעם גרונד פון דעם באַגער, וואָס אַנטשטייט פון דער פאַרנונפט, פאַרפאָלגן מיר דאָס גוטע אוממיטעלבאַר, און פליהען פון דעם שלעכטן מיטלבאַר.

זאַץ 64. די דערקענטעניש פון שלעכטס איז אַן אומאַדעקוואַטע דערקענטעניש.

זאַץ 65. לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט וועלן מיר פון צוויי גוטסן אויסקלייבן דאָס גרעסערע און פון צוויי שלעכטסן דאָס קלענערע.

שלוסזאַץ. מיר וועלן לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט פאַרפאָלגן אַ קלענער שלעכטס צוליב אַ גרעסער גוטס, און מיר קאָנען צוריקווייזן אַ קלענער גוטס, וועלכעס איז די אורזאַך פון אַ גרעסער שלעכטס.

זאַץ 66. לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט וועלן מיר זוכן אַ גרעסער גוטס אין דער צוקונפט אין פאָרצוג צו אַ קלענערן אין דער געגנוואַרט, און מיר וועלן זוכן אַ קלענער שלעכטס אין דער געגנוואַרט אין פאָרצוג צו אַ גרעסערס אין דער צוקונפט.

שלוס זאַץ. מיר וועלן אונטער דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, זוכן אַ קלענער שלעכטס אין דער געגנוואַרט, מחמת, עס איז די אורזאַך פון אַ גרעסער גוטס אין דער צוקונפט, און מיר וועלן צוריקווייזן אַ קלענער גוטס אין דער געגנוואַרט, מחמת, עס איז די אורזאַך פון אַ גרעסער שלעכטס אין דער צוקונפט.

זאַץ 67. אַ פרייער מענטש דענקט וויניגער פאַר אַלץ וועגן טויט, און זיין חכמה איז דאָס נאָכדענקען נישט וועגן טויט נאָר וועגן דעם לעבן.

זאַץ 68. ווען מענטשן זאָלן געבוירן ווערן פריי, וואָלטן זיי, אַזוי לאַנג ווי זיי וואָלטן געבליבן פריי, קיין באַגריף נישט געבילדעט וועגן גוטס און שלעכטס.

זאַץ 69. די טוגנט פון אַ פרייען מענטשן צייגט זיך גלייך אַרויס אין דעם פאַרמיידן ווי אין אַנטקעגנשטעלן זיך געפאַרן.

שלוס זאַץ. ביי אַ פרייען מענטשן איז דאָס אָפּטרעטן צוריק אין דער ריכטיגער צייט אַזאַ צייכן פון ווילנס-קראַפט ווי דער קאַמף, אָדער: דער פרייער מענטש קלייבט אויס מיט דער זעלבער ווילנס-קראַפט אָדער נשמה-שטאַנדהאַפטיגקייט ווי דעם קאַמף אַזוי אויך דעם צוריקטרעט.

זאַץ 70. דער פרייער מענטש, וואָס לעבט צווישן אומוויסנדע, באַמיהט זיך אויסצווייכן, ווי ווייט ער קאָן, זייערע חסדים.

זאַץ 71. נאָר פרייע מענטשן זענען העכסט דאַנקבאַר איינער צו דעם אַנדערן.

זאַץ 72. דער פרייער מענטש האַנדלט קיין מאָל נישט אויף אַ באַטרי־גערישן אופן, נאָר אַלע מאָל מיט אויפריכטיגקייט.

זאַץ 73. דער פון דער פאַרנונפט געלייטעטער מענטש איז פרייער אין אַ שטאַט, וואו ער לעבט אין אַן אַלגעמיינעם סיסטעם פון געזעצן, איידער אין איינזאַמקייט, וואו ער איז אומאָפהענגיג.

# פינפטער טייל

## וועגן דער מענטשלעכער פרייהייט

### אַקסיאָמען, גרונדזאַצן און שלוסזאַצן

### אַקסיאָמען.

אַקס. 1. ווען אין דעם זעלבן סוביעקט ווערן אָנגערעגט צוויי אַנטקעגנגעזעצטע האַנדלונגען, מוז אַנטוועדער איןביידע פון זיי, אָדער אין איינער פון זיי אַ פאַרענדערונג אויף אַ נויטווענדיגן אופן געשעהן, און אָנהאַלטן ביז זיי הערן אויף צו זיין אַנטקעגנגעזעצט.

אַקס. 2. די קראַפט פון אַ ווירקונג ווערט באַשטימט דורך דער קראַפט פון איר אורזאַך, אויף אַזוי ווייט ווי איר תמצית ווערט דערקלערט אָדער באַשטימט דורך דער תמצית פון איר אורזאַך.

### גרונדזאַצן און שלוסזאַצן.

זאַץ 1. גראָד אַזוי ווי די געדאַנקען און די אידעען פון זאַכן זענען איינגעאָרדנט און פאַרקייטלט אינווייניג אין דעם גייסט, אַזוי זענען אויף אַ פּינקטלעכן שטייגער איינגעאָרדנט און פאַרקייטלט די פאַרענדערונגען פון קערפּער און די פאָרשטעלוגגס-בילדער פון זאַכן אינווייניג אין דעם קערפּער.

זאַץ 2. ווען מיר לאָזן לויז אַ געמיטס-באַוועגונג אָדער אַן עמאָציע פון דעם געדאַנק פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, און מיר פאַרקניפּן זי מיט אַנדערע געדאַנקען, וועט יעמאָלט די ליבע אָדער דער האַס געגן דער אויסערער אורזאַך, ווי אויך דאָס שוואַנקען פון דער נשמה, וואָס איז אַנטשטאַנען פון די דאָזיגע עמאָציעס, פאַרניכטעט ווערן.

זאַץ 3. אַן עמאָציע, וואָס איז אַ ליידנשאַפט, הערט אויף צו זיין אַ ליידנשאַפט, אַזוי שנעל ווי מיר בילדן אַ קלאָרע און באַשטימטע אידעע פון איר.

שלוסזאַץ. אַן עמאָציע שטייט דערום אַלץ מער אונטער אונזער קאָנטראָל, און דער גייסט איז אַלץ ווייניגער פּאַסיוו בנוגע צו איר, וואָס מער מיר האָבן זי דערקענט.

זאַץ 4. עס איז נישט פאַראַן קיין פאַרענדערונג פון קערפּער, וואָס וועגן איר זאָלן מיר נישט קאָנען בילדן אַ וואָסער עס איז קלאָרן און באַשטימטן באַגריף.

זאַץ 5. אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר איינפאַך, און נישט אַלס נויטווענדיג, אָדער אַלס צופעליג, אָדער אַלס מעגלעך, איז, אונטער אַלע אַנדערע גלייכע אומשטענדן, שטאַרקער איידער וועלכע עס איז אַנדער עמאָציע.

זאַץ 6. אויף ווי ווייט דער גייסט דערקענט אַלע זאַכן אַלס נויטווענדיג, אויף אַזוי ווייט האָט דער גייסט אַ גרעסערע מאכט איבער די עמאָציעס, און איז ווייניגער אונטערוואָרפן צו זיי.

זאַץ 7. די עמאָציעס, וואָס אַנטשטייען אָדער ווערן געוועקט פון דער פאַרנונפט, אויב מיר לאָזן נישט אַרויס פון אויג די צייט, זענען שטאַרקער איידער די וואָס באַציהען זיך אויף איינצלנע זאַכן, וואָס זיי באַטראַכטן מיר אַלס אָפוועזנדע.

זאַץ 8. וואָס מער פון אינאיינעםווירקנדע אורזאַכן אַן עמאָציע ווערט אַרויסגערופן, אַלץ שטאַרקער איז זי.

זאַץ 9. אַן עמאָציע, וואָס באַציהט זיך אויף אַ סך און פאַרשיידענע אורזאַכן, וואָס זיי באַטראַכט דער גייסט מיט דער עמאָציע צוגלייך, איז ווייניגער שעדלעך און מיר זענען ווייניגער אונטערוואָרפן צו איר, און מיר ווערן ווייניגער אויפגערעגט געגן יעדער איינצלנער פון אירע אורזאַכן, איידער ווען עס וואָלט געווען אַן אַנדערע גלייך שטאַרקע עמאָציע, וואָס וואָלט זיך באַציוגן אויף ווייניגער אורזאַכן, אָדער אויף איין און איינציגער אורזאַך.

זאַץ 10. אַזוי לאַנג ווי מיר ווערן נישט אָנגעגריפן פון עמאָציעס, וואָס זענען אַנטקעגנגעזעצט צו אונזער נאַטור, האָבן מיר די מאַכט איינצואָרדענען און צו פאַרקניפּן די פאַרענדערונגען פון אונזער קערפּער, לפּי דער אָרדענונג וואָס אַנטשפּרעכט אונזער דערקענטעניש.

זאַץ 11. אויף וואָס מער זאַכן אַ פאָרשטעלונגס-בילד באַציהט זיך, אַלץ אָפטער חזרט זיך די פאָרשטעלונג איבער אים, אָדער אַלץ אָפטער לעבט עס אויף און באַשעפטיגט דעם גייסט.

זאַץ 12. די פאָרשטעלונגס-בילדער פון זאַכן ווערן לייכטער פאַרבונדן מיט בילדער, וואָס באַציהען זיך אויף זאַכן, וואָס מיר דערקענען קלאָר און דייטלעך, איידער מיט אַנדערע.

זאַץ 13. מיט וואָס מער פאָרשטעלונגס - בילדער אַ פאָרשטעלונגס-בילד איז פאַרקניפּט אַלץ אָפטער לעבט עס אויף.

זאַץ 14. דער גייסט קאָן באַווירקן, אַז אַלע פאַרענדערונגען פון קערפּער, אָדער בילדער פון זאַכן, זאָלן זיך באַציהען אויף דער אידעע פון גאָט.

זאַץ 15. ווער עס דערקענט זיך גופא און זיינע עמאָציעס, ליבט גאָט, און אַלץ מער, וואָס מער ער דערקענט זיך גופא אין זיינע עמאָציעס.

זאַץ 16. די דאָזיגע ליבע צו גאָט מוז פאַרנעמען דעם אויבן אָן אין דעם גייסט.

זאַץ 17. גאָט איז פריי פון אַלע ליידנשאַפטן, און ער ווערט נישט באַוועגט פון קיין שום עמאָציעס פון לוסט אָדער אומלוסט.

שלוסזאַץ. גאָט ליבט און האַסט קיינעם נישט.

זאַץ 18. קיינער קאָן גאָט נישט האַסן.

שלוסזאַץ. די ליבע צו גאָט קאָן זיך נישט פאַרוואַנדלען אין האַס.

זאַץ 19. ווער עס ליבט גאָט, דער קאָן נישט שטרעבן, אַז גאָט זאָל אים צוריק ליבן.

זאַץ 20. די דאָזיגע ליבע צו גאָט קאָן נישט באַפלעקט ווערן פון דער עמאָציע פון קינאה אָדער אייפערזוכט, נאָר זי ווערט נאָך מער דערנערט, וואָס מער מענטשן מיר שטעלן זיך פאָר מיט גאָט פאַראייניגט דורך דעם זעלבן בונד פון ליבן.

זאַץ 21. דער גייסט קאָן נאָר, אַזוי לאַנג ווי דער קערפּער דויערט, זיך עטוואָס פאָרשטעלען, אָדער זיך אָן פאַרגאַנגענע זאַכן דערמאָנען.

זאַץ 22. אין גאָט אָבער איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאַראַן אַן אידעע, וואָס דריקט אויס די עסענץ פון דעם אָדער יענעם מענטשלעכן קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט.

זאַץ 23. דער מענטשלעכער גייסט קאָן נישט אַבסאָלוט פאַרניכטעט ווערן מיט דעם קערפּער, נאָר עס בלייבט עפּעס פון אים, וואָס איז אייביג.

זאַץ 24. וואָס מער מיר דערקענען איינצלנע זאַכן, אַלץ מער דער-קענען מיר גאָט.

זאַץ 25. דער העכסטער באַשטרעב פון דעם גייסט, און די העכסטע טוגנט איז צו דערקענען זאַכן לויט דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש.

זאַץ 26. וואָס מער דער גייסט איז ביכולת צו דערקענען זאַכן לויט דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש, אַלץ מער באַגערט ער צו דערקענען זאַכן לויט דער דאָזיגער אַרט.

זאַץ 27. פון דער דאָזיגער דריטער אַרט פון דערקענטעניש אַנטשטייט די העכסטע גייסטיגע רוה, וואָס ס'קאָן נאָר געבן.

זאַץ 28. דער באַשטרעב אָדער באַגער צו דערקענען זאַכן לויט דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש קאָן נישט אַנטשטיין פון דער ערשטער, נאָר פון דער צווייטער אַרט פון דערקענטעניש.

זאַץ 29. אַלץ וואָס דער גייסט דערקענט אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, דערקענט ער עס נישט אויף דעם גרונד דערפון, וואָס ער באַגרייפט די געגנוואַרטיגע אַקטועלע עקזיסטענץ פון דעם קערפער, נאָר אויף דעם גרונד דערפון, וואָס ער פאַסט אויף די תּמצית פון דעם קערפער אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט.

זאַץ 30. אויף ווי ווייט אונזער גייסט דערקענט זיך גופא און דעם קערפער אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, אויף אַזוי ווייט האָט ער אַ דערקענטעניש פון גאָט, און ווייכט, אַז ער איז אין גאָט און ווערט באַגריפן דורך גאָט.

זאַץ 31. די דריטע אַרט פון דערקענטעניש הענגט אָפּ פון גייסט, אַלס איר ווירקלעכער אורזאַך, אויף אַזוי ווייט ווי דער גייסט גופא איז אייביג.

זאַץ 32. מיט אַלץ וואָס מיר דערקענען לויט דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש פרייען מיר זיך, און אונזער פרייד איז באַגלייט פון דער אידעע פון גאָט אַלס אורזאַך.

שלוסזאַץ. פון דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש אַנטשטייט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט. פון דער דאָזיגער אַרט פון דערקענטעניש אַנטשטייט די לוסט באַגלייט פון דער אידעע פון גאָט אַלס אורזאַך, דאָס הייסט די ליבע צו גאָט, נישט אויף אַזוי ווייט ווי מיר שטעלן זיך אים פאָר אַלס געגנוואַרטיג, נאָר אויף אַזוי ווייט ווי מיר דערקענען אים אַלס אייביג זייענדן, און דאָס איז וואָס איך רוף די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט.

זאַץ 33. די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט, וועלכע אַנטשטייט פון דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש, איז אייביג.

זאַץ 34. דער גייסט איז אונטערגעוואָרפן צו די עמאָציעס, וועלכע געהערן צו די ליידנשאַפטן, נאָר אַזוי לאַנג ווי דער קערפער דויערט.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז קיין אַנדער ליבע איז אייביג, אַחוץ דער אינטעלעקטועלער ליבע.

זאַץ 35. גאָט ליבט זיך גופא מיט אַן אומענדלעכער אינטעלעקטועלער ליבע.

זאַץ 36. די אינטעלעקטועלע ליבע פון דעם גייסט צו גאָט איז גאָטס ליבע זעלבסט, וואָס מיט איר ליבט גאָט זיך גופא, נישט אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אומענדלעך, נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער קאָן דערקלערט ווערן דורך דער תּמצית פון דעם מענטשלעכן גייסט, וואָס ווערט באַטראַכט אונטער דער

פאָרם פון אייביגקייט; מיט אַנדערע ווערטער, די אינטעלעקטועלע ליבע פון דעם גייסט צו גאָט איז אַ טייל פון דער אומענדלעכער ליבע, וואָס מיט איר ליבט גאָט זיך גופא.

שלוסזאַץ. גאָט, אויף ווי ווייט ער ליבט זיך גופא, ליבט די מענטשן, און פאָלגלעך, איז די ליבע פון גאָט צו מענטשן און די אינטעלעקטועלע ליבע פון דעם גייסט צו גאָט איינע און די זעלבע.

זאַץ 37. עס איז נישט פאַראַן קיין זאַך אין דער נאַטור, וואָס איז אַנטקעגנגעזעצט צו דער דאָזיגער אינטעלעקטועלער ליבע, אָדער וואָס זאָל די קאָנען אַוועקנעמען.

זאַץ 38. וואָס מער זאַכן דער גייסט דערקענט לויט דער צווייטער און דריטער אַרט פון דערקענטעניש, אַלץ ווייניגער ליידט ער פון די עמאָציעס, וועלכע זענען שלעכט, און אַלץ ווייניגער האָט ער אויך מורא פאַר דעם טויט.

זאַץ 39. ווער עס האָט אַ קערפער, וואָס איז פעהיג אויף אַ זייער גרויסער צאָל אַקטיוויטעטן, דער האָט אַ גייסט, וואָס דער גרעסטער טייל זיינער איז אייביג.

זאַץ 40. וואָס מער פולקאָמענהייט אַ זאַך האָט, אַלץ מער אַקטיוו איז זי, און אַלץ ווייניגער פאַסיוו, און להיפוך, וואָס מער אַקטיוו אַ זאַך איז, אַלץ פולקאָמענער איז זי.

זאַץ 41. אפילו ווען מיר וואָלטן נישט געוואוסט, אַז אונזער גייסט איז אייביג, וואָלטן מיר אַלץ פאַר דער העכסטער וויכטיגקייט געהאַלטן פרומקייט און רעליגיע, און איבערהויפט אַלע זאַכן, וועלכע, ווי האָבן מיר געצייגט אין טייל IV, געהערן צו ווילנסשטאַרקייט און דערהאַבנקייט.

זאַץ 42. די גליקזעליקייט איז נישט דער שכר פון טוגנט, נאָר די טוגנט גופא. און מיר פרייען זיך מיט איר נישט דערפאַר וואָס מיר קאָנטראָלירן אונזערע תאוות, נאָר פאַרקערט, ווייל מיר פרייען זיך מיט איר, זענען מיר ביכולת צו קאָנטראָלירן אונזערע תאוות.

# ערשטער טייל

## וועגן גאָט

### דעפיניציעס.

I. אונטער אורזאַך פון זיך גופא פאַרשטיי איך דאָס, וואָס זיין תמצית שליסט אין זיך איין עקזיסטענץ, אָדער דאָס, וואָס זיין נאַטור קאָן נאָר אַלס עקזיסטירנד באַגריפן ווערן.

II. אַ זאַך הייסט ענדלעך נאָך איר מין נאָך, ווען זי קאָן באַגרענעצט ווערן דורך אַן אַנדער זאַך פון דער זעלבער נאַטור. אַ קערפּער, למשל, הייסט ענדלעך, מחמת מיר קאָנען אַלע מאָל באַגרייפן אַן אַנדער גרעסערן קערפּער. אַזוי ווערט אויך דאָס דענקען דורך אַן אַנדער דענקען באַגרענעצט, אַ קערפּער, אָבער, ווערט נישט דורך דעם דענקען באַגרענעצט, און נישט דאָס דענקען דורך אַ קערפּער.

III. אונטער סובסטאַנץ פאַרשטיי איך דאָס, וואָס איז אין זיך גופא, און ווערט באַגריפן דורך זיך גופא, דאָס הייסט, דאָס, וואָס וועגן דעם קאָן אַ באַגריף געשאַפן ווערן אומאָפּהענגיג פון וואָסערן עס איז אַנדערן באַגריף.

IV. אונטער אַטריבוט פאַרשטיי איך דאָס, וואָס דער פאַרשטאַנד באַגרייפט אַלס אַזעלכעס, וועלכעס בילדעט דעם תמצית פון דער סובסטאַנץ.

V. אונטער מאָדוס פאַרשטיי איך די פאַרענדערונגען פון דער סובסטאַנץ, אָדער דאָס וואָס עקזיסטירט אין עפּעס אַנדערש, און איז באַגריפן דורך דעם און נישט דורך זיך גופא.

VI. אונטער גאָט פאַרשטיי איך אַן אַבסאָלוט אומענדלעכן יש, דאָס הייסט, אַ סובסטאַנץ, וועלכע באַשטייט פון אומענדלעכע אַטריבוטן, וואָס יעדער איינער פון זיי דריקט-אויס אַן אייביגע און אומענדלעכע מהות.

דערקלערונג. איך זאָג אַבסאָלוט אומענדלעך, און נישט אומענדלעך נאָך זיין מין נאָך; דען אומענדלעכע אַטריבוטן פון אַ זאַך, וועלכע איז אומענדלעך נאָך איר מין נאָך, קאָן מען אָפּלייקענען; דאָס, אָבער, וואָס איז אַב-

סאָלוט אומענדלעך, אַנטהאַלט אין זיין עסענץ אַלץ, וואָס דריקט אויס רעאַ־ליטעט, און שליסט נישט איין אין זיך קיין פאַראייניגונג.

VII. פריי הייסט יענע זאַך, וועלכע עקזיסטירט בלויז על פי הכרח פון איר אייגענער נאַטור, און וואָס איר האַנדלונג ווערט באַשטימט דורך איר אַליין; נויטווענדיג אָבער, אָדער נאָך מער, געצוואונגען איז די יעניגע זאַך, וועלכע ווערט פון אַן אַנדער זאַך דעטערמינירט צו עקזיסטירן און צו ווירקן אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן.

VIII. אונטער אייביגקייט פאַרשטיי איך די עקזיסטענץ גופא, אויף ווי ווייט זי ווערט באַגריפן אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַלס אַ פועל יוצא פון דער דעפיניציע פון דעם, וואָס איז אייביג.

דערקלערונג. אַזאַ עקזיסטענץ ווערט, ווי די תמצית פון אַ זאַך, באַגריפן אַלס אַן אייביגער אמת, און קאָן, דעריבער, נישט דערקלערט ווערן דורך דויער אָדער צייט, הגם דויער קאָן באַגריפן ווערן אָן אָנהייב און אָן אַ סוף.

## אַקסיאָמען.

I אַלץ וואָס עקזיסטירט, עקזיסטירט אַנטוועדער אין זיך, אָדער אין אַן אַנדערן.

II דאָס, וואָס קאָן נישט באַגריפן ווערן דורך אַנדערס, מוז דורך זיך באַגריפן ווערן.

III פון אַ געגעבענער באַשטימטער אורזאַך פאָלגט אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַ ווירקונג, און, אומגעקערט, ווען עס ווערט נישט געגעבן קיין אורזאַך, קאָן בשום אופן קיין ווירקונג נישט פאָלגן.

IV די דערקענטעניש פון דער ווירקונג הענגט אָפּ פון דער דערקענטעניש פון דער אורזאַך און שליסט זי איין אין זיך.

V זאַכן, וואָס האָבן נישט עפעס געמיינזאַם, קאָנען נישט פאַרשטאַנען ווערן איינע דורך דער אַנדערער. דער באַגריף פון איינער שליסט נישט איין דעם באַגריף פון דער אַנדערער.

VI אַן אמתע אידעע מוז צונויפשטימען מיט איר אויסבילד אָדער געגנשטאַנד.

VII אויב אַ זאַך קאָן באַגריפן ווערן אַלס נישט עקזיסטירנד, שליסט איר תמצית נישט איין קיין עקזיסטענץ.

## גרונדזאצז.

זאַץ I. סובסטאַנץ איז לויט איר נאַטור קודם־פאַר אירע פאַרענדערונגען. באַווייז. דאָס איז קלאָר פון די דעפיניציעס III און V.

זאַץ II. צוויי סובסטאַנצן, וואָס האָבן פאַרשיידענע אַטריבוטן, האָבן קיין זאַך נישט געמיינזאַם.

באַווייז. דאָס איז אויך קלאָר פון דעפיניציע III, דען איטלעכע סובסטאַנץ מוז אין זיך און דורך זיך באַגריפן ווערן; דאָס הייסט, דער באַגריף פון איינער שליסט נישט איין אין זיך דעם באַגריף פון דער אַנדערער.

זאַץ III. פון זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין זאַך געמיינזאַם, קאָן נישט איינע זיין די אורזאַך פון דער אַנדערער.

באַווייז. ווען זיי האָבן נישט קיין זאַך געמיינזאַם, קאָנען זיי נישט פאַרשטאַנען ווערן איינע דורך דער אַנדערער (אַקסיאָמע V) און, דעריבער, קאָן איינע נישט זיין די אורזאַך פון דער אַנדערער (אַקס. IV). וואָס ס׳איז געווען צו באַווייזן.

זאַץ IV. צוויי אָדער מער פאַרשיידענע זאַכן אונטערשיידן זיך איינע פון דער אַנדערער, אַנטוועדער דורך דער פאַרשיידנהייט פון זייערע אַטריבוטן, אָדער דורך דער פאַרשיידנהייט פון זייערע פאַרענדערונגען.

באַווייז. אַלץ וואָס עקזיסטירט, עקזיסטירט אַנטוועדער אין זיך, אָדער אין אַן אַנדערן (אַקס. I), דאָס הייסט (לויט די דעפיניציעס III און V), אַז אַ חוץ דעם פאַרשטאַנד, עקזיסטירט נישט קיין זאַך מער ווי סובסטאַנץ און אירע פאַרענדערונגען. עס איז דעריבער נישט פאַראַן קיין זאַך אַ חוץ דעם פאַרשטאַנד, דורך וואָס מערערע זאַכן זאָלן זיך קאָנען אונטערשיידן איינע פון דער אַנדערער, סיידן די סובסטאַנצן, אָדער, וואָס דאָס איז דאָס זעלבע, זייערע אַטריבוטן און פאַרענדערונגען. וואָס איז געווען צו באַווייזן.

זאַץ V. עס קאָנען נישט עקזיסטירן אין דער נאַטור צוויי אָדער מער סובסטאַנצן, וואָס זאָלן האָבן די זעלבע אייגנשאַפט אָדער דעם זעלבן אַטריבוט.

באַווייז. אויב מען זאָל אָננעמען, אַז עס זענען פאַראַן מערערע פאַרשיידענע סובסטאַנצן, מוזן זיי זיך אונטערשיידן איינע פון דער אַנדערער דורך דער פאַרשיידנהייט פון זייערע אַטריבוטן, אָדער דורך דער פאַרשיידנהייט פון זייערע פאַרענדערונגען (זאַץ IV). אונטערשיידן זיי זיך בלויז דורך דער פאַרשיידנהייט פון זייערע אַטריבוטן, ווערט דערמיט צוגעגעבן, אַז עס קאָן זיין נאָר איין סובסטאַנץ פון דעם זעלבן אַטריבוט. אונטערשיידן זיי זיך, אָבער, דורך דער פאַרשיידנהייט פון זייערע פאַרענדערונגען, קומט אויס, אַז היות ווי די סובסטאַנץ איז לויט איר נאַטור קודם פאַר אירע פאַרענדערונגען (זאַץ I), איז, ווען די פאַרענדערונגען ווערן דעריבער אין אַ זייט אַוועקגעשטעלט, און די סובסטאַנץ ווערט באַטראַכט אין זיך גופא, דאָס הייסט, ווען זי ווערט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, אין דער אמתן באַטראַכט (דעפ. III און VI), קאָן יעמאָלט נישט באַגריפן ווערן איין סובסטאַנץ פאַרשיידן פון אַן אַנדערער,

דאָס הייסט (נאָך זאַץ IV), עס קאָנען נישט געגעבן ווערן מער סובסטאַנצן, ווי בלויז איין סובסטאַנץ. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ VI.** איין סובסטאַנץ קאָנען נישט אַרויסגעבראַכט ווערן פון אַן אַנדער סובסטאַנץ.

**באַווייז.** עס איז אוממעגלעך, אַז עס זאָלן זיין אין דער נאַטור צוויי סובסטאַנצן פון איינעם און דעם זעלבן אַטריבוט, דאָס הייסט, וואָס זאָלן האָבן עפּעס געמיינזאַם איינער מיט דער אַנדערער (זאַץ II), און דעריבער (זאַץ III), קאָן איינע נישט זיין די אורזאַך פון דער אַנדערער, און איינע קאָן נישט פון דער אַנדערער אַרויסגעבראַכט ווערן. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** דערפון פאָלגט, אַז די סובסטאַנץ קאָן נישט אַרויסגעבראַכט ווערן פון עטוואָס, וואָס איז אויסנווייניג פון איר גופא. דען אין דעם אוניווערס איז נישט פאַראַן קיין זאַך אַ חוץ סובסטאַנצן און זייערע פאַרענדערונגען, (ווי מען זעהט עס פון אַקס. I און דעפ. III און V). היות אָבער, (לויט דעם לעצטן זאַץ נאָך) קאָן נישט איין סובסטאַנץ אַרויסגעבראַכט ווערן פון אַן אַנדער סובסטאַנץ, לכן קאָן איבערהויפּט סובסטאַנץ נישט אַרויסגעבראַכט ווערן פון עטוואָס, וואָס איז אויסנווייניג פון איר גופא. ווי א. ג. צ. ב. דאָס ווערט נאָך קלאָרער באַוויזן אויס דעם אומזין פון דער היפוך׳דיגער סברא. מחמת וואָלט די סובסטאַנץ געקאָנט אַרויסגעבראַכט ווערן פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, וואָלט איר דערקענטעניש געמוזט זיין אָפּהענגיג פון איר אורזאַך (אַקסיאָמע IV), און זי וואָלט יעמאָלט (לייט דעפ. III) קיין סובסטאַנץ נישט געווען.

**זאַץ VII.** עקזיסטענץ געהערט צו דער נאַטור פון דער סובסטאַנץ.

**באַווייז.** סובסטאַנץ קאָן נישט אַרויסגעבראַכט ווערן פון עטוואָס, וואָס איז אויסנווייניג פון איר (שלוסזאַץ 13; זאַץ VI). זי מוז דעריבער זיין די אורזאַך פון זיך גופא, דאָס הייסט, איר תמצית שליסט-איין אין זיך אויף אַ נויטוועדיגן אופן עקזיסטענץ; אָדער עקזיסטענץ געהערט צו איר נאַטור. ווי א. ג. צ. ב.

**זאַץ VIII.** יעדע סובסטאַנץ איז אויף אַ נויטוועדיגן אופן אומענדלעך.

**באַווייז.** עס איז פאַראַן נאָר איין סובסטאַנץ פון דעם זעלבן אַטריבוט (זאַץ V), און צו איר נאַטור געהערט די עקזיסטענץ (זאַץ VII); זי מוז, אַלזאָ, לויט איר נאַטור, עקזיסטירן אַנטוועדער אַלס ענדלעכע אָדער אַלס אומענדלעכע. זי עקזיסטירט נישט אַלס ענדלעכע. דען (לויט דעפ. II) וואָלט זי געמאָלט געווען באַגרענעצט פון עפּעס אַנדערש פון דעם זעלבן מין, וואָס וואָלט אויך אויף אַ נויטוועדיגן אופן עקזיסטירט (זאַץ VII), און עס וואָלטן געווען צוויי סובסטאַנצן פון דעם זעלבן אַטריבוט, וואָס איז, אומזיניג (נאָך זאַץ V). פאָלגלעך, עקזיסטירט זי אַלס אומענדלעכע. ווי א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג I. היות ווי אַן ענדלעך זיין באַדייט אין דער אמתן אַ טיילווייזע פאַרניינונג, און אַן אומענדלעך זיין אַן אַבסאָלוטע באַיאָהונג פון דער עקזיסטענץ פון אַ געגעבענער נאַטור, לכן פאָלגט, שוין בלויז פון דעם זאַץ VII, אַז יעדע סובסטאַנץ מוז זיין אומענדלעך.

אָנמערקונג II. פאַר די וואָס טראַכטן נישט גרינדלעך וועגן זאַכן, און וואָס זענען נישט צוגעוואוינט צו דערקענען זאַכן נאָך זייערע אורשפּרינגלעכע סיבות, וועט בלי ספק זיין שווער צו באַגרייפן דעם באַווייז פון זאַץ VII; מחמת אַזעלכע מענטשן אונטערשיידן נישט צווישן די פאַרענדערונגען פון די סובסטאַנצן און די סובסטאַנצן גופא, און זיי ווייסן נישט ווי אַזוי זאַכן ווערן אַרויסגעבראַכט. דעריבער שרייבן זיי צו צו דער סובסטאַנץ אַן אָנהייב, וועלכן זיי מערקן ביי נאַטירלעכע זאַכן. די וואָס זענען אומוויסנד אין די אמתע אורזאַכן פון זאַכן, פאַלן אַריין אין אַ פּלאָנטער, און זענען זיך משער אָן סתירות אין זייער גייסט, אַז ביימער וואָלטן ווי מענטשן געקאָנט רעדן, אַז מענטשן וואָלטן פון שטיינער געקאָנט פאָרמירט ווערן אַזוי גוט ווי פון זוימען, און אַז אַלע פאָרמען וואָלטן געקאָנט מגולגל ווערן אין אַנדערע פאָרמען. אַזוי די אויך, וואָס מישן צענויף די צוויי נאַטורן: די געטלעכע און די מענטשלעכע, שרייבן לייכט צו דעם רבונו של עולם מענטשלעכע ליידנשאַפטן, איבערהויפּט אַזוי לאַנג ווי זיי ווייסן נישט ווי אַזוי ליידנשאַפטן אַנטשטייען אין דעם גייסט. ווען מענטשן אָבער זאָלן נעמען אין איינבאַטראַכט די נאַטור פון דער סובסטאַנץ, וואָלטן זיי נישט געצווייפלט אין דעם אמת פון זאַץ XII. דער דאָזיגער זאַץ וואָלט אין דער ווירקלעכקייט געוואָרן אַן אוניווערסאַלע אַקסיאָמע, און וואָלט פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַן אומצווייפלהאַפטן אמת. דען אונטער סובסטאַנץ וואָלט פאַרשטאַנען געוואָרן דאָס וואָס איז אין זיך גופא און וואָס ווערט דורך זיך גופא באַגריפן, דאָס הייסט, עטוואָס וואָס זיין דערקענטעניש נייטיגט זיך נישט אין דער דערקענטעניש פון עטוואָס אַנדערש; די פאַרענדערונגען אָבער פון דער סובסטאַנץ עקזיסטירן אין עפּעס, וואָס איז אויסנווייניג פון זיי גופא, און אַ באַגריף וועגן זיי בילדעט זיך אויס דורך אַ באַגריף וועגן דער זאַך, וואָס אין איר עקזיסטירן זיי. דערפאַר קאָנען מיר האָבן אמתע אידעען אויך פון נישט עקזיסטירנדע פאַרענדערונגען; דען, הגם זיי האָבן נישט קיין אַקטועלע עקזיסטענץ אָפּגעזונדערט פון דעם באַגרייפנדיגן פאַרשטאַנד, דאָך איז זייער תמצית אַזוי איינגעוויקלט אין עפּעס אַנדערש, וואָס איז אויסנווייניג פון זיי, אַז זיי קאָנען דורך דעם דאָזיגן עפּעס אַנדערש באַגריפן ווערן. די איינציגע וואָרהייט, אָבער, וואָס די סובסטאַנצן קאָנען האָבן אויסנווייניג פון דעם אינטעלעקט, איז אין ערגעץ נישט פאַראַן ווי בלויז אין זיי גופא, מחמת זיי ווערן דורך זיך אַליין באַגריפן. ווען אַלזאָ איינער זאָגט, אַז ער האָט אַ קלאָרע און באַ-

שטימטע, דאָס הייסט, אַן אמתע אידעע פון סובסטאַנץ, און פונדעסטוועגן איז ער נישט זיכער אויב אַזאַ סובסטאַנץ עקזיסטירט, איז דאָס, דאָס זעלבע ווי ער זאָל זאָגן, אַז ער האָט אַן אמתע אידעע, נאָר ער איז נישט זיכער אויב זי איז נישט פאַלש. (ווי דאָס וועט קלאָר זיין פאַר דעם, וואָס וועט שענקען די נייטיגע אויפמערקזאַמקייט). אָדער ווען איינער זאָל באַהויפטן, אַז סובסטאַנץ ווערט געשאַפן, איז עס דאָס זעלבע ווי ער זאָל זאָגן, אַז אַ פאַלשע אידעע איז אמת. קיין גרעסערער אומזין קאָן שוין נישט געדאַכט ווערן. מען מוז דעריבער אויף אַ נויטווענדיגן אופן צוגעבן, אַז די עקזיסטענץ פון דער סובּ-סטאַנץ, ווי איר תּמצית, איז אַן אייביגער אמת. און דערפון קאָנען מיר דורך אַן אַנדער גאַנג פון דענקען שליסן, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין סובסטאַנץ פון דער זעלבער מהות. דאָס קאָן אויף אַ נוצלעכן אופן גלייך געטאָן ווערן. כּדי אָבער אָנצוגיין מעטאָדיש מיט דעם באַווייז, מוזן מיר אויפשטעלן פאָל-גנדע פרעמיסן:

1. די ריכטיגע דעפיניציע פון אַ זאַך שליסט נישט איין אין זיך, און דריקט נישט אויס קיין זאַך אַ חוץ דער נאַטור פון דער דעפינירטער זאַך דערפון פאָלגט אַז:

2. קיין דעפיניציע שליסט נישט איין אין זיך און דריקט נישט אויס קיין געוויסע צאָל פון אינדיווידן, דען זי דריקט נישט אויס קיין זאַך אַחוץ דער נאַטור פון דער דעפינירטער זאַך. די דעפיניציע, למשל, פון אַ דריי-עק דריקט נישט אויס קיין זאַך אַ חוץ דער איינפאַכער אייגנשאַפטן פון אַ דריי-עק, נישט, אָבער, פון אַ באַשטימטער צאָל דריי-עקן.

3. עס איז פאַראַן אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאַר יעדער אינדיווידו-עלער עקזיסטירנדער זאַך אַן אורזאַך פאַר וואָס זי עקזיסטירט.

4. די דאָזיגע אורזאַך פון עקזיסטענץ מוז אַנטוועדער זיין אַנטהאַלטן אין דער נאַטור און אין דער דעפיניציע פון דער דעפינירטער זאַך, אָדער זי מוז ליגן אויסנווייניג פון דער זאַך.

פון די דאָזיגע פרעמיסן פאָלגט, אַז ווען עס עקזיסטירט אין דער נאַ-טור אַ באַשטימטע צאָל אינדיווידן, מוז זיין אַן אורזאַך פאַר וואָס גראָד אַזאַ צאָל, נישט מער און נישט ווייניגער. למשל: אויב עס זענען פאַראַן צוואַנציג מענטשן אין דער וועלט, און איך נעם אָן, כּדי צו מאַכן די זאַך איינפאַך, אַז זיי עקזיסטירן אין איינער און דער זעלבער צייט, און האָבן נישט געהאַט קיין פאָרגעגנער, וועט דערמיט, וואָס מיר וועלן אָנגעבן אַן אורזאַך פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ אין אַלגעמיין, נאָך נישט דערקלערט ווערן די עקזי-סטענץ פון די דאָזיגע צוואַנציג מענטשן. מיר מוזן אויך באַווייזן פאַר וואָס עס זענען פאַראַן אַקוראַט צוואַנציג, נישט מער און נישט ווייניגער; מחמת עס מוז אָנגעגעבן ווערן אַן אורזאַך פאַר דער עקזיסטענץ פון יעדן אינדיוויד. די

דאָזיגע אורזאַך קאָן אָבער נישט זיין אַנטהאַלטן אין דער מענטשלעכער נאַטור־גופא, דען די אמתע דעפיניציע פון מענטש שליסט נישט איין אין זיך קיין באַטראַכטונג וועגן דער צאָל צוואַנציג. פאָלגלעך, מוז אויף אַ נויטווענדיגן אופן די אורזאַך פון דער עקזיסטענץ פון די דאָזיגע צוואַנציג מענטשן, און דעריבער אויך פון יעדן איינציגן פון זיי, געזוכט ווערן אויסנווייניג פון יעדן אינדיווידן. אויס דעם דאָזיגן גרונד קאָנען מיר פעסטשטעלן אַן אַבסאָלוטן כלל, אַז אַלץ, וואָס באַשטייט פון מערערע אינדיווידן, מוז האָבן אַן אויסנ־ווייניגסטע אורזאַך. און היות, ווי עס איז שוין באַוויזן געוואָרן, אַז די עקזי־סטענץ געהערט צו דער נאַטור פון דער סובסטאַנץ, מוז אויף אַ נויטווענדיגן אופן די עקזיסטענץ זיין איינגעשלאָסן אין איר דעפיניציע, און פון איר דעפי־ניציע אַליין מוז די עקזיסטענץ אויסגעדרונגען ווערן. פון איר דעפיניציע קאָנען מיר אָבער נישט (ווי מיר האָבן שוין אָנגעצייגט אין אָנמערקונגען II און III) אַרויסדרינגען די עקזיסטענץ פון מערערע סובסטאַנצן; לכן, קומט אויס, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין סובסטאַנץ פון דער זעלבער מהות. ווי א. ג. צ. ב.

זאַץ IX. וואָס מער רעאַליטעט אָדער זיין אַ זאַך האָט, אַלץ גרע־סער איז די צאָל פון אירע אַטריבוטן. (דעפ. IV).

זאַץ X. יעדער באַזונדערער אַטריבוט פון דער איינער סובסטאַנץ מוז דורך זיך גופא באַגריפן ווערן.

באַוויז. אַן אַטריבוט איז דאָס, וואָס דער פאַרשטאַנד פאַסט אויף אַלס עפּעס אַזעלכעס, וואָס שטעלט צונויף די תּמצית פון דער סובסטאַנץ (דעפ. IV) און דעריבער מוז ער באַגריפן ווערן דורך זיך גופא. (דעפ. III). ווי א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דערפון איז, אַלזאָ, קלאָר, אַז הגם צוויי אַטריבוטן ווערן פאַקטיש באַגריפן אַלס באַזונדערע, דאָס הייסט, איינער אָן דער הילף פון דעם אַנדערן, דאָך קאָנען מיר נישט דערפון שליסן, אַז זיי בילדן צוויי מהותן, אָדער צוויי באַזונדערע סובסטאַנצן. מחמת עס איז אין דער נאַטור פון דער סובסטאַנץ, אַז איטליכער פון אירע אַטריבוטן ווערט באַגריפן דורך זיך גופא, אויף אַזוי ווייט ווי אַלע אַטריבוטן, וואָס זי האָט, האָבן תּמיד עקזיסטירט אין איר גלייכצייטיג און איינער האָט נישט געקאָנט אַרויסגעבראַכט ווערן דורך אַ באַזונדערן. איטלעכער אַטריבוט, אָבער, דריקט־אויס די רעאַ־ליטעט אָדער דאָס זיין פון דער סובסטאַנץ. עס איז דאַן ווייט פון אַן אומזין צוצושרייבן עטלעכע אַטריבוטן צו איין סובסטאַנץ, מחמת קיין זאַך אין דער נאַטור איז נישט קלאָרער איידער דאָס, אַז יעדע איינציגע מהות מוז באַגריפן ווערן דורך אַ וואָסערן עס איז אַטריבוט, און אַז וואָס מער רעאַליטעט אָדער זיין די מהות פאַרמאָגט, אַלץ גרעסער איז די צאָל פון אירע אַטריבוטן, וואָס

דריקן - אויס נויטוועגדיגקייט אָדער אייביגקייט און אומענדלעכקייט. פאָלגלעך, איז דאָס איבערגעגנוג קלאָר, אַז אַן אַבסאָלוט אומענדלעך וועזן מוז אויף אַ נויטוועגדיגן אופן דעפינירט ווערן, אַלס אַ וועזן, וואָס באַשטייט פון אומענדלעכע אַטריבוטן, וואָס יעדער איינער פון זיי דריקט-אויס אַ געוויסע אייביגע און אומענדלעכע תמצית.

אויב ווער עס איז זאָל איצט פרעגן, דורך וואָס פאַר צייכן וועט ער זיין אימשטאַנד צו אונטערשיידן די פאַרשיידנהייט פון די סובסטאַנצן, זאָל ער לייענען די פאָלגנדע זאַצן, וואָס ווייזן, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין סובסטאַנץ אין דער גאַנצער וועלט, און אַז זי איז אויך אַבסאָלוט אומענדלעך, און דעריבער וואָלט אַזאַ צייכן אומזיסט געזוכט געוואָרן:

זאַץ XI. גאָט, אָדער די, פון אומענדלעכע אַטריבוטן באַשטייענדע, סובסטאַנץ, וואָס איטלעכער פון זיי דריקט-אויס אַן אייביגע און אומענדלעכע וועזנטלעכקייט, עקזיסטירט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן.

באַווייז. אויב דאָס זאָל אָפּגעלייקנט ווערן, דאַן באַגריף, אויב מעגלעך, אַז גאָט עקזיסטירט נישט: זיין וועזן, אַלזאָ, שליסט נישט איין קיין עקזיסטענץ. אָבער דאָס איז (נאָך זאַץ VII) אומזיניג. פאָלגלעך, עקזיסטירט גאָט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן.

אַן אַנדער באַווייז. פאַר דעם זיין אָדער נישט-זיין פון אַ וואָסערער עס איז זאַך מוז אָנגעגעבן ווערן אַ סיבה אָדער אַ טעם. למשל, ווען אַ דריי-עק עקזיסטירט, מוז אַ גרונד אָדער אַן אורזאַך צוגעגעבן ווערן פאַר זיין עקזיסטענץ. ווען ער עקזיסטירט נישט, מוז אויך אַן אורזאַך צוגעגעבן ווערן, וואָס דערלאָזט אים נישט צו עקזיסטירן, אָדער וואָס איז מבטל זיין עקזיסטענץ. דער דאָזיגער גרונד אָדער די דאָזיגע אורזאַך מוז אַנטוועדער זיין איינגעשלאָסן אין דער נאַטור פון דער זאַך, וועגן וועלכער מיר רעדן, אָדער ליגן אויסנווייניג פון איר. דער גרונד, למשל, פאַר דעם נישט-זיין פון אַ פיר - עקיגן קרייז, איז אָנגעדייטעט אין זיין נאַטור. דער גרונד איז נעמלעך דער, וואָס אַזאַ קרייז וואָלט אַנטהאַלטן אין זיך אַ ווידערשפרוך. פון דער אַנדערער זייט פאָלגט די עקזיסטענץ פון סובסטאַנץ אויך בלויז פון איר נאַטור, אויף ווי ווייט איר נאַטור שליסט איין אין זיך עקזיסטענץ. (זעה זאַץ VII).

דער גרונד אָבער פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ דריי-עק אָדער אַ קרייז פאָלגט נישט פון דער נאַטור פון די דאָזיגע פיגורן, נאָר פון דער אָרדענונג פון דער גאַנצער קערפער-וועלט. פון איר מוז עס פאָלגן, אַז אַנטוועדער אַ דריי-עק עקזיסטירט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, אָדער אַז עס איז אוממעגלעך, אַז ער זאָל עקזיסטירן. אַזוי פיל איז קלאָר פון זיך אַליין. דערפון איז געדרונגען, אַז אַ זאַך עקזיסטירט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, ווען עס קאָן נישט

אָנגעגעבן ווערן קיין סיבה אָדער טעם, וואָס זאָל נישט דערלאָזן איר עקזיסטענץ.

אויב עס קאָן, אַלזאָ, נישט געגעבן ווערן קיין סיבה אָדער טעם, וואָס דערלאָזט נישט די עקזיסטענץ פון גאָט, אָדער וואָס צעשטערט זיין עקזיסטענץ, מוזן מיר זיכער קומען צום שלוס, אַז ער עקזיסטירט אוודאי אויף אַ נויטוועגדיגן אופן. ווען אַזאַ סיבה אָדער טעם זאָל געגעבן ווערן, מוזן אַנט-ווערער פון דער עצם נאַטור פון גאָט גענומען ווערן, אָדער זיין אויסנוויינינג פון אים, דאָס הייסט, זיי מוזן גענומען ווערן פון אַן אַנדער סובסטאַנץ, פון אַן אַנדער נאַטור. מחמת ווען זיי זאָלן גענומען ווערן פון דער זעלבער נאַטור, וואָלט דאָך שוין דורך דעם פאַקט אַליין צוגעגעבן געוואָרן, אַז גאָט עקזיסטירט. סובסטאַנץ אָבער פון אַן אַנדער נאַטור קאָן נישט האָבן קיין זאַך געמיינזאַם מיט גאָט (זאַץ II), און דעריבער וואָלט זי נישט געווען ביכולת סיי גורם צו זיין סיי מבטל צו מאַכן זיין עקזיסטענץ.

היות, אַלזאָ, ווי אַ סיבה אָדער טעם, וואָס וואָלט מבטל געמאַכט די געטלעכע עקזיסטענץ, קאָן נישט גענומען ווערן פון קיין זאַך, וואָס איז אויס-וויינינג פון דער געטלעכער נאַטור, מוז אַזאַ סיבה, ווען גאָט זאָלווירקלעך נישט עקזיסטירן, על פי הכרח, גענומען ווערן פון גאָטס אייגענער נאַטור, וואָס וואָלט אַנטהאַלטן אַ ווידערשפרוך. צו מאַכן אַזאַ באַהויפּטונג וועגן אַ וועזן, וואָס איז אַבסאָלוט אומענדלעך און אין העכסטן גראַד פולקאָם, איז אַן אומזין. לכן קאָן נישט אָנגעוויזן ווערן, סיי אין דער נאַטור פון גאָט, סיי אויסנוויינינג פון זיין נאַטור, קיין סיבה אָדער טעם. וואָס וואָלט מבטל געמאַכט זיין עקזיסטענץ, ממילא, עקזיסטירט גאָט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן. וו. א. ג. צ. ב.

אַן אַנדער באַווייז. נישט צו זיין בכוח צו עקזיסטירן איז אַנ-מאַכט, דערגעגן יאָ צו זיין בכח צו עקזיסטירן, איז מאַכט, ווי דאָס איז קלאָר ממילא. ווען, אַלזאָ, דאָס וואָס עקזיסטירט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, איז קיין זאַך נישט ווי בלויז ענדלעכע וועזנס, הייסט עס, אַז ענדלעכע וועזנס זיינען מעכטיגער פאַר אַבסאָלוט אומענדלעכע וועזנס. אָבער דאָס איז זעלבסט פאַר-שטענדלעך אַן אומזין. לכן, איז איינס פון די ביידע: אַנטוועדער עס עקזי-סטירט קיין זאַך נישט, אָדער עס עקזיסטירט אויך, אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, אַ וועזן, וואָס איז אַבסאָלוט אומענדלעך. מיר אָבער עקזיסטירן אַנטוועדער אין אונז אַליין, אָדער אין עפּעס אַנדערש, וואָס עקזיסטירט אויף אַ נויטווענ-דיגן אופן (זעה אַקס. I און זאַץ VII). קומט אויס, דעריבער, אַז אַן אַבסאָלוט אומענדלעך וועזן, דאָס הייסט, גאָט (דעפ. VI) עקזיסטירט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן. ווי א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. אין דעם דאָזיגן לעצטן באַווייז האָב איך בכּיוון באַווייזן גאָטס עקזיסטענץ אַ פּאָסטעריאָרי, אַזוי אַז דער באַווייז זאָל קאָנען לייכטער אויפגעפּאַסט ווערן, אָבער נישט דערפאַר, וואָס פון דער זעלבער גרונדלאַגע פאָלגט נישט גאָטס עקזיסטענץ אַ פּריאָרי. דען, היות ווי צו זיין בכּוח צו עקזיסטירן מיינט צו באַזיצן אַ קראַפט, קומט אויס, אַז וואָס מער רעאַליטעט עס ווערט צוגעגעבן צו דער נאַטור פון אַ זאַך, אַלץ מער קראַפט האָט זי צו עקזיסטירן. אַ וועזן, ווי אַ גאָט, וואָס איז אַבסאָלוט אומענדלעך, האָט דעריבער פון זיך אַליין אַן אַבסאָלוט אומענדלעכע קראַפט צו עקזיסטירן, און דערפאַר עקזיסטירט ער אַבסאָלוט. אַ סך וועלן אפשר נישט זיין ביכולת איינצוזעהן די קלאָרקייט פון דעם דאָזיגן באַווייז, מחמת זיי זענען צוגעוואוינט צו נעמען אין איינבאַטראַכט נאָר די זאַכן, וועלכע אַנטשטייען פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן. וועגן אַזעלכע זאַכן זעהען זיי, אַז די וואָס אַנטשטייען שנעל, דאָס הייסט, די וואָס קומען שנעל צו דער עקזיסטענץ, גייען אויך שנעל אונטער; בעת די זאַכן, וועלכע זיי האַלטן פאַר מער קאָמפּליצירט, נעמען זיי אָן, אַז זיי קאָנען נאָר מיט גרויס שווערקייט פאַרווירקלעכט ווערן, דאָס הייסט, זיי קאָנען נישט אַזוי לייכט צו דער עקזיסטענץ געבראַכט ווערן.

כּדי אָבער אַן עק צו מאַכן מיט דער דאָזיגער מיספאַרשטענדעניש, איז נישט נייטיג פאַר מיר צו ווייזן וואָס פאַר אַ מאָס אמת עס איז פאַראַן אין דעם שפּריכוואָרט: „וואָס שנעל אַנטשטייט, שנעל פאַרגייט“, אָדער צו דיסקוטירן, אויב פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער נאַטור אַלס גאַנצעס, זענען אַלע זאַכן גלייך אָדער נישט. גענוג וועט בלויז זיין צו באַמערקן, אַז איך רעד דאָ נישט וועגן זאַכן, וואָס אַנשטייען פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן, נאָר וועגן סובסטאַנצן, וועלכע (נאָך זאַץ VI) קאָנען נישט אַרויסגעבראַכט ווערן דורך וועלכער עס איז אויסנווייניגסטער אורזאַך. זאַכן, וועלכע אַנטשטייען דורך אויסנווייניגסטע אורזאַכן, מעגן זיי באַשטיין פון אַ סך אָדער ווייניג טיילן, האָבן צו פאַרדאַנקען פאַר אַלץ, וואָס זיי האָבן פון פולקאָמענהייט אָדער רעאַליטעט, דער קראַפט פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן. זייער עקזיסטענץ נעמט זיך, דעריבער, בלויז פון דער פולקאָמענהייט פון זייערע אויסנווייניגסטע סיבות, און נישט פון זייערע אייגענע. אדרבא, וואָס פאַר אַ פולקאָמענהייט די סובסטאַנץ באַזיצט, איז דאָס נישט אַ דאַנק קיין אויסנווייניגסטער אורזאַך; דעריבער מוז די עקזיסטענץ כּון סובסטאַנץ זיין אַ פּועל-יוצא בלויז פון איר אייגענער נאַטור, וועלכע איז נישט קיין אַנדער זאַך ווי איר מהות. די פולקאָמענהייט פון אַ זאַך, אַלזאָ, איז נישט מבטל איר עקזיסטענץ, נאָר, אדרבא, שטעלט זי פעסטער אַוועק. אומפולקאָמענהייט, פון דער אַנדערער זייט, איז יאָ מבטל די עקזיסטענץ פון דער זאַך; דערפאַר קאָנען מיר וועגן דער עקזיסטענץ פון קיין זאַך נישט זיין מער זיכער איידער וועגן דער עקזיסטענץ פון

אַ וועזן, וואָס איז אַבסאָלוט אומענדלעך אָדער פולקאָמען, דאָס הייסט, פון גאָט. מחמת, אַזוי ווייט ווי זיין עקזיסטענץ שליסט-אויס יעדע אומפולקאָמענהייט און שליסט - איין אַבסאָלוטע פולקאָמענהייט, פאַרשווינדט יעדע אורזאַך פון ספק וועגן זיין עקזיסטענץ, און די דאָזיגע פראַגע ווערט פאַרענטפערט מיט אַ געוויסהייט פון העכסטן גראַד. דאָס, גלויב איך, וועט זיין קלאָר צו יעדן מיטלמעסיג אויפמערקזאַמען לעזער.

**זאַץ** XII. עס קאָן נישט באַגריפן ווערן קיין אַטריבוט פון סובסטאַנץ, וואָס פון אים זאָל אויסקומען, אַז סובסטאַנץ קאָן ווערן געטיילט.

**באַווייז.** די טיילן, וואָס אין זיי ווער די אַזוי געדאַכטע סובסטאַנץ געטיילט ווערן, וועלן אַנטוועדער פאַרבאַהאַלטן אין זיך די נאַטור פון דער סובסטאַנץ, אָדער ניין. אויב יאָ, מוז דאַן (לויט זאַץ VIII) יעדער טייל זיין אומענדלעך, לויט זאַץ VI מוז ער זיין די אורזאַך פון זיך אַליין, און לויט זאַץ V מוז ער באַשטיין פון אַ פאַרשיידענעם אַטריבוט, אַזוי אַז אין אַזאַ פאַל וואָלטן פון איין סובסטאַנץ זיך געקאָנט בילדן מערערע סובסטאַנצן, וואָס דאָס איז (לויט זאַץ VI) אַן אומזין. דערצו נאָך וועלן די טיילן (לויט זאַץ II) נישט האָבן קיין זאַך געמיינזאַם מיט זייער גאַנצן, און דאָס גאַנצע (לויט דעפ. IV און זאַץ X) וואָלט געקאָנט אָן זיינע טיילן עקזיסטירן און באַגריפן ווערן. יעדער איינער וועט צוגעבן, אַז דאָס איז אַן אומזין. נעמען מיר אָבער אָן די צווייטע אַלטערנאַטיווע, נעמלעך, אַז די טיילן פאַרבאַהאַלטן נישט די נאַטור פון דער סובסטאַנץ, וועט אויסקומען, אַז ווען די גאַנצע סובסטאַנץ וואָלט אין גלייכע טיילן געטיילט געוואָרן, וואָלט זי פאַרלאָרן די נאַטור פון סובסטאַנץ און וואָלט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, וואָס איז (לויט זאַץ VII) אַן אומזין.

**זאַץ** XIII. די אבסאָלוט אומענדלעכע סובסטאַנץ איז אומטיילבאַר.

**באַווייז.** וואָלט זי געקאָנט געטיילט ווערן, וואָלטן די טיילן, וואָס אין זיי וואָלט זי געטיילט געוואָרן, אַנטוועדער פאַרבאַהאַלטן די נאַטור פון דער אַבסאָלוט אומענדלעכער סובסטאַנץ, אָדער ניין. אויב יאָ, וואָלטן מיר געהאַט עטלעכע סובסטאַנצן פון דער זעלבער נאַטור, וואָס איז (לויט זאַץ V) אומזיניג. אויב עס זאָל אָנגענומען ווערן אַז ניין, וואָלט יעמאָלט (נאָך זאַץ VII) אויסגעקומען, אַז אַבסאָלוט אומענדלעכע סובסטאַנץ וואָלט געקאָנט אויפהערן צו עקזיסטירן, וואָס איז (נאָך זאַץ XI) אויך אומזיניג.

**שלוסזאַץ.** דערפון פאָלגט, אַז קיין סובסטאַנץ, און ממילא קיין קערפּערלעכע סובסטאַנץ, אויף ווי ווייט זי איז סובסטאַנץ, איז טיילבאַר.

**אָנמערקונג.** די אומטיילבאַרקייט פון דער סובסטאַנץ קאָן אַ סך לייכטער פאַרשטאַנען ווערן אויף פאָלגנדן אופן: די נאַטור פון סובסטאַנץ קאָן נאָר אַלס אומענדלעכע באַגריפן ווערן, און אונטער אַ טייל פון סובסטאַנץ,

קאָן קיין אַנדער זאַך נישט פאַרשטאַנען ווערן ווי נאָר ענדלעכע סובסטאַנץ, וואָס (לויט זאַץ VIII) האָט עס אין זיך אַ אויגנשיינלעכן ווידערשפּרוך.

**זאַץ XIV.** אַחוץ גאָט קאָן קיין סובסטאַנץ נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן.

**באַווייז.** היות ווי גאָט איז אַן אַבסאָלוט אומענדלעך וועזן, וואָס פון אים קאָן מען נישט פאַרניינען קיין אַטריבוט, וואָס דריקט אויס די תּמצית פון דער סובסטאַנץ (דעפ. VI) און ער עקזיסטירט אויף אַ נויטווענדיגן אופן (זאַץ XI), לכן ווען עס וואָלט געווען אַ סובסטאַנץ אַחוץ גאָט, וואָלט זי געמוזט דורך אַן אַטריבוט פון גאָט דערקלערט ווערן, און אויף אַזאַ אופן וואָלטן עקזיסטירט צוויי סובסטאַנצן פון דעם זעלבן אַטריבוט, וואָס איז (לויט זאַץ V) אומזיניג. דערפאַר קאָן אַ חוץ גאָט קיין סובסטאַנץ נישט זיין, און, פאָלגלעך, אויך נישט באַגריפן ווערן. דען, וואָלט זי געקאָנט באַגריפן ווערן, וואָלט זי אויף אַ נויטווענדיגן אופן געמוזט באַגריפן ווערן אַלס עקזיסטירנדע; דאָס איז אָבער (לויט דעם ערשטן טייל פון דעם דאָזיגן באַווייז) אומזיניג, אַלזאָ, קאָן אַ חוץ גאָט קיין סובסטאַנץ נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן. ווי א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ I.** גאַנץ קלאָר איז דערפון, ערשטנס: אַז גאָט איז איינציג, דאָס הייסט (נאָך דעפ. VI), אַז עס איז פאַראַן נאָר איין סובסטאַנץ אין דער נאַטור, און אַז די דאָזיגע סובסטאַנץ איז אַבסאָלוט אומענדלעך, ווי מיר האָבן עס שוין אָנגעדייט אין דער אָנמערקונג צו זאַץ X.

**שלוסזאַץ II.** געדרונגען דערפון איז צווייטנס: אַז אַן אויסגעדעהנטע זאַך און אַ דענקנדע זאַך זענען אַנטוועדער אַטריבוטן פון גאָט, אָדער (נאָך אַקס. I) פאַרענדערונגען פון די אַטריבוטן פון גאָט.

**זאַץ XV.** אַלץ וואָס איז, איז אין גאָט, און אָן גאָט קאָן קיין זאַך נישט זיין אָדער באַגריפן ווערן.

**באַווייז.** אַ חוץ גאָט איז נישט פאַראַן קיין סובסטאַנץ און אַזעלכע (לויט זאַץ XIV) קאָן נישט באַגריפן ווערן, דאָס הייסט (לויט דעפ. III) אַז קיין זאַך, וואָס איז אין זיך גופא און ווערט דורך זיך גופא, קאָן נישט באַגריפן. די מאָדוסן, אָבער, (לויט דעפ. V.) קאָנען נישט זיין און קאָנען נישט באַגריפן ווערן אָן סובסטאַנץ; זיי קאָנען, דעריבער, זיין בלויז אין דער געטלעכער נאַטור, און נאָר דורך איר קאָנען זיי באַגריפן ווערן. היות, אָבער, ווי סובסטאַנצן און מאָדוסן שטעלן צונויף דעם סך-הכּל פון דער עקזיסטענץ (לויט אַקסיאָמע I), לכן, קאָן אָן גאָט קיין זאַך נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן. ווי א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** איינינגע שטעלן זיך פאָר גאָט ווי אַ מענטשן, וואָס באַשטייט פון קערפּער און גייסט, און איז אונטערוואָרפן צוליידנשאַפטן. ווי

ווייט אַזעלכע זענען אַוועק פון דער אמתער דערקענטעניש פון גאָט, איז גענוג קלאָר פון דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן. אָבער די דאָזיגע גיי איך פאַרביי. מחמת, אַלע, וואָס האָבן אויף וואָסער עס איז אופן נאָכגעדענקט וועגן דער געטלעכער נאַטור, לייקענען, אַז גאָט איז קערפערלעך. זיי געפינען פאַר דעם אַן אויסגעצייכנטן באַווייז אין דעם פאַקט, וואָס אונטער קערפער פאַרשטייען מיר אַ באַשטימטע קוואַנטיטעט, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, אַזוי טיף, דורך אַ געוויסער געשטאַלט געבונדן, און עס איז דער העכסטער גראַד פון אומזין, אַזעלכע אייגנשאַפטן צוצושרייבן צו גאָט, צו אַ וועזן, וואָס איז אַבסאָלוט אומענדלעך. אין דער אייגענער צייט אָבער זעהט מען דייטלעך פון די אַנדערע טעמים, וואָס זיי געבן-אָן אַלס אַ פאַרזוך צו באַווייזן זייער שטאַנדפונקט, אַז זיי באַטראַכטן די קערפערלעכע אָדער אויסגעדענטע סובסטאַנץ לגמרי אָפּגעזונדערט פון דער געטלעכער נאַטור. און זיי נעמען אָן, אַז זי איז פון גאָט באַשאַפן געוואָרן. דאָס ווייזט דייטלעך, אַז זיי פאַרשטייען נישט וואָס זיי אַליין זאָגן. איך האָב באַוויזן גענוג דייטלעך, אַזוי ווייניגסטנס דענק איך, (שלוסזאַץ צו זאַץ VI און אָנמערקונג II צו זאַץ VIII), אַז קיין סובסטאַנץ קאָן נישט אַרויסגעבראַכט ווערן, אָדער באַשאַפן ווערן פון אַן אַנדערער. ווידער האָב איך געוויזן (אין זאַץ XIV), אַז אַחוץ גאָט קאָן קיין סובסטאַנץ נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן, און דערפון האָבן מיר געצויגן דעם שלוס, אַז אויסגעדענטע סובסטאַנץ איז איינער פון די אומענדלעכע אַטריבוטן פון גאָט. פונדעסטוועגן, כדי דאָס צו דערקלערן מער פולשטענדיג, וועל איך צוריקווייזן די אַרגומענטן פון מיינע געגנער, וועלכע הייבן אַלע אָן פון די פאָלגנדע פונקטן:

קערפערלעכע סובסטאַנץ, אויף ווי ווייט ווי זי איז סובסטאַנץ, באַשטייט, ווי זיי דענקען, פון טיילן, דעריבער לייקענען זיי, אַז זי קאָן זיין אומענדלעך, און ממילא, אַז זי קאָן געהערן צו גאָט. דאָס אילוסטרירן זיי מיט פיל ביישפילן, וואָס פון זיי וועל איך נעמען איינעם אָדער צוויי. אויב קערפערלעכע סובסטאַנץ, זאָגן זיי, איז אומענדלעך, לאָמיר אָננעמען, אַז זי איז געטיילט אין צוויי טיילן. יעדער טייל וועט יעמאָלט זיין אַנטוועדער ענדלעך אָדער אומענדלעך: אין דעם ערשטן פאַל וועט אומענדלעכע סובסטאַנץ זיין צונויפגעזעצט פון צוויי ענדלעכע טיילן, וואָס איז אומזיניג, אין דעם צווייטן פאַל וועט איין אומענדלעכס זיין צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי אַ צווייט אומענדלעכס, וואָס איז אויך אומזיניג.

ווידער, ווען אַן אומענדלעכע ליניע זאָל אויסגעמאָסטן ווערן אין פוסלענגן, וועט זי באַשטיין פון אַן אומענדלעכער צאָל פון אַזעלכע טיילן. זי וועט צוגלייך באַשטיין פון אַן אומענדלעכער צאָל טיילן, ווען איטלעכער טייל

זאָל זיין בלויז איין צאָל די לענג: איין אומענדלעכס וואָלט דעריבער גע-
ווען צוועלף מאָל אַזוי גרויס איידער דאָס אַנדערע.

ענדלעך ווען מיר זאָלן זיך פאָרשטעלן צוויי
ליניען א—ב און א—ג, געצויגן פון איין און איינציגן
פונקט, און אין צוויי פאַרשיידענע ריכטונגען זיך
פונאַנדערגייענדע, וואָס לכתחילה זענען זיי אויף אַ
באַשטימטן שטח דערווייטערט איינע פון דער אַנ-
דערער און נאָכדעם ציהען זיי זיך ביז דער אומ-
ענדלעכקייט, איז דאָך זיכער, אַז דער שטח צווישן די צוויי ליניען א—ב און
א—ג ווערט זיך פאַרגרעסערן אָן אַן אויפהער, אַזוי אַז ענדלעך ווערט ער זיך
בייטן פון באַשטימטן צו אומבאַשטימטס. היות ווי די דאָזיגע אומזיניגקייטן
פאָלגן, זאָגט מען, דערפון וואָס מיר באַטראַכטן קוואַנטיטעט אַלס אומענדלעך,
בכן ציהט מען דעם שלוס, אַז קערפּערלעכע סובסטאַנץ מוז אויף אַ נויטווענ-
דיגן אופן זיין ענדלעך, און, ממילא, קאָן זי נישט געהערן צו דער נאַטור
פון גאָט. דעם צווייטן באַווייז ציהען זיי אויך פון גאָטס העכסטער פולקאָ-
מענהייט. גאָט, זאָגן זיי, אויף ווי ווייט ער איז דאָס העכסטע פולקאָמענער
וועזן, קאָן נישט זיין פאַסיוו; קערפּערלעכע סובסטאַנץ, אָבער, אויף ווי ווייט זי
איז טיילבאַר, איז פאַסיוו. פאָלגלעך, קאָן נישט קערפּערלעכע סובסטאַנץ גע-
הערן צו דער מהות פון גאָט.

דאָס זענען עס די אַרגומענטן, וואָס איך געפין ביי שריפטשטעלער,
וואָס דורך זיי פּרובירן זיי צו באַווייזן, אַז קערפּערלעכע סובסטאַנץ איז אומ-
ווירדיג פאַר דער געטלעכער נאַטור און קאָן בשום אופן נישט צו איר גע-
הערן. פונדעסטוועגן דענק איך, אַז אַן אויפמערקזאַמער לעזער וועט זעהן,
אַז איך האָב שוין געענטפערט זייערע באַהויפּטונגען; מחמת אַלע זייערע אַרגו-
מענטן זענען געגרינדעט אויף דער השערה, אַז קערפּערלעכע סובסטאַנץ איז
אַ חיבור פון טיילן, און איך האָב שוין געוויזן (זאַץ XII און שלוסזאַץ צו
זאַץ XIII), אַז אַזאַ השערה איז אומזיניג. נאָך מער, יעדער איינער, וואָס
ווערט זיך אַריינטראַכטן אין דעם ענין ווערט זעהן, אַז די דאָזיגע אַלע אומזי-
ניגקייטן (אויב זיי זאָלן זיין אומזיניקייטן, וואָס דאָס דיסקוטיר איך איצט
נישט), וואָס פון זיי פּרובירט מען צו דרינגען, אַז קערפּערלעכע סובסטאַנץ
איז ענדלעך, נעמען זיך לחלוטין נישט דערפון, וואָס מען באַטראַכט קוואַנטי-
טעט פאַר אומענדלעך. נאָר בלויז דערפון, וואָס מען נעמט אָן, אַז אומענד-
לעכע קוואַנטיטעט קאָן געמאָסטן ווערן און אַז זי איז צונויפגעזעצט פון
ענדלעכע טיילן: דעם איינציגן ריכטיגן שלוס, וואָס מיר קאָנען, דעריבער,
ציהען, איז, אַז אומענדלעכע קוואַנטיטעט קאָן נישט געמאָסטן ווערן, און קאָן
נישט צונויפגעזעצט ווערן פון ענדלעכע טיילן. דאָס איז גענוי וואָס מיר

האָבן שוין באַוויזן (אין זאַץ XII). די כּלי־זיין, אַלזאָ, וואָס זיי האָבן געגן אונז געריכטעט, טרעפן, אייגנטלעך, זיי אַליין. ווען זיי וועלן אָבער דאָך פון דער דאָזיגער אומזיניקייט זייערער ציהען דורכאויס דעם שלוס, אַז קערפּער־לעכע סובסטאַנץ מוז זיין ענדלעך, וועלן זיי אין גוטן מוט האַנדלען ווי איי־נער, וואָס זאָל באַהויפּטן, אַז אַ קרייז האָט די זעלבע אייגנשאַפט וואָס אַ פיר־עק, און דערזעהענדיג, אַז אַזאַ באַהויפּטונג פירט צו אומזיניקייט, הייבט ער אָן צו לייקענען, אַז אַ קרייז האָט אַ מיטל־פּונקט, וואָס די ליניעז, וועלכע ווערן געצויגן פון אים צו דעם אומקרייז, זענען גלייך. דען כּדי צו באַווייזן, אַז קערפּערלעכע סובסטאַנץ, וועלכע קאָן נאָר אַלס אומענדלעך, נאָר אַלס איי־ניג און נאָר אַלס אומטיילבאַר באַגריפן ווערן (זאַצן V, VIII און XII), שטעלן זיי זיך פאָר, אַז זי איז צונויפגעזעצט פון ענדלעכע טיילן, און אַז זי איז פילפאַך און טיילבאַר.

אַזוי קאָנען אויך אַנדערע, נאָך דעם ווי זיי בילדן זיך איין, אַז אַ ליניע איז צונויפגעזעצט פון פונקטן, ברענגען אַ סך אַרגומענטן אויף צו באַווייזן, אַז אַ ליניע קאָן נישט אומענדלעך געטיילט ווערן. און עס איז זיכער נישט ווייניגער אומזיניג צו באַהויפּטן, אַז קערפּערלעכע סובסטאַנץ איז אַ חיבור פון קערפּער אָדער טיילן, איידער צו באַהויפּטן, אַז אַ קערפּער איז אַ חיבור פון פלאַכן, פלאַכן פון ליניען און ליניען פון פונקטן, דאָס מוז צוגעגעבן ווערן פון אַלע, וואָס וויסן, אַז ריינע פאַרנונפט איז פריי פון טעותן, און מער פון אַלץ פון די, וואָס לייקענען, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי ליידיגער רוים. מחמת, אויב קערפּערלעכע סובסטאַנץ זאָל קאָנען זיין אַזוי געטיילט, אַז אירע טיילן זאָלן ווירקלעך זיין באַזונדער, פאַרוואָס זאָל איין טייל נישט קאָ־נען פאַרניכטעט ווערן, בעת די אַנדערע זאָלן בלייבן אינאיינעם געבונדן ווי פריהער? און פאַרוואָס זאָלן אַלע נישט זיין אַזוי צוזאַמענגעפאַסט, אַז עס זאָל נישט בלייבן קיין ליידיגער רוים? וועגן זאַכן, וועלכע זענען ווירקלעך פאַר־שיידן איינע פון דער אַנדערער, איז דאָך אָפּגערעדט, אַז איינע קאָן עקזיסטירן אָן דער אַנדערער און קאָן בלייבן אין איר אָריגענעלן צושטאַנד. היות, אַלזאָ, ווי עס עקזיסטירט נישט קיין חלל אין דער נאַטור (וועגן דעם אויף אַן אַנדער שטעל), נאָר אַלע טיילן מוזן זיך אַזוי פאַרבונדן, אַז עס זאָל נישט זיין קיין ליידיגער רוים, לכן פאָלגט דערפון, אַז די טיילן קאָנען זיך נישט אין דער ווירקלעכקייט אונטערשיידן איינער פון דעם אַנדערן, און קערפּערלעכע סוב־סטאַנץ, אויף ווי ווייט זי איז סובסטאַנץ, קאָן נישט געטיילט ווערן.

ווען אָבער עמיצער פרעגט, פאַרוואָס מיר זענען פון דער נאַטור גענייגט די קוואַנטיטעט צו טיילן, ענטפער איך אים, אַז קוואַנטיטעט ווערט פון אונז אויף צווייערליי אופנים באַגריפן; נעמלעך: אַלס אַ אַבסטראַקציע און אויף אַן אויבערפלעכן אופן, ווי למשל, ווען מיר שטעלן זיך זי פאָר, מיט אונזער

איינבילדונג־קראַפט, אָדער אַלס סובסטאַנץ, ווען מיר באַגרייפן זי בלויז דורך דעם פאַרשטאַנד. אַלזאָ, ווען מיר באַטראַכטן קוואַנטיטעט ווי זי איז אין אונזער פאָרשטעלונג, וואָס מיר טון אָפט און לייכט, געפינען מיר, אַז זי איז ענדלעך, טיילבאַר, און פון טיילן צונויפגעזעצט. ווען מיר באַטראַכטן זי, אָבער ווי זי איז אין אונזער פאַרשטאַנד, און באַגרייפן זי אַלס סובסטאַנץ, וואָס איז זייער שווער צו טון, יעמאָל געפינען מיר, ווי איך האָב עס שוין אויף אַ גענוגנדן אופן באַוויזן, אַז זי איז אומענדלעך, איינציג און אומטיילבאַר. דאָס וועט זיין גענוג דייטלעך צו די, וואָס ווייסן די נפקא־מינה צווישן פארשטאַנד און פאָרשטעלונג, דער עיקר ווען מען וועט האַלטן אין זכרון, אַז מאַטעריע איז איבעראַל די זעלבע, און אַז אירע טיילן אונטערשיידן זיך נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי מיר שטעלן זיך פאָר די מאַטעריע אויף פאַרשיידענע וועגן מאָדיפיצירט, דערפאַר אונטערשיידן זיך אירע טיילן בלויז לויט די מאָדוסן פון איר עקזיסטענץ, אָבער נישט אין דער ווירקלעכקייט. מיר באַגרייפן, למשל, אַז וואַסער, ווי ווייט עס איז וואַסער, קאָן געטיילט ווערן, און זיינע טיילן זענען אָפּגעזונדערט איינער פון דעם אַנדערן, אָבער נישט ווי ווייט עס איז קערפּערלעכע סובסטאַנץ, מחמת, אַלס אַזעלכע איז זי נישט טיילבאַר און נישט אָפּגעזונדערט. וואַסער אַלס וואַסער ווידער ווערט פּראָדוצירט און צעשטערט, אָבער אַלס סובסטאַנץ ווערט עס נישט פּראָדוצירט און נישט צעשטערט.

איך גלייב, אַז איך האָב דערמיט אויך אויף דעם צווייטן אַרגומענט געענטפערט, מחמת דער דאָזיגער אַרגומענט באַגרינדעט זיך אויף דער זעלבער באַהויפּטונג, וואָס דער ערשטער, נעמלעך, אַז מאַטעריע, אַלס סובסטאַנץ איז טיילבאַר און פון טיילן צונויפגעזעצט. אפילו ווען עס וואָלט אַזוי געווען, זעה איך נישט פאַרוואָס זי וואָלט אומווירדיג געווען פאַר דער געטלעכער נאַטור, דען אַ חוץ גאָט (לויט זאַץ XIV) איז דאָך נישט פאַראַן קיין סובסטאַנץ, פון וועלכער עס זאָלן זיך קאָנען נעמען אירע פאַרענדערונגען. אַלץ, זאָג איך, איז אין גאָט, און אַלץ וואָס ווערט, ווערט און איז נאָר דורך די געזעצן פון דער אומענדלעכער נאַטור פון גאָט, און פאָלגט פון דער נויטווענדיגקייט פון זיין מהות (ווי איך וועל באַלד באַווייזן). עס קאָן, דעריבער, אויף קיין פאַל נישט געזאָגט ווערן, אַז גאָט איז פּאַסיוו בנוגע וואָס עס איז אַנדערש ווי צו זיך גופא, אָדער אַז קערפּערלעכע סובסטאַנץ איז אומווירדיג פאַר דער געטלעכער נאַטור, אפילו ווען מען זאָל אָננעמען, אַז זי איז טיילבאַר, אַזוי לאַנג ווי מען גיט נאָר צו, אַז זי איז אומענדלעך און אייביג. אָבער לעת עתה גענוג וועגן דעם.

זאַץ XVI. פון דער נויטווענדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור, מוז

פאָלגן אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן, אויף אָן אַ שיעור אופנים, דאָס הייסט, עס מוז פאָלגן אַלץ, וואָס דער אומענדלעכער פאַרשטאַנד קאָן תּופס זיין.

באַוויין. דער דאָזיגער זאַץ וועט זיין קלאָר צו יעדן איינעם, וואָס נעמט אין איינבאַטראַכט, אַז פון אַ געגעבענער דעפיניציע פון אַ וועלכער עס איז זאַך דרינגט אונזער פאַרשטאַנד אַרויס מערערע אייגנשאַפטן, וואָס פאָלגן ווירקלעך פון איר, אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, (דאָס הייסט, פון דעם עצם תּמצית פון דער דעפינירטער זאַך); און די צאָל אייגנשאַפטן, וואָס דער פאַר־שטאַנד דרינגט אַרויס, איז לפי ערך צו דער רעאַליטעט, וואָס די דעפיניציע פון דער זאַך דריקט־אויס, דאָס הייסט, לפי ערך צו דער רעאַליטעט, וואָס איז איינגעשלאָסן אין דער תּמצית פון דער דעפינירטער זאַך. היות, אָבער, ווי די געטלעכע נאַטור האָט אַבסאָלוט אומענדלעכע אַטריבוטן (דעפ. VI), וואָס יעדער איינער פון זיי דריקט אויס אַן אומענדלעכע, לפי איר מין נאָך, תּמצית, לכן קומט אויס, אַז פון דער נויטוועגדיגקייט פון זיין נאַטור מוז אויף אַ נויטוועגדיגן אופן פאָלגן אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן, דאָס הייסט־אַלץ, וואָס דער אומענדלעכער פאַרשטאַנד קאָן תּופס זיין. ווי א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ I. דערפון פאָלגט, אַז גאָט איז די ווירקנדע סיבה פון אַלץ, וואָס דער אומענדלעכער פאַרשטאַנד קאָן אומפאַסן.

שלוסזאַץ II. צווייטנס פאָלגט דערפון, אַז גאָט איז אַ סיבה אין זיך גופא, און נישט דורך אַ צופאַל פון זיין נאַטור.

שלוסזאַץ III. דריטנס פאָלגט דערפון, אַז גאָט איז אַבסאָלוט די ערשטע סיבה.

זאַץ XVII. גאָט האַנדלט בלויז לפי די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור, און ער איז פון קיינעם נישט געצוואונגען.

באַוויין. מיר האָבן נאָר וואָס דערוויזן (אין זאַץ XVI), אַז בלויז פון דער נויטוועגדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור, אָדער (וואָס דאָס איז איינס און דאָס זעלבע) בלויז פון די געזעצן פון זיין נאַטור, קומט אַרויס אַבסאָלוט, אויף אָן אַ שיעור אופנים, אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן, און מיר האָבן דערוויזן (זאַץ XV), אַז אָן גאָט קאָן קיין זאַך נישט זיין אָדער באַ־גריפן ווערן, נאָר אַז אַלץ איז אין גאָט, דעריבער קאָן קיין זאַך נישט עקזי־סטירן אויסנווייניג פון אים, וואָס דורך איר זאָל ער געצוואונגען ווערן אָדער באַשטימט ווערן צו האַנדלען, און ממילא האַנדלט גאָט בלויז דורך די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור, און ער איז נישט געצוואונגען פון קיינעם. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ I. דערפון פאָלגט, ערשטנס, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין אורזאַך אַחוץ דער פולקאָמענהייט פון זיין אייגענער נאַטור, וואָס זאָל אויף אַן אויסנווייניגסטן אָדער אינווייניגסטן אופן באַוועגן גאָט צו האַנדלען.

שלוסזאַץ II. עס פאָלגט צווייטנס, אַז גאָט אַליין איז אַ פרייע אורזאַך, מחמת גאָט אַליין עקזיסטירט בלויז דורך דער נויטווענדיגקייט פון זיין נאַטור (זאַץ XI און שלוסזאַץ I צו זאַץ XIV) און האַנדלט בלויז דורך דער נויטווענדיגקייט פון זיין נאַטור, דעריבער איז גאָט (לויט דעפ. VII) אַליין די פרייע אורזאַך. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. אַנדערע מיינען, אַז גאָט איז אַ פרייע אורזאַך דערפאַר, וואָס ער קאָן, ווי זיי דענקען, גורם זיין, אַז דאָס וואָס פאָלגט, ווי מיר האָבן אָנגעגעבן, פון זיין נאַטור, דאָס הייסט, אַז דאָס וואָס ליגט אין זיין מאַכט, זאָל נישט געשעהן, אָדער זאָל פון אים נישט אַרויסגעבראַכט ווערן. דאָס איז אַקוראַט ווי זיי וואָלטן געזאָגט, אַז גאָט קאָן גורם זיין, אַז פון דער טבע פון אַ דריי־עק זאָל נישט פאָלגן, אַז זיינע דריי ווינקלען זאָלן זיין גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען, אָדער, אַז פון אַ געגעבענער אורזאַך זאָל נישט פאָלגן קיין ווירקונג, וואָס דאָס איז אומזיניג.

נאָכמער, איך וועל ציינגן אונטן, אָן דער הילף פון דעם דאָזיגן זאַץ, אַז נישט פאַרשטאַנד און נישט ווילן געהערן צו דער נאַטור פון גאָט. איך ווייס, אַז עס זענען פאַראַן אַ סך, וואָס מיינען, אַז זיי קאָנען באַווייזן אַז צו גאָטס נאַטור געהערן דער העכסטער פאַרשטאַנד און דער פרייער ווילן. דען זיי ווייסן נישט, זאָגן זיי, קיין מער פולקאָמענערס, וואָס זיי וואָלטן געקאָנט צושרייבן צו גאָט, איידער דאָס וואָס איז די העכסטע פולקאָמענהייט אין אונז גופא. ווייטער, הגם זיי אומפאַסן גאָט אַלס איינעם וואָס באַזיצט אַ העכסט איינדרינגענדיגע דערקענטעניש, דאָך גלויבן זיי נישט, אַז ער קאָן אַרויסברענגען צו עקזיסטענץ אַלץ וואָס ער ווירקלעך דערקענט, מחמת זיי וואָלטן אויף אַזאַ אופן צעשטערט גאָטס מאַכט. זייער טענה איז, אַז ווען גאָט זאָל האָבן באַשאַפן אַלץ וואָס איז אין זיין פאַרשטאַנד, וואָלט ער נישט געווען ביכולת צו שאַפן עפּעס מער, און דאָס וואָלט געווען אַ סתירה צו זיין אַלמאַכט, דערום נעמען זיי ליבערשט אָן, אַז גאָט איז גלייכגילטיג צו אַלץ, און ער שאַפט קיין זאַך נישט אַחוץ דאָס, וואָס ער האָט דורך אַן אַבסאָלוטע אָנווענדונג פון ווילן באַשלאָסן צו באַשאַפן. איך גלויב אָבער, אַז איך האָב דייטלעך געבוג דערוויזן (זעה זאַץ XVI), אַז פון גאָטס העכסטער מאַכט, אָדער אומענדלעכער נאַטור זענען אַרויסגעפלאָסן אָן אַ שיעור זאַכן, דאָס הייסט, אַלע זאַכן אויף אָן אַ שיעור אופנים, אָדער, אַז זיי קומען כסדר אַרויס פון דער זעלבער נויטווענדיגקייט, אויף דעם זעלבן שטייגער, ווי פון דער נאַטור פון אַ דריי־עק פאָלגט, מעולם ועד עולם, אַז זיינע דריי ווינקלען זענען גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען. דערפאַר האָט זיך די אַלמאַכט פון גאָט אַרויסגעוויזן פון אייביג אָן און וועט אויף אייביג פאַרבלייבן אויף דער זעלבער מדרגה פון אַקטיוויטעט. אויף אַזאַ אַרט ווערט גאָטס אַלמאַכט, ווייניגסטנס,

נאָך מיין מיינונג, אַ סך פולקאָמענער אַוועקגעשטעלט. מחמת, ווען נישט, זענען מיר געצוואונגען זיך מודה צו זיין, אַז גאָט פאַרשטייט אַן אומענדלעכע צאָל פון זאַכן, וואָס קענען באַשאַפן ווערן, וואָס ער וועט דאָך קיינמאָל נישט זיין ביכולת זיי צו באַשאַפן, וואָרום ווען ער זאָל באַשאַפן אַלץ, וואָס ער פאַרשטייט, וואָלט ער נאָך זייער מיינונג נאָך אויסגעשעפּט זיין אַלמאַכט און זיך אַליין אומפולקאָמען געמאַכט. כדי, אַלזאָ, פעסטצושטעלן, אַז גאָט איז פולקאָמען, קומען זיי דערצו, אַז זיי מוזן אין דער אייגענער צייט אָננעמען, אַז ער קאָן נישט באַווירקן אַלץ, איבער וואָס זיין מאַכט איז אויסגעשטרעקט; עפּעס וואָס זאָל זיין מער אומזיניג, אָדער מער אין ווידערשפּרוך צו דער אַלמאַכט פון גאָט, איז זיך שווער פאָרצושטעלן.

און נאָך עטוואָס וועגן פאַרשטאַנד און ווילן וואָס מיר שרייבן צו צו גאָט; אויב זיי, דאָס הייסט, פאַרשטאַנד און ווילן, געהערן צו דער אייביגער תּמצית פון גאָט, מוז אונטער ביידע אייגנשאַפטן עפּעס אַנדערש פאַרשטאַנען ווערן איידער דאָס וואָס מען פאַרשטייט אונטער זיי געוויינטלעך. מחמת, פאַרשטאַנד און ווילן, וואָס זאָלן צונויפשטעלן די תּמצית פון גאָט, מוזן זיין הימלווייט פאַרשיידן פון *אונזער* פאַרשטאַנד און אונזער ווילן. זיי קאָנען נאָר אין נאָמען זיין גלייך. צווישן די צוויי קאָן נישט זיין מער גלייכקייט ווי צווישן דעם הונט, דעם הימלשן שטערנבילד, און דעם הונט, דער חיה וואָס בילט. דאָס וועל איך אויף אַזאַ אופן דערווייזן; אויב דער פאַרשטאַנד געהערט צו געטלעכער נאַטור, קאָן ער נישט, ווי מען דענקט, לויט זיין נאַטור נאָך, זיין ווי אונזער פאַרשטאַנד איז; נעמלעך, ער קאָן נישט זיין שפּעטער אָדער צו גלייכער צייט מיט די זאַכן, וואָס ווערן פון פאַרשטאַנד באַגריפן, מחמת גאָט, איבער דעם טעם פון זיין קאַוואַליטעט, איז פריהער פאַר אַלע זאַכן (שלוסזאַץ I צו זאַץ XVI). אין געגנטייל, די אמת, און די פאָרמאַלע תּמצית פון זאַכן, איז, ווי זי איז, דערפאַר, וואָס זי עקזיסטירט אַלס אַזעלכע אָביעקטיוו אין דעם פאַשטאַנד פון גאָט. דערפאַר איז דער פאַרשטאַנד פון גאָט, ווי ווייט עס ווערט באַגריפן, אַז ער שטעלט צונויף די תּמצית פון גאָט, אין דער ווירקלעכקייט, די סיבּה פון זאַכן, הן פון זייער תּמצית, הן פון זייער עקזיסטענץ. משמעות, אַז דאָס האָבן אָנערקענט די, וואָס האָבן באַהויפּטעט, אַז גאָטס פאַרשטאַנד, גאָטס ווילן און גאָטס מאַכט זענען איינס און דאָס זעלבע. גאָטס פאַרשטאַנד, אַלזאָ, איז די איינציגע סיבּה פון זאַכן; נעמלעך, (ווי מיר האָבן דערוויזן) פון זייער תּמצית, אַזוי גוט ווי פון זייער עקזיסטענץ, און דערפאַר מוז ער זיך אונטערשיידן פון זיי, סיי בנוגע זייער תּמצית, סיי בנוגע זייער עקזיסטענץ. דען אַ סיבּה אונטערשיידט זיך געגנוי פון דער זאַך וואָס זי איז גורם, אין דער קוואַליטעט, וואָס די זאַך האָט פון איר באַקומען.

למשל, אַ מענטש איז די סיבה פון אַן אַנדער מענטשנס עקזיסטענץ, אָבער נישט פון זיין תּמצית, דען דער לעצטער איז אַן אייביגער אמת, און דעריבער קאָנען די דאָזיגע צוויי מענטשן זיין לגמרי גלייך איינער צו דעם אַנדערן אין תּמצית, זיי מוזן אָבער זיין פאַרשיידן אין עקזיסטענץ. און דער-פאַר ווען די עקזיסטענץ פון איינעם פון זיי הערט אויף, מוז נישט אויף אַ נויטווענדיגן אופן אויפהערן די עקזיסטענץ פון דעם אַנדערן, ווען אָבער די תּמצית פון איינעם וואָלט געקאָנט חרוב ווערן און צונישט געמאַכט ווערן, וואָלט די תּמצית פון דעם אנדערן אויך חרוב געוואָרן. ובכן, מוז אַ זאַך, וועלכע איז די סיבה פוןביידע, אי פון דער תּמצית אי פון דער עקזיסטענץ פון אַ געגעבענער ווירקונג, זיין פאַרשיידן פון אַזאַ ווירקונג, הן בנוגע איר תּמצית, הן בנוגע איר עקזיסטענץ. דער פאַרשטאַנד פון גאָט, ווידער, איז די סיבה פון ביידע, אי פון דער תּמצית אי פון דער עקזיסטענץ פון אונזער פאַר-שטאַנד. אויף ווי ווייט עס ווערט, אַלזאָ, אָנערקענט, אַז גאָטס פאַרשטאַנד בילדעט די געזעלעכע תּמצית, אונטערשיידט זיך זיין פאַרשטאַנד פון אונזערן, הן בנוגע זיין תּמצית, הן בנוגע זיין עקזיסטענץ, און אַחוץ אין נאָמען, קאָן ער אין קיין זאַך נישט זיין גלייך צו אים, אזוי ווי מיר האָבן פריהער גע-זאָגט. די אַרגומענטאַציע וועט זיין איינע און די זעלבע בנוגע דעם ווילן, ווי יעדער איינער קאָן עס לייכט איינזעהן.

זאַץ XVIII. גאָט איז אַן אינווייניג וואוינענדע און נישט קיין פאַר-איבערגייענדע אויסנווייניגסטע אורזאַך פון אַלע זאַכן.

באַווייז. אַלץ וואָס איז, אין גאָט און מוז דורך גאָט באַגריפן ווערן (זאַץ XV), און פאָלגלעך, איז גאָט (שלוס-זאַץ I צוזאַץ XVI) די אור-זאַך פון די זאַכן, וואָס זענען אין אים. דאָס איז אונזער ערשטער פונקט. ווידער, אַחוץ גאָט קאָן קיין סובסטאַנץ נישט זיין (זאַץ XIV), דאָס הייסט, קיין זאַך וואָס איז אין זיך אַליין אויסערהאַלב גאָט, דאָס איז אונזער צוויי-טער פונקט. גאָט איז, דעריבער, די אינווייניג וואוינענדע און פון אויסנווייניג באַרירנדע אורזאַך פון אַלע זאַכן. ווי א. ג. צ. ב.

זאַץ XIX. גאָט און אַלע אַטריבוטן פון גאָט זענען אייביג.

באַווייז. גאָט (לויט דעפ. VI) איז סובסטאַנץ, וועלכע (לויט זאַץ XI) עקזיסטירט אויף אַ נויטווענדיגן אופן; דאָס הייסט (נאָך זאַץ VIII), אַז עקזי-סטענץ געהערט צו איר נאַטור, אָדער (וואָס דאָס איז דאָס זעלבע) פאָלגט פון איר דעפיניציע, דעריבער איז גאָט (לויט דעפ. VIII) אייביג. ווידער, אונטער די אַטריבוטן פון גאָט מוזן מיר פאַרשטיין דאָס, וואָס (לויט דעפ. IV) דריקט אויס די תּמצית פון דער געטלעכער סובסטאַנץ, דאָס הייסט, דאָס וואָס געהערט צו דער סובסטאַנץ. דאָס זאָל, אייגנטלעך, זאָג איך, זיין איינגעשלאָסן אין די אַטריבוטן פון סובסטאַנץ. די אייביגקייט, אַלזאָ, געהערט

צו דער נאַטור פון דער סובסטאַנץ (ווי איך האָב עס באַוויזן אויף דעם גרונד (פון זאַץ VII), ממילא, מוז די אייביגקייט געהערן צו איטלעכן פון די אַטרי-בוטן, און אַלע אַטריבוטן זענען דעריבער אייביג. ווי א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער דאָזיגער זאַץ איז אויך קלאָר פון דעם אופן ווי איך האָב באַוויזן (אין זאַץ XI) די עקזיסטענץ פון גאָט. איך חזר איבער, אַז פון דעם דאָזיגן באַוויז איז קלאָר, אַז די עקזיסטענץ פון גאָט, ווי זיין תמצית, איז אַן אייביגער אמת. ווידער האָב איך נאָך אויף אַן אַנדער אופן באַוויזן די אייביגקייט פון גאָט (אין זאַץ XIX פון מיינע פרינציפן פון דער קאַרטעזיאַנישער פילאָסאָפיע) און איך באַדאַרף עס דאָ נישט איבערחזרן.

זאַץ XX. די עקזיסטענץ פון גאָט און תמצית זענען איינס און דאָס זעלבע.

באַווייז. גאָט און אַלע זיינע אַטריבוטן זענען (לויט דעם לעצטן זאַץ) אייביג, דאָס הייסט, (לויט דעפ. VIII) יעדער איינער פון זיינע אַטרי-בוטן דריקט אויס עקזיסטענץ. די זעלבע אַטריבוטן, פון גאָט, אַלזאָ, וועלכע דערקלערן זיין אייביגע תמצית, דערקלערן אין דער אייגענער צייט זיין איי-ביגע עקזיסטענץ, מיט אַנדערע ווערטער: דאָס וואָס מאַכט אויס גאָטס תמצית, מאַכט אויס אין דער אייגענער צייט גאָטס עקזיסטענץ, און דעריבער איז גאָטס עקזיסטענץ און גאָטס תמצית איינס און דאָס זעלבע. ווי א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ I. דערפון פאָלגט, ערשטנס, אַז גאָטס עקזיסטענץ אַזוי גוט ווי זיין תמצית איז אַן אייביגע.

שלוסזאַץ II. עס פאָלגט צווייטנס, אַז גאָט און אַלע זיינע אַטריבוטן זענען אומפאַרענדערלעך, דען ווען זיי זאָלן זיך קאָנען פאַרענדערן אין זייער עקזיסטענץ, וואָלטן זיי אויך געזוכט צו זיין אימשטאַנד זיך צו פאַרענדערן אין תמצית, דאָס הייסט, אויגנשיינלעך, צו ווערן פון אמת פאַלש, וואָס איז אומזיניג.

זאַץ XXI. אַלץ, וואָס פאָלגט פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון גאָטס אַן אַטריבוט, מוז תמיד עקזיסטירן און אומענדלעך זיין, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, עס מוז זיין אייביג און אומענדלעך דורך דעם דאָזיגן אַטריבוט.

באַווייז. לאָמיר אָננעמען, אויב מעגלעך, (פאָרשטעלנדיג זיך, אַז דער דאָזיגער זאַץ ווערט אָפּגעלייקנט), אַז פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון אַ געטלעכן אַטריבוט פאָלגט עפּעס, וואָס איז ענדלעך, און וואָס האָט אַ באַ-גרענצטע עקזיסטענץ אָדער דויער; צום ביישפּיל, די אידעע פון גאָט אויסגע-דריקט אין דעם אַטריבוט פון דענקען. נו, איז אָבער דענקען, אויף ווי ווייט עס ווערט אָנגענומען צו זיין אַן אַטריבוט פון גאָט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, לויט זיין נאַטור נאָך, אומענדלעך (זאַץ XI). אויף ווי ווייט עס באַזיצט אָבער די אידעע פון גאָט ווערט עס אָנגענומען צו זיין ענדלעך. אַלס ענד-

לעך קאָן עס, אָבער, נישט באַגריפן ווערן (לויט דעפ. II), סיידן עס איז באַגרענעצט דורך דענקען. עס איז אָבער נישט באַגרענעצט דורך דענקען אַליין, אויף ווי ווייט עס שטעלט צונויף די אידעע פון גאָט (דען אַזוי ווייט ווערט עס אָנגענומען צו זיין ענדלעך) עס איז, דעריבער, באַגרענעצט דורך דענקען אויף ווי ווייט עס האָט נישט צונויפגעשטעלט די אידעע פון גאָט, וועלכע מוז דאָך (לויט זאַץ XI) אויף אַ נויטווענדיגן אופן, עקזיסטירן.

מיר האָבן איצט, אַלזאָ, צוגעגעבן, אַז עס עקזיסטירט אַ דענקען, וואָס שטעלט נישט צונויף די אידעען פון גאָט, און דערום פאָלגט נישט די אידעע פון גאָט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, פון דער נאַטור פון דענקען, אויף ווי ווייט עס איז אַבסאָלוט דענקען (מחמת, מיר האָבן אָנגענומען דאָס דענקען אַלס עפּעס וואָס שטעלט יאָ צונויף און וואָס שטעלט נישט צונויף די אידעע פון גאָט), וואָס עס איז להיפוך צו אונזער היפּאָטעזע. ווען אַלזאָ די אידעע פון גאָט, אויסגעדריקט אין דעם אַטריבוט דענקען, אָדער, איבערהויפּט, אַ וואָסער נישט איז אַנדערער זאַך, וועלכע איז אויסגעדריקט אין אַ וועלכן עס איז אַטריבוט פון גאָט. (וואָרום מיר קאָנען דאָך נעמען וואָסערן עס איז ביישפּיל, דען דער באַווייז איז דאָך פון אַ אוניווערסאַלער אָנווענדונג). פאָלגט פון דעם הכרח פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון דעם געגעבענעם אַטריבוט זעלבסט, אַז די דאָזיגע זאַך מוז אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיין אומענדלעך. דאָס איז געווען אונזער ערשטער פּונקט.

נאָך מער, אַ זאַך, וואָס פאָלגט אויף אַזאַ אופן פון דעם הכרח פון וואָסער עס איז אַטריבוט, קאָן נישט האָבן קיין באַגרענעצטע דויער. לייקענען מיר עס, טאָ לאָמיר אָננעמען, אַז אַ זאַך וואָס פאָלגט פון דעם הכרח פון דער נאַטור פון אַ געוויסן אַטריבוט, עקזיסטירט אין אַ געוויסן אַטריבוט פון גאָט, צום ביישפּיל, די אידעע פון גאָט אויסגעדריקט אין דעם אַטריבוט דענקען, און לאָמיר זיך משער זיין, אַז צו אַ געוויסער צייט האָט זי נישט עקזיסטירט אָדער וועט נישט עקזיסטירן.

היות אָבער, ווי דענקען, זייענדיג אַן אַטריבוט פון גאָט, מוז עקזיסטירן אויף אַ נויטווענדיגן אופן און אומפאַרענדערלעך (זאַץ XI און שלוסזאַץ II צו זאַץ XX), לכן, וואָלט דענקען געמוזט עקזיסטירן אָן דער אידעע פון גאָט און איבער די גרענעצן פון דער דויער פון דער אידעע פון גאָט (אָננעמענדיג אַז די לעצטע האָט אַמאָל נישט עקזיסטירט, אָדער וועט אַמאָל נישט עקזיסטירן). דאָס איז אין געגענזאַץ צו אונזער השערה, מחמת, מיר האָבן אָנגענומען, אַז די אידעע פון גאָט פאָלגט אויף אַ נויטווענדיגן אופן פון דעם געגעבענעם דענקען. עס קומט, דעריבער, אויס, אַז די אידעע פון גאָט אויסגעדריקט אין דענקען, אָדער וועלכע עס איז זאַך, וואָס פאָלגט אויף אַ נויטווענדיגן אופן פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון אַ געוויסן אַטריבוט פון גאָט, קאָן

נישט האָבן קיין באַגרענעצטע דויער, נאָר זי איז, דורך דעם דערמאָנטן אַטריבוט, אייביק. דאָס איז אונזער צווייטער פונקט. עס מוז געהאַלטן ווערן אין זיכרון, אַז דאָס זעלבע קאָן באַהויפּטעט ווערן וועגן יעדער זאַך, וועלכע אין גאָטס אַן אַטריבוט, פאָלגט על פי הכרח פון גאָטס אַבסאָלוטער נאַטור.

זאַץ XXII. אַלץ, וואָס פאָלגט פון וועלכן עס איז אַטריבוט פון גאָט, אויף ווי ווייט עס איז מאָדיפיצירט דורך אַ פאַרענדערונג, וועלכע עקזיסטירט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן און אַלס אומענדלעך דורך דעם דערמאָנטן אַטריבוט, מוז אויך עקזיסטירן אויף אַ נויטווענדיגן אופן און אַלס אומענדלעך.

באַווייז. דער באַווייז פון דעם דאָזיגן זאַץ איז ענלעך צו דעם באַווייז פון דעם פאָריגן זאַץ.

זאַץ XXIII. איטלעכער מאָדוס, וואָס עקזיסטירט אי אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אי אַלס אומענדלעך, מוז אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאָלגן אַנטוועדער פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון אַ וואָסערן עס איז געטלעכן אַטריבוט, אָדער פון אַן אַטריבוט, וואָס איז מאָדיפיצירט דורך אַ פאַרענדערונג, וועלכע עקזיסטירט אויף אַ נויטווענדיגן אופן און אַלס אומענדלעך.

באַווייז. אַ מאָדוס עקזיסטירט אין אַן אַנדער זאַך, וואָס דורך איר ווערט ער באַגריפן (דעפ. V), דאָס הייסט (זאַץ XV), ער עקזיסטירט אין גאָט אַליין, און דורך גאָט אַליין קאָן ער באַגריפן ווערן. ווען אַלזאָ, אַ מאָדוס ווערט באַגריפן אַלס אויף אַ נויטווענדיגן אופן עקזיסטירנדער און אַלס אומענדלעך, מוז ער על פי הכרח אַרויסגעפֿירט און אויפגענומען ווערן פון גאָטס אַן אַטריבוט, אויף ווי ווייט אַזאַ אַטריבוט ווערט באַגריפן אַלס עפּעס אַזעלכעס, וואָס דריקט אויס די אומענדלעכקייט און די נויטווענדיגקייט פון עקזיסטענץ, אָדער (וואָס לויט דעפ. VIII איז עס דאָס זעלבע) פון אייביג-קייט; דאָס הייסט, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַבסאָלוט. אַ מאָדוס, אַלזאָ, וואָס עקזיסטירט אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַלס אומענדלעך מוז פאָלגן פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון אַ געטלעכן אַטריבוט, אַנטוועדער אוממיטל-באַר, (זאַץ XXI) אָדער דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ פאַרענדערונג, וואָס פאָלגט פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון דעם דערמאָנטן אַטריבוט; דאָס הייסט (לויט זאַץ XXII), וועלכע עקזיסטירט אויף אַ נויטווענדיגן אופן און אַלס אומענדלעך.

זאַץ XXIV. די תמצית פון זאַכן, וועלכע ווערן פון גאָט אַרויסגע-בראַכט, שליסט נישט איין אין זיך קיין עקזיסטענץ. —

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון דעפיניציע I, מחמת, דאָס וואָס זיין נאַטור (ווען זי ווערט אַן און פאַר זיך באַטראַכט) שליסט אין זיך איין עקזיסטענץ, איז די אורזאַך פון זיך גופא. און עקזיסטירט על פי דעם הכרח פון זיין אייגענער נאַטור.

שלוסזאַץ. עס קומט אויס, דעריבער, אַז גאָט איז נישט נאָר די אורזאַך פון דער אַנטשטייאונג פון זאַכן, נאָר אויך פון דעם עקזיסטענץ-אָנהאַלט פון זאַכן, דאָס הייסט, אויף דעם לשון פון דער סכאָלאַסטיקי, אַז גאָט איז די סיבה פון דער מהות פון זאַכן, מחמת, מעגן די זאַכן יאָ עקזיסטירן אָדער נישט, געפינען מיר, ווען מיר טראַכטן וועגן זיין תּמצית, אַז זי שליסט נישט איין אין זיך נישט עקזיסטענץ און נישט דויער. די תּמצית קאָן, דעריבער, נישט זיין די אורזאַך נישט פון דער עקזיסטענץ און נישט פון דער דויער. גאָט מוז זיין די אורזאַך, דען בלויז צו זיין נאַטור געהערט עקזיסטענץ (שלוסזאַץ 1 זאַץ XIV) ווי א. ג. צ. ב.

זאַץ XXV. גאָט איז די ווירקנדע אורזאַך נישט נאָר פון דער עקזיסטענץ פון זאַכן, נאָר אויך פון זיין תּמצית.

באַווייז. לייקנט מען דאָס אָפּ, יעמאָלט איז גאָט נישט די אורזאַך פון דער תּמצית פון זאַכן; און די תּמצית פון זאַכן קאָן, אַלזאָ, (לויט אַקס. IV) באַגריפן ווערן אָן גאָט. דאָס איז אָבער (לויט זאַץ XV) אומזיניג, פאָלגלעך, איז גאָט די אורזאַך פון דער תּמצית פון זאַכן.

אָנמערקונג. דער דאָזיגער זאַץ איז אַ דייטלעכער פּועל-יוצא פון דעם זאַץ XVI, מחמת, פון דעם דאָזיגן זאַץ איז קלאָר, אַז פון דער געגעבענער געטלעכער נאַטור מוז אַרויסגעדרונגען ווערן די תּמצית פון זאַכן, אַזוי גוט ווי די עקזיסטענץ, — מיט איין וואָרט, גאָט מוז הייסן די אורזאַך פון אַלע זאַכן אין דעם זעלבן זין ווי ער הייסט די אורזאַך פון זיך גופא. דאָס וועט נאָך קלאָרער געמאַכט ווערן פון דעם פאָלגנדן שלוסזאַץ.

שלוסזאַץ. איינצלנע זאַכן זענען נישט מער ווי פאַרענדערונגען פון די אַטריבוטן פון גאָט, אָדער מאָדוסן פון דער עקזיסטענץ, וואָס דורך זיי דריקן זיך אויס די אַטריבוטן פון גאָט אויף אַ געווויסן און באַשטימטן אופן. דער באַווייז שיינט אַרויס פון זאַץ XV און דעפ. V.

זאַץ XXVI. אַ זאַך, וועלכע איז באַשטימט עטוואָס צו ווירקן, ווערט על פּי הכרח אַזוי באַשטימט פון גאָט; און דאָס וואָס איז פון גאָט נישט באַשטימט, קאָן זיך אַליין צום ווירקן נישט באַשטימען.

באַווייז. דאָס צוליב, וואָס עס ווערט געזאָגט וועגן זאַכן, אַז זיי זענען באַשטימט עטוואָס צו ווירקן, איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן עפּעס פּאָזיטיווס (דאָס איז אויגנשיינלעך). גאָט, אַלזאָ, איז, על פּי דער נויטווענדיגקייט פון זיין נאַטור, די ווירקנדע אורזאַך פון דער תּמצית ווי אויך פון דער עקזיסטענץ פון דעם דאָזיגן עפּעס, וואָס איז פּאָזיטיווס (זאַצן XXV און XVI). דאָס איז אונזער ערשטער פּונקט. און פון אים ווערט זייער דייטלעך אַרויסגעדרונגען אונזער צווייטער פּונקט. דען, ווען אַ זאַך, וועלכע איז נישט באַשטימט געוואָרן פון גאָט, זאָל זיך קאָנען אַליין באַשטימען.

וואָלט דער ערשטער טייל פון אונזער באַווייז, געוועזן פאַלש, וואָס דאָס איז, ווי מיר האָבן געצייגט, אומזיניג.

זאַץ XXVII. אַ זאַך, וועלכע איז פון גאָט באַשטימט געוואָרן עפּעס צו ווירקן, קאָן זיך זעלבסט נישט מאַכן אומבאַשטימט.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון דער דריטער אַקסיאָמע.

זאַץ XXVIII. יעדע איינצלנע זאַך, אָדער יעדע זאַך, וועלכע איז ענדלעך און האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ, קאָן נישט עקזיסטירן אָדער באַשטימט ווערן צו ווירקן, סיידן זי ווערט באַשטימט צו עקזיסטענץ און צום ווירקן פון אַן אַנדערער ווי זי אַליין אורזאַך, וועלכע אורזאַך איז אויך ענדלעך און האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ. די דאָזיגע אורזאַך, ווידער, קאָן אויך נישט עקזיסטירן אָדער באַשטימט ווערן צו ווירקן, סיידן זי ווערט באַשטימט צו עקזיסטענץ און צום ווירקן פון אַן אַנדערער אורזאַך, וועלכע איז אויך ענדלעך און האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ, און אַזוי עד לאין סוף

באַווייז. וואָס נאָר עס איז צו עקזיסטירן און צו ווירקן באַשטימט, איז אַזוי פון גאָט באַשטימט געוואָרן (לויט זאַץ XXVI און שלוסזאַץ צו זאַץ XXIV).

דאָס, אָבער, וואָס איז ענדלעך און האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ, קאָן נישט אַרויסגעבראַכט ווערן דורך דער אַבסאָלוטער נאַטור פון אַ געטלעכן אַטריבוט, וואָרום אַלץ וואָס פאָלגט פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון אַ געטלעכן אַטריבוט, איז אומענדלעך און אייביג (לויט זאַץ XXI) עס מוז, דעריבער, זיין אַ פּועל־יוצא פון גאָט און זיינעם אַן אַטריבוט, אויף ווי ווייט דער דאָזיגער אַטריבוט ווערט באַטראַכט אַלס מאָדיפיצירט אויף אַ וואָסערן עס איז אופן; דען, אַחוץ סובסטאַנץ און מאָדוסן פון עקזיסטענץ איז דאָך קיין זאַך נישט פאַראַן (אַקסיאָמע I, און דעפיניציעס III און V) און די מאָדוסן פון עקזיסטענץ זענען בלויז פאַרענדערונגען פון די אַטריבוטן פון גאָט. פון גאָט אָבער, אָדער פון וועלכן עס איז אַטריבוט זיינעם, אויף ווי ווייט דער לעצטער איז באַשטימט דורך אַ פאַרענדערונג, וועלכע איז אייביג און אומענדלעך, קאָן נישט פאָלגן קיין זאַך, וועלכע האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ. אַזאַ זאַך מוז, דעריבער, פאָלגן פון אָדער באַשטימט זיין צו עקזיסטענץ און צום ווירקן דורך גאָט אָדער דורך איינעם פון זיינעם אַטריבוטן, אויף ווי ווייט דער לעצטער ווערט מאָדיפיצירט דורך אַ פאַרענדערונג, וועלכע איז ענדלעך און האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ. דאָס איז אונזער ערשטער פּונקט. ווייטער, די דאָזיגע אורזאַך, אָדער די דאָזיגע מאָדיפיקאַציע (צוליב דעם זעלבן גרונד, וועלכער האָט געשטיצט דעם באַווייז פון דעם ערשטן טייל פון אונזער זאַץ) מוז פון אַן אַנדערער אורזאַך באַשטימט ווערן, וועלכע איז אויך ענדלעך און האָט אַ באַשטימטע עקזיסטענץ, און די לעצטע אורזאַך (צוליב דעם זעלבן

טעם) פון אַן אַנדערער אורזאַך ווידער, און אַזוי ווייטער (צוליב דעם זעלבן טעם) ביז אין דער אומענדלעכקייט. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. היות, ווי געוויסע זאַכן מוזן אוממיטלבאַר אַרויסגעבראַכט ווערן פון גאָט, נעמלעך, די דאָזיגע זאַכן, וועלכע פאָלגן על פי הכרח פון זיין אַבסאָלוטער נאַטור, דורך דער פאַרמיטלונג פון די דאָזיגע אורשפרינגלעכע אַטריבוטן, וועלכע קאָנען דאָך נישט עקזיסטירן און נישט באַגריפן ווערן אָן גאָט; לכן, פאָלגט: 1) אַז גאָט איז אַבסאָלוט די נעקסטע אורזאַך פון די דאָזיגע זאַכן, וועלכע ווערן אוממיטלבאַר פון אים אַרויסגעבראַכט. איך זאָג אַבסאָלוט, און נישט לויט זיין מין, ווי מען זאָגט עס געוויינטלעך, דען די ווירקונגען פון גאָט קאָנען נישט עקזיסטירן און נישט באַגריפן ווערן אָן אַן אורזאַך (זאַץ XV און שלוסזאַץ צו זאַץ XXIV). 2) אַז גאָט קאָן אייגנטלעך נישט אָנגערופן ווערן די דערווייטערטע אורזאַך פון איינצלנע זאַכן, סיידן צוליב דעם בלויז, אַז מען זאָל אונטערשיידן די דאָזיגע זאַכן פון די יעניגע, וועלכע ער ברענגט אַרויס אוממיטלבאַר, אָדער ליבערשט פון די, וואָס פאָלגן פון זיין אַבסאָלוטער נאַטור. מחמת, אונטער אַ דערווייטערטער אורזאַך פאַרשטייען מיר אַן אורזאַך, וועלכע איז אויף קיין אופן נישט פאַרבונדן מיט דער ווירקונג. אַלע זאַכן אָבער וועלכע זענען, זענען אין גאָט און הענגען אַזוי אָפּ פון אים, אַז אָן אים קאָנען זיי נישט עקזיסטירן און נישט באַגריפן ווערן.

זאַץ XXIX. קיין זאַך אין דער נאַטור איז נישט צופעליג. אַלץ איז באַשטימט אויף אַ געוויסן אופן צו עקזיסטירן און צו ווירקן פון דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער נאַטור.

באַווייז. אַלץ וואָס איז, איז אין גאָט (זאַץ XV). גאָט קאָן אָבער נישט אָנגערופן ווערן אַ צופעליגע זאַך, מחמת, ער עקזיסטירט (לויט זאַץ XI) אויף אַ נויטווענדיגן, און נישט אויף קיין צופעליגן אופן. ווייטער, די עקזיסטענץ-מאָדוסן פון דער געטלעכער נאַטור פאָלגן פון איר אויף אַ נויטווענדיגן, און נישט אויף קיין צופעליגן אופן (זאַץ XVI), און זיי פאָלגן אויף אַזאַ אופן הן ווען מיר באַטראַכטן די געטלעכע נאַטור אַבסאָלוט, הן ווען מיר באַטראַכטן זי אַלס באַשטימט צו טעטיגקייט אויף אַ געוויסן אופן (זאַץ XXVII). ווייטער, גאָט איז די אורזאַך פון די דאָזיגע עקזיסטענץ-מאָדוסן נישט נאָר אויף ווי ווייט זיי עקזיסטירן פשוט (נאָך שלוסזאַץ צו זאַץ XXIV), נאָר אויך אויף ווי ווייט זיי ווערן באַטראַכט אַלס אַזעלכע, וואָס זענען באַשטימט צו ווירקן אויף אַ געוויסן אופן (זאַץ XXVI). ווען זיי זאָלן נישט זיין באַשטימט פון גאָט (זאַץ XXVI) איז דאָס אוממעגלעך, אָבער עס איז נישט צופעליג, אַז זיי זאָלן זיך זעלבסט באַשטימען, און, פאַרקערט, אויב זיי זאָלן יאָ זיין באַשטימט פון גאָט, איז דאָס אוממעגלעך, אָבער עס איז נישט צופעליג, אַז זיי

זאָלן זיך זעלבסט אומבאַשטימט מאַכן, אַלץ איז, דעריבער, באַשטימט פון דער נויטווענדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור נישט נאָר צו עקזיסטירן, נאָר אויך צו עקזיסטירן און אויף אַ געוויסן אופן צו ווירקן, און קיין זאַך איז נישט צופעליג. וו. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. איידער איך גיי ווייטער, וועל איך דאָ דערקלערן, אָדער, בעסער געזאָגט, ציהען די אויפמערקזאַמקייט צו דעם, וואָס מיר דאַרפן פאַרשטיין אונטער ווירקנדער נאַטור (נאַטורא נאַטוראַנס) און אונטער פּאַסיווער נאַטור (נאַטורא נאַטוראַטאַ), מחמת, איך גלויב, אַז פון דעם וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן, איז גענוג קלאָר, אַז אונטער ווירקנדער נאַטור דאַרפן מיר פאַרשטיין דאָס וואָס איז אין זיך און וואָס ווערט פון זיך באַגריפן, אָדער די אַטריבוטן פון דער סובסטאַנץ, וועלכע דריקן אויס אַן אייביגע און אומענדלעכע תמצית, מיט אַנדערע ווערטער (שלוסזאַץ I צו זאַץ XIV), און שלוסזאַץ II צו זאַץ XVII), גאָט, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס אַ פרייע אורזאַך. אונטער פּאַסיווער נאַטור פאַרשטיי איך אַלץ, וואָס פאָלגט פון דער נויטווענדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור אָדער פון יעדן געטלעכן אַטריבוט, דאָס הייסט, אַלע מאָדוסן פון די אַטריבוטן פון גאָט, אויף ווי ווייט זיי ווערן באַטראַכט אַלס זאַכן, וועלכע זענען אין גאָט און וועלכע אָן גאָט קאָנען זיי נישט עקזיסטירן אָדער באַגריפן ווערן.

זאַץ XXX. דער פאַרשטאַנד אין ווירקונג סיי דער ענדלעכער, סיי דער אומענדלעכער, מוז פאַסן די אַטריבוטן פון גאָט און די פאַרענדערונגען פון גאָט און קיין אַנדער זאַך נישט.

באַוויין. אַן אמתע אידעע מוז צונויפשטימען מיט איר געגנשטאַנד (אַקס. VI), מיט אַנדערע ווערטער (ווי עס איז פון זיך קלאָר), דאָס וואָס איז אָביעקטיוו אַנטהאַלטן אין פאַרשטאַנד, מוז אויף נויטווענדיגן אופן געגעבן ווערן אין דער נאַטור. אין דער נאַטור אָבער (לויט שלוסזאַץ I צו זאַץ XIV) איז נישט פאַראַן קיין סובסטאַנץ אויסער גאָט און קיינע פאַרענדערונגען אַחוץ די, וועלכע זענען אין גאָט, און וואָס אָן גאָט קאָנען זיי נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן (זאַץ XV). אַלזאָ, מוז דער ווירקלעך ענדלעכער פאַרשטאַנד, אָדער ווירקלעך אומענדלעכער פאַרשטאַנד באַגרייפן די אַטריבוטן פון גאָט און די פאַרענדערונגען פון גאָט און קיין אַנדער זאַך נישט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXI. דער פאַרשטאַנד אין ווירקונג, מעג ער זיין ענדלעך אָדער אומענדלעך, ווי אויך דער ווילן, דער באַגער, די ליבע, און אַזוי ווייטער, מוזן צוגערעכנט ווערן צו דער פּאַסיווער און נישט צו דער ווירקנדער נאַטור.

באַוויין. אונטער פאַרשטאַנד (ווי דאָס איז פון זיך קלאָר) מיינען מיר נישט דאָס אַבסאָלוטע דענקען, נאָר אַ געוויסן מאָדוס פון דענקען, וועלכער

אונטערשיידט זיך פון אַנדערע מאָדוסן פון דענקען, ווי ליניע, באַגער און אַזוי ווייטער, און ער מוז דעריבער (לויט דעפ. V) באַגריפן ווערן פון דעם אַבסאָלוטן דענקען. ער מוז (לויט זאַץ XV און דעפ. VI) אַזוי באַגריפן ווערן דורך אַן אַטריבוט פון גאָט, וועלכער דריקט אויס די אייביגע און אומענדלעכע תמצית פון דענקען, אַז ער זאָל אָן אַזאַ אַטריבוט נישט קאָנען זיין אָדער באַגריפן ווערן. ער מוז, דעריבער, צוגערעכנט ווערן צו דער פּאַסיווער נאַטור ליבערשט איידער צו דער ווירקנדער נאַטור, ווי עס מוזן אַלע אַנדערע מאָדוסן פון דענקען. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. איך רעד דאָ וועגן פאַרשטאַנד און ווירקונג, נישט דערפאַר וואָס איך גיב צו, אַז עס איז פאַראַן אַ פאַרשטאַנד אין דער מעגלעכקייט, נאָר דערפאַר וואָס איך וויל אויסמיידן אַלע מיספאַרשטענדעניש, און, מהאי טעמא, האָב איך חשק צו רעדן וועגן אַ זאַך, וואָס מיר באַגרייפן גאַנץ דייטלעך; נעמלעך, וועגן דעם אַקט פון פאַרשטיין גופא. אַ מער דייטלעכערע זאַך קאָנען מיר נישט באַגרייפן, מחמת, מיר קאָנען דאָך קיין זאַך נישט פאַרשטיין, וואָס דורך דעם זאָלן מיר נישט געפירט ווערן צו אַ פולקאָמענער דערקענטעניש פון דעם פאַרשטיין.

זאַץ XXXII. דער ווילן קאָן נישט הייסן קיין פרייע אורזאַך, נאָר אַ נויטווענדיגע אורזאַך.

באַווייז. דער ווילן איז, ווי דער אינטעלעקט, בלויז אַ באַזונדערער מאָדוס פון דענקען. דעריבער (לויט XXVIII) קאָן קיין ווילן נישט עקזיסטירן, אָדער געשטעלט ווערן אונטער באַדינגונגען, וואָס זאָלן מעגלעך מאַכן זיין טעטיגקייט, סיידן די באַדינגונגען זאָלן געמאַכט ווערן פון אַן אורזאַך, וועלכע איז אַנדערש איידער דאָס ווילן גופא. די דאָזיגע אורזאַך ווידער הענגט-אָפּ פון באַדינגונגען, וואָס ווערן געשאַפן פון אַ דריטער אורזאַך און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט. ווען אָבער מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער ווילן איז אומענדלעך, מוז ער אויך האָבן גאָט אַלס באַדינג פאַר זיין עקזיסטענץ און טעטיגקייט, נישט דערפאַר וואָס גאָט איז אַן אָבסאָלוטע אומענדלעכע סובסטאַנץ, נאָר דערפאַר, וואָס גאָט באַזיצט אַן אַטריבוט, וועלכער דריקט אויס די אומענדלעכע און אייביגע תמצית פון דענקען (זאַץ XXIII). ובכן ״ ווי דער ווילן זאָל נישט באַגריפן ווערן, צי אַלס ענדלעך, צי אַלס אומענדלעך. באַנייטיגט ער זיך אין אַן אורזאַך, וועלכע זאָל דינען אַלס תנאי פאר זיין זיין און פאַר זיין האַנדלען. ער קאָן, דעריבער, נישט זיין (לויט דעפ. VII) קיין פרייע אורזאַך, נאָר אַ נויטווענדיגע און געצוואונגענע אורזאַך. וו.א.ג.צ.ב.

שלוסזאַץ I. אויס דעם דאָזיגן גרונד פאָלגט, ערשטנס, אַז גאָט האַנדלט נישט לפי דער פרייהייט פון ווילן.

שלוסזאַץ II. צווייטנס, אַז דער ווילן און דער פאַרשטאַנד שטייען

אין דער זעלבער שייכות צו דער נאַטור פון גאָט ווי באַוועגונג, רוה און איבערהויפּט, ווי אַלע נאַטור פערשיינונגען, וועלכע מוזן (לויט זאַץ XXIX) מיט זייער עקזיסטענץ און האַנדלונג זיין אויף אַ באַשטימטן אופן אָפּהענגיג פון גאָט, מחמת דער ווילן, ווי אַלעס איבריגע, באַנייטיגט זיך אין אַן אור-זאַך, וועלכע איז דער תּנאי פאַר זיין עקזיסטירן און האַנדלען אויף אַ באַ-שטימטן אופן. און הגם, ווען ווילן און פאַרשטאַנד ווערן צוגעגעבן, קאָן פון זיי פאָלגן אַן אומענדלעכע צאָל רעזולטאַטן, דאָך קאָן נישט אויף דעם גרונד געזאָגט ווערן, אַז גאָט האַנדלט לפי דער פרייהייט פון ווילן, אַקוראַט ווי די אומענדלעכע צאָל רעזולטאַטן פון באַוועגונג און רוה באַרעכטיגן אונז נישט צו זאָגן, אַז באַוועגונג און רוה האַנדלען לפי דעם פרייען ווילן. דער ווילן, דעריבער, געהערט נישט צו דער נאַטור פון גאָט מער איידער עפּעס אַנדערש אין דער נאַטור, נאָר ער שטייט אין דער זעלבער שייכות צו איר ווי באַוועגונג, רוה און דאָס גלייכן, וועלכע, ווי מיר האָבן באַוויזן, פאָלגן פון דער נויטווענדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור און זענען פון איר באַ-דינגט צו זיין און צו ווירקן אויף אַ באַשטימטן אופן.

זאַץ XXXIII. זאַכן וואָלטן נישט געקאָנט פון גאָט געבראַכט ווערן צו זייער עקזיסטענץ אויף אַן אַנדער אופן, אָדער אין אַן אַנדער סדר איידער די, אין וועלכע זיי זענען, אין דער ווירקלעכקייט, געבראַכט געוואָרן.

באַווייז. אַלע זאַכן פאָלגן אויף אַ נויטווענדיגן אופן פון דער נאַ-טור פון גאָט (זאַץ XVI), און פון דער נאַטור פון גאָט זענען זיי באַדינגט צו זיין און צו ווירקן אויף אַ באַשטימטן אופן (זאַץ XXIX). ווען זאַכן, אַלזאָ, וואָלטן געקאָנט זיין פון אַן אַנדער נאַטור אָדער וואָלטן געווען באַדינגט צו ווירקן אויף אַן אַנדער אופן, אַזוי אַז דער סדר פון דער נאַטור וואָלט געקאָנט זיין אַן אַנדערער, וואָלט גאָטס נאַטור אויך געווען אין שטאַנד צו זיין אַנדערש איידער זי איז איצט, און (לויט זאַץ XI) וואָלט די דאָזיגע אַנ-דערע נאַטור אויך עקזיסטירט על פּי הכרח, און ממילא וואָלט מעגלעך געווען, אַז עס זאָלן זיין צוויי אָדער מער געטער. דאָס איז (לויט זאַץ XIV) אומ-זיניג. זאַכן, דעריבער, וואָלטן נישט געקאָנט פון גאָט געבראַכט ווערן צו עקזיסטענץ אויף אַן אַנדער אופן אָדער אין אַן אַנדער סדר איידער די, אין וועלכע זיי זענען ווירקלעך געבראַכט געוואָרן. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג 1. היות, ווי איך האָב אויף אַזאַ אופן באַוויזן קלאָר ווי די זון, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין זאַך, וועלכע זאָל אונז באַרעכטיגן אָנצורופן זאַכן צופעליג, וועל איך אין קורצן דערקלערן וואָס פאַר באַדייט מיר זאָלן צוגעבן צום וואָרט צופעליג, פריהער אָבער וועל איך דערקלערן די ווערטער נייטיג און אוממעגלעך.

אַ זאַך ווערט אָנגערופן נייטיג, אַנטוועדער בנוגע איר תּמצית, אָדער

בנוגע איר סיבה, מחמת, דאָס זיין פון אַ זאַך איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַ פועל-יוצא פון איר תמצית און דעפיניציע, אָדער פון אַ געגעבענער ווירקנ־דער סיבה. אויס די אייגענע גרונדן זאָגט מען, אַז אַ זאַך איז אוממעגלעך; נעמלעך, אויף וויפיל איר תמצית, אָדער דעפיניציע שליסט אין זיך איין אַ סתירה, אָדער דערפאַר וואָס עס ווערט נישט אָנגעגעבן קיין אויסנווייניגסטע סיבה, וועלכע איז באַדינגט אַרויסצוברענגען אַזאַ ווירקונג. אַ זאַך קאָן אָבער אין קיין פּרט נישט אָנגערופן ווערן צופעליג, סיידן בלויז אין שייכות צו דער אומפולקאָמענהייט פון אונזער ־וויסן.

אַ זאַך, וועגן וועלכער מיר ווייסן נישט צי איר תמצית שליסט יאָ אָדער נישט איין אַ סתירה, אָדער וועגן וועלכער, ווייסנדיג אַז זי שליסט נישט איין קיין סתירה, מיר זענען נאָך אין ספק בנוגע איר עקזיסטענץ, מחמת אונז איז אומבאַקאַנט דער סדר הסיבות — אַזאַ זאַך, זאָג איך, קאָן נישט אויסווייזן זיך צו אונז נייטיג אָדער אוממעגלעך, און דערפאַר רופן מיר זי צופעליג אָדער מעגלעך.

אָנמערקונג II. עס איז קלאָר פון וואָס מיר האָבן געזאָגט, אַז זאַכן זענען פון גאָט געבראַכט געוואָרן צו עקזיסטענץ אין דער העכסטער פולקאָמענהייט, אויף וויפיל זיי זענען על פי הכרח געקומען פון זיין עכט פול־קאָמענער נאַטור. און דאָס באַווייזט נישט קיין אומפולקאָמענהייט אין גאָט, דען זיין פולקאָמענהייט צווינגט אונז צו מאַכן די דאָזיגע באַהויפּטונג. נ ן אַ געגנזאַץ צו דער דאָזיגער באַהויפּטונג וואָלט געפאָלגט (ווי איך האָב עס אויבן באַוויזן), אַז גאָט איז נישט העכסט פולקאָמען, מחמת, ווען זאַכן וואָלטן געבראַכט געוואָרן צו עקזיסטענץ אויף וועלכן עס איז אַנדער אופן, וואָלטן מיר געדאַרפט צושרייבן צו גאָט אַ נאַטור אַן אַנדערע איידער די, וועלכע מיר געבן־אָן בעת מיר באַטראַכטן אים אַלס אַן אַבסאָלוט פולקאָמען וועזן.

איך צווייפל נישט, אַז פיל וועלן פאַרשפּאָטן די דאָזיגע אידעע אַלס אומזיניג און זיי וועלן זיך נישט באַמיהען איבער איר צו איבערלייגן, נאָר דערפאַר וואָס זיי זענען צוגעוואוינט צוצושרייבן צו גאָט אַן אַנדער פרייהייט איידער די וואָס מיר האָבן (לויט דעפ. VI) אָנגענומען. אין קורצן, זיי שרייבן צו צו אים אַן אַבסאָלוטן פרייען ווילן. אין דער אייגענער צייט בין איך אָבער אויך איבערצייגט, אַז ווען אַזעלכע מענטשן וועלן זיך וועגן דעם ענין פאַרטראַכטן און וועלן ווי געהעריג איבערדענקען ביי זיך די ריי פון אונזערע באַווייזן, וועלן זיי אַזאַ פרייהייט ווי זיי שרייבן-צו צו גאָט אינגאַנצן פאַר־וואַרפן, נישט נאָר אַלס נאַריש, נאָר אויך אַלס אַ שטער צו אונזער אָרגאַ־ניזירטן וויסן. עס איז נישט נייטיג פאַר מיר איבערצוחזרן וואָס איך האָב געזאָגט אין דער אָנמערקונג צו זאַץ XVII. צוליב מיינע געגנער אָבער, וויל איך נאָך צייגן, אַז אויב מען נעמט-אָן אפילו, אַז ווילן געהער צו גאָטס

תּמצית, פאָלגט דאָך פון זיין פולקאָמענהייט, אַז זאַכן האָבן נישט געקאָנט באַשאַפן ווערן פון גאָט אויף אַן אַנדער אופן און אין אַן אַנדער סדר ווי זיי זענען באַשאַפן געוואָרן; דאָס וועט לייכט באַוויזן, ווען מיר טראַכטן זיך פריהער פון אַלץ נאָר אַריין דעריין, וואָס אונזערע געגנער געבן צו; נעמלעך: אַז דאָס זיין פון איטלעכער זאַך דאָס, וואָס זי איז, הענגט-אָפּ דורכאויס פון דעם באַשלוס און דעם ווילן פון גאָט. וואָלט דאָס אַנדערש געווען, וואָלט גאָט נישט געווען די סיבה פון אַלע זאַכן. זיי געבן ווייטער צו, אַז אַלע באַשלוסן פון גאָט זענען פון אייביג אָן פון גאָט אַליין געפאַסט געוואָרן. וואָלט עס אַנדערש געווען, וואָלט דאָך גאָט געקאָנט באַשולדיגט ווערן אין אומפולקאָמענהייט און אומבאַשטענדיגקייט. אין דער אייביגקייט אָבער, איז נישט פאַראַן אַזאַ זאַך, ווי ווען, פריהער אָדער שפּעטער. ממילא, פאָלגט פון גאָטס פולקאָמענהייט בלויז, אַז גאָט קאָן קיין מאָל נישט אַנדערש באַשליסן, אָדער אַז ער האָט קיין מאָל נישט געקאָנט אַנדערש באַשטימען; אַז גאָט האָט נישט עקזיסטירט פאַר זיינע באַשלוסן און אַז ער וואָלט אָן זיי נישט עקזיסטירט. אָבער, זאָגן זיי, ווען מיר זאָלן אויך אָננעמען, אַז גאָט האָט געמאַכט אַן אַנדער נאַטור, אָדער, אַז ער האָט פון אייביג אָן עפּעס אַנדערש באַשלאָסן וועגן דער נאַטור און איר סדר, וואָלטן מיר דערפון נישט געקאָנט אַרויסדרינגען וועלכע עס איז אומפולקאָמענהייט אין גאָט. די אָבער וואָס זאָגן דאָס, מוזן צוגעבן, אַז גאָט קאָן בייטן זיינע באַשלוסן. דען ווען גאָט וואָלט באַשלאָסן וועגן דער נאַטור און איר סדר עפּעס אַנדערש איידער דאָס, וואָס ער האָט פריהער באַשלאָסן, דאָס הייסט, וואָלט ער עפּעס אַנדערש געוואָלט און זיך פאָרגענומען וועגן דער נאַטור, וואָלט ער על פּי הכרח געמוזט האָבן אַן אַנדער פאַרשטאַנד איידער דעם, וואָס ער האָט איצט, און אַן אַנדער ווילן, איידער דעם וואָס ער האָט איצט. און ווען מיר זאָלן ערלויבט זיין צושרייבן צו גאָט אַן אַנדער פאַרשטאַנד און אַן אַנדער ווילן אָן וועלכן עס איז בייט אין זיין תּמצית און אין זיין פולקאָמענהייט, וואָס וואָלט אים צוריקגעהאַלט צו בייטן זיינע באַשלוסן וועגן די געשאַפענע זאַכן און דאָך בלייבן פולקאָמען? וואָס איז שייך זיין פולקאָמענהייט און זיין תּמצית איז דאָס אַלץ איינסן ווי מען זאָל נישט באַגרייפן זיין ווילן און זיין פאַרשטאַנד בנוגע די געשאַפענע זאַכן און זייער סדר.

ווייטער, אַלע פילאָסאָפן וואָס איך האָב געלייענט גיבן צו, אַז גאָטס פאַרשטאַנד איז לחלוטין נישט אין דער מעגלעכקייט, נאָר לגמרי אין דערווירקלעכקייט, און האָבן, ווי זיי גיבן אויך צו, אַז גאָטס פאַרשטאַנד און גאָטס ווילן אונטערשיידן זיך נישט פון גאָטס תּמצית, קומט-אויס, אַז ווען גאָט וואָלט אין דער ווירקלעכקייט געהאַט אַן אַנדער פאַרשטאַנד און אַן אַנדער ווילן, וואָלט אויך זיין תּמצית אַן אַנדערע געווען. משמעות, ווי איך האָב לכתחילה

געצויגן דעם שלוס, ווען זאַכן וואָלטן פון גאָט געבראַכט געוואָרן צו זיין אַנ־דערש ווי זיי זענען איצט, וואָלט גאָטס פאַרשטאַנד און ווילן, דאָס הייסט, זיין תּמצית (ווי עס ווערט צוגעגעבן) געווען על־פּי הכרח אַן אַנדערע, וואָס דאָס איז אומזיניק.

היות, אַלזאָ, ווי די דאָזיגע זאַכן האָבן נישט געקאָנט געבראַכט ווערן צו זיין פון גאָט אויף קיין אַנדער וועג און אין קיין אַנדער סדר, און היות, ווי דער אמת פון דער דאָזיגער באַהויפּטונג פאָלגט פון גאָטס העכסטער פולקאָ־מענהייט, לכן, קאָן קיין געזונטע פאַרנונפט אונז נישט מאַכן גלויבן, אַז גאָט האָט נישט געוואָלט באַשאַפן אַלע זאַכן, וועלכע זענען געווען אין זיין פאַרשטאַנד און צו באַשאַפן זיי אין דער זעלבער פולקאָמענהייט, ווי ער האָט זיי פאַרשטאַנען.

ווערט מען אָבער זאָגן, אַז אין די זאַכן איז נישט פאַראַן קיין פולקאָמענהייט אָדער אומפולקאָמענהייט. דאָס וואָס איז אין זיי, און וואָס אַ דאַנק דעם רופן זיי זיך פולקאָמען אָדער אומפולקאָמען, גוט אָדער שלעכט, הענגט־אָפּ נאָר פון גאָטס ווילן, און פאָלגלעך וואָלט גאָט געוואָלט, וואָלט ער אַזוי געקאָנט באַווירקן, אַז דאָס וואָס עס איז איצט פולקאָמענהייט זאָל ווערן די העכסטע אומפולקאָמענהייט. וואָס איז אָבער אַזאַ באַהויפּטונג, אויב נישט קיין אָפענע דעקלאַראַציע, אַז גאָט, וועלכער אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאַרשטייט וואָס ער וויל, זאָל דורך זיין אייגענעם ווילן קאָנען באַווירקן, אַז ער זאָל פאַרשטיין זאַכן אַנדערש ווי ער פאַרשטייט זיי? דאָס איז, ווי מיר האָבן נאָר וואָס באַוויזן, העכסט אומזיניג. דעריבער, קאָן איך צוריקווענדן דעם זעלבן אַרגומענט קעגן די, וואָס באַנוצן זיך מיט אים, אויפן פאָלגענדן אופן: אַלץ הענגט אָפּ פון דער מאַכט פון גאָט. כּדי, אַלזאָ, זאַכן זאָלן זיין אַנדערש איידער זיי זענען, וואָלט גאָטס ווילן על־פּי הכרח געדאַרפט זיין אַנדערש. גאָטס ווילן קאָן אָבער נישט זיין אַנדערש (ווי מיר האָבן נאָר וואָס אויף דעם דייטלעכסטן אופן געצייגט) פון גאָטס פול־קאָמענהייט, דעריבער, קאָנען אויך די זאַכן נישט זיין אַנדערש. איך אָנערקען, אַז די טעאָריע, וועלכע אונטערוואַרפט אַלע זאַכן דעם ווילן פון אַן אינדע־פערענטער געטלעכקייט און לאָזט אַלץ צו זיין אָפּהענגיג פון זיין דעקרעט, איז נישט אַזוי ווייט פון דעם אמת, ווי די טעאָריע פון די, וועלכע נעמען אָן, אַז אין אַלץ וואָס גאָט טוט, צילט ער צום גוטן. מחמת, די לעצטע זע־הען אויס אויפצושטעלן עפּעס וואָס איז מחוץ פון גאָט, וואָס הענגט נישט אָפּ פון גאָט און אויף וואָס גאָט, בעת ער ווירקט, קוקט ווי אויף אַ מוסטער, אָדער צו וואָס ער שטרעבט ווי צו אַ באַשטימטען ציל. דאָס מיינט, באמת, נישט אַנדערש ווי אונטערוואַרפן גאָט צו דעם שיקזאַל; מער אומזיניגס איידער דאָס קאָן נישט געזאָגט ווערן וועגן גאָט, וועגן דעם, מכּוח וועמען מיר האָבן באַוויזן, אַז ער איז די ערשטע און די איינציגע פרייע סיבה פון

דער תּמצית פון אַלע זאַכן און אויך פון זייער עקזיסטענץ. עס איז, דערכּאַר, נישט נייטיג פאַר מיר צו פאַרלירן מער צייט פאַר דער ווידערלייגונג פון אַזעלכע ווילדע טעאָריעס.

זאַץ XXXIV. גאָטס מאַכט איז אידענטיש מיט זיין תּמצית.

באַווייז. פון דער נויטווענדיגקייט בלויז פון גאָטס תּמצית פאָלגט, אַז גאָט איז די אורזאַך פון זיך גופא (זאַץ XI) און פון אַלע זאַכן (זאַץ XVI און זיין שלוסזאַץ), דעריבער איז גאָטס מאַכט, דורך וועלכער ער און אַלע זאַכן עקזיסטירן און ווירקן, אידענטיש מיט זיין תּמצית. ו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXV. אַלץ, וואָס מיר באַגרייפן אַלס עפּעס אַ זעלכעס, וואָס איז אין דער מאַכט פון גאָט, עקזיסטירט על פּי הכרח.

באַווייז. אַלץ וואָס איז אין גאָטס מאַכט מוז (לויט דעם לעצטן זאַץ) באַגריפן ווערן אין זיין תּמצית אַזוי, אַז עס איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַ פּועל יוצא דערפון, און דעריבער עקזיסטירט עס אויף אַ נויטווענדיגן אופן. ו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXVI. עס איז נישט פאַראַן אַזאַ אורזאַך, וואָס פון איר נאַטור זאָל אַ וועלכע עס איז ווירקונג נישט פאָלגן.

באַווייז. אַלץ וואָס עקזיסטירט דריקט אויס גאָטס נאַטור אָדער תּמצית אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן (שלוס-זאַץ צו זאַץ XXV), דאָס הייסט (לויט זאַץ XXXIV) אַלץ וואָס עקזיסטירט דריקט אויס אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן גאָטס מאַכט, וועלכע איז די סיבה פון אַלס זאַכן, און ממילא מוז (לויט זאַץ XVI) אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַ ווירקונג פאָלגן. ו. א. ג. צ. ב.

## הוספה

אין די דאָזיגע זאַצן האָב איך ערקלערט די נאַטור און די אייגנשאַפטן פון גאָט. איך האָב באַוויזן, אַז ער עקזיסטירט אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אַז ער איז איינער; אַז ער איז און ער האַנדלט דורך דער נויטווענדיגקייט פון זיין אייגענער נאַטור; אַז ער איז די פרייע אורזאַך פון אַלע זאַכן, און ווי אַזוי ער איז דאָס; אַז אַלץ איז אין גאָט און הענגט-אָפּ פון אים, אַזוי אַז אָן אים וואָלט קיין זאַך נישט געקאָנט זיין און נישט געקאָנט באַגריפן ווערן; ענדלעך, אַז אַלע זאַכן זענען פון גאָט פאָראויסבאַשטימט געוואָרן נישט דורך זיין פרייען ווילן אָדער אַבסאָלוטן דעקרעט, נאָר פון דעם עצם נאַטור פון גאָט אָדער אומענדלעכער מאַכט. ווייטער האָב איך איבעראַל, וואו נאָר עס איז געווען אַ געלעגנהייט, געזוכט צו מאַכן אַ סוף צו אַלע פאָראורטיילן, וועלכע וואָלטן געקאָנט שטערן דער אויפפאַסונג פון נייע באַווייזן. דאָך בלייבן נאָך נישט ווייניג מיספאַרשטענדענישן, וואָס האָבן געקאָנט און קאָנען זיין אַ גרויסע מניעה

צו דער אויפפאַסונג פון דעם צוזאַמענהאַנג פון זאַכן, אויף דעם אופן ווי איך האָב אים אַנטוויקלט. דעריבער האָב איך געדענקט, אַז עס לוינט זיך נעמען די מיה אויף צו ברענגען די דאָזיגע מיספאַרשטענדענישן פאַר דעם משפּט פון דער פאַרנונפט.

אַלע, די דאָזיגע פאַראורטיילן וואָס איך דענק דאָ אַרויסצורעדן נעמען זיך פון דעם באַגריף, וועלכער איז שטאַרק פאַרשפרייט, אַז אַלע זאַכן אין דער נאַטור האַנדלען ווי די מענטשן גופא האַנדלען, נעמלעך, אין זינען האָבנדיג אַ צוועק. עס איז אָנגענומען פאַר זיכער, אַז גאָט אַליין ווענדט אַלע זאַכן צו אַ באַשטימטן צוועק (מחמת עס ווערט געזאָגט, אַז גאָט האָט געמאַכט אַלץ פאַר דעם מענטשנס וועגן און צוליב אים דערפאַר, כּדי ער, דער מענטש זאָל אים פאַרערן). איך וועל דערפאַר באַטראַכטן די דאָזיגע מיינונג, פריִער ערשטנס, פאַר וואָס האָט זי געוואונען אַלגעמיינעם צוטרוי, און פאַרוואָס זענען אַלע מענטשן פון דער נאַטור גענייגט זי אָנצונעמען? צווייטנס וועל איך אָנווייזן די אומריכטיגקייט פון דער דאָזיגער מיינונג, און ענדלעך וועל איך צייגן ווי אַזוי פון דער דאָזיגער מיינונג זענען אַנטשטאַנען די פאַראורטיילן וועגן גוט און שלעכט, רעכט און אומרעכט, לויב און טאַדל, אָרדנונג און אומאָרדנונג, שיינקייט און העסלעכקייט, און דאָס גלייכן. דאָ איז דאָך נישט דער אָרט אַרויסצודרינגען די דאָזיגע מיספאַרשטענדענישן פון דער נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט. דאָ וועט זיין גענוג, ווען איך וועל אָנגעמען אַלס גרונדזאַץ, דאָס וואָס אַלע מוזן צוגעבן; נעמלעך: אַז אַלע מענטשן ווערן געבוירן אומבאַוואוסטזיניג אין די אורזאַכן פון זאַכן, אַז אַלע האָבן אַ באַשטרעב צו זוכן, וואָס איז נוצלעך פאַר זיי, און אַז זיי זענען באַוואוסטזיניג אין דעם דאָזיגן באַשטרעב. דערפון פאָלגט, ערשטנס, אַז מענטשן האַלטן, אַז זיי זענען פריי, מחמת, זיי זענען באַוואוסטזיניג אין זייער וועלן און באַשטרעבן, און אין זייער אומוויסנהייט חלומן זיי אַפילו נישט וועגן די אורזאַכן, וואָס אַ דאַנק זיי זענען זיי גענייגט אַזוי צו וועלן און באַשטרעבן. צווייטנס פאָלגט דערפון דאָס, וואָס מענטשן טוען אַלץ לשם אַ צוועק; נעמלעך, לשם דעם נוצלעכן, וואָס זיי באַגערן, און דערפאַר קומט-אויס, וואָס זיי זוכן צו וויסן בלויז די ענדלעכע סיבות פון געשעענישן, און ווען זיי האָבן די דאָזיגע סיבות געלערנט צו וויסן, זענען זיי שוין צופרידן, ווייל זיי האָבן שוין מער נישט קיין אורזאַך צו זיין אין ספקות. קאָנען זיי אָבער נישט דערפאַרן די דאָזיגע סיבות פון אַנדערע אויסנווייניגסטע קוואַלן, בלייבט זיי קיין אַנדער זאַך נישט ווי זיך ווענדן צו זיך זעלבסט און נאָכצוטראַכטן וועגן דעם צוועק, וואָס וואָלט זיי פערזענלעך באַוועגט אַרויסצורופן די געגעבענע געשעעניש, און אַזוי אַרום אורטיילן זיי אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַנדערע נאַטורן לויט זייער אייגענער נאַטור. ווייטער, אַזוי ווי זיי געפינען אינווייניג אין זיך און

אויסנווייניג פון זיך אַלערליי מיטלען, וואָס העלפען זיי נישט קיין קליין ביסל אין זייער זוכעניש פון דעם וואָס איז נוצלעך, ווי למשל, די אויגן צום זעהן, די ציין צום קייען, פלאַנצן און חיות צום עסן, די זון צום לייכטן, די טייכן, דעם ים צו האָדעווען די פיש, און אַזוי ווייטער, קומט עס שוין ביי זיי אויס, אַז אַלץ אין דער נאַטור איז נישט מער ווי אַ מיטל פאַר זייערע באַקוועמלעכקייטן. און אַזוי ווי זיי ווייסן, אַז זיי האָבן די דאָזיגע מיטלען געפונען און נישט געשאַפן, דענקען זיי, אַז זיי האָבן אַן אורזאַך צו גלויבן, אַז אַנדערע וועזנס האָבן צוגעגרייט די דאָזיגע מיטלען פאַר זייער נוצן וועגן. מחמת, נאָכדעם ווי זיי באַטראַכטן זאַכן אַלס מיטלען, קאָנען זיי נישט גלויבן, אַז זיי האָבן זיך זעלבסט באַשאַפן, אורטיילנדיג אָבער פון די מיטלען, וואָס זיי זענען געוואוינט צוצוגרייטן פאַר זיך אַליין, זענען זיי געצוואונגען צו גלויבן אין אַ מושל אָדער מושלים איבער דער אוניווערס, וואָס זענען באַגאַבט מיט מענטשלעכע פרייהייט, און וועלכע האָבן אַלץ איינגעאָרדנט און צוגעפאַסט פאַר דעם נוצן פון די מענטשן. זיי מוזן שאַצן די נאַטור פון אַזעלכע מושלים (נישט האָבנדיג קיין אינפאָרמאַציעס איבער דעם געגנשטאַנד) לפי זייער אייגענער נאַטור, און דעריבער נעמען זיי אָן, אַז די געטער האָבן אַלץ באַשטימט פאַר דעם נוצן פון די מענטשן, כדי צוצובינדן דעם מענטשן צו זיך, און פון אים אויף דעם העכסטן אופן פאַרערט צו ווערן. דערפון נעמט זיך וואָס איטלעכער האָט אויסגעטראַכט פאַר זיך אַליין, לפי זיינע פעהיגקייטן, אַ פאַרשיידענעם וועג ווי גאָט צו פאַרערן, כדי ער זאָל אים האָבן מער איידער די אַנדערע, און כדי ער זאָל ריכטן דעם גאַנצן קורס פון דער נאַטור פאַר דער באַפרידיגונג פון זיין בלינדער גייציגקייט און פון דער קיין מאָל נישט זאַט ווערנדיגער זשעדנעקייט. און אַזוי אַרום האָט זיך דער פאַראורטייל פאַרוואַנדלט אין אַבערגלויבן און האָט טיפע וואָרצלען געשלאָגן אין דעם מענטשלעכן גייסט, און אויס דעם דאָזיגן גרונד האָט איטלעכער מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג געזוכט צו דערקענען און צו ערקלערן די ענדלעכע סיבות פון זאַכן. אין זייער באמיהונג אָבער צו צייגן, אַז די נאַטור טוט קיין זאַך נישט אומזיסט, דאָס הייסט, קיין זאַך נישט, וואָס זאָל נישט דינען דעם נוצן פון דעם מענטשן, האָבן זיי, זעהט אויס, בלויז באַוויזן, אַז די נאַטור און די געטער זענען אַזוי זינלאָז ווי די מענטשן. לאָמיר נאָר, איך בעט אייך, זעהן וואוהין דאָס פירט סוף כל סוף: צווישן פילס אין דער נאַטור, וואָס איז נוצלעך, האָבן זיי געמוזט געפינען נישט ווייניג וואָס איז שעדלעך, ווי שטורעמס, ערד-ציטערנישן, קראַנקהייטן און אַזוי ווייטער. דאָס, האָבן זיי ערקלערט, נעמט זיך דערפון וואָס די געטער זענען ברוגז אויף די מענטשן פאַר דעם שלעכטס וואָס זיי טוען, אָדער פאַר די פעלערן וואָס זיי באַגייען בעת זיי דינען גאָט. די דערפאַרונג האָט פון טאָג צו טאָג פראָ-

טעסטירט און האָט דורך אָן אַ שיעור ביישפּילן געצייגט, אַז גוטער און שלעכטער מזל פאַלן־אויס גלייך אויף דעם גורל פון דעם גלויביגן און אומגלויביגן; דאָך האָבן זיי נישט אויפגעגעבן זייערע טיף איינגעוואָרצלטע פאַראורטיילן. דען עס איז אַ סך גרינגער געווען פאַר זיי צוצורעכענען די דאָזיגע סתירות צו די אַנדערע זאַכן, וועלכע קאָנען נישט דערקענט ווערן, און וואָס זייער נוצן איז זיי אומבאַקאַנט, און אַזוי אַרום איינצוהאַלטן זייער געגנוואַרטיגן און איינגעבוירענעם צושטאַנד פון אומוויסנהייט, איידער צו צעשטערן דאָס גאַנצע געוועב פון זייערע לאָגישע באַווייזן און אָנצוהייבן פון דאָס ניי. זיי האָבן דערפאַר אָנגענומען אַלס אַן אַקסיאָמע, אַז די אורטיילן פון גאָט איבערשטייגן ווייט די מענטשלעכע אויפפאַסונגס־קראַפט. אַזאַ לערע וואָלט געווען גענוג אויף אייביג צו פאַרבאָרגן דעם אמת פון דעם מענטשן־געשלעכט, ווען די מאַטעמאַטיק, וועלכע באַשעפטיגט זיך מיט דעם תמצית און אייגנשאַפטן פון געשטאַלטן, און נעמט דערביי נישט אין איינבאַטראַכט קיינע ענדלעכע אורזאַכן, וואָלט נישט געצייגט דעם מענטשן אַן אַנדער ריכט־שנור פאַר דעם אמת. פאַראַן אנדערע אורזאַכן וואָס עס איז איבעריג זיי דאָ צו דערמאָנען אַחוץ דער מאַטעמאַטיק, וועלכע האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די מענטשן צו די דאָזיגע פאַראורטיילן און האָבן געפירט זיי צו דער ריכטיגער דערקענטעניש פון זאַכן. איך האָב איצט אויף אַ גענוגנדן אופן ערקלערט מיין ערשטן פונקט. עס איז נישט נייטיג זיך פיל צו פאַרשפּרייטן וועגן דעם, אַז די נאַטור האָט נישט קיין באַזונדער פאָראויסגעזעצטן צוועק, און אַז די ענדלעכע אורזאַכן זענען בלויז מענטשלעכע איינבילדונגען. דאָס, גלויב איך, איז שוין קלאָר גענוג פון די אורזאַכן און די יסודות, וואָס אויף זיי זענען אַזעלכע פאָראורטיילן באַגרינדעט, און אויך פון זאַץ XVI און דעם שלוסזאַץ צו זאַץ XXXII און פון אַלע, באמת, זאַצן, וואָס אין זיי האָב איך געצייגט, אַז אַלץ אין דער נאַטור גייט אָן על פּי אַ געוויסער אייביגער נויטווענדיגקייט און מיט דער העכסטער פולקאָמענהייט. דאָך, וועל איך צוגעבן אייניגע באַמערקונגען, כּדי מבטל צו זיין די דאָזיגע לערע. דאָס וואָס איז אייגנטלעך אַ סיבה באַטראַכט די דאָזיגע לערע אַלס אַ פּעולה און אומגעקערט; זי מאַכט דאָס וואָס איז פון דער נאַטור פריהער צו זיין, דאָס שפּעטסטע, און דאָס וואָס איז דאָס העכסטע און פולקאָמענסטע צו זיין, דאָס אומפאָלקאָמענסטע. נישט אָנרירנדיג די פראַגן פון אורזאַך און פריאָריטעט, ווייל זיי זענען זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז עס קלאָר פון זאַצן XXI, XXII און XXIII, אַז די יענינע פּעולה איז די פולקאָמענסטע, וואָס ווערט פון גאָט אוממיטלבאַר אַרויסגעבראַכט, און וואָס מער פאַרמיטלערישע אורזאַכן אַ ווירקונג באַדאַרף כּדי אַרויסגעבראַכט צו ווערן, אַלץ אומפולקאָמענער איז זי. אויב אָבער די זאַכן, וועלכע זענען אוממיטלבאַר פון גאָט געמאַכט געוואָרן,

זענען געמאַכט געוואָרן, כּדי ער זאָל קאָנען זיין ציל דערגרייכן, יעמאָלט זענען די זאַכן וואָס קומען שפּעטער, וואָס צוליב זיי זענען די ערשטע געמאַכט געוואָרן, אויף אַ נויטוועגדיגן אופן די פּאָרטרעפלעכסטע פון אַלע.

ווייטער, די דאָזיגע לערע מאַכט אַוועק מיט דער פולקאָמענהייט פון גאָט: מחמת, אויב גאָט האַנדלט לשם אַ צוועק, באַגערט ער, הייסט עס, על פּי הכרח עפּעס וואָס אים פעלט. געוויס מאַכן די טעאָלאָגן און די מעטאַפיזיקער אַ חילוק צווישן דעם צוועק פון דער באַדערפעניש און דעם צוועק פון אַ. ס. מ.-פּירונג, דאָך זענען זיי מודה, אַז גאָט האָט אַלץ געמאַכט לשם זיך גופא און נישט לשם-היצירה. זיי קאָנען נישט אָנצייגן אויף קיין זאַך פון פאַר בריאת העולם אַחוץ גאָט אַליין, צוליב וואָס גאָט זאָל האָבן געהאַנדלט, און זיי זענען דעריבער געטריבן צוצוגעבן (ווי דאָס איז קלאָר, אַז זיי מוזן), אַז גאָט פעלן אויס די דאָזיגע זאַכן, וואָס פאַר זייער דערגרייכונג האָט ער די מיטלען באַשאַפן, און נאָך מער, אַז ער האָט פאַר זיי געהאַט אַ באַגער.

דערביי דאַרפן מיר נישט פאַרגעסן, אַז די אָנהענגער פון דער דאָזיגער לערע, אין זייער אַנגסט אַרויסצווייזן זייער שאַרפזין אין דער צוועקבאַשטימטקייט פון זאַכן, האָבן אַרויסגעבראַכט אַ נייעם אופן פון אַרגומענטירן פאַר דעם באַווייז פון זייער לערע, נעמלעך, די רעדוציירונג נישט צו דער אוממעגלעכקייט, נאָר צו דער אומוויסנהייט; דאָס צייגט, אַז זיי האָבן נישט קיין אַנדער מיטל צו באַווייזן זייער לוסט. איז למשל אַ שטיין פון דאַך געפאַלן אויף עמיצנס קאָפּ און האָט אים געטייט, באַווייזן זיי אויף דעם פאָלגענדן אופן:

אַז דער שטיין איז געפאַלן בכדי צו הרגענען דעם מענטשן: וואָלט דער שטיין נישט נאָך דעם ווילן פון גאָט צוליב דעם דאָזיגן צוועק אַרונטערגעפאַלן, ווי וואָלט'ן געקאָנט אַזוי פיל אומשטענדן (און גאַנץ אָפט זענען פאַראַן אַ סך מיטווירקנדע אומשטענדן) זיך צוזאַמענטרעפן דורך אַ צופאַל? וועט מען אפשר ענטפערן, אַז דאָס קומט דערפון, וואָס דער ווינט האָט געבלאָזן, און דער מענטש איז דאָרט פאַרבייגעגאַנגען, פרעגן זיי יעמאָלט ווידער, פאַר וואָס האָט דער ווינט געבלאָזן, און פאַר וואָס איז דער מענטש גראָד יעמאָלט דאָרט געגאַנגען? אויב מען וועט דערויף ווידער ענטפערן, אַז דער ווינט איז אַנטשטאַנען, ווייל דער ים האָט מיט אַ טאָג פריהער נאָך אַ רוהיגן וועטער אָנגעהויבן ווערן שטורמיש, און דער מענטש איז איינגעלאַדן געוואָרן פון אַ פריינט, וועלן זיי ווידער קומען מיט די שאלות, ווייל דאָס פרעגן האָט דאָך קיין גרענעץ נישט — אָבער פאַרוואָס איז דער ים געווען שטורמיש, פאַרוואָס איז דער מענטש צו יענער צייט געווען איינגעלאַדן? אַזוי וועלן זיי אָנהאַלטן זייערע פראַגן פון אורזאַך צו אורזאַך ביז מען וועט מוזן ענדלעך

זיך געפינען אַ שוץ־אָרט אין דעם ווילן פון גאָט, דאָס הייסט, אין דעם בית המקדש פון אומוויסנהייט. אַזוי אויך, ווען זיי באַטראַכטן דעם בוי פון מענטשלעכן קערפּער שטוינען זיי, און מחמת זיי קאָנען נישט וויסן די אורזאַכן פון אַזאַ הויכן קונסטווערק, שליסן זיי, אַז ער איז צונויפגעזעצט געוואָרן נישט מעכאַניש, נאָר דורך געטלעכער און אומנאַטירלעכער קונסטאַרבעט, און אויף אַזאַ אופן, אַז איין טייל זאָל דער אַנדערער נישט שעדיגן.

יעדער איינער, דעריבער, וואָס פאָרשט די אמתע אורזאַכן פון דער נאַטור, און שטרעבט צו פאַרשטיין די נאַטירלעכע ערשיינונגען ווי אַן אינטעליגענט וועזן, און נישט צו קוקן אויף זיי מיט נייגעריגקייט ווי אַ נאַר, ווערט געהאַלטן פאַר אַ זינדיגן אפיקורוס, און ווערט פאַרשריגן פון די, וואָס זיי פאַרערט דאָס פאָלק אַלס די דאָלמעטשער פון דער נאַטור און פון די געטער. אַזעלכע מענטשן ווייסן, אַז ווען עס וועט אָוועקגעראַמט ווערן די אומוויסנהייט, וועט אויך אַוועקפאַלן דער וואונדער אַלס דער איינציגער מיטל, וואָס זיי האָבן אויף צו באַווייזן און אויף אָנצוהאַלטן זייער אַווטאָריטעט. אָבער איך לאָז גיין דעם דאָזיגן געגנשטאַנד און איך גיי איבער צו מיין דריטן פונקט.

נאָכדעם ווי די מענטשן האָבן זיך איינגעבילדעט, אַז אַלץ וואָס איז באַשאַפן געוואָרן, איז פון זייערטוועגן באַשאַפן געוואָרן, האָבן זיי געמוזט אין יעדער זאַך באַטראַכטן אַלס דעם עיקר קוואַליטעט דאָס, וואָס איז פאַר זיי אַליין פון דער גרעסטער נוצלעכקייט, און צו שאַצן אַלס די העכסטע די דאָזיגע זאַכן, וועלכע האָבן די פאָרטיילהאַפטיקסטע ווירקונג אויף דער מענטשהייט. דערצו האָבן זיי געמוזט, כדי צו ערקלערן די נאַטור פון זאַכן, בילדן אַזעלכע אַבסטראַקטע באַגריפן ווי גוטסקייט, שלעכטסקייט, אָרדנונג, אומאָרדנונג, וואַרעמקייט, קאַלטקייט, שיינקייט, מיאוסקייט און אַזוי ווייטער; און פון דעם גלויבן אַז זיי זענען פרייע מענטשן, זענען אַנטשטאַנען די באַגריפן לויב און טאַדל, חוב און זכות.

וועגן די לעצטע וועל איך רעדן נאָכדעם, ווען איך וועל באַהאַנדלען די מענטשלעכע נאַטור. די ערשטע וועל איך דאָ אין קורצן ערקלערן.

אַלץ וואָס פירט צו וואוילזיין און צו דער פאַרערונג פון גאָט האָבן זיי אָנגערופן גאָט, אַלץ וואָס הינדערט די דאָזיגע צוועקן — שלעכט, און אַזוי ווי די וואָס פאַרשטייען נישט די נאַטור פון זאַכן באַשטעטיגן נישט די ריכטיגקייט פון זאַכן, נאָר שטעלן זיך בלויז פאָר די זאַכן און נעמען אָן די פאָרשטעלונג פאַר פאַרשטאַנד, גלויבן אַזעלכע מענטשן פעסט, אַז עס איז פאַראַן אַ סדר אין די זאַכן, מחמת זיי זענען אומוויסנד וועגן די זאַכן און וועגן זייער אייגענער נאַטור. ווען זאַכן זענען פון אַזאַ אַרט, וואָס די איינדרוקן,

וועלכע זיי מאַכן אויף אונזערע חושים, כּאָדערן נישט קיין סך אָנשטרענגונג פון אונזער איינבילדונגסקראַפט, און קאָנען דעריבער לייכט געהאַלטן ווערן אין זיכּרון, זאָגן מיר, אַז זיי זענען גוט איינגעאָרדנט, אין פאַל פון היפּוך, אָבער, זאָגן מיר, אַז זיי זענען שלעכט איינגעאָרדנט, אָדער פאַרפּלאָנטערט. און היות, ווי זאַכן, וואָס זענען לייכט זיך פאָרצושטעלן, זענען מער איינגענעם, ציהען די מענטשן פאָר אָרדענונג פון פלאָנטער — גלייך ווי עס וואָלט געווען וועלכע עס איז אָרדענונג אין דער נאַטור אָפּגעזונדערט פון אונזער פאָרשטעלונג, און זאָגן, אַז גאָט האָט באַשאַפן אַלע זאַכן אין אָרדענונג; און אַזוינאָך, נישט ווויסנדיג, שרייבן זיי צו פאָרשטעלונג צו גאָט, סיידן זיי מיינען אפשר באמת, אַז גאָט, זאָרגנדיג פאַר דער מענטשלעכער פאָרשטעלונג, האָט אַלע זאַכן אויף אַזאַ אופן אויסגעשטעלט, אַז די מענטשן זאָלן קענען זיך אַמלייכסטן זיי פאָרשטעלן. אויב דאָס זאָל זיין זייער טעאָריע, וועלן זיי אפשר נישט אַנטמוטיגט ווערן דערפון, וואָס מיר געפינען אַן אומענדלעכע צאָל ערשיינונגען, וועלכע איבערשטייגן אונזער פאָרשטעלונג, און זייער פיל ערשיינונגען, וועלכע צעטומלען איר שוואַכקייט. אָבער גענוג וועגן דעם. די איבעריגע באַגריפן זענען נישט מער איידער פאָרשטעלונג-מאָדוסן, וואָס אין זיי ווערט די פאָרשטעלונג אויף פאַרשיידענע אופנים באַרירט, הגם זיי ווערן פון די אומוויסנדע באַטראַכט אַלס די הויפּט-אַטריבוטן פון זאַכן, אויף וויפיל זיי גלויבן, אַז זאַכן זענען פון זייערענטוועגן באַשאַפן געוואָרן, און די נאַטור פון אַ זאַך הייסט ביי זיי גוט אָדער שלעכט. געזונט, אָדער פויל און פאַרדאָרבן, לפי דער ווירקונג וואָס די זאַך מאַכט אויף זיי. אויב, למשל, די באַוועגונג, וועלכע די געגנשטאַנדן, וואָס מיר זעהען טייל מיט צו די נערוון, איז נוצלעך פאַר אונזער וואויל-זיין, רופן מיר די געגנשטאַנדן, וועלכע האָבן פאַראורזאַכט די באַוועגונג שיינע, אויב זיי רופן אַרויס אַ געגנזעצלעכע באַוועגונג, רופן מיר זיי העכערע.

זאַכן וואָס מיר דערגרייכן מיטן חוש פון שמעקן רופן מיר שמעקעדיגע אָדער שטינקעדיגע; אויב מיט דעם חוש פון פאַרזוכן — זיס אָדער ביטער, געשמאַק אָדער געשמאַקלאָז; אויב מיט דעם חוש פון טאַפּן — האַרט אָדער ווייך, גלאַט אָדער — אומגלאַט און אַזוי ווייטער.

דאָס וואָס רעגט אויף אונזערע אויערן ברענגט אַרויס, זאָגן מיר, גערויש, קלאַנג פון האַרמאָניע. דאָס לעצטע האָט אזוי פאַרבלענדט די מענטשן, אַז זיי גלויבן, אַז אַפילו גאָט אַליין האָט הנאה פון דער האַרמאָניע. עס פעלן אויך נישט קיין פילאָסאָפן, וואָס האָבן זיך איינגעבילדעט, אַז די הימלישע באַוועגונגען בילדן אַ האַרמאָניע. דאָס אַלץ צייגט דייטלעך, אַז יעדער איינער אורטיילט איבער זאַכן לפי דעם באַשאַף פון זיין מאַרך, אָדער נאָכמער, ער נעמט אָן פאַר זאַכן די אויפרעגונגען פון זיין איינבילדונגס-קראַפט. עס איז

דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס עס זענען אַנטשטאַנען, ווי מיר האָבן דערפֿאַרן, אַזוי פיל ספסוקים און, ענדלעך, אויך דער סקעפּט׳ציזם. דען הגם די מענטשלעכע קערפּער פּאַרגלייכן זיך אין פיל איינער מיט דעם אַנדערן, דאָך אונטערשיידן זיי זיך על פי רוב איינער פון דעם אַנדערן, און דערפאַר איז דאָס וואָס זעהט אויס גוט צו איינעם, זעהט אויס שלעכט צום אַנדערן, וואָס צו איינעם זעהט אויס גוט איינגעאָרדנט, זעהט אויס צום אַנדערן פאַר־פלאָנטערט, וואָס צו איינעם איז איינגענעם איז צום צווייטן נישט איינגענעם און אַזוי ווייטער, אין וואָס איך דאָ מיך וויל נישט אַריינלאָזן, טיילווייז דער־פאַר, וואָס דאָ איז אייגנטלעך נישט דער אָרט וועגן דעם צו רעדן, און טייל־ווייז דערפאַר וואָס דער פאַקט איז גוט גענוג באַקאַנט. מחמת יעדער איינער ווייסט די אויסדרוקן: „וויפיל מענטשן אַזוי פיל געדאַנקן”, „יעדערער איז קלוג אויף זיין אייגענעם אופן”, „וויפיל מוחות אַזוי פיל גומענס”. די דאָזיגע שפּריכווערטער צייגן, אַז מענטשן אורטיילן איבער זאַכן לויט דער נייגונג פון זייער גייסט, און אַז זיי בילדן זיך ליבערשט איין זאַכן, איידער זיי צו דער־קענען. דען ווען זיי וואָלטן דערקענט זאַכן, וואָלטן זיי ווי די מאַטעמאַטיק ווייזט עס, אויב נישט צוגעצויגן געוואָרן, לכל הפּחות איבערצייגט געוואָרן פון דעם, וואָס איך האָב אָנגעוויזן.

מיר זעהען, אַלזאָ, אַז אַלע באַגריפן, וואָס דורך זיי פלעגט געוויינטלעך די נאַטור ערקלערט ווערן, זענען נאָר פאָרשטעלונגס-מאָדוסן, און זיי צייגן אָן נישט די נאַטור פון זאַכן, נאָר בלויז דעם צושטאַנד פון דער איינבילדונגס־קראַפט, און הגם זיי האָבן נעמען ווי פון מהותן, וועלכע זענען ווירקלעך אויסערהאַלב דער פאָרשטעלונג, דאָך רוף איך זיי נישט פאַרנונפטזאַכן, נאָר זאַכן פון דער איינבילדונגס-קראַפט. אַזוינאָך קאָנען אַלע אַרגומענטן, וועלכע זענען אָנגעווענדט געגן אונז אויף דעם גרונד פון אַזעלכע באַגריפן, לייכט צוריקגעשלאָגן ווערן.

אַ סך פלעגן אויך אַזוי אַרגומענטירן: אויב אַלץ פאָלגט פון דער נויט־ווענדיגקייט פון דער אַבסאָלוט פולקאָמענער נאַטור פון גאָט, פאַר וואָס-זשער זענען פאַראַן אַזוי פיל אומפולקאָמענהייטן אין דער נאַטור, ווי זאַכן פאַ־דאָרבענע ביז צו פוילקייט, עקלהאַפטע פאַרקריפּלונג פון זאַכן, פאַראירונג, איבל, זינד און אַזוי ווייטער? די דאָזיגע חוקרים ודורשים ווערן, ווי איך האָב פריהער געזאָגט לייכט צוריקגעשלאָגן; מחמת די פולקאָמענהייט פון זאַכן מוז אָפּגעשאַצט ווערן לפי זייער אייגענער נאַטור און השפּעה. זאַכן זענען נישט מער און אויך נישט ווייניגער פולקאָם, נישט דערפאַר וואָס זיי פאַרשאַפן תענוג און נישט דערפאַר, וואָס זיי באַליידיגן די חושים פון די מענטשן, נישט דערפאַר וואָס זיי זענען נוצלעך, און — נישט דערפאַר וואָס זיי זענען עקל־האַפט צו דער מענטשהייט. צו די וואָס פרעגן, פאַרוואָס גאָט דאָס נישט

אַזוי באַשאַפן אַלע מענטשן, אַז זיי זאָלן פון זייער פּאַרנונפט געלייטעט ווערן, ענטפער איך נאָר: מחמת אים האָט נישט אויסגעפעלט קיין שטאָף פאר דעם באַשאַף פון יעדער מדרגה פון פולקאָמענהייט, פון דער העכסטער ביז דער נידעריגסטער, אָדער, נאָך שטרענגער גערעדט, מחמת די געזעצן פון דער נאַטור זענען אַזוי ווייט אומפאַסנד, אַז זיי זענען גענוג, אויף אַרויסצוברענגען אַלץ וואָס קאָן נאָר באַגריפן ווערן פון אַן אומענדלעכן פאַרשטאַנד, ווי איך האָב עס געצייגט אין זאַץ XVI.

דאָס זענען עס די פּאראורטיילן, וועלכע איך האָב זיך אונטערגענומען אָנצומערקן. אויב עס זענען פאַראַן נאָך פון דעם זעלבן מין, וועט שוין יעדער איינער, מיט אַביסל נאָכדענקען, קאָנען מיט זיי אַליין פאַרטיג ווערן.

# צווייטער טייל

## וועגן דער נאַטור און דעם אורשפּרונג פון דעם גייסט

איך גיי איצט אַריבער צו דער דערקלערונג פון די רעזולטאַטן, וואָס מוזן על פּי הכרח פאָלגן פון דער תּמצית פון גאָט, אָדער פון דעם, וואָס עקזיסטירט אייביק און אומענדלעך; נישט אַלע, באמת, רעזולטאַטן (דען מיר האָבן געצייגט אין טייל I, זאַץ XVI, אַז אַן אומענדלעכע צאָל פון זיי מוזן אויף אָן אַ שיעור אופנים פאָלגן פון גאָטס תּמצית), נאָר די בלויז, וואָס קאָנען ביי דער האַנט פירן צו דער דערקענטעניש פון דעם מענטשלעכן גייסט און זיין העכסטער גליקזעליגקייט.

### דעפיניציעס.

I. אונטער קערפּער פאַרשטיי איך אַ מאָדוס פון עקזיסטענץ, וואָס דריקט־אויס אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן די תּמצית פון גאָט, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס אַ זאַך, וועלכע איז אויסגעשפּרייט אין רוים (טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XXV).

II. צו דער תּמצית פון אַ זאַך, זאָג איך, געהערט דאָס וואָס ווען דאָס ווערט געגעבן, מוז שוין אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אויך די זאַך געגעבן ווערן, און ווען די תּמצית ווערט אַוועקגענומען, ווערט על פּי הכרח אויך די זאַך אַוועקגענומען; מיט אַנדערע ווערטער, דאָס, וואָס אָן דעם די זאַך, און דאָס אַליין אָן דער זאַך, קאָן נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן.

III. אונטער אידעע פאַרשטיי איך דעם באַגריף פון דעם גייסט, וואָס דער גייסט בילדעט, דערפאַר וואָס ער איז אַ דענקענדע זאַך.

ערקלערונג. איך זאָג באַגריף ליבערשט איידער עמפּינדונג, מחמת דאָס וואָרט עמפּינדונג שיינט צו מיינען, אַז דער גייסט ליידט פון דעם אָביעקט, בעת באַגריף שיינט אויסצודריקן אַן אַקטיוויטעט פון דעם גייסט.

IV. אונטער אַדעקוואַטער אידעע פאַרשטיי איך די אידעע, וועלכע, ווי ווייט זי ווערט באַטראַכט אין זיך גופא, אָן אַ שייכות צום אָביעקט, האָט אַלע אייגנשאַפטן, אָדער אינוויינינגסטע סימנים פון אַן אמתער אידעע

ערקלערונג. איך זאָג אינוויינגסטע, כדי אויסצושליסן יענעם סימן, וועלכער איז אַן אויסנווייניגסטער, נעמלעך די צונויפשטימונג פון דער אידעע מיט איר געגנשטאַנד.

V. דויער איז אַן אומבאַשטימטע פאַרטזעצונג פון דער עקזיסטענץ.

דערקלערונג. איך זאָג אומבאַשטימט, דען זי קאָן נישט באַשטימט ווערן דורך דער עקזיסטענץ זעלבסט פון דער עקזיסטירנדער זאַך, אָדער דורך דער ווירקנדער אורזאַך, וועלכע גיט אויף אַ נויטווענדיגן אופן די עקזיסטענץ פון דער זאַך, וועלכע קאָן זי אָבער פון איר נישט אַוועקנעמען.

VI. אונטער רעאַליטעט און פולקאָמענהייט פאַרשטיי איך איינס און דאָס זעלבע.

VII. אונטער איינצלנע זאַכן פאַרשטיי איך זאַכן, וואָס זענען ענדלעך און האָבן אַ באַשטימטע עקזיסטענץ; ווען אָבער עטלעכע איינצלנע זאַכן טרעפן זיך אַזוי צונויף אינאיינעם אין איין האַנדלונג, אַז זיי אַלע זענען גלייכצייטיג די ווירקונג פון איין אורזאַך, באַטראַכט איך זיי אַלע, אויף אַזוי וויט, אַלס איין איינצלנע זאַך.

## אַקסיאָמען.

I. די תמצית פון מענטשן שליסט נישט איין אין זיך נויטווענדיגע עקזיסטענץ, דאָס הייסט, על פי דעם סדר הטבע קאָן עס גראָד אַזוי גוט געמאָלט זיין, אַז דער אָדער יעדער מענטש עקזיסטירט, ווי — אַז ער עקזיסטירט נישט.

II. דער מענטש דענקט.

III. די מאָדוסן פון דענקען, ווי ליבע, באַגער, אָדער וועלכער עס איז אַנדערער, וואָס ווערט באַצייכנט מיט דעם נאָמען נשמה-באַוועגונג, קומען פאָר נאָר יעמאָלט, ווען עס איז פאַראַן אין דעם זעלבן אינדיווידן אַן אידעע פון דעם געליבטן אָדער באַגערטן געגנשטאַנד. די אידעע, אָבער, קאָן אויך עקזיסטירן, ווען עס איז נישט פאַראַן קיין אַנדער מאָדוס פון דענקען.

IV. מיר עמפינדן, ווען אַ געוויסער קערפּער ווערט אויף פילערליי אופנים באַווירקט.

V. מיר עמפינדן נישט און פילן נישט קיינע אַנדערע איינצלנע זאַכן אַחוץ קערפּער און מאָדוסן פון דענקען.

נ. ב. די פּאָסטולאַטן ווערן געגעבן הינטער זאַץ XIII.

# גרונדזאַצן.

**זאַץ I.** דאָס דענקן איז אַן אַטריבוט פון גאָט, אָדער גאָט איז אַ דענקענדע זאַך.

**באַווייז.** די איינצלנע געדאַנקן, אָדער דער און יענער געדאַנק, זענען מאָדוסן, וואָס דריקן-אויס די נאַטור פון גאָט אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן (טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XXV). גאָט, אַלזאָ, באַזיצט אַן אַטריבוט (טייל I, דעפ. V.), וואָס דער באַגריף פון אים איז אַנטהאַלטן אין אַלע איינצלנע געדאַנקען, און וואָס דורך אים ווערן די איינצלנע געדאַנקען באַגריפן. ובכן איז דאָס דענקען איינער פון די אומענדלעכע אַטריבוטן פון גאָט, וואָס דריקט אויס די אייביגע און אומענדלעכע תּמצית פון גאָט (טייל I, דעפ. VI), מיט אַנדערע ווערטער, גאָט איז אַ דענקענדע זאַך. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר אויך דערפון, וואָס מיר קאָנען באַגרייפן אַן אומענדלעך דענקענד וועזן. מחמת, וואָס מער אַ דענקענד וועזן קאָן דענקען, אַלץ מער רעאַליטעט און פולקאָמענהייט מוזן מיר אים צולייגן אין אונזער באַגריף. אַ וועזן, דעריבער, וואָס קאָן דענקען אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן אויף אַן אומענדלעכער צאָל אופנים, איז אויף אַ נויטוועדיגן אופן אומענדלעך אין דער קראַפט פון דענקען. היות, אַלזאָ ווי מיר, נעמענדיג אין אַכט בלויז דאָס דענקען, באַגרייפן אַן אומענדלעך וועזן, אִי דערפאַר דאָס דענקען (טייל I, דעפ. IV און VI) איינער פון די אומענדלעכע אַטריבוטן פון גאָט, ווי מיר האָבן עס באַהויפּטעט.

**זאַץ II.** די אויסגעשפרייטקייט איז אַן אַטריבוט פון גאָט, אָדער גאָט איז אַן אויסגעשפרייטע זאַך.

**באַווייז.** דער באַווייז פון דעם דאָזיגן זאַץ ווערט געפירט אויף דעם זעלבן אופן ווי דער באַווייז פון דעם פאָריגן זאַץ.

**זאַץ III.** אין גאָט איז פאַראַן אויף אַ נויטוועדיגן אופן די אידעע נישט נאָר פון זיין תּמצית, נאָר אויך פון אַלע זאַכן וואָס פאָלגן אויף אַ נויטוועדיגן אופן פון זיין תּמצית.

**באַווייז.** גאָט (טייל II, זאַץ I) קאָן דענקען אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן אויף אָן אַ שיעור אופנים, אָדער (וואָס לויט טייל I, זאַץ XVI איז עס דאָס זעלבע), ער קאָן בילדן די אידעע פון זיין תּמצית און פון אַלע זאַכן, וואָס פאָלגן פון זיין תּמצית. אַלץ, ווידער, וואָס איז פאַראַן אין דער מאַכט פון גאָט, איז פאַראַן אין איר אויף אַ נויטוועדיגן אופן (טייל I, זאַץ XXXV), ובכן, איז אַזאַ אידעע, וועלכע מיר באַטראַכטן דאָ, פאַראַן אויף אַ נויטוועדיגן אופן, און טאַקע אויסשליסלעך אין גאָט (טייל I, זאַץ XV) וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער ברייטער עולם פֿאַרשטייט אונטער דער מאַכט פֿון גאָט דעם פֿרייען ווילן פֿון גאָט, און זיין רעכט איבער אַלע זאַכן, וואָס עקזיסטירן, און וואָס ווערן מהאי טעמא געוויינטלעך באַטראַכט אַלס צופֿעליגע, מחמת, מען זאָגט דאָך, אַז גאָט האָט די מאַכט אַלץ צו צעשמעטערן און פֿאַרוואַנדלען אין גאָרנישט. ווייטער פֿאַרגלייכט מען זייער אָפֿט די מאַכט פֿון גאָט מיט דער מאַכט פֿון קעניגן. אָבער די דאָזיגע לערע האָבן מיר צוריקגעוויזן (טייל I, שלוסזאַצן I און II צו זאַץ XXII), און מיר האָבן געצייגט (טייל I, זאַץ XVI), אַז גאָט האַנדלט מיט דער זעלבער נויטווענדיגקייט, וואָס מיט איר דערקענט ער זיך זעלבסט, דאָס הייסט, אַז אַקוראַט אַזוי ווי עס פֿאָלגט פֿון דער נויטווענדיגקייט פֿון דער געטלעכער נאַטור (ווי אַלע נעמען־אָן איינשטימיג), אַז גאָט דערקענט זיך זעלבסט, אַזוי פֿאָלגט אויך מיט דער זעלבער נויטווענדיגקייט, אַז גאָט טוט אומענדלעכס אויף אָן אַ שיעור אופֿנים. מיר האָבן אויך געצייגט (טייל I, זאַץ XXXIV), אַז גאָטס מאַכט איז אידענטיש מיט גאָטס תּמצית און טאַט; דערפֿאַר איז פֿאַר אונז אַקוראַט אַזוי אוממעגלעך צו באַגרייפֿן, אַז גאָט איז נישט טעטיג, ווי עס איז צו באַגרייפֿן, אַז גאָט עקזיסטירט נישט. וואָלט איך באַדאַרפֿט ווייט פֿאַרפֿאָלגן דעם דאָזיגן ענין, וואָלט איך געקאָנט צייגן, אַז די מאַכט, וועלכע ווערט געוויינטלעך צוגעשריבן צו גאָט, איז נישט נאָר מענטשלעך (וואָס דאָס צייגט, אַז גאָט ווערט פֿון דעם גרויסן עולם אַלס מענטש באַגריפֿן, אָדער אַלס איינער, וואָס איז צו אַ מענטשן געגליכן), נאָר אַז זי שליסט אין זיך איין אַ פֿאַרלייקענונג פֿון מאַכט. דאָך וויל איך נישט רעדן אַזוי אָפֿט איבער איינער און דערזעלבער זאַך, איך וועל נאָר דרינגלעך בעטן דעם לעזער, אַז ער זאָל מערערע מאָל דורכדענקען איבער דעם, וואָס איך האָב געזאָגט אין דעם ערשטן טייל פֿון דעם זעכצנטן זאַץ ביז צום סוף. קיינער וועט נישט זיין בּיכולת ריכטיג אויפֿצופֿאַסן וואָס איך מיין, סיידן ער וועט זיין אויף געוויסנהאַפֿטן שטייגער פֿאָרזיכטיג נישט צונויפֿצומישן די מאַכט פֿון גאָט מיט דער מאַכט פֿון מענטשן און מיט דער רעכט פֿון קעניגן.

זאַץ IV. די אידעע פֿון גאָט, וואָס פֿון איר פֿאָלגט אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן אויף אָן אַ שיעור אופֿנים, קאָן זיין נאָר איינע.

באַווייז. דער אומענדלעכער פֿאַרשטאַנד פֿאַסט נישט אום קיין זאַך אַחוץ די אַטריבוטן פֿון גאָט און זייערע פֿאַרענדערונגען (טייל I, זאַץ XXX). נו, איז אָבער גאָט איינער (טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XIV); ובכן, קאָן די אידעע פֿון גאָט, וואָס פֿון איר פֿאָלגט אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן אויף אָן אַ שיעור אופֿנים, זיין נאָר איינע. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ V. דאָס אַקטועלע זיין פֿון אידעען אָנערקענט נאָר גאָט אַלס זיין אורזאַך, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס אַ דענקענדע זאַך, און

נישט אויף ווי ווייט ער ווערט דורך אַן אַנדער אַטריבוט ערקלערט; דאָס הייסט, די אידעען פון גאָטס אַטריבוטן, אַזוי גוט ווי פון איינצלנע זאַכן, אָנערקענען נישט די געגנשטאַנדן גופא, אָדער די געוואָר געוואָרענע זאַכן אַלס זייער ווירקנדע אורזאַך, נאָר גאָט אַליין אויף ווי ווייט ער איז אַ דענקענדע זאַך.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז אפילו קלאָר פון זאַץ III אין דעם דאָזיגן טייל. דאָרטן האָבן מיר געצויגן דעם שלוס, אַז גאָט קאָן בילדן די אידעע פון זיין תמצית און פון אַלע זאַכן, וואָס פאָלגן אויף אַ נויטוועגדיגן אופן פון גאָטס תמצית, נאָר דערפאַר וואָס ער איז אַ דענקענדע זאַך, און נישט דערפאַר וואָס ער איז דער געגנשטאַנד פון זיין אידעע. דאָס פאָרמאַלע זיין פון אידעען אָנערקענט דעריבער נאָר גאָט אַלס אורזאַך, אויף ווי ווייט ער איז אַ דענקענדע זאַך. דער דאָזיגער זאַץ קאָן אויך אַנדערש באַוויזן ווערן אויף פאָלגנדן אופן: דאָס פאָרמאַלע זיין פון אידעען איז (ווי פון זיך איז קלאָר) אַ מאָדוס פון דענקען, דאָס הייסט (טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XXV), אַ מאָדוס, וואָס דריקט אויס אויף אַ געוויסן אופן די נאַטור פון גאָט, אויף ווי ווייט ער איז אַ דענקענדע זאַך, און ער שליסט דעריבער אין זיך נישט איין (טייל I, זאַץ X) דעם באַגריף פון קיין אַנדער געטלעכן אַטריבוט, און ממילא (טייל I, אַקסיאָמע IV), איז ער אַ ווירקונג פון קיין אַנדער אַטריבוט ווי פון דעם אַטריבוט פון דענקען. דערפאַר אָנערקענט דאָס פאָרמאַלע זיין פון אידעען נאָר גאָט אַלס אורזאַך. אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס אַ דענקענדע זאַך, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ VI. די מאָדוסן פון יעדן אַטריבוט האָבן גאָט אַלס אורזאַך, אויף אַזוי ווייט נאָר ווי ער ווערט באַטראַכט דורך דעם דאָזיגן אַטריבוט, וואָס פון אים זענען זיי מאָדוסן, און נישט אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט דורך וועלכן עס איז אַנדער אַטריבוט.

באַווייז. יעדער אַטריבוט ווערט (טייל I, זאַץ X) דורך זיך גופא, אָן וועלכן עס איז אַנדערן, באַגריפן. די מאָדוסן פון יעדן אַטריבוט שליסן דעריבער אין זיך איין דעם באַגריף פון זייער אַטריבוט, אָבער נישט פון קיין אַנדערן. לכן (טייל I, אַקסיאָמע IV), האָבן זיי גאָט אַלס אורזאַך נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט באַטראַכט דורך דעם אַטריבוט, וואָס פון אים זענען זיי מאָדוסן, און נישט אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט דורך וועלכן עס איז אַנדערן אַטריבוט. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפאַר איז דאָס אַקטועלע זיין פון זאַכן, וועלכע זענען נישט קיין מאָדוסן פון דענקען, אַ פועל־יוצא פון דער געטלעכער נאַטור, נישט דערפאַר וואָס די דאָזיגע נאַטור האָט פריהער דערקענט די זאַכן. זאַכן, וואָס זענען אין די אידעען פאָרגעשטעלט, פאָלגן פון זייער אַטריבוט, און

ווערן פון אים אַרויסגעדרונגען אויף דעם זעלבן אופן און מיט דער זעלבער נויטווענדיגקייט, וואָס די אידעען פאָלגן (ווי מיר האָבן געצייגט) פון דעם אַטריבוט פון דענקען.

זאַץ VII. דער סדר און די שייכות פון אידעען איז דער זעלבער ווי דער סדר און די שייכות פון זאַכן.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון דעם ערשטן טייל, אַקסיאָמע IV, דען די אידעע פון יעדער זאַך, וואָס ווערט פאַראורזאַכט, הענגט אָפּ פון דער דעקרענטעניש פון דער אורזאַך, פון וועלכער זי איז אַ ווירקונג.

שלוסזאַץ. דעריבער איז די השפעה פון גאָטס דענקען גלייך צו דער פאַרווירקלעכטער השפעה פון זיין האַנדלונג — דאָס הייסט, אַלץ וואָס פאָלגט פון דער אומענדלעכער נאַטור פון גאָט פאָרמאַל (אין דער וועלט פון רוימלעכער אויסגעשפרייטקייט), פאָלגט אָן אַן אויסנאַם אין דעם זעלבן סדר און אין דער זעלבער שייכות פון דער אידעע פון גאָט אָביעקטיוו (אין דער וועלט פון דענקען).

אָנמערקונג. איידער מיר גייען ווייטער, מוזן מיר צוריקרופן אין אונזער זיכרון דאָס וואָס מיר האָבן אויבן אָנגעצייגט, נעמלעך, אַז אַלץ וואָס קאָן באַגריפן ווערן פון דעם אומענדלעכן פאַרשטאַנד אַלס עפּעס אַזעלכס, וואָס שטעלט צונויף די תּמצית פון דער סובסטאַנץ, געהערט נאָר צו איין סובסטאַנץ, פאָלגלעך איז די דענקענדע און די אויסגעשפרייטע איינע און די זעלבע סובסטאַנץ, וועלכע ווערט אויפגעפאַסט אַמאָל דורך איין אַטריבוט, אַמאָל דורך אַן אַנדערן. אַזוי אויך איז אַ מאָדוס פון אויסגעשפרייטקייט און די אידעע פון דעם מאָדוס, איינע און די זעלבע זאַך, הגם זי ווערט אויסגעדריקט אויף צוויי פאַרשיידענע אופנים. דעם דאָזיגן אמת, שיינט, האָבן אויך אַן אומקלאָרן אופן אָנערקענט די יידן, וועלכע האָבן אָנגענומען, אַז גאָט, גאָטס פאַרשטאַנד, און די זאַכן, וואָס ווערן פון גאָט פאַרשטאַנען, זענען איינס און דאָס זעלבע. למשל, אַ קרייז, וואָס עקזיסטירט אין דער נאַטור, און די אידעע פון דעם עקזיסטירנדן קרייז וועלכע איז אויך אין גאָט, זענען איין און די זעלבע זאַך, וועלכע ווערט דורך פאַרשיידענע אַטריבוטן אויסגעדריקט. אויף אַזאַ אופן מעגן מיר באַגרייפן די נאַטור אונטער דעם אַטריבוט פון אויסגעשפרייטקייט אָדער דורך דעם אַטריבוט פון דענקען, אָדער דורך וואָסער עס איז אַנדער אַטריבוט, וועלן מיר געפינען די זעלבע אָרדענונג, אָדער איינע און די זעלבע קייט פון אורזאַכן, דאָס הייסט, די זעלבע זאַכן אַלס פועל־יוצאס. איך האָב געזאָגט, אַז גאָט איז די אורזאַך פון אַן אידעע — למשל, פון דער אידעע פון אַ קרייז — אויף ווי ווייט ער איז דענקענדע זאַך, און פון אַ קרייז אויף ווי ווייט ער איז אַן אויסגעשפרייטע זאַך, אויס דעם פשוטן גרונד, וואָס דאָס פאָרמאַלע זיין פון דער אידעע פון אַ קרייז קאָן געוואָר

גענומען ווערן אַלס אַ נעקסטע אורזאַך נאָר דורך אַן אַנדער מאָדוס פון דענ-קען, און דער דאָזיגער מאָדוס ווידער דורך אַן אַנדערן, און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט; אַזוי אַז, אַזוי לאַנג ווי מיר באַטראַכטן זאַכן אַלס מאָ-דוסן פון דענקען, מוזן מיר ערקלערן די אָרדענונג פון דער גאַנצער נאַטור, אָדער די גאַנצע קייט פון אורזאַכן, בלויז דורך דעם אַטריבוט פון דענקען. און אויף ווי ווייט מיר באַטראַכטן זאַכן אַלס מאָדוסן פון אויסגעשפּרייטקייט, מוזן מיר ערקלערן דעם סדר פון דער גאַנצער נאַטור בלויז דורך דעם אַטרי-בוט פון אויסגעשפּרייטקייט, און אַזוי אויך אין דעם פאַל פון אַנדערע אַטרי-בוטן. דערפאַר איז גאָט, אויף אַזוי ווייט ווי ער באַשטייט פון אומענדלעכע אַטריבוטן, באמת, די אורזאַך פון זאַכן, ווי זיי זענען אין זיך זעלבסט. דייט-לעכער קאָן איך איצט נישט ערקלערן דעם דאָזיגן ענין.

זאַץ VIII. די אידעען פון איינצלנע זאַכן, אָדער פון מאָדוסן, וואָס עקזיסטירן נישט, מוזן זיין אַנטהאַלטן אין דער אומענדלעכער אידעע פון גאָט, אויף דעם זעלבן אופן, ווי די ווירקלעכע מהותן פון איינצלנע זאַכן אָדער מאָדוסן זענען אַנטהאַלטן אין די אַטריבוטן פון גאָט.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון דעם פאָריגן. ער ווערט נאָך קלאָרער פאַרשטאַנען פון דער פאָריגער אָנמערקונג.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז אַזוי לאַנג ווי איינצלנע זאַכן עקזי-סטירן נישט אַנדערש ווי נאָר אויף אַזוי ווייט ווי זיי זענען אַנטהאַלטן אין די אַטריבוטן פון גאָט, עקזיסטירן אויך די פאָרשטעלונגען אין געדאַנק, אָדער די אידעען, נישט אַנדערש ווי נאָר אויף אַזוי ווייט ווי עס עקזיסטירט די אומענדלעכע אידעע פון גאָט. און ווען מען שרייבט צו צו די איינצלנע זאַכן אַן עקזיסטענץ, וואָס איז נישט נאָר אַנטהאַלטן אין די אַטריבוטן פון גאָט, נאָר טאַקע אַ ווירקלעך דויערנדע עקזיסטענץ, וועלן זייערע אידעען אויך איינ-שליסן אין זיך אַן עקזיסטענץ, אַ דאַנק וועלכער זיי וועלן הייסן אין דער צייט דויערנדע אידעען.

אָנמערקונג. אויב עמיצער זאָל פאַרלאַנגען אַ ביישפּיל, וואָס זאָל וואַרפן מער ליכט אויף דער דאָזיגער פראַגע, האָב איך מורא אַז איך וועל נישט קאָנען געבן אים קיין איינעם, וואָס זאָל ערקלערן די זאַך, וועגן וועל-כער איך רעד דאָ, מחמת, זי איז איינציק אין איר אַרט; דאָך וועל איך פּרוּ-בירן ווי ווייט מעגלעך די זאַך צו אילוסטרירן. די טבע פון אַ קרייז איז אַזאַ, אַז אויב אַ וואָסערע עס איז צאָל פון גראָדע ליניען שניידן זיך דורך אינערהאַלב פון אים, וועלן די רעכט-עקן, וואָס בילדן זיך דורך זייערע סעג-מענטן, זיין גלייך איינער צו דעם אַנדערן. דעריבער זענען אין קרייז אַנט-האַלטן אומענדלעך פאַלן פון איינע צו די אַנדערע גלייכע רעכט-עקן. דאָך קאָן מען נישט וועגן קיין איינעם פון די דאָזיגע רעכט-עקן זאָגן, אַז ער עקזי-

סטירט, אַחוץ אויף אַזוי ווייט ווי דער קרייז עקזיסטירט. אויך קאָן מען נישט זאָגן וועגן דער אידעע פון וועלכן עס איז רעכט-עק. אַז זי עקזיסטירט, אַחוץ אויף אַזוי ווייט ווי זי איז אַנטהאַלטן אין דער אידעע פון קרייז. נו, לאָמיר אָננעמען, אַז פון יענע אומענדלעך פיל רעכט-עקן עקזיסטירן נאָר צוויי, נעמלעך, די וואָס בילדן זיך דורך די סעגמענטן פון די ליניען „ד" און „ה". די אידעען פון די דאָזיגע צוויי עקזיסטירן איצט נישט נאָר אויף אַזוי ווייט ווי זיי זענען אַנטהאַלטן אין דער אידעע פון דעם קרייז, נאָר אויך אויף אַזוי ווייט ווי זיי שליסן אין זיך איין די עקזיסטענץ פון די דאָזיגע רעכט-עקן, וואָס דערמיט אונטערשיידן זיי זיך פון די אידעען פון די איבעריגע רעכט-עקן.




זאַץ IX. די אידעע פון איין איינצלנער אין דערווירקלעכקייט עקזיסטירנדער זאַך האָט גאָט אַלס איר אורזאַך, נישט אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אומענדלעך, נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון אַן אַנדער אידעע פון אַ זאַך, וועלכע עקזיסטירט אין דער ווירקלעכקייט, און וואָס פון איר איז ער די אורזאַך, אויף ווי ווייט ער איז באַווירקט פון אַ דריטער אידעע, און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט.

באַווייז. די אידעע פון איין איינצלנער אין דער ווירקלעכקייט עקזיסטירנדער זאַך איז אַן איינצלנער מאָדוס פון דענקען, און איז פאַרשיידן פון אַנדערע מאָדוסן (טייל II, שלוסזאַץ און אָנמערקונג צו זאַץ VIII), דעריבער איז זי פון גאָט פאַראורזאַכט, אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אַ דענקענדע זאַך, אָבער נישט (טייל I, זאַץ XXVIII) אויף ווי ווייט ער איז אַן אַבסאָלוט דענקענדע זאַך, נאָר אויף אַזוי ווייט בלויז ווי ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון אַן אַנדער מאָדוס פון דענקען, און אויף ווי ווייט ער איז די אורזאַך פון דעם דאָזיגן מאָדוס, אַלס איינער וואָס איז באַווירקט פון אַ דריטן און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט. נו, די אָרדענונג און די שייכות פון אידעען איז (טייל II, זאַץ VII) די זעלבע ווי די אָרדענונג און די שייכות פון אורזאַכן. לכן, איז די אורזאַך פון דער אידעע פון אַן איינצלנע זאַך אַן אַנדער אידעע אָדער גאָט, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס מאָדיפיצירט פון אַן אַנדער אידעע. און פון דער דאָזיגער צווייטער אידעע איז גאָט די אורזאַך, אויף ווי ווייט ער איז באַווירקט פון אַן אַנדער אידעע און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. פון אַלץ וואָס געשעהט אין דעם איינצלנעם געגנשטאַנד פון יעדער אידעע איז פאַראַן דערפון אַ דערקענטעניש אין גאָט, אויף ווי ווייט ער האָט די אידעע פון דעם דאָזיגן געגנשטאַנד.

באַוויין. פון אַלץ וואָס געשעהט אין דעם געגנשטאַנד פון וועלכער עס איז אידעע, איז די אידעע דערפון אין גאָט (טייל II, זאַץ III), נישט אויף אַזוי וויט ווי ער איז אומענדלעך נאָר אויף אַזוי וויט ווי ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון אַן אַנדער אידעע פון אַן איינצעלנער זאַך (לויט דעם לעצטן זאַץ); דער סדר און די שייכות פון אידעען אָבער איז (טייל II, זאַץ VIII) דער זעלבער ווי דער סדר און די שייכות פון זאַכן. די דערקענטעניש דעריבער פון דעם, וואָס געשעהט אין אַ וועלכן עס איז געגנשטאַנד, מוז זיין אין גאָט נאָר אויף אַזוי וויט ווי ער האָט די אידעע פון דעם דאָזיגן געגנשטאַנד. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ X. דאָס זיין פון דער סובסטאַנץ געהערט נישט צו דער תּמצית פון דעם מענטשן, מיט אַנדערע ווערטער: די סובסטאַנץ שטעלט נישט צונויף דעם ווירקלעכן יש פון דעם מענטשן.

באַוויין. דאָס זיין פון דער סובסטאַנץ שליסט אין זיך איין אויף אַ נויטוועגדיגן אופן די עקזיסטענץ (טייל I, זאַץ VII); ווען, דעריבער, דאָס זיין פון דער סובסטאַנץ זאָל געהערן צו דער תּמצית פון דעם מענטשן וואָלט עס געהייסן, אַז ווען די סובסטאַנץ איז פאַראַן, איז אויף אַ נויטוועגדיגן אופן דער מענטש אויך פאַראַן (טייל II, דעפ. II), און ממילא וואָלט דער מענטש עקזיסטירט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, וואָס דאָס איז (טייל II, אַקסיאָמע I) אומזיניג. לכן, א. א. וו., וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער דאָזיגער זאַץ קאָן אויך באַוויזן ווערן פון טייל I, זאַץ V, וואו עס ווערט געצייגט, אַז עס קאָנען נישט זיין קיין צוויי סובסטאַנצן פון דער זעלבער נאַטור. היות, אָבער, ווי עס קאָנען זיין אַ סך מענטשן, לכן איז דאָס זיין פון דער סובסטאַנץ נישט דאָס וואָס שטעלט צונויף דעם ווירקלעכן יש פון דעם מענטשן. קלאָר איז אויך דער דאָזיגער זאַץ פון די אַנדערע אייגנשאַפטן פון דער סובסטאַנץ, נעמלעך, דאָס וואָס די סובסטאַנץ לויט איר נאַטור איז אומענדלעך, אומפאַרשטענדלעך, אומטיילבאַר, א. א. וו., ווי יעדער קאָן עס לייכט איינזעהן.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז די תּמצית פון דעם מענטשן באַשטייט פון געוויסע פאַרענדערונגען פון די אַטריבוטן פון גאָט. מחמת, (לויט דעם לעצטן זאַץ) געהערט נישט דאָס זיין פון דער סובסטאַנץ צו דער תּמצית פון דעם מענטשן. די דאָזיגע תּמצית, דעריבער, (טייל I, זאַץ XV) איז עטוואָס וואָס איז אין גאָט, און וואָס אָן גאָט קאָן עס נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן; אָדער זי איז (טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XXV) אַ פאַרענדערונג, אָדער אַ מאָדוס, וואָס דריקט אויס גאָטס נאַטור אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן.

אָנמערקונג. יעדער איינער מוז געוויס צוגעבן, אַז קיין זאַך קאָן

נישט זיין, און נישט באַגריפן ווערן אָן גאָט. אַלע מענטשן שטימען-איין, אַז גאָט איז די איינע און די איינציגע אורזאַך פון אַלע זאַכן, פון זייער תּמצית, אַזוי גוט ווי פון זייער עקזיסטענץ; דאָס הייסט, גאָט איז נישט נאָר די אורזאַך פון זאַכן בנוגע זייער ווערן, נאָר אויך בנוגע זייער זיין.

אין דער אייגענער צייט באַהויפּטן אַ סך, אַז דאָס, אָן וואָס אַ זאַך קאָן נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן געהער צו דער תּמצית פון דער דאָזיגער זאַך. דערפאַר גלויבן זיי, אַז אַנטוועדער די נאַטור פון גאָט געהער צו דער תּמצית פון געשאַפענע זאַכן, אָדער אַז די געשאַפענע זאַכן קאָנען זיין און באַגריפן ווערן אָן גאָט, אָדער — און עס איז מער צו גלויבן, אַז דאָס איז דער פאַל — זיי זענען נישט אויסגעהאַלטן אין זייערע דאָקטרינען. איך דענק, אַז די אורזאַך פון אַזאַ פאַרפּלאָנטערטקייט איז דער עיקר דאָס, וואָס זיי האַלטן זיך נישט אין דעם ריכטיגן סדר פון פילאָסאָפישן דענקען. די נאַטור פון גאָט, וועלכע מוז פריהער פון אַלץ אין באַטראַכט גענומען ווערן, מחמת, זי איז די ערשטע, סיי אין דעם סדר פון דער דערקענטעניש, סיי אין דעם סדר פון דער נאַטור, האָבן זיי געהאַלטן פאַר דאָס לעצטע, און אויף דעם ערשטן אָרט האָבן זיי אַוועקגעשטעלט, וואָס זיי רופן די געגנשטאַנדן פון דער עמ-פינדלעכקייט. דעריבער, בעת זיי באַטראַכטן די נאַטור-ערשיינונגען שענקען זיי נישט קיין אויפמערקזאַמקייט צו דער געטלעכער נאַטור. און ווען זיי ווענדן זיך דערנאָכדעם צו דער באַטראַכטונג פון דער געטלעכער נאַטור, זענען זיי שוין נישט ביכולת צו האַלטן אין געדאַנק זייער ערשטע השערה, וואָס אויף איר האָבן זיי געבויט די דערקענטעניש פון נאַטור-ערשיינונגען. מחמת, זי קאָן זיי שוין נישט העלפן צו דער דערקענטעניש פון דער געטלע-כער נאַטור. עס איז דערום קיין וואונדער נישט וואָס זיי זענען זיך אַליין סותר.

דאָך לאָמיר עס לאָזן גיין. מיין כּוונה דאָ איז בלויז געווען אָנצוגעבן אַ גרונד פאַר וואָס איך האָב נישט געזאָגט, אַז דאָס אָן וואָס אַ זאַך קאָן נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן, געהערט צו דער תּמצית פון דער זאַך: איינצלנע זאַכן קאָנען נישט זיין און קאָנען נישט באַגריפן ווערן אָן גאָט, דאָך געהער נישט גאָט צו זייער תּמצית. איך האָב געזאָגט, אַז „די תּמצית פון אַ זאַך שטעלט צונויף דאָס, וואָס ווען עס ווערט געגעבן, ווערט אויך אויף אַ נויטווענדיגן אופן די זאַך געגעבן, און ווען עס ווערט אַוועקגענומען, ווערט אויך די זאַך אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַוועקגענומען, אָדער: דאָס, אָן וואָס די זאַך, און דאָס אַליין אָן דער זאַך קאָן נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן".

זאַץ XI. דער ערשטער עלעמענט, וואָס פון אים באַשטייט דאָסווירקלעכע זיין פון דעם מענטשלעכן גייסט, איז די אידעע פון אַן איינ-צלנער ווירקלעך עקזיסטירנדער זאַך.

באַווייז. די תּמצית פון דעם מענטשן (לויט דעם שלוסזאַץ פון דעם לעצטן זאַץ) באַשטייט פון געוויסע מאָדוסן פון די אַטריבוטן פון גאָט; נעמלעך (טייל II, אַקסיאָמע II), פון די מאָדוסן פון דענקען, וואָס די אידעע פון זיי אַלע (טייל II, אַקסיאָמע III) איז פון נאַטור פריהער, און ווען די אידעע איז פאַראַן, מוזן די איבעריגע מאָדוסן (די דאָזיגע אייגנטלעך, וואָס די אידעע פון זיי איז פון נאַטור פריהער) זיין אין דעם זעלבן אינדיווידו (לויט דער זעלבער אַקסיאָמע נאָך); און דערפאַר איז די אידעע דער ערשטער עלעמענט, וואָס פון אים באַשטייט דער מענטשלעכער גייסט. אָבער נישט די אידעע פון אַ נישט עקזיסטירנדער זאַך, דען יעמאָלט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VIII) קאָן מען נישט זאָגן וועגן דער אידעע גופא, אַז זי עקזיסטירט; עס מוז, דעריבער, זיין די אידעע פון אַ ווירקלעך עקזיסטירנדער זאַך, אָבער נישט פון אַן אומענדלעכער זאַך. מחמת אַן אומענדלעכע זאַך (טייל I, זאַצן XXI און XXII) מוז תּמיד אויף אַ נויטווענדיגן אופן עקזיסטירן; דאָס וואָלט (טייל II, אַקסיאָמע I) געווען אומזיניג. פאָלגלעך, איז דער ערשטער עלעמענט, וואָס פון אים באַשטייט דאָס ווירקלעכע זיין פון דעם מענטשלעכן גייסט, די אידעע פון אַ ווירקלעך עקזיסטירנדער איינצלנער זאַך. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז דער מענטשלעכער גייסט איז אַ טייל פון דעם אומענדלעכן פאַרשטאַנד פון גאָט. ווען מיר זאָגן, אַלזאָ, אַז דער מענטשלעכער גייסט פאַסט אויף דאָס אָדער יענעס, זאָגן מיר נישט אַנדערש ווי דאָס, אַז גאָט האָט די אָדער יענע אידעע, נישט אויף ווי ווייט ער איז אומענדלעך, נאָר אויף ווי ווייט ער דריקט זיך אויס דורך דער נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט, אָדער אויף ווי ווייט ער מאַכט אויס די תּמצית פון דעם מענטשלעכן גייסט, און ווען מיר זאָגן, אַז גאָט האָט די אָדער יענע אידעע, נישט נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער מאַכט אויס די תּמצית פון מענטשלעכן גייסט, נאָר אויך אויף אַזוי ווייט ווי ער האָט צוגלייך מיט דעם מענטשלעכן גייסט אויך די אידעע פון אַן אַנדער זאַך — זאָגן מיר, אַז דער מענטשלעכער גייסט פאַסט־אויף אַ זאַך טיילווייז אָדער אומאַדעקוואַט.

אָנמערקונג. דאָ וועלן די לעזער בלי ספק בלייבן שטיין, און עס וועט זיי איינפאַלן פיל זאַכן, וואָס וועלן אַרויסרופן ביי זיי אַן אומאַנטשלאָסנהייט. דערפאַר בעט איך זיי, אַז זיי זאָלן ווייטער גיין מיט מיר פּאַמעלעך, טריט ביי טריט, און נישט אורטיילן איבער מיינע באַהויפּטונגען, ביז זיי וועלן נישט האָבן אַלץ דורכגעלעזן.

זאַץ XII. אַלץ, וואָס געשעהט אין דעם אָביעקט פון דער אידעע, וואָס פון איר באַשטייט דער מענטשלעכער גייסט, מוז אויפגעפאַסט ווערן פון דעם מענטשלעכן גייסט, אָדער: עס וועט אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיין

אין דעם מענטשלעכן גייסט אַן אידעע דערפון, וואָס קומט פאָר אין דעם אָביעקט, דאָס הייסט: ווען דער אָביעקט פון דער אידעע, וואָס מאַכט אויס דעם מענטשלעכן גייסט איז אַ קערפּער, קאָן קיין זאַך נישט געשעהן אין קערפּער, וואָס זאָל נישט אויפגעפּאַסט ווערן פון גייסט.

באַווייז. פון אַלץ, וואָס געשעהט אין דעם אָביעקט פון אַן אידעע, אין אַ דערקענטעניש דערפון פאַראַן אויף אַ נויטווענדיגן אופן אין גאָט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ IX), אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס באַוועגט פון דער אידעע פון דעם דאָזיגן אָביעקט, דאָס הייסט (טייל II, זאַץ XI), אויף ווי ווייט ער מאַכט אויס דעם גייסט פון אַ זאַך. פון אַלץ, אַלזאָ, וואָס געשעהט אין דעם אָביעקט, וועלכער מאַכט־אויס די אידעע פון דעם מענטשלעכן גייסט, איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאַראַן אַ דערקענטעניש אין גאָט, אויף ווי ווייט ער מאַכט אייס די נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט; דאָס הייסט (לויט שלוסזאַץ צו זאַץ XI, טייל II) די דערקענטעניש פון דער דאָזיגער זאַך וועט אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיין אין דעם גייסט; מיט אַנדערע ווערטער, דער גייסט פּאַסט דאָס אויף. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר, און ער ווערט נאָך קלאָרער פאַרשטאַנען פון טייל II, זאַץ VII (זעה אים נאָך).

זאַץ XIII. דער געגנשטאַנד פון דער אידעע, וועלכער מאַכט־אויס דעם מענטשלעכן גייסט, איז דער קערפּער, אָדער אַ געוויסער מאָדוס פון אויסגעשפּרייטקייט, וועלכער עקזיסטירט ווירקלעך, און נישט קיין אַנדער זאַך.

באַווייז. אויב דער קערפּער וואָלט אין דער אמתן נישט געווען דער געגנשטאַנד פון דעם מענטשלעכן גייסט, וואָלטן די אידעען פון פאַר־ענדערונגען פון דעם קערפּער געווען אין גאָט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI) נישט דערפאַר וואָס ער מאַכט־אויס אונזער גייסט, נאָר דערפאַר וואָס ער מאַכט אויס דעם גייסט פון עטוואָס אַנדערש, דאָס הייסט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI), די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון דעם קערפּער וואָלטן נישט געווען אין אונזער גייסט. מיר, אָבער, האָבן יאָ אין אונז (טייל II אַקסיאָמע IV) די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון דעם קערפּער, דערי־בער, איז דער אָביעקט פון דער אידעע, וועלכע מאַכט אויס דעם מענטש־לעכן גייסט, דער קערפּער, און (טייל II, זאַץ XI) טאַקע ווי ער עקזיסטירט אין דער ווירקלעכקייט. ווייטער, ווען עס וואָלט געווען וועלכער עס איז אָביעקט פון דער אידעע, וועלכע מאַכט־אויס דעם גייסט, אַחוץ דעם קער־פּער, וואָלט, היות ווי קיין זאַך קאָן נישט עקזיסטירן, וואָס פון איר זאָל אַ וועלכע עס איז פעולה נישט פאָלגן (טייל I, זאַץ XXXIV), געמוזט דאָך זיין אין אונזער גייסט אַן אידעע, וועלכע וואָלט געווען די פעולה פון דעם דאָזיגן אַנדערן אָביעקט (טייל II, זאַץ XI). אַזאַ אידעע איז אָבער (טייל II,

אַקסיאָמע V) נישט פאַראַן, פאָלגלעך, איז דער געגנשטאַנד פון אונזער גייסט דער קערפּער, ווי ער עקזיסטירט אַקטועל, און נישט קיין אַנדער זאַך. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַק.** דערפון פאָלגט אַז דער מענטש באַשטייט פון גייסט און קערפּער, און אַז דער מענטשלעכער קערפּער עקזיסטירט אַזוי ווי מיר ווערן אים געוואָר מיט אונזערע חושים.

**אָנמערקונג.** דערפון זעהען מיר, נישט נאָר אַז דער מענטשלעכער גייסט איז פאַראייניגט מיט דעם קערפּער, נאָר מיר זעהען אויך וואָס מיר דאַרפן פאַרשטיין אונטער פאַראייניגונג צווישן גייסט און קערפּער. קיינער וועט אָבער נישט זיין ביכולת אַדעקוואַט אָדער גענוי דאָס צו באַגרייפן, אויב ער וועט פריהער נישט האָבן קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער נאַטור פון אונזער קערפּער, דען דאָס וואָס מיר האָבן ביז איצט געצייגט, איז זייער אַלגעמיין און פּאַסט פאַר דעם מענטשן אַזוי גוט ווי פאַר די איבריגע איינצלנע זאַכן, וועלכע זענען אַלע, הגם אין פאַרשיידענע מדרגות, דאָך דורכגעדרונגען מיט אַ רוח חיים, מחמת פון יעדער זאַך, וואָס פון איר איז גאָט די אורזאַך, איז אַן אידעע פון איר פאַראַן אויף אַ נויטווענדיגן אופן אין גאָט, אויף דעם זעלבן ווי עס איז פאַראַן אין אים אַן אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער. פאָלגלעך, מוז אַלץ, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער, אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיין גילטיג בנוגע דער אידעע פון יעדער אַנדער זאַך. פון דער אַנדערער זייט, קאָנען מיר דאָך נישט לייקענען, אַז די אידעען זענען אַזוי פאַרשיידן איינע פון דער אַנדערער ווי די געגנשטאַנדן זעלבסט, און אַז איין אידעע איז פאַרטרעפלעכער איידער די אַנדערע און אַנטהאַלט מער רעאַליטעט פאַר דער אַנדערער, אַקוראַט אַזוי ווי דער געגנשטאַנד פון איין אידעע איז פאָרטרעפלעכער איידער דער געגנשטאַנד פון אַן אַנדער אידעע און אַנטהאַלט אין זיך מער רעאַליטעט פאַר אים. כדי, דעריבער, צו באַשטימען מיט וואָס דער מענטשלעכער גייסט אונטערשיידט זיך פון אַנדערע זאַכן, און מיט וואָס עס שטייגט זיי אַריבער, איז נייטיג פאַר אונז צו וויסן די נאַטור פון זיין געגנשטאַנד, דאָס הייסט די נאַטור פון דעם מענטשלעכן קערפּער. וואָס די דאָזיגע נאַטור איז, בין איך נישט ביכולת דאָ צו ערקלערן, און פאַר דעם וואָס איך וויל באַווייזן, איז עס אויך נישט נייטיג. איך וויל בלויז זאָגן אין אַלגעמיין, אַז וואָס פעהיגער פאַר די איבעריגע איין קערפּער איז אַ סך זאַכן צו טאָן און צו ליידן, אַלץ פעהיגער איז דער גייסט פון דעם דאָזיגן קערפּער מער זאַכן גלייכצייטיג אויפצופאַסן, און וואָס מער די האַנדלונגען פון אַ קערפּער הענגען אָפּ פון אים גופא, און וואָס ווייניגער אַנדערע קערפּער ווירקן-מיט און זיין האַנדלען, אַלץ מער פעהיג איז דער גייסט פון דעם דאָזיגן קערפּער פאַר אַ

באַשטימטער דערקענטעניש. מיר קאָנען דעריבער אָנערקענען די פּאַרטרעפ־לעכקייט פון איין גייסט איבער די איבעריגע, מיר קאָנען אויך זעהן דעם טעם פאַר וואָס מיר האָבן אַ זייער אומקלאָרע דערקענטעניש פון אונזער קערפּער, און פיל אַנדערס, וואָס איך וועל אין די קומענדע זאַצן אַרויסדרינגען דערפון, וואָס איז געזאָגט געוואָרן. דערפאַר האָב איך געדענקט, אַז עס לוינט זיך די מיה צו ערקלערן און צו באַווייזן מער אויספירלעך מיינע איצטיגע באַהויפּטונגען. כדי דאָס צו טאָן, מוז איך אויפשטעלן אַלס גרונדלאַגן אייניגע זאַצן וועגן דער נאַטור פון קערפּער.

אַקסיאָמע I. אַלע קערפּער געפינען זיך אין אַ צושטאַנד אַנטוועדער פון באַוועגונג אָדער פון רוה.

אַקסיאָמע II. יעדער קערפּער באַוועגט זיך אַמאָל פּאַמעלעכער אַמאָל גיכער.

הילפזאַץ I. קערפּער אונטערשיידן זיך איינער פון דעם אַנדערן בנוגע באַוועגונג און רוה, גיכקייט און פּאַמעלעכקייט נישט בנוגע דער סובסטאַנץ.

באַווייז. דער ערשטער טייל פון דעם דאָזיגן זאַץ איז, אַזוי נעם איך אָן, זעלבסט-פאַרשטענדלעך. אַז קערפּער אונטערשיידן זיך נישט איינער פון דעם אַנדערן בנוגע זייער סובסטאַנץ, איז קלאָר פון טייל I, זאַץ V, ווי אויך פון טייל I, זאַץ VIII. נאָך דייטלעכער ווערט עס אַרויסגעבראַכט פון אָנמערקונג צו זאַץ XV, טייל I.

הילפסזאַץ II. אַלע קערפּער שטימען איינער מיט דעם אַנדערן אין געוויסע פּרטים.

באַווייז. אַלע קערפּער שטימען דערין, וואָס זיי אַנטהאַלטן דעם באַגריף פון איינעם און דעם זעלבן אַטריבוט (טייל II, דעפיניציע I). אויך דערין וואָס זיי קאָנען זיך באַוועגן אַמאָל לאַנגזאַמער אַמאָל שנעלער, און דערהויפּט וואָס זיי קאָנען זיין אין אַ צושטאַנד פון אַבסאָלוטער באַוועגונג אָדער רוה.

הילפזאַץ III. אַ באַוועגטער אָדער רוהענדער קערפּער מוז צו באַוועגונג אָדער צו רוה באַשטימט ווערן פון אַן אַנדער קערפּער, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן צו באַוועגונג אָדער צו רוה פון אַן אַנדער קערפּער, און דער דאָזיגער קערפּער ווידער פון נאָך אַן אַנדערן און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט.

באַווייז. קערפּער זענען איינצלנע זאַכן (טייל II, דעפ. I), וועלכע אונטערשיידן זיך איינע פון די אַנדערע בנוגע באַוועגונג און רוה; דעריבער מוז (טייל I, זאַץ XXVIII) יעדע זאַך אויף אַ נויטווענדיגן אופן באַשטימט ווערן צו באַוועגונג און רוה פון אַנדער איינצלנער זאַך), נעמלעך (טייל II, זאַץ VI) פון אַן אַנדער קערפּער, וועלכער איז אויך (אַקסיאָמע V) אין אַ

צושטאַנד פון באַוועגונג אָדער אין רוה. און דער דאָזיגער קערפּער ווידער האָט געקאָנט געזעצט ווערן אין באַוועגונג, אָדער פאַראורזאַכט ווערן צו רוהען, דורך דעם וואָס ער איז באַשטימט געוואָרן צו באַוועגונג און רוה פון אַ דריטן קערפּער, דער דריטער קערפּער ווידער פון אַ פערטן און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז אַ קערפּער וואָס באַוועגט זיך, האַלט אין באַוועגן זיך ביז וואַנען ער ווערט באַשטימט צו אַ רוה-צושטאַנד פון אַן אַנדער קערפּער, און אַ קערפּער, וואָס רוהט, האַלט אין רוהען ביז ער ווערט באַשטימט פון אַן אַנדער קערפּער צו אַ באַוועגונגס-צושטאַנד. דאָס איז, באמת, אויגשיינלעך, מחמת, אויך נעם אָן, למשל אַז אַ געגעבענער קערפּער „א״ איז אין רוה און איך נעם נישט אין איינבאַטראַכט אַנדערע קערפּער, וואָס זענען אין באַוועגונג, קאָן איך נישט באַהויפּטן קיין זאַך וועגן דעם קערפּער „א״ אַחוץ דעם אַז ער איז אין רוה. אויב דערנאָכדעם געשעהט, אַז „א״ איז אין באַוועגונג, האָט דאָס דאָך נישט געקאָנט זיין קיין פּועל יוצא דערפון וואָס ער איז געווען אין רוה, ווייל צו קיין אַנדער קאָנסעקווענץ ווי זיין בלייבן אין רוה האָט עס דאָך נישט געקאָנט פירן. אויב פון דער צווייטער זייט, דער געגעבענער קערפּער „א״ זאָל זיין אין באַוועגונג, וועלן מיר, אַזוי לאַנג ווי מיר באַטראַכטן „א״ נישט זיין ביכולת צו באַהויפּטן קיין זאַך וועגן אים אַחוץ דעם אַז ער איז אין באַוועגונג. אויב מיר געפינען דערנאָכדעם, אַז „א״ איז אין רוה, קאָן די דאָזיגע רוה נישט זיין דער פּועל יוצא פון „א״ס פריהערדיגער באַוועגונג, מחמת אַזאַ באַוועגונג וואָלט נישט געקאָנט פירן צו אַן אומאויפהערלעכער באַוועגונג. דער רוה-צושטאַנד דעריבער האָט געמוזט זיין דער רעזולטאַט פון עטוואָס, וואָס איז אין „א״, נעמלעך, פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, וועלכע האָט באַשטימט „א״ צו אַ רוה צושטאַנד.

אַקסיאָמע I. אַלע מאָדוסן, וואָס אין זיי ווערט איין קערפּער באַאַפירט פון אַן אַנדער קערפּער, פאָלגן גלייכצייטיג פון דער נאַטור פון דעם קערפּער, וואָס ווערט באַאַפירט, און פון דעם קערפּער וואָס באַאַפירט, אַזוי, אַז איינער און דער זעלבער קערפּער קאָן באַוועגט ווערן אויף פאַרשיידענע אופנים, לפי דעם אונטערשייד פון דער נאַטור פון די קערפּער, וואָס באַוועגן אים. פון דער אַנדערער זייט, קאָנען פאַרשיידענע קערפּער באַוועגט ווערן אויף פאַרשיידענע אופנים דורך איינעם און דעם זעלבן קערפּער.

אַקסיאָמע II. ווען אַ קערפּער, וואָס איז אין באַוועגונג שליסט זיך אָן אין אַ קערפּער, וואָס רוהט, וועלכן ער איז נישט ביכולת צו באַוועגן, שפּרינגט ער אָפּ צוריק כדי פאָרטצוזעצן די באַוועגונג, אין דעם ווינקל, וואָס ווערט געמאַכט פון דער באַוועגונגס-ליניע אין דעם צוריק-שפּרונג, מיט דער

פלאַך פון דעם רוהענדען קערפער, וואָס אין אים האָט זיך אָנגעשטויסן דער באַוועגנדער קערפער, וועט זיין גלייך צום ווינקל, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון דער באַוועגונגס-ליניע מיט דער זעלבער פלאַך, וואָס מיט איר פאַלט די צונויף.

אַזוי ווייט האָבן מיר נאָר גערעדט וועגן די איינפאַכסטע קערפער, וואָס אונטערשיידן זיך איינע פון די אַנדערע דורך באַוועגונג און רוה, לאַנגזאַמקייט און געשווינדקייט. איצט גייען מיר אַריבער צו די צונויפגעזעצטע קערפער.

דעפיניציע. ווען עטלעכע קערפער פון גלייכער אָדער פאַרשיידענער גרייס ווערן פון אַנדערע קערפער אַזוי צוזאַמענגעדרענגט, אַז זיי ליגן איינע אויף די אַנדערע, אָדער אַזוי, אַז ווען זיי באַוועגען זיך מיט דעם זעלבן אָדער פאַרשיידענעם גראַד פון שנעלקייט, טיילן זיי מיט איינע די אַנדערע זייערע באַוועגונגען אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן, זאָגן מיר, אַז אַזעלכע קערפער זענען פאַרבונדען איינע מיט די אַנדערע, און אַלע אינאיינעם בילדן איין קערפער, אָדער איין אינדיווידוּום, וועלכער אונטערשיידט זיך פון די אַנדערע דורך דער דאָזיגער פאַראייניגונג פון קערפער.

אַקסיאָמע III. לפי ערך צו דעם ווי די טיילן פון אַן אינדיווידוּום, אָדער אַ צונויפגעזעצטן קערפער, ליגן איינע אויף די אַנדערע מיט גרעסערע אָדער קלענערע אויבערפלאַכן, קאָנען זיי מיט מער אָדער ווייניגער שווערקייט געצוואונגען ווערן צו ענדערן זייער פּאָזיציע, און ממילא, קאָן מיט מער אָדער ווייניגער שווערקייט באַווירקט ווערן, אַז דער אינדיווידוּום גופא זאָל אַן אַנדער געשטאַלט אָננעמען. די קערפער, וואָס זייערע טיילן ליגן איינע אויף די אַנדערע מיט גרויסע אויבערפלאַכן, רופן זיך האַרטע, די וואָס זייערע טיילן ליגן איינע אויף די אַנדערע מיט קליינע אויבערפלאַכן רופן זיך ווייכע; די קערפער, וואָס זייערע טיילן באַוועגן זיך איינע צווישן די אַנדערע, רופן זיך פליסיגע.

הילפזאַץ IV. אויב פון אַ קערפער, אָדער פון אַן אינדיווידוּום, וואָס איז צונויפגעזעצט פון עטלעכע קערפער, טיילען זיך אָפּ איניגע קערפער, און אויך אין דער אייגענער צייט פאַרנעמט זייער אָרט אַ גלייכע צאָל אַנדערע קערפער פון דער זעלבער נאַטור, וועט דער אינדיווידוּום פאַרבאַהאַלטן זיין נאַטור ווי פריהער אָן א וואָסער עס איז פאַרענדערונג פון זיין פאָרם.

באַווייז. קערפער (לויט הילפסזאַץ I) אונטערשיידן זיך נישט בנוגע זייער סובסטאַנץ, דאָס וואָס שטעלט צונויף די פאָרם פון אַן אינדיווידוּום באַשטייט (לויט דער לעצטער דעפיניציע) אין אַ פאַראייניגונג פון קערפער, די דאָזיגע פאַראייניגונג, אָבער, הגם דאָרט איז פאַראַן אַן אומאויפהערלעכע פאַרענדערונג פון קערפער, וועט על פי אונזער השערה אָנגעהאַלטן ווערן; דער

אינדיוויד, דעריבער ווערט פאַרבאַהאַלטן ווי פון פריהער זיין נאַטור הן בנוגע זיין סובסטאַנץ, הן בנוגע זיין מאָדוס.

הילפזאַץ V. ווען די טיילן, וואָס בילדן אַן אינדיוויד, ווערן קלענער אָדער גרעסער, אָבער אין אַזאַ שייכות, אַז זיי האַלטן אַלע אָן די זעלבע אַרט פון באַוועגונג און רוה ווי פריהער, וועט דער אינדיוויד אַלץ אָנהאַלטן זיין אָריגינעלע נאַטור, אָן וואָסער עס איז פאַרענדערונג פון זיין פאָרם.

באַווייז. דער זעלבער, וואָס פאַר דעם לעצטן הילפזאַץ.

הילפזאַץ VI. ווען געוויסע קערפּער, וואָס שטעלן צונויף אַן אינדיוויד, ווערן באַצוואונגען צו בייטן די באַוועגונג, וואָס זיי האָבן אין איין ריכטונג, פאַר אַ באַוועגונג אין אַן אַנדער ריכטונג, אָבער אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן זיין ביכולת פאָרטצוזעצן זייערע באַוועגונגען און זייערע געגנזייטיגע מיטטיילונג אין די זעלבע שייכותן ווי פריהער, וועט דער אינדיוויד פאַרבאַהאַלטן זיין אייגענע נאַטור אָן וועלכער עס איז פאַרענדערונג פון דער פאָרם.

באַווייז. דער דאָזיגער באַווייז איז אויגנשיינלעך, וואָרים עס איז פאַרשטאַנען, אַז דער אינדיוויד פאַרבאַהאַלט אין זיך אַלץ דאָס, וואָס אין זיין דעפיניציע האָבן מיר גערעדט וועגן דעם אַלס עטוואָס, וואָס בילדעט זיין פאָרם.

הילפזאַץ. אַחוץ דעם, מעג דער צונויפגעזעצטער אינדיוויד אַלס גאַנצעס זיך באַוועגן אָדער רוהען, מעג ער זיך אין דער אָדער אין יענער ריכטונג באַוועגן, פאַרבאַהאַלט ער זיין נאַטור אַזוי לאַנג, ווי יעדער טייל האַלט אָן זיין באַוועגונג, און טיילט מיט ווי פריהער די דאָזיגע באַוועגונג צו די איבעריגע טיילן.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון דער דעפיניציע פון אַן אינדיוויד (זעה דעפיניציע פאַר הילפזאַץ IV).

אָנמערקונג. דערפון זעהען מיר, אַלזאָ, ווי אַזוי אַ צונויפגעזעצטער אינדיוויד קאָן אויף פאַרשיידענע אופנים באַווירקט ווערן, און נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, זיין נאַטור קאָנסערווירן. ביז איצט האָבן מיר אונטער אינדיוויד באַגריפן דאָס, וואָס באַשטייט פון קערפער, וועלכע אונטערשיידן זיך איינער פון דעם אַנדערן נאָר בנוגע באַוועגונג און רוה, שנעלקייט און לאַנגזאַמקייט, דאָס הייסט, דאָס וואָס איז צונויפגעזעצט פון די אייגפאַכסטע קערפער. ווען אָבער מיר זאָלן איצט דענקען וועגן אַן אינדיוויד, וואָס איז צונויפגעזעצט פון עטלעכע אינדיווידן פון פאַרשיידענע נאַטורן, וועלן מיר געפינען, אַז ער קאָן אויף אַ סך מער אַנדערע אופנים באַווירקט ווערן, און דאָך קאָנסערווירן זיין נאַטור, דען יעדער טייל זיינער וועט באַשטיין פון עטלעכע קערפער און (לויט הילפזאַץ VI) וועט יעדער טייל, אַלזאָ, אָן וואָסער

עס איז פאַרענדערונג פון זיין נאַטור, זיך באַוועגן אַמאָל שנעלער אַמאָל לאַנג-זאַמער און, ממילא, וועט ער קאָנען מיטטיילן געשווינדער און לאַנגזאַמער זיינע באַוועגונגען צו די איבעריגע טיילן. ווען מיר זאָלן ווייטער דענקען וועגן אַ דריטן מין פון אינדיווידן, וועלכע ווערן צונויפגעזעצט פון דעם דאָזיגן צווייטן מין, וועלן מיר געפינען, אַז זיי קאָנען באַווירקט ווערן נאָך אויף אַ גרעסערע צאָל אופנים אָן אַ פאַרענדערונג פון זייער פאָרם. ווען מיר זאָלן אַזוי אָנגיין ביז דער אומענדלעכקייט, וועלן מיר לייכט איינזעהן, אַז די גאַנצע נאַטור איז אַן אינדיוויד, וואָס זיינע טיילן, דאָס הייסט, אַלע קערפּער פאַרענדערן זיך אויף אומענדלעכע אופנים, און דער אינדיוויד אַלס גאַנצעס בלייבט אומפאַרענדערט. דאָס וואָלט איך געמוזט ווייטער אויספירן און ער-קלערן, ווען איך זאָל שרייבן אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג וועגן קערפּער. איך האָב אָבער געזאָגט, אַז דאָס איז נישט מיין אבזיכט. איך האָב עס אָנגערירט נאָר דערפאַר, וואָס איך קאָן דערפון לייכט אַרויסדרינגען דאָס, וואָס איך האָב בדעה צו באַווייזן.

## פּאָסטולאַטן.

I. דער מענטשלעכער קערפּער באַשטייט פון פילע איינצלנע טיילן, פון פאַרשיידנאַרטיגער נאַטור, וואָס יעדער איינער פון זיי איז אין זיך גופא זייער קאָמפּליצירט.

II. פון די איינצלנע טיילן, וואָס שטעלן צונויף דעם מענטשלעכן קערפּער, זענען איינינגע פליסיג, אייניגע ווייך, אייניגע האַרט.

III. די איינצלנע טיילן, וואָס שטעלן צונויף דעם מענטשלעכן קער-פּער, און ממילא, דער מענטשלעכער קערפּער גופא, ווערט באַווירקט פון אויסנווייניגסטע קערפּער אויף פאַרשיידענע אופנים.

IV. דער מענטשלעכער קערפּער באַנויטיגט זיך פאַר זיין דערהאַלטונג אין פאַרשיידענע אַנדערע קערפּער, וואָס דורך זיי ווערט ער, אַזוי צו זאָגן, תמיד רעגענערירט.

V. ווען דער פליסיגער טייל פון אַ מענטשלעכן קערפּער ווערט באַ-שטימט פון אַן אויסנווייניגסטן קערפּער זיך אָפט אָנצושטויסן אויף אַן אַנדער ווייכן טייל, בייט ער די פלאַך פון דעם דאָזיגן לעצטן טייל און לאָזט אויף אים שפורן פון דעם אויסנווייניגסטן איינווירקענדן קערפּער.

VI. דער מענטשלעכער קערפּער קאָן אויף פאַרשיידענע אופנים באַ-וועגן אויסנווייניגסטע קערפּער און איינאָרדענען זיי אויף פאַרשיידענע אופנים.

זאַץ XIV. דער מענטשלעכער גייסט איז ביכולת אויפצופאַסן אַ

גרויסע צאָל זאַכן לפי ערך צו דעם, אויף וויפיל זיין קערפער איז ביכולת אויפצונעמען אַ גרויסע צאָל איינדריקן.

באַווייז. דער מענטשלעכער קערפער איז (פּאָסטולאַטן III און VI) באַווירקט אויף פאַרשיידענע אופנים פון אויסנווייניגסטע קערפער, און איז אין שטאַנד אויף פאַרשיידענע אופנים צו באַווירקן אויסנווייניגסטע קערפער. אָבער (לויט טייל II, זאַץ XII) מוז דער מענטשלעכער גייסט עמפינדן אַלץ, וואָס געשעהט אין דעם מענטשלעכן קערפער. דעריבער איז דער מענטשלעכער געדאַנק ביכולת אויפצופאַסן אַ גרויסע צאָל זאַכן לפי ערך, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XV. די אידעע, וועלכע מאַכט אויס דאָס פאָרמאַלע זיין פון מענטשלעכן גייסט, איז נישט איינפאַך, נאָר זי איז צונויפגעזעצט פון אַ גרויסער צאָל אידעען.

באַווייז. די אידעע, וועלכע מאַכט אויס דאָס פאָרמאַלע זיין פון דעם מענטשלעכן גייסט, איז די אידעע פון דעם קערפער (טייל II, זאַץ XIII), וועלכער איז (פּאָסטולאַט I) צונויפגעזעצט פון אַ גרויסער צאָל פון פאַרוויקלטע איינצלנע טיילן. אין גאָט אָבער איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאַראַן די אידעע פון יעדן איינצלנעם טייל, פון וועלכן דער קערפער איז צונויפגעזעצט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VIII): דעריבער איז די אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפער צונויפגעזעצט פון די פילע אידעען פון זיינע באַשטאַנד-טיילן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XVI. די אידעע פון יעדן מאָדוס, וואָס דורך אים ווערט דער מענטשלעכער קערפער באַווירקט פון אויסנווייניגסטע קערפער, מוז אין זיך איינשליסן די נאַטור פון דעם מענטשלעכן קערפער און אויך די נאַטור פון דעם אויסנווייניגסטן קערפער.

באַווייז. אַלע מאָדוסן, וואָס דורך זיי ווערט אַ קערפער באַווירקט, פאָלגן פון דער נאַטור פון דעם באַווירקטן קערפער, און אויך פון דער נאַטור פון דעם ווירקענדן קערפער (אַקסיאָמע I, אונטער דעם שלוסזאַץ פון הילפזאַץ III). דערפאַר שליסט אויך זייער אידעע אין זיך איין אויף אַ נויטווענדיגן אופן די נאַטור פון ביידע קערפער (טייל I, אַקסיאָמע IV); און פאָלגלעך, שליסט אין זיך איין די אידעע פון יעדן מאָדוס, וואָס דורך אים ווערט דער מענטשלעכער קערפער באַווירקט פון אויסנווייניגסטע קערפער, די נאַטור פון דעם מענטשלעכן קערפער און אויך פון דעם אויסנווייניגסטן קערפער. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ I. דערפון פאָלגט, ערשטנס, אַז דער מענטשלעכער גייסט פאַסט אויף די נאַטור פון פילע קערפער צוגלייך מיט דער נאַטור פון זיין איינענעם קערפער.

שלוסזאַץ II. עס פאָלגט, צווייטנס, אַז די אידעען, וואָס מיר האָבן פון אויסנווייניגסטע קערפער, צייגן אָן מער דעם צושטאַנד פון אונזער אייגענעם קערפער איידער די נאַטור פון אויסנווייניגסטע קערפער, וואָס איך האָב דורך פיל ביישפילן ערקלערט אין דער הוספה צו דעם ערשטן טייל.

זאַץ XVII. ווען דער מענטשלעכער קערפער ווערט באַווירקט דורך אַ מאָדוס, וואָס שליסט איין אין זיך די נאַטור פון אַן אויסנווייניגסטן קערפער, וועט דער מענטשלעכער גייסט באַטראַכטן דעם דאָזיגן אויסנווייניגסטן קערפער אַלס ווירקלעך עקזיסטירנד, אָדער אַלס געגנוואַרטיג צו זיך גופא, ביז דער קערפער וועט באַווירקט ווערן אויף אַן אופן, וואָס זאָל אויסשליסן די עקזיסטענץ און די געגנוואַרטיגקייט פון דעם דאָזיגן קערפער.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז אויגנשיינלעך, דען כּל זמן דער מענטשלעכער קערפער ווערט אַזוי באַווירקט, וועט דער מענטשלעכער גייסט (טייל II, זאַץ XII) באַטראַכטן די דאָזיגע פאַרענדערונג פון קערפער — דאָס הייסט, ער וועט (לויט דעם לעצטן זאַץ) האָבן די אידעע פון אַ ווירקלעך עקזיסטירנדן מאָדוס, און די דאָזיגע אידעע שליסט אין זיך איין די נאַטור פון דעם אויסנווייניגסטן קערפער, מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט האָבן די אידעע, וואָס שליסט נישט אויס, נאָר וואָס זעצט פאָראויס די עקזיסטענץ אָדער געגנוואַרטיגקייט פון דער נאַטור פון דעם אויסנווייניגסטן קערפער; לכן וועט דער גייסט (לויט טייל II, שלוסזאַץ I צו זאַץ XVI) באַטראַכטן דעם אויסנווייניגסטן קערפער אַלס ווירקלעך עקזיסטירנד ביז ווי לאַנג ער ווערט באַווירקט. און אַזוי ווייטער. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דער גייסט איז ביכולת צו באַטראַכטן אַלס געגנוואַרטיג אויסנווייניגסטע קערפער, וואָס דורך זיי איז דער מענטשלעכער קערפער איין מאָל באַווירקט געוואָרן, הגם זיי עקזיסטירן שוין נישט מער און זענען נישט געגנוואַרטיג.

באַווייז. ווען אויסנווייניגסטע קערפער באַשטימען די פליסיגע טיילן פון דעם מענטשלעכן קערפער אַזוי, אַז זיי שליסן זיך אָפט אָן אויף ווייכערע טיילן, בייטן זיי די פלאַכן פון די לעצטע טיילן (פאָסטולאַט V). דעריבער, (אַקסיאָמע II, אונטער שלוסזאַץ פון הילפזאַץ ג) פראַלן זיי צוריק פון דאָרט אויף אַ פאַרשיידענעם אופן ווי זיי פלעגן עס טאָן איידער זיי האָבן פאַראורזאַכט די פאַרענדערונג; און דערנאָכדעם ווען זיי שטויסן זיך אָן אויף די זעלבע נייע פלאַכן אין זייער אייגענער ספאָנטאַנער באַוועגונג, וועלן זיי צוריקגעפראַלט ווערן אויף דעם זעלבן אופן ווי דעמאָלט, ווען זיי זענען צו די דאָזיגע פלאַכן געטריבן געוואָרן פון די אויסנווייניגסטע קערפער; פאָלגלעך, וועלן זיי בעת זיי, אַזוי צוריקפראַלנדיג, זעצן פאָרט זייער באַוועגונג, ווירקן אויף דעם זעלבן אופן אויף דעם מענטשלעכן קערפער. דעריבער וועט דער

גייסט (טייל II, זאַץ XII) דענקען — דאָס הייסט (טייל II, זאַץ XVII) דער גייסט וועט ווידער באַטראַכטן דעם אויסנווייניגסטן קערפּער אַלס געגנוואַרטיג, און דאָס וועט ער טאָן אַזוי אָפט ווי די פליטיגע טיילן פון דעם מענטשלעכן קערפּער וועלן זיך אָנשטויסן אויף די זעלבע פלאַכן אין זייער אייגענער ספּאָנטאַנער באַוועגונג. לכן, ווען אפילו די אויסנווייניגסטע קערפּער, וואָס דורך זיי איז דער מענטשלעכער קערפּער איין מאָל באַווירקט געוואָרן, זאָלן נישט עקזיסטירן מער, וועט דער גייסט דאָך זיי באַטראַכטן אַלס געגנוואַרטיג אַזוי אָפט ווי די דאָזיגע האַנדלונג פון דעם קערפּער וועט זיך איבערחזרן. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דערפון זעהען מיר ווי אַזוי עס קומט, ווי דאָס איז אָפט דער פאַל, דאָס מיר באַטראַכטן אַלס געגנוואַרטיג זאַכן, וואָס זענען נישטאָ. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז אַ פועל־יוצא פון אַנדערע אורזאַכן. עס וועט אָבער, דענק איך, זיין גענוג פאַר מיר צו האָבן אויפגעוויזן איין אורזאַך, דורך וועלכער איך האָב די זאַך געקאָנט אַזוי ערקלערן ווי איך וואָלט האָבן אָנגעוויזן איר אמתע אורזאַך. פאַקטיש, אָבער, בין איך נישט זייער ווייט פון אמת, מחמת, אַלע מיינע השערות שטיצן זיך אויף פּאָסטולאַטן, וואָס רוהען, כמעט אָן אַן אויסנאַם, אויף ערפאַרונג, וואָס אין איר דאַרפן מיר נישט צווייפלען, נאָכדעם ווי מיר האָבן געצייגט, אַז דער מענטשלעכער קערפּער, ווי מיר פילן אים, עקזיסטירט (שלוסזאַץ אונטער זאַץ XIII, טייל II). אַחוץ דעם (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XVII און שלוסזאַץ II צו זאַץ XVI) זעהען מיר דייטלעך איין וואָס דער חילוק איז צווישן דער אידעע למשל פון פעטער, וועלכער שטעלט צונויף די תמצית פון פעטערס גייסט, און דער אידעע פון דעם זעלבן פעטער, וועלכע איז אין אַן אַנדער מענטשן, לאָמיר זאָגן, אין פאַוולען. דען די ערשטע אידעע דריקט אויס דירעקט די תמצית פון פעטערס קערפּער גופא, און שליכט איין זיין עקזיסטענץ נאָר אַזוי לאַנג ווי פעטער עקזיסטירט. די צווייטע אָבער צייגט מער דעם צושטאַנד פון פאַוועלס קערפּער איידער די נאַטור פון פעטער, און, פאָלגלעך, וועט פאַוועלס גייסט, אַזוי לאַנג ווי יענער צושטאַנד פון פאַוועלס קערפּער וועט דויערן, באַטראַכטן פעטערן אַלס געגנוואַרטיג, הגם ער וועט שוין נישט מער עקזיסטירן. ווייטער, כדי צו האַלטן זיך ביי די געוויינלעכע אויסדריקן, וועלן מיר רופן די פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלעכן קערפּער, וואָס זייערע אידעען שטעלן־פאָר די אויסנווייניגסטע קערפּער אַלס געגנוואַרטיג, בילדער פון זאַכן, הגם זיי דערמאָנען נישט אין דער געשטאַלט פון זאַכן. און ווען דער גייסט באַטראַכט די קערפּער אויף דעם דאָזיגן אופן, זאָגן מיר, אַז ער שטעלט זיך פאָר. כדי, אַלזאָ, אָנצוּווייזן, וואו דער טעות ליגט, וויל איך דאָ ציהען די אויפמערקזאַמקייט צו דעם פאַקט, אַז די פאָרשטעלונג פון דעם גייסט, אַן און פאַר זיך באַטראַכט,

אַנטהאַלֿט נישט אין זיך קיין טעות. דער גייסט אירט נישט בלויז אין דעם אַקט פון פאָרשטעלֿן זיך, נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט באַטראַכט אַלֿס זייענדיג אָן דער אידעע, וועלֿכע שליסט אויס די עקזיסטענץ פון אַזעלֿכע זאַכן, וועלֿכע ער שטעלֿט זיך פאָר אַלֿס געגנוואַרטיג. אויב דער גייסט, בשעת ער שטעלֿט זיך פאָר נישט עקזיסטירנדע זאַכן אַלֿס געגנוואַרטיג, ווייסט אין דער אייגענער צייט, אַז די דאָזיגע זאַכן עקזיסטירן אין דער ווירקלֿעכקייט נישט, מוז אַזאַ פאָרשטעלֿונגס-פעהיגקייט צוגעשריבן ווערן צו דער פעולה פון זיין נאַטור און נישט צו אַ חסרון, בפרט נאָך ווען די דאָזיגע פעהיגקייט הענגט אָפּ פון זיין נאַטור גופא, דאָס הייסט (טייל I, דעפ. VII), ווען די דאָזיגע פאָרשטעלֿונגס-פעהיגקייט זאָלֿ זיין פריי.

זאַץ XVIII. ווען דער מענטשלֿעכער קערפער איז איין מאָלֿ באַווירקט געוואָרן פון צוויי אָדער מערערע קערפער אין דער זעלֿבער צייט, וועט דער גייסט נאָכדעם ווי ער וועט זיך פאַרשטעלֿן איינעם פון זיי, תיכף זיך דערמאָנען אויך אין די אַנדערע.

באַווייז. דער גייסט (טייל II, שלֿוסזאַץ צו זאַץ XVII) שטעלֿט זיך פאָר אַ קערפער דערפאַר, ווייל אַ מענטשלֿעכער קערפער ווערט באַווירקט און געניינגט פון די איינדריקן פון אַן אויסנווייניגסטן קערפער אויף דעם זעלֿבן אופן ווי ער איז באַווירקט, ווען איינציגע טיילן זיינע ווערן באַרירט פון דעם אויסנווייניגסטן קערפער גופא. דער קערפער אָבער (על פי אונזער השערה) איז געווען אַזוי געניגט, אַז דער גייסט האָט זיך פאָרגעשטעלֿט אין איינער און דער זעלֿבער צייט צוויי קערפער, דעריבער וועט ער זיך אויך איצט פאָרשטעלֿן גלֿייכצייטיג צוויי קערפער, און דער גייסט, ווען ער שטעלֿט זיך פאָר איינעם, דערמאָנט ער זיך תיכף אין דעם צווייטן. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. איצט זעהען מיר, וואָס זכרון איז. עס איז, נעמלֿעך, נישט אַנדערש ווי אַ געוויסע אַסאָסיאַציע פון אידעען, וועלֿכע שליסן אין זיך איין די נאַטור פון זאַכן אויסנווייניג פון דעם מענטשלֿעכן קערפער, אַן אַסאָסיאַציע, וואָס אַנטשטייט אין דעם גייסט לפי דער אָרדנונג און אַסאָסיאַציע פון די פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלֿעכן קערפער. איך זאָג, ערשטנס, עס איז די אַסאָסיאַציע פון די אידעען בלֿויז, וועלֿכע שליסן איין די נאַטור פון זאַכן אויסנווייניג פון דעם מענטשלֿעכן קערפער, נישט אָבער פון אידעען, וועלֿכע ער־קלֿערן די נאַטור פון די דאָזיגע זאַכן. דען עס זענען ווירקלֿעך (טייל II, זאַץ XVI) די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלֿעכן קערפער, יועלֿכע שליסן איין אין זיך די נאַטור פון דעם מענטשלֿעכן, אַזוי גוט ווי פון דעם אויסנווייניגסטן קערפער. איך זאָג, צווייטנס, אַז די דאָזיגע אַסאָסיאַציע אַנטשטייט לפי דער אָרדנונג און אַסאָסיאַציע פון די פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלֿעכן קערפער, כדי זי צו אונטערשיידן פון דער אַסאָסיאַציע פון אי־

דעען, וועלכע אַנטשטייט לפי דער אָרדנונג פון דעם פאַרשטאַנד, אַ דאַנק וועלכן דער גייסט פאַסט אויף זאַכן נאָך זייערע ערשטע אורזאַכן, און וועלכע איז ביי אַלע מענטשן די זעלבע. דערפון זעהען מיר ווייטער דייטלעך, פאַרוואָס דער גייסט פון דעם דענקען פון איין זאַך קומט תיכף אַרויף אויף דעם דענקען פון אַן אַנדער זאַך, וועלכע האָט נישט קיין ענלעכקייט מיט דער ערשטער; למשל, פון דעם דענקען פון דעם וואָרט עפל קומט ער תיכף אַרויף אויף דעם געדאַנק פון פרוכט, וואָס האָט נישט קיין ענלעכקייט, און קיין זאַך געמיינזאַם מיט יענעם אַרטיקולירטן טאָן, אַחוץ דעם, וואָס דער קערפער פון דעם דאָזיגן מענטשן איז אָפט באַווירקט געוואָרן פון די דאָזיגעביידע זאַכן, דאָס הייסט, וואָס דער מענטש האָט אָפט געהערט דאָס וואָרט עפל בשעת ער האָט געקוקט אויף דער פרוכט זעלבסט. און אַזוי וועט יעדער מענטש איבערגיין פון איין דענקען אין אַן אַנדערן, לויט דעם, ווי די געוואוינהייט פון יעדן האָט איינגעאָרדנט די פאָרשטעלונגען פון זאַכן אין זיין קערפער. אַ סאָלדאַט, למשל, וועט ביי דעם אָנבליק פון שפורן פון אַ פערד אין זאַמד, שנעל קומען פון דעם געדאַנק פון דעם פערד אויף דעם געדאַנק פון אַ רייטער, און פון דעם דאָזיגן געדאַנק אויפן געדאַנק פון קריג, און אַזוי ווייטער. אַ פויער, אָבער, וועט פון דעם געדאַנק פון אַ פערד אַריבערגיין אויף דעם געדאַנק פון אַן אַקער, אַ פעלד, און אַזוי ווייטער. און אַזוי וועט יעדער איינער פון איין געדאַנק קומען אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער געדאַנק לויט דעם, ווי ער איז געוואוינט אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן צו פאַרבינדן און צו פאַרקייטלען די פאָרשטעלונגען פון אורזאַכן.

זאַץ XIX. דער מענטשלעכער גייסט ערקלערט דעם מענטשלעכן קערפער, און ווייסט זיין עקזיסטענץ, נאָר דורך די אידעען פון די פאַרענדערונגען, וואָס דורך זיי ווערט דער קערפער באַווירקט.

באַווייז. דער מענטשלעכער גייסט איז זעלבסט די אידעע אָדער די דערקענטעניש פון דעם מענטשלעכן קערפער, וועלכער איז (טייל II, זאַץ XIII) אין גאָט אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון אַן אַנדער אידעע פון אַן איינצלנער, ווירקלעך עקזיסטירנדער זאַך, אָדער אויף ווי ווייט (פּאָסטולאַט IV) דער מענטשלעכער קערפער באַדאַרף אַ סך קערפער, וואָס דורך זיי ווערט ער, אַזוי צו זאָגן, אומאויפהערלעך פון דאָס ניי געשאַפן, און די אָרדנונג און די פאַרקניפּונג פון אידעען זענען די זעלבע ווי די אָרדנונג און פאַרקניפּונג פון אורזאַכן (טייל II, זאַץ VII), דערפאַר וועט די דאָזיגע אידעע זיין אין גאָט אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון אידעען פון אַ סך איינצלנע זאַכן. אַזוי אַרום האָט גאָט די אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפער, אָדער ער דערקענט דעם מענטשלעכן קערפער אויף ווי ווייט ער ווערט באַווירקט פון אַ סך אַנדערע אידעען און נישט אויף ווי

ווייט ער מאַכט אויס די נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט, דאָס הייסט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI) דער מענטשלעכער גייסט ווייסט נישט דעם מענטשלעכן קערפּער, די אידעע אָבער פון פאַרענדערונגען פון קערפּער זענען אין גאָט, אויף ווי ווייט ער שטעלט צונויף די נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט, אָדער דער מענטשלעכער גייסט פאַסט אויף די דאָזיגע פאַרענדערונגען (טייל II, זאַץ XII), און פאָלגלעך (טייל II, זאַץ XVI) דעם מענטשלעכן קערפּער זעלבסט, און טאַקע אַלס ווירקלעך עקזיסטירנדן. אויף אַזוי ווייט נאָר, אַלזאָ, פאַסט אויף דער מענטשלעכער גייסט דעם מענטשלעכן קערפּער זעלבסט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XX. אין גאָט איז אויך פאַראַן די אידעע, אָדער די דערקענ-טעניש פון דעם מענטשלעכן גייסט, וועלכע פאָלגט אין גאָט אויף דעם זעלבן אופן, און באַציהט זיך אויף גאָט אין דעם זעלבן אופן ווי די אידעע אָדער די דערקענטעניש פון מענטשלעכן קערפּער.

באַווייז. דאָס דענקען איז אַן אַטריבוט פון גאָט (טייל II, זאַץ I), דעריבער מוז אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיין אין גאָט די אידעע פון דעם דענקען גופא, אַזוי גוט ווי פון אַלע זיינע פאַרענדערונגען (טייל II, זאַץ III), און, פאָלגלעך, אויך פון דעם מענטשלעכן גייסט (טייל II, זאַץ XI). ווייטער, די דאָזיגע אידעע אָדער די דאָזיגע דערקענטעניש פאָלגט נישט פון גאָט אויף ווי ווייט ער איז אומענדלעך, נאָר אויף ווי ווייט ער איז באַווירקט פון אַן אַנדער אידעע פון אַן איינצלנער זאַך (טייל II, זאַץ IX). אָבער (טייל II, זאַץ VII) די אָרדנונג און די פאַרקניפּונג פון אידעען איז די זעלבע ווי די אָרדנונג און פאַרקניפּונג פון אורזאַכן, לכן, איז די אידעע, אָדער די דערקענ-טעניש פון גייסט אין גאָט און באַציהט זיך אויף גאָט אויף דעם זעלבן אופן ווי די אידעע אָדער דערקענטעניש פון דעם קערפּער. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXI. די דאָזיגע אידעע פון דעם גייסט איז פאַראייניגט מיט דעם גייסט אויף דעם זעלבן אופן ווי דער גייסט גופא איז פאַראייניגט מיט דעם קערפּער.

באַווייז. אַז דער גייסט איז פאַראייניגט מיט דעם קערפּער האָבן מיר באַוויזן דערפון, וואָס דער קערפּער איז אַ געגנשטאַנד פון דעם גייסט. (טייל II, זאַצן XII,XIII) פאָלגלעך מוז, אויס דעם זעלבן גרונד, די אידעע פון דעם גייסט זיין פאַראייניגט מיט איר געגנשטאַנד, דאָס הייסט, מיט דעם גייסט גופא אויף דעם זעלבן אופן ווי דער גייסט זעלבסט איז פאַראייניגט מיט דעם קערפּער. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער דאָזיגער זאַץ ווערט אַ סך דייטלעכער באַגריפן פון דעם, וואָס מיר האָבן געזאָגט אין דער אָנמערקונג צו טייל II, זאַץ VII, דען, דאָרט האָבן מיר געצייגט, אַז די אידעע פון קערפּער און דער קערפּער

דאָס הייסט, פון גייסט און קערפּער (טייל II, זאַץ XIII) זענען איין און דערזעלבער אינדיווידואום, וועלכער ווערט באַגריפן איין מאָל אונטער דעם אַטריבוט פון דענקען, אַן אַנדערש מאָל אונטער דעם אַטריבוט פון אויסגעשפּרייטקייט. דערפאַר איז די אידעע פון גייסט און דער גייסט גופא איינע און די זעלבע זאַך, וועלכע ווערט באַגריפן אונטער איינעם און דעם זעלבן אַטריבוט, נעמלעך, פון דענקען. עס פאָלגט, זאָג איך, אַז די אידעע פון גייסט און דער גייסט זעלבסט זענען אין גאָט על פּי דער זעלבער נויטווענדיגקייט און פאָלגן פון אים פון דער זעלבער קראַפט פון דענקען. מחמת, אין דער אמתן, איז די אידעע פון דעם גייסט, דאָס הייסט, די אידעע פון דער אידעע, נישט אַנדערש ווי די פאָרם פון דער אידעע, אויף ווי ווייט זי ווערט באַטראַכט אַלס אַ מאָדוס פון דענקען, נישט באַרופנדיג זיך אויף דעם געגנשטאַנד דען ווען עמיצער ווייס עטוואָס ווייס ער באַלד דורך דעם דאָזיגן פאַקט, אַז ער ווייסט עס, און אין דער אייגענער צייט ווייס ער, אַז ער ווייס, אַז ער ווייסט עס, און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט. וועגן דעם אַבער וועל איך רעדן שפּעטער.

זאַץ XXII. דער מענטשלעכער גייסט פאַסט־אויף נישט נאָר די פאַרענדערונגען פון דעם קערפּער, נאָר אויך די אידעען פון די דאָזיגע פאַרענדערונגען.

באַווייז. די אידעען פון די אידעען פון די פאַרענדערונגען פאָלגן אין גאָט אויף דעם זעלבן אופן און באַציהען זיך אויף גאָט אויף דעם זעלבן אופן, ווי די אידעען פון די זעלבע פאַרענדערונגען. דאָס ווערט באַוויזן אויף דעם זעלבן אופן ווי זאַץ XX אין דעם דאָזיגן טייל. די אידעען, אָבער, פון די פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלעכן קערפּער זענען אין דעם מענטשלעכן גייסט (טייל II, זאַץ XII), דאָס הייסט, אין גאָט, אויף ווי ווייט ער מאַכט־אויס די תמצית פון דעם מענטשלעכן גייסט, דעריבער וועלן די אידעען פון די דאָזיגע אידעען זיין אין גאָט, אויף ווי ווייט ער האָט אַ דערקענטעניש, אָדער די אידעע פון דעם מענטשלעכן גייסט, דאָס הייסט (טייל II, זאַץ XXI), זיי וועלן זיין אין דעם מענטשלעכן גייסט גופא, וועלכער פאַסט־אויף, דעריבער, נישט נאָר די פאַרענדערונגען פון דעם קערפּער, נאָר אויך די אידעען פון אַזעלכע פאַרענדערונגען. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXIII. דער גייסט דערקענט זיך זעלבסט נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ער פאַסט־אויף די אידעען פון דעם מענטשלעכן קערפּער.

באַווייז. די אידעע אָדער די דערקענטעניש פון דעם גייסט (טייל II, זאַץ XX) פאָלגט אין גאָט אויף דעם זעלבן אופן און באַציהט זיך אויף גאָט אויף דעם זעלבן אופן ווי די אידעע אָדער די דערקענטעניש פון דעם קערפּער. היות, אַבער, ווי (טייל II, זאַץ XIX) דער מענטשלעכער גייסט ווייסט

נישט דעם מענטשלעכן קערפּער גופא, דאָס הייסט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI), היות, ווי די דערקענטעניש פון דעם מענטשלעכן קערפּער באַציהט זיך נישט אויף גאָט אויף ווי ווייט ער מאַכט-אויס די נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט, לכן, באַציהט זיך אויך נישט די דערקענטעניש פון דעם גייסט אויף גאָט אויף ווי ווייט ער מאַכט-אויס די עסענץ פון דעם מענטשלעכן גייסט; ממילא (לפי דעם זעלבן שלוסזאַץ צו זאַץ XI) דערקענט זיך נישט אויף אַזוי ווייט דער מענטשלעכער גייסט גופא. די אידעען, ווייטער, פון די פאַרענדערונגען, וואָס דורך זיי ווערט דער קערפּער באַווירקט, שליסן אין זיך איין די נאַטור פון דעם מענטשלעכן קערפּער גופא (טייל II זאַץ XVI), דאָס הייסט (טייל II זאַץ XIII), זיי שטימען צונויף מיט דער נאַטור פון דעם גייסט; דערפאַר שליסט די דערקענטעניש פון די דאָזיגע אידעען אין זיך איין אויף אַ נויטווענדיגן אופן די דערקענטעניש פון דעם גייסט, די דערקענטעניש, אָבער, פון די דאָזיגע אידעען, איז (לפי דעם לעצטן זאַץ) אין דעם מענטשלעכן גייסט גופא; פאָלגלעך, דערקענט זיך דער מענטשלעכער גייסט נאָר אויף אַזוי ווייט. וו. א. ג. צ. ב.

**ז אַ ץ XXIV.** דער מענטשלעכער גייסט שליסט נישט איין אין זיך קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון די טיילן, וואָס פון זיי באַשטייט דער מענטשלעכער קערפּער.

**ב אַ ו וי י ז.** די טיילן, וואָס פון זיי באַשטייט דער מענטשלעכער קערפּער, געהערן צו דער תמצית פון דעם קערפּער גופא, נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי זיי טיילן מיט איינע צו די אַנדערע זייערע באַוועגונגען, אויף אַ וואָסער עס איז באַשטימטן אופן (דעפיניציע נאָך דעם הילפזאַץ III), און נישט אויף ווי ווייט זיי קאָנען באַטראַכט ווערן אַלס אינדיווידן אָן אַ שייכות צו דעם מענטשלעכן קערפּער. די טיילן פון דעם מענטשלעכן קערפּער זענען הויך קאָמפּליצירטע אינדיווידן (פּאָסטולאַט I), וואָס זייערע טיילן קאָנען, (הילפזאַץ IV) אָפּגעטיילט ווערן פון דעם מענטשלעכן קערפּער אָן דער מינדסטער ענדערונג אין זיין נאַטור און פאָרם, און זיי קאָנען מיטטיילן זייערע באַוועגונגען (אַקסיאָמע I נאָך דעם הילפזאַץ III) צו אַנדערע קערפּער אין אַן אַנדער שייכות. דעריבער, (טייל II, זאַץ III) וועט די אידעע אָדער די דערקענטעניש פון איטלעכער טייל זיין אין גאָט אויף וויפיל (טייל II, זאַץ IX) ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון אַן אַנדער אידעע פון אַן איינצלנער זאַך, וועלכע איז אין דעם סדר פון דער נאַטור פריהער פאַר דעם אויבנדערמאָנטן טייל (טייל II, זאַץ VII). דאָס זעלבע קאָנען מיר זאָגן וועגן איטלעכן טייל פון איטלעכן אינדיוויד, וואָס שטעלט צונויף דעם מענטשלעכן קערפּער; דעריבער איז די דערקענטעניש פון איטלעכן טייל, וואָס שטעלט צונויף דעם מענטשלעכן קערפּער אין גאָט, אויף אַזוי ווייט ווי ער איז באַ-

ווירקט פון זייער אַ סך אידעען פון זאַכן, און נישט אויף אַזוי ווייט ווי ער האָט בלויז די אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער, דאָס הייסט די אידעע, וועלכע מאַכט אויס די נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט (טייל II, זאַך XIII), דערפאַר (טייל II, זאַך XI) שליסט דער מענטשלעכער גייסט נישט איין קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דעם מענטשלעכן קערפּער. וו. א. ג. צ. ב.

זאַך XXV. די אידעע פון יעדער פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפּער שליסט נישט איין אין זיך קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דעם אויסנווייניגסטן קערפּער.

באַווייז. מיר האָבן געצייגט, אַז די אידעע פון אַ פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפּער שליסט אין זיך איין די נאַטור פון אַן אויסנווייניגסטן קערפּער, אויף ווי ווייט דער אויסנווייניגסטער קערפּער באַשטימט דעם מענטשלעכן קערפּער אויף אַ געוויסן אופן, אויף ווי ווייט אָבער דער אויסנווייניגסטער קערפּער איז אַן אינדיווידּ, וואָס האָט נישט קיין שייכות צום מענטשלעכן קערפּער, איז די דערקענטעניש, אָדער אידעע פון אים אין גאָט (טייל II, זאַך IX), אויף ווי ווייט גאָט ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון דער אידעע פון אַן אַנדער זאַך, וועלכער, טייל II, זאַך VII) איז פון דער נאַטור פריהער איידער דער אויסנווייניגסטער קערפּער זעלבסט. דערפאַר איז אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דעם אויסנווייניגסטן קערפּער נישט אין גאָט, אויף ווי ווייט ער האָט די אידעע פון דער פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפּער, דאָס הייסט, אַז די אידעע פון דער פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפּער שליסט נישט איין אין זיך קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דעם אויסנווייניגסטן קערפּער. וו. א. ג. צ. ב.

זאַך XXVI. דער מענטשלעכער גייסט פאַסט-אויף אַן אויסנווייניגסטן קערפּער אַלס ווירקלעך עקזיסטירנד, בלויז דורך די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון זיין אייגענעם קערפּער.

באַווייז. ווען דער מענטשלעכער קערפּער ווערט אויף קיין אופן נישט באַווירקט פון אַן אויסנווייניגסטן קערפּער, איז יעמאָלט (טייל II, זאַך VII) אויך די אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער, דאָס הייסט, אויך פון דעם מענטשלעכן גייסט נישט באַווירקט אויף קיין אופן פון דער אידעע פון דער עקזיסטענץ פון דעם אויסנווייניגסטן קערפּער, און ער פאַסט בשום אופן נישט אויף די עקזיסטענץ פון יענעם אויסנווייניגסטן קערפּער. אויף ווי ווייט, אָבער, דער מענטשלעכער קערפּער ווערט אויף אַ וואָסער עס איז אופן באַווירקט פון אַן אויסנווייניגסטן קערפּער, אויף אַזוי ווייט (טייל II, זאַך XVI און שלוסזאַך) פאַסט ער אויף דעם דאָזיגן אויסנווייניגסטן קערפּער. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַך. אויף ווי ווייט דער מענטשלעכער גייסט שטעלט זיך פאָר

אַן אויסנווייניגסטן קערפער, אויף אַזוי ווייט האָט ער נישט, פון אים קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש.

באַווייז. ווען דער מענטשלעכער גייסט באַטראַכט אויסנווייניגסטע קערפער דורך די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון זיין אייגענעם קערפער, זאָגן מיר, אַז ער האָט אַ פאָרשטעלונג (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XVII); דער גייסט קאָן זיך נישט פאָרשטעלן אויף קיין אַנדער אופן אויסנווייניגסטע קערפער ווי נאָר אַלס ווירקלעך עקזיסטירנדע; דעריבער, (טייל II, זאַץ XXV) האָט נישט דער גייסט, אויף ווי ווייט ער שטעלט זיך פאָר אויסנווייניגסטע קערפער, קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון זיי. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXVII. די אידעע פון יעדער פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפער שליסט נישט איין קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דעם מענטשלעכן קערפער גופא.

באַווייז. יעדע אידעע פון אַ פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפער שליסט איין די נאַטור פון דעם מענטשלעכן קערפער אויף ווי ווייט דער מענטשלעכער קערפער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט אויף אַ געוויסן אופן (טייל II, זאַץ XVI). ווי ווייט, אָבער, דער מענטשלעכער קערפער איז אַן אינדיוויד, וואָס קאָן אויף פאַרשיידענע אופנים באַווירקט ווערן, שליסט די אידעע פון דער פאַרענדערונג.... און אַזוי ווייטער. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXVIII. די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלעכן קערפער, אויף ווי ווייט זיי האָבן אַ שייכות בלויז צו דעם מענטשלעכן גייסט, זענען נישט קלאָר און באַשטימט, נאָר מבולבלדיג; די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלעכן קערפער שליסן איין די נאַטור פון דעם מענטשלעכן קערפער, אַזוי גוט ווי די נאַטור פון די אויסנווייניגסטע קערפער (טייל II, זאַץ XVI). זיי מוזן איינשליסן די נאַטור, נישט נאָר פון דעם מענטשלעכן קערפער, נאָר אויך פון זיינע טיילן, מחמת די פאַרענדערונגען זענען מאָדוסן (פּאָסטולאַט III), וואָס דורך זיי ווערן באַווירקט די טיילן פון דעם מענטשלעכן קערפער, און ממילא דער מענטשלעכער קערפער אַלס גאַנצער (טייל II, זאַץ XXIV). די אַדעקוואַטע דערקענטעניש, אָבער, פון אויסנווייניגסטע קערפער, אַזוי גוט ווי פון די טיילן, וואָס פון זיי באַשטייט דער מענטשלעכער קערפער, איז נישט אין גאָט אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון דעם מענטשלעכן גייסט, נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון אַנדערע אידעען. די דאָזיגע אידעען פון די פאַרענדערונגען, אויף אַזוי ווייט ווי זיי באַציהען זיך בלויז אויף דעם מענטשלעכן גייסט זענען קאָנסעקווענצן, וואָס שטיצן זיך נישט אויף קיינע יסודות, דאָס הייסט, זיי זענען צעמישטע אידעען. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. אויף דעם זעלבן אופן ווערט באַוויזן, אַז די אידעע,

וואָס מאַכט-אויס די נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט, ווען זי ווערט אין זיך גופא באַטראַכט, איז נישט קלאָר און באַשטימט. ווי דאָס איז אויך דער פאַל מיט דער אידעע פון דעם מענטשלעכן גייסט און די אידעען פון די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלעכן קערפּער, אויף ווי ווייט זיי באַציהען זיך בלויז אויף דעם גייסט; ווי יעדער איינער קאָן דאָס לייכט איינזעהן.

**זאַץ XXIX.** די אידעע פון דער אידעע פון יעדער פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפּער שליסט נישט איין אין זיך קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דעם מענטשלעכן גייסט.

**באַווייז.** די אידעע פון אַ פאַרענדערונג פון דעם מענטשלעכן קערפּער (טייל II, זאַץ XXVII) שליסט נישט איין קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דעם קערפּער גופא, אָדער זי דריקט נישט אויס אַדעקוואַט זיין נאַטור, דאָס הייסט (טייל II, זאַץ XIII) זי שטימט נישט צונויף אַדעקוואַט מיט דער נאַטור פון דעם גייסט. דעריבער (טייל I, אַקסיאָמע VI) דריקט נישט אויס אַדעקוואַט די אידעע פון דער דאָזיגער אידעע די נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט, אָדער זי שליסט נישט איין קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון אים.

**שלוסזאַץ.** דערפון פאָלגט, אַז ווען דער מענטשלעכער גייסט פאַסט אויף זאַכן לויט דעם געוויינלעכן סדר פון דער נאַטור, האָט ער נישט פון זיין אייגענעם קערפּער, און נישט פון אויסנווייניגסטע קערפּער קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש, נאָר אַ צעמישטע און אַ צעפּיצלטע. מחמת, דער גייסט ווייס זיך גופא בלויז אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ער פאַסט אויף די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון קערפּער (טייל II, זאַץ XXIII). ער פאַסט אויף זיין אייגענעם קערפּער (טייל II, זאַץ XIX) בלויז דורך די אידעען פון די פאַרענדערונגען, דורך וועלכע ער פאַסט אויך אויף די אַנדערע קערפּער; אויף ווי ווייט, אַלזאָ, ער האָט אַזעלכע אידעען פון פאַרענדערונגען, האָט ער נישט קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון זיך גופא (טייל II, זאַץ XXIX); נישט פון זיין אייגענעם קערפּער (טייל II, זאַץ XXVII), און נישט פון אויסנווייניגסטע קערפּער (טייל II, זאַץ XXV), נאָר בלויז אַ צעמישטע און אַ צעפּיצלטע (טייל II, זאַץ XXVIII, און אָנמערקונג צום זאַץ) וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** איך זאָג אויסדריקלעך, אַז דער גייסט האָט נישט פון זיך גופא, נישט פון זיין אייגענעם קערפּער, און נישט פון די אויסנווייניגסטע קערפּער קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש, נאָר אַ צעמישטע, ווען נאָר ער פאַסט אויף זאַכן לפי דעם געוויינטלעכן סדר פון דער נאַטור: דאָס הייסט, ווען נאָר ער ווערט באַשטימט פון אויסנווייניג, נעמלעך, דורך דעם צופעליגן

שפּיל פון אומשטענדן, צו באַטראַכטן אַזאַ אָדער אַן אַנדער זאַך; נישט אָבער יצמאָלט, ווען ער ווערט פון אינעווייניג באַשטימט, דאָס הייסט, ווען ער ווערט באַשטימט צו באַטראַכטן גלייכצייטיג מערערע זאַכן, און צו דערקענען זייער גלייכקייט, פאַרשיידנקייט, און געגנגעזעצטקייט. ווען נאָר ער ווערט אויף וואָספאַר עס איז אופן פון אינעווייניג באַשטימט, באַטראַכט ער זאַכן קלאָר און דייטלעך, ווי איך וועל עס ווייזן אונטן.

**זאַץ** XXX. מיר קאָנען האָבן בלויז אַ זייער אומאַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער דויער פון אונזער קערפּער.

**באַווייז.** די דויער פון אונזער קערפּער הענגט נישט אָפּ פון זיין תּמצית (טייל II, אַקסיאָמע I) און נישט פון דער אַבסאָלוטער נאַטור פון גאָט (טייל I, זאַץ XXI), נאָר ער איז (טייל I, זאַץ XXVIII) באַשטימט צו זיין און צו ווירקן פון אַזעלכע אורזאַכן, וועלכע זענען אויך פון אַנדערע אורזאַכן באַשטימט צו זיין און צו ווירקן אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן, און די דאָזיגע ווידער זענען באַשטימט פון אַנדערע, און אַזוי ביז דער אומענדלעכקייט. די דויער פון אונזער קערפּער הענגט-אָפּ, אַלזאָ, פון דעם אַלגעמיינעם סדר אין דער נאַטור, און פון דעם צושטאַנד פון זאַכן. ווי אַ זאַך, אָבער, זאָל נישט זיין צונויפגעשטעלט, איז די אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער דאָזיגער זאַך אין גאָט, אויף ווי ווייט ער האָט די אידעע פון אַלע זאַכן, און נישט אויף ווי ווייט ער האָט די אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער בלויז (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ IX). דערפאַר, איז די דערקענטעניש פון דער דויער פון אונזער קערפּער אין גאָט זייער נישט פולשטענדיג אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס דער, וואָס שטעלט צונויף בלויז די נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט. דאָס הייסט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI), אַז די דערקענטעניש איז זייער אומאַדעקוואַט אין אונזער גייסט. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ** XXXI. מיר קאָנען האָבן בלויז אַ זייער אומאַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער דויער פון איינצלנע זאַכן, וועלכע זענען אויסנווייניג פון אונז.

**באַווייז.** יעדע איינצלנע זאַך, ווי דער מענטשלעכער קערפּער, מוז זיין באַשטימט פון אַן אַנדער איינצלנער זאַך צו זיין און צו ווירקן אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן. און די דאָזיגע איינצלנע זאַך, ווידער, מוז אויך פון אַ דריטער זאַך באַשטימט ווערן, און אַזוי ביז דער אומענדלעכקייט (טייל I, זאַץ XXVIII). היות אָבער, ווי מיר האָבן פון דער דאָזיגער געמיינשאַפטלעכער אייגנשאַפט פון איינצלנע זאַכן באַוויזן אין פאָריגן זאַץ, אַז מיר האָבן פון דער דויער פון אונזער קערפּער נאָר אַ העכסט אומאַדעקוואַטע דערקענטעניש, לכן מוזן מיר ציהען אַן ענלעכן שלוס וועגן דער דויער פון

איינצלנע זאַכן; נעמלעך, אַז מיר קאָנען האָבן נאָר אַ העכסט אומאַדעקוואַטע דערקענטעניש פון זייער דויער. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז אַלע איינצלנע זאַכן זענען צופעליג און צעשטערבאַר, מחמת מיר קאָנען נישט האָבן קיין אַדעקוואַטע אידעע פון זייער דויער (לויט דעם לעצטן זאַץ), און דאָס איז וואָס מיר מוזן פאַרשטיין אונטער צופעליגקייט און צעשטערבאַרקייט (טייל I, זאַץ XXXIII, אָנמערקונג I), דען (טייל I, זאַץ XXIX), אַ חוץ אין אַזאַ זין, איז קיין זאַך נישט צופעליג.

זאַץ XXXII. אַלע אידעען, אויף ווי ווייט זיי באַציהען זיך אויף גאָט, זענען אמת.

באַווייז. אַלע אידעען, וועלכע זענען אין גאָט, שטימען פולקאָם צונויף מיט זייערע געגנשטאַנדן (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VII). דעריבער (טייל I, אַקסיאָמע VI) זענען זיי אַלע אמת. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXIII. עס איז נישט פאַראַן קיין פּאָזיטיווס אין די אידעען, וואָס צוליב דעם זאָלן זיי קאָנען אָנגערופן ווערן פאַלש.

באַווייז. אויב דאָס זאָל אָפּגעלייקנט ווערן, זאָל מען זיך יעמאָלט פאָרשטעלן, אויב מעגלעך, אַ פּאָזיטיוון מאָדוס פון דענקען, וואָס פון אים זאָל באַשטיין די אייגנטימלעכע קוואַליטעט פון פאַלשקייט. אַזאַ מאָדוס פון דענקען קאָן נישט זיין אין גאָט (טייל II, זאַץ XXXII), אויסערהאַלב פון גאָט קאָן ער, אָבער, אויך נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן (טייל I, זאַץ XV). אַלזאָ, קאָן נישט זיין קיין פּאָזיטיווס אין די אידעען, וואָס דורך דעם זאָלן זיי קאָנען פאַלש אָנגערופן ווערן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXIV. יעדע אידעע, וועלכע איז אין אונז אַבסאָלוט, אָדער אַדעקוואַט און פולשטענדיג, איז אמת.

באַווייז. ווען מיר זאָגן, אַז אַן אידעע אין אונז איז אַדעקוואַט און פולשטענדיג, זאָגן מיר, מיט אַנדערע ווערטער (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI), אַז די אידעע איז אַדעקוואַט און פולשטענדיג אין גאָט, אויף ווי ווייט ער שטעלט צונויף די תמצית פון אונזער גייסט, ממילא, אַז אַזאַ אידעע איז אמת (טייל II, זאַץ XXXII). וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXV. די פאַלשקייט באַשטייט אין דעם מאַנגל פון דער דערקענטעניש, וואָס אים שליסן אין זיך איין די אומאַדעקוואַטע, אָדער די צעפיצלטע און די פאַרפלאָנטערטע אידעען.

באַווייז. עס איז נישט פאַראַן אין די אידעען קיין פּאָזיטיווס, וואָס צוליב דעם זאָלן זיי אָנגערופן ווערן פאַלש (טייל II, זאַץ XXXIII). פאַלשקייט, אָבער, קאָן נישט באַשטיין אין פשוטן מאַנגל פון דערקענטעניש (מחמת, ווענן גייסט און נישט וועגן קערפּער זאָגט מען, אַז ער בלאָנדזשעט, און אַז

ער איז זיך טועה). פאַלשקייט קאָן אויך נישט באַשטיין אין אַבסאָלוטער אומוויסנהייט, דען אומוויסנהייט און טעות זענען נישט איינס און דאָס זעלבע, דערפאַר באַשטייט פאַלשקייט אין דעם מאַנגל פון דערקענטעניש, וועלכע אומ-אַדעקוואַטע אָדער צעפּיצלטע און פאַרפלאָנטערטע אידעען שליסן אין זיך איין. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** אין דער אָנמערקונג צו טייל II, זאַץ XVII האָב איך דערקלערט ווי אַזוי אַ טעות באַשטייט אין דעם מאַנגל פון דערקענטעניש; דאָך, כדי צו וואַרפן מער ליכט אויף דעם געגנשטאַנד, וועל איך געבן אַ ביישפּיל. די מענטשן, למשל, מאַכן אַ טעות, ווען זיי גלויבן, אַז זיי זענען פריי. זייער מיינונג נעמט זיך פון דעם באַוואוסטזיין וועגן זייערע אייגענע האַנדלונגען, און פון דער אומוויסנהייט וועגן די אורזאַכן, וואָס באַשטימען די דאָזיגע האַנדלונגען. זייער אידעע וועגן פרייהייט איז דעריבער פּשוט זייער אומוויסנהייט וועגן אַ וועלכער עס איז אורזאַך פון זייערע האַנדלונגען. דען ווען זיי זאָגן, אַז די מענטשלעכע האַנדלונגען הענגען אָפּ פון דעם ווילן, זענען דאָס בלויז ווערטער, מיט וועלכע זיי פאַרבינדן נישט קיין אידעע. וואָס דער ווילן איז, און ווי אַזוי ער באַוועגט דעם קערפּער, ווייס קיינער פון זיי נישט. די, וואָס באַרימען זיך, אַז זיי ווייסן, און זיי קלערן-אויס פלאַץ און אַן אויפהאַלט פאַר דער נשמה, רופן אַרויס געלעכטער אָדער מיסאַכטונג. אַזוי, ווידער, ווען מיר קוקן אויף דער זון, שטעלן מיר זיך פאָר, אַז זי איז פון אונז בלויז אַן ערך פון צוויי הונדערט פוס ווייט. דער דאָזיגער טעות ליגט נישט בלויז אין דער דאָזיגער פאָרשטעלונג, נאָר אין דעם פאַקט, וואָס בעת מיר שטעלן זיך זי אַזוי פאָר, ווייסן מיר נישט די אמתע דיסטאַנץ פון דער זון, און נישט די אורזאַך פון דער דאָזיגער פאָרשטעלונג. דען, הגם מיר דערוויסן זיך דערנאָכדעם, אַז די זון איז זעקס הונדערט ערד דיאַמעטרן ווייט פון אונז, שטעלן מיר זיך נאָך אַלץ זי פאָר נענטער, ווייל נישט דערפאַר שטעלן מיר זיך פאָר די זון אַזוי נאָענט, וואָס מיר ווייסן נישט איר אמתע דיסטאַנץ, נאָר דערפאַר, וואָס די פאַרענדערונג פון אונזער קערפּער שליסט אין זיך איין די עסענץ פון דער זון, אויף אַזוי ווייט ווי ער זעלבסט ווערט פון איר באַווירקט.

**זאַץ XXXVI.** אומאַדעקוואַטע און פאַרפלאָנטערטע אידעען פאָלגן מיט דער זעלבער נויטווענדיקייט ווי אַדעקוואַטע, אָדער קלאָרע און דייט-לעכע אידעען.

**באַווייז.** אַלע אידעען זענען אין גאָט (טייל I, זאַץ XV), און אויף ווי ווייט זיי באַציהען זיך אויף גאָט זענען זיי אמת (טייל II, זאַץ XXXII) און (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VII) אַדעקוואַט. עס זענען נישט פאַראַן דערי-בער קיינע פאַרפלאָנטערטע און אומאַדעקוואַטע אידעען, אַחוץ אין שייכות צו

דעם איינצלנעם גייסט פון וועלכן עס איז מענטשן (טייל II, זאַצן XXIV און XXXIII), ממילא, פאָלגן אַלע אידעען, סיי אַדעקוואַטע סיי אומאַדעקוואַטע, מיט דער זעלבער נויטווענדיגקייט (טייל II, זאַץ IV). וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXXVII.** דאָס וואָס איז געמיינזאַם צו אַלע זאַכן (טייל II הילפזאַץ II), און דאָס וואָס געפינט זיך אויף אַ גלייכן אופן אין דעם טייל פון אַ זאַך און אין דער גאַנצער זאַך, שטעלט נישט צונויף די עסענץ פון וועלכער עס איז איינצלנער זאַך.

**באַווייז.** אויב דאָס זאָל אָפּגעלייקנט ווערן, לאָמיר אָננעמען, אויב מעגלעך, אַז דאָס שטעלט יאָ צונויף די עסענץ פון וועלכער עס איז איינצלנער זאַך, למשל, די עסענץ פון דער זאַך „ב", דאַן קאָן דאָס נישט (לפי טייל II, דעפיניציע II) אָן „ב" עקזיסטירן, אָדער באַגריפן ווערן. דאָס איז אָבער אין געגנזאַץ צו אונזער השערה. ובכן, געהערט עס נישט צו דער עסענץ פון „ב" און עס שטעלט אויך נישט צונויף די עסענץ פון וועלכער עס איז איינצלנער זאַך. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXXVIII.** דאָס וואָס איז געמיינזאַם צו אַלע זאַכן און וואָס געפינט זיך אויף אַ גלייכן אופן אין דעם טייל פון דער זאַך און אין דער גאַנצער זאַך, קאָן נישט אַנדערש ווי אַדעקוואַט באַגריפן ווערן.

**באַווייז.** לאָמיר אָננעמען, אַז „אַ" איז עפּעס אַזעלכס, וואָס איז געמיינזאַם צו אַלע זאַכן און וואָס איז פאַראַן אויף אַ גלייכן אופן אין דעם טייל פון יעדער זאַך ווי אין דער גאַנצער זאַך. זאָג איך, אַז „א" קאָן נישט אַנדערש ווי אַדעקוואַט באַגריפן ווערן, מחמת, די אידעע פון „א" אין גאָט וועט אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיין אַדעקוואַט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VII), אויף אַזוי ווייט ווי גאָט האָט די אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער און אויף אַזוי ווייט ווי ער האָט די אידעע פון די פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלעכן קערפּער, וועלכע שליסט אין זיך איין (טייל II, זאַצן XXV, XVI און XXVII) טיילווייז די נאַטור פון דעם מענטשלעכן קערפּער און די נאַטור פון אויסנווייניגסטע קערפּער; דאָס הייסט (טייל II, זאַצן XII און XIII) די אידעע פון גאָט וועט זיין על פּי הכרח אַדעקוואַט, אויף ווי ווייט ער שטעלט צונויף דעם מענטשלעכן גייסט, און אויף ווי ווייט ער האָט די אידעען, וועלכע זענען אין דעם מענטשלעכן גייסט. דער גייסט דעריבער (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI) פאַסט אויף „א" אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַדעקוואַט, און ער האָט די דאָזיגע אַדעקוואַטע אויפפאַסונג אויף אַזוי ווייט, ווי ער פאַסט אויף זיך גופא און אויך אויף אַזוי ווייט, ווי ער פאַסט אויף זיין אייגענעם קערפּער אין וועלכן עס איז אויסנווייניגסטן קערפּער, און אויף קיין אַנדער אופן קאָן „א" נישט באַגריפן ווערן. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** דערפון פאָלגט, אַז עס זענען פאַראַן געוויסע אידעען

אָדער באַגריפן, וואָס זענען געמיינזאַם צו אַלע מענטשן, מחמת (לויט הילפס־זאַץ II) אַלע קערפּער שטימען צונויף אין געוויסע פּרטים, וועלכע (נאָך דעם פריגן זאַץ נאָך) מוזן אַדעקוואַט, אָדער קלאָר און דייטלעך פון אַלע אויפגעפאַסט ווערן.

**זאַץ XXXIX.** דאָס, וואָס איז געמיינזאַם און אייגנטלעך צו דעם מענטשלעכן קערפּער און אייניגע אַנדערע קערפּער, וואָס פון זיי פלעגט ווערן דער מענטשלעכער קערפּער באַווירקט, און דאָס וואָס איז פאַראַן אין דעם טייל פון יעדן איינעם פון זיי אַזוי גוט ווי אין דעם גאַנצן, וועט דורך אַן אַדעקוואַטע אידעע זיין רעפּרעזענטירט אין דעם גייסט.

**באַווייז.** ווען „א" זאָל זיין דאָס, וואָס איז געמיינזאַם און אייגנטימלעך צו דעם מענטשלעכן קערפּער און אויסנווייניגסטע קערפּער, און דאָס וואָס איז פאַראַן אין דעם מענטשלעכן קערפּער אַזוי גוט ווי אין די אויסנווייניגסטע קערפּער, אין יעדן טייל פון יעדן אויסנווייניגסטן קערפּער ווי אין דעם גאַנצן, וועט פון „א" זיין אַן אַדעקוואַטע אידעע אין גאָט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VII) אויף ווי ווייט ער האָט די אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער און אויך אויף ווי ווייט ער האָט די אידעען פון די באַטרעפנדע אויסנווייניגסטע קערפּער. לאָמיר איצט אָננעמען, אַז דער מענטשלעכער קערפּער ווערט באַווירקט פון אַן אויסנווייניגסטן קערפּער דורך עפּעס, וואָס ער האָט געמיינזאַם מיט אים — נעמלעך דורך „א". די אידעע פון דער דאָזיגער פאַרענדערונג וועט איינשליסן אין זיך די אייגנשאַפט „א" (טייל II, זאַץ XVI) און, פאָלגלעך, (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VII) וועט די אידעע פון דער דאָזיגער פאַרענדערונג אויף ווי ווייט זי שליסט איין די אייגנשאַפט „א" זיין אַדעקוואַט אין גאָט, אויף ווי ווייט גאָט איז באַווירקט פון דער אידעע פון דעם מענטשלעכן קערפּער, דאָס הייסט, (טייל II, זאַץ XIII) אויף ווי ווייט ער שטעלט צונויף די נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט. ובכן, (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI) איז די אידעע אַדעקוואַט אויך אין דעם מענטשלעכן גייסט. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** דערפון פאָלגט, אַז דער גייסט איז פעהיג אויפצופאַסן מערערע זאַכן, לפי ערך צו דעם מער געמיינזאַמען, וואָס זיין קערפּער האָט מיט אַנדערע קערפּער.

**זאַץ XL.** אַלע די אידעען אין דעם גייסט, וועלכע פאָלגן פון די אַדעקוואַטע אידעען אין אים, זענען אַליין אויך אַדעקוואַט.

**באַווייז.** דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון זיך אַליין. מחמת, ווען מיר זאָגן, אַז אַן אידעע אין דעם מענטשלעכן גייסט פאָלגט פון די אידעען, וועלכע זענען אין אים אַדעקוואַט, זאָגן מיר, מיט אַנדערע ווערטער, (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI), אַז אַן אידעע איז אין דעם געטלעכן פאַרשטאַנד, וואָס

פון איר איז גאָט די אורזאַך, נישט אויף ווי ווייט ער איז אומענדלעך, און אויך נישט אויף ווי ווייט ער איז באַווירקט פון די אידעען פון זייער פיל איינצלנע זאַכן, נאָר בלויז אויף ווי ווייט ער שטעלט צונויף די עסענץ פון דעם מענטשלעכן גייסט.

*אָנמערקונג.* אַזוי אַרום האָב איך אָנגעצייגט די אורזאַך פון די דאָזיגע באַגריפן, וועלכע זענען געמיינזאַם צו אַלע מענטשן, און וועלכע בילדן די גרונדלאַגן פון אונזערע לאָגישע שלוס-פאָלגונגען. פאַראַן אָבער נאָך אַנדערע אורזאַכן פון געוויסע אַקסיאָמען אָדער באַגריפן, וואָס פאַרדינען, אַז מען זאָל זיי אַרויסברענגען על פּי דעם זעלבן מעטאָד אונזערן, דען, דערפון וואָלט זיך אַרויסגעוויזן וואָסערע באַגריפן זענען מער ניצלעך איידער אַנדערע, און וואָסערע באַגריפן האָבן לגמרי אַ קנאַפּן נוצן. נאָך מער, מיר וואָלטן זען וואָסערע באַגריפן זענען קלאָר און באַשטימט בלויז צו די, וואָס זענען פריי פון פאָראורטיילן, און, ענדלעך, וואָסערע באַגריפן זענען שלעכט באַגרינדעט. אַחוץ דעם וואָלטן מיר איינגעזעהן פון וואַנען האָבן די באַגריפן, וועלכע מען רופט *סעקונדאַרע,* זייער אורשפּרונג גענומען, און ממילא די אַקסיאָמען, וואָס אויף זיי באַרוהען זיך די באַגריפן, און נאָך אַנדערע אינטערעסאַנטע זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט די דאָזיגע פראַגן. איך האָב, אָבער, באַשלאָסן נישט אָפּצושטעלן זיך דאָ אויף דעם דאָזיגן געגנשטאַנד, טיילווייז דערפאַר, וואָס איך האָב אים באַשטימט פאַר אַן אַנדער אָפּהאַנדלונג, טיילווייז דערפאַר, וואָס איך האָב מורא, אַז צוליב זיין ווייט-לויפיגקייט זאָל דער געגנשטאַנד נישט ווערן צו לאַנגווייליג פאַר דעם לעזער. דאָך, כדי נישט אויסצולאָזן עפּעס, וואָס מען מוז נויטיג וויסן, וועל איך אין קורצן אָנגעבן די אורזאַכן, וואָס פון זיי האָבן זיך גענומען די אַזוי - אָנגערופענע *טראַנסצענדענטאַלע* אויסדריקן, ווי *דאָס זיין, די זאַך, דאָס עפּעס.* די דאָזיגע אויסדריקן אַנטשטייען דערפון, וואָס דער מענטשלעכער קערפּער, זייענדיג באַשרענקט, איז ביכולת צו בילדן אין זיך אויף איין מאָל מיט באַשטימטקייט בלויז אַ געוויסע צאָל פאָרשטעלונגען (וואָס אַ פאָרשטעלונג איז, האָב איך דערקלערט אין טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XVII). ווערט די דאָזיגע צאָל איבערגעשטיגן, הויבן אָן די פאָרשטעלונגען מבולבל צו ווערן. און ווען די דאָזיגע צאָל פון פאָרשטעלונגען, וואָס דער קערפּער איז ביכולת אויף איין מאָל מיט באַשטימטקייט צו בילדן, ווערט ווייט איבערגעשטיגן, ווערן זיי אַלע אינגאַנצן צעמישט איינע מיט די אַנדערע.

אויב דאָס איז אַזוי, איז יעמאָלט קלאָר (פון טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XVII, און זאַץ XVIII), אַז דער מענטשלעכער גייסט קאָן מיט באַשטימטקייט זיך פאָרשטעלן אַזויפיל זאַכן אויף איין מאָל, וויפיל פאָרשטעלונגען עס קאָנען זיך אויף איין מאָל בילדן אין זיין קערפּער. ווען, אָבער,

די פאָרשטעלונגען אין קערפּער ווערן אינגאַנצן צעמישט, וועט דער גייסט זיך
אויך פאָרשטעלן אַלע קערפּער צעמישט אָן אַ וועלכער עס איז נפקא-מינה און
ער וועט זיי אונטער איין אַטריבוט צונויפפאַסן; נעמלעך, אונטער דעם אַטרי-
בוט פון דאָס זיין, די זאַך, און דאָס עפּעס. דער זעלבער שלוס קאָן
געצויגן ווערן אויך דערפון, וואָס די פאָרשטעלונגען זענען נישט אַלע גלייך
לעבעדיג, און פון אַנדערע אַנאַלאָגישע אורזאַכן, וואָס עס איז נישט נויטיג
זיי דאָ אויסצופירן, מחמת וואָס איז שייך דעם צוועק, וואָס מיר האָבן אין
אויג, איז גענוג פאַר אונז בלויז איינע צו באַטראַכטן. דען אַלץ קאָן רעדו-
צירט ווערן צו דעם, אַז די דאָזיגע אויסדריקן באַצייכענען אין דעם העכסטן
גראַד צעמישטע אידעען. פון ענלעכע אורזאַכן זענען אַנטשטאַנען די יעניגע
באַגריפן, וועלכע מיר רופן אָן אַלגעמיינע, ווי מענטש, פערד, הונט און
דאָס גלייכן, מחמת, עס בילדן זיך, אַזוי פיל פאָרשטעלונגען פון
מענטשן, למשל, אויף איין מאָל אין דעם מענטשלעכן גייסט, אַז די פאָרשטע-
לונגס-קראַפט ברעכט צונויף, ווען נישט אינגאַנצן, דאָך שטאַרק גענוג, אַז דער
גייסט זאָל זיך נישט קאָנען פאָרשטעלן די קליינע פאַרשיידנהייטן צווישן די
איינצלנע אינדיווידן (ווי פאַרב, מאָס, און אַזוי ווייטער) אין זייער באַשטים-
טער צאָל, און ער זאָל קאָנען באַשטימט זיך פאָרשטעלן נאָר דאָס, אין וואָס
אַלע איינצלנע שטימען צונויף, אויף ווי ווייט דער קערפּער איז פון זיי באַ-
ווירקט; דען, דאָס איז נעמלעך דער פּונקט, וואָס אין אים, הויפּטזאַכלעך,
האָבן די איינצלנע דעם קערפּער באַווירקט; דאָס דריקט דער גייסט אויס מיט
דעם וואָרט מענטש, און דאָס שרייבט ער צו אַלס אַן אייגנשאַפט צו אַן
אומענדלעכער צאָל פון איינצלנע אינדיווידן, וואָרים ער איז, ווי מיר האָבן
געזאָגט, נישט ביכולת זיך פאָרצושטעלן אַ באַשטימטע צאָל אינדיווידן. דאָך
מוזן מיר האָבן אין זינען, אַז די דאָזיגע אַלגעמיינע באַגריפן ווערן נישט גע-
בילדעט פון אַלע מענטשן אויף דעם זעלבן אופן, נאָר זיי זענען פאַרשיידן
ביי יעדן איינעם, לפי ערך צו דער זאַך, פון וועלכער דער קערפּער איז אָפט-
טערס באַווירקט געוואָרן, און וואָס זי שטעלט זיך דער גייסט לייכטער פאָר,
אָדער האַלט זי אין זכרון. ווער למשל עס האָט אָפטערס מיט באַוואונדערונג
באַטראַכט די שטאַטור פון דעם מענטשן, דער פאַרשטייט אונטער דעם וואָרט
מענטש אַ חיה פון אַן אַרויף-צו געריכטעטער שטאַטור. ווער, אָבער, עס איז
געוואוינט צו באַטראַכטן אַ וואָסער עס איז אַנדער אַטריבוט, דער וועט בילדן
אַן אַנדער געמיינזאַמע פאָרשטעלונג פון מענטש, למשל, אַז דער מענטש איז
אַ לאַכנדיגע, צוויי-פיסיגע, אָן-פעדערדיגע חיה, אַ פאַרנונפטיגע חיה, און
אַזוי אין אַנדערע פאַלן וועט יעדער איינער שאַפן געמיינזאַמע בילדער פון
זאַכן, לויט דער געוואוינהייט פון זיין קערפּער. עס איז, דעריבער, קיין וואונ-
דער נישט, וואָס צווישן די פילאָסאָפן, וואָס ווילן ערקלערן די זאַכן אין דער

נאַטור בלויז דורך די פאָרשטעלונגען פון זאַכן, זאָלן אַזוי פיל וכוחים האָבן אַנטשטאַנען.

אָנמערקונג. פון אַלץ, וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, איז קלאָר, אַז מיר פאַסן אויף אַ סך און בילדן אונזערע אַלגעמיינע באַגריפן:

1). פון די איינצלנע זאַכן, וואָס ווערן פאָרגעשטעלט צו אונזער פאַר־שטאַנד דורך די חושים צעפיצלט און צעמישט און אָן אַ סדר (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XXIX (איך האָב באַשלאָסן אָנצורופן אַזעלכע אויפפאַסונגען אַ דערקענטעניש דורך אומקלאָרע דערפאַרונגען).

2). פון סימבאָלן, דאָס הייסט, דורך דעם, וואָס ביים לעזן, אָדער הערן געוויסע ווערטער דערמאָנען מיר זיך ווידער אָן זאַכן און בילדן וועגן זיי געוויסע אידעען, וועלכע זענען גלייך צו די יעניגע, וואָס דורך זיי שטעלן מיר זיך פאָר זאַכן (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XVIII). (די דאָזיגעביידע אופנים פון באַטראַכטן זאַכן וועל איך אָנרופן דערקענטעניש פון ערשטן מין, מיינונג, אָדער פאָרשטעלונג).

3). ענדלעך, דורך דעם וואָס מיר האָבן געמיינזאַמע באַגריפן פאַר אַלע מענטשן און אַדעקוואַטע אידעען פון אייגנשאַפטן פון זאַכן (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXVIII, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXIX, און דער זאַץ גופא, און זאַץ XL). (דאָס רוף איך פאַרנונפט און דערקענטעניש פון צווייטן מין).

אַחוץ די דאָזיגע צוויי מינים פון דערקענטעניש איז פאַראַן, ווי איך וועל נאָכדעם ציינגן, אַ דריטער מין פון דערקענטעניש, וועלכן מיר וועלן רופן אינטואיציע. דער דאָזיגער מין פון דערקענטעניש הויבט זיך אָן מיט דער אַדעקוואַטער אידעע פון דער אַבסאָלוטער תמצית פון געוויסע אַטריבוטן פון גאָט, און גייט ביז דער אַדעקוואַטער דערקענטעניש פון דער תמצית פון זאַכן. איך וועל אילוסטרירן אַלע דריי מינים פון דערקענטעניש דורך איין ביישפיל. דריי צאָלן ווערן געגעבן כדי צו געפינען אַ פערטע, וועלכע פאַר־האַלט זיך צו דער דריטער ווי די צווייטע צו דער ערשטער. אַ געשעפטס־מאַן וועט זיך גאָרנישט באַדענקען און כפלען די צווייטע אויף דער דריטער און דעם פראָדוקט חילוקן אויף דער ערשטער, אַנטוועדער דערפאַר, וואָס ער האָט נאָך נישט פאַרגעסן, וואָס ער האָט פון דעם לערער געלערנט, אָן אַ וועלכן עס איז באַוויז, אָדער דערפאַר וואָס ער האָט עס דערפאַרן ביי דעם איינפאַכסטן ציילן, אָדער צוליב דעם באַוויז פון דעם ניינצענטן זאַץ פון דעם זיבענטן בוך פון עווקלידן; נעמלעך, צוליב דער געמיינזאַמער אייגנשאַפט פון פראָפאָרציעס.

דאָס אַלץ איז נישט נויטיק אָבער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן זייער איינפאַכע צאָלן; למשל, ווען עס ווערן געגעבן די צאָלן איינס צוויי דריי, קאָן

יעדערער זעהן, אַז די פערטע פּראָפּאָרציאָנס-צאָל איז זעקס, און דאָס איז אַ סך קלאָרער, ווייל מיר דרינגען אַרויס די פערטע צאָל פון אַן אינטואיטיוון אומפּאַסן פון דער פאַרהעלטעניש פון דער ערשטער צאָל צו דער צווייטער.

זאַץ XLI. די דערקענטעניש פון ערשטן מין איז דער איינציגער מקור פון פאַלשקייט, די דערקענטעניש אָבער פון צווייטן און דריטן מין איז פולשטענדיג אמת.

באַווייז. אין דער פאָריגער אָנמערקונג האָבן מיר געזאָגט, אַז צו דער דערקענטעניש פון ערשטן מין געהערן אַלע די דאָזיגע אידעען, וועלכע זענען אומאַדעקוואַט און צעמישט. פאָלגלעך, איז דער דאָזיגער מין פון דער-קענטעניש דער איינציגער מקור פון פאַלשקייט (טייל II, זאַץ XXXV), נאָך מער, מיר האָבן צוגעשריבן צו דער דערקענטעניש פון דעם צווייטן און דריטן מין די דאָזיגע אידעען, וועלכע זענען אַדעקוואַט, פאָלגלעך איז די דאָ-זיגע דערקענטעניש אמת (טייל II, זאַץ XXXIV). וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XLII. די דערקענטעניש פון צווייטן און דריטן מין, און נישט די דערקענטעניש פון דעם ערשטן מין לערנט אונז צו אונטערשיידן דאָס אמתע פון דעם פאַלשן.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון זיך אַליין. דער וואָס ווייס ווי צו אונטערשיידן צווישן אמת און פאַלש, מוז האָבן אַן אַדעקוואַטע אידעע פון אמת און פאַלש, דאָס הייסט (טייל II, זאַץ XL, אָנמערקונג II) ער מוז וויסן דאָס אמתע און דאָס פאַלשע דורך דער דערקענטעניש פון צווייטן און דריטן מין.

זאַץ XLIII. ווער עס האָט אַן אמתע אידעע, ווייס אין דער אייגע-נער צייט, אַז ער האָט אַן אמתע אידעע, און ער קאָן נישט צווייפלען אין דער זאַך, וועלכע ער ווערט געוואָר.

באַווייז. אַן אמתע אידעע אין אונז, איז די אידעע, וועלכע איז אַדעקוואַט אין גאָט, אויף ווי ווייט ער דריקט זיך אויס דורך דער נאַטור פון דעם מענטשלעכן גייסט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI). לאָמיר אָננעמען, אַז עס איז פאַראַן אין גאָט, אויף ווי ווייט ער איז אויסגעדריקט דורך דעם מענטשלעכן גייסט, אַן אַדעקוואַטע אידעע „א". די אידעע פון דער דאָזיגער אידעע מוז אויך אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיין אין גאָט, און זי מוז זיך באַ-ציהען אויף אים אויף דעם זעלבן אופן ווי די אידעע „א" (טייל II, זאַץ XX, דער באַווייז פון וועלכן קאָן אוניווערסאַל אָנגעווענדעט ווערן). די אידעע „א", אָבער, ווי עס ווערט אָנגענומען, באַציהט זיך אויף גאָט, אויף ווי ווייט ער איז אויסגעדריקט דורך דעם מענטשלעכן גייסט, פאָלגלעך, מוז די אידעע פון דער אידעע „א" זיך באַציהען אויף גאָט אויף דעם זעלבן אופן, דאָס הייסט, (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI) די אַדעקוואַטע אידעע פון דער

אידעע „א" וועט זיין אין דעם גייסט, וועלכער האָט די אַדעקוואַטע אידעע „א". לכן, מוז יעדערער, וואָס האָט אַן אַדעקוואַטע אידעע, אָדער וואָס דערקענט באמת אַ זאַך (טייל II, זאַץ XXXIV), האָבן אין דער אייגענער צייט אַן אַדעקוואַטע אידעע, אָדער אַן אמתע דערקענטעניש פון זיין דערקענטעניש, דאָס הייסט, באַשיינפּערלעך, אַז ער מוז זיין זיכער וועגן איר. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. אין טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XXI האָב איך דערקלערט וואָס אַן אידעע פון אַן אידעע מיינט. מיר מעגן אָבער דאָ באַמערקן, אַז דער פאָריגער זאַץ איז אין זיך גופא קלאָר גענוג. יעדערער, וואָס האָט אַן אַמתע אידעע, ווייס, אַז אַן אמתע אידעע שליסט אין זיך איין די העכסטע געוויסהייט, דען, צו האָבן אַן אמתע אידעע, הייסט נישט אַנדערש ווי צו וויסן אַ זאַך פולשטענדיג, אָדער אַזוי גוט ווי מעגלעך. קיינער קאָן אין דער אמתן נישט צווייפלען דערין, סיידן ער גלויבט, אַז אַן אידעע איז עטוואָס, וואָס האָט נישט קיין לעבן אין זיך, ווי אַ בילד אויף דער וואַנט, און נישט קיין מאָדוס פון דענקען — נעמלעך, דער עצם אַקט פון פאַרשטיין. און ווער, פרעג איך, קאָן וויסן, אַז ער פאַרשטייט עפּעס, סיידן ער פאַרשטייט עס טאַקע פון פריהער? מיט אַנדערע ווערטער, ווער קאָן וויסן, אַז ער איז זיכער וועגן אַ זאַך, סיידן ער איז פריהער זיכער וועגן דער דאָזיגער זאַך? ווייטער, וואָס קאָן זיין דייטלעכער און זיכערער איידער די אמתע אידעע אַלס אַ מוסטער פון אמת? ווי דאָס ליכט דריקט באמת אויס אי זיך אַליין אי די פינסטערניש, אַזוי איז דער אמת דער מוסטער אי פון זיך אַליין אי פון דער פאַלשקייט.

דערמיט גלויב איך האָב איך געענטפערט אויף די פאָלגנדע פראַגן—נעמלעך: אויב אַן אמתע אידעע אונטערשיידט זיך פון אַ פאַלשער נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי עס ווערט אָנגענומען, אַז זי שטימט צונויף מיט איר געגנשטאַנד, האָט דאָך די אמתע אידעע נישט מער רעאַליטעט און פולקאָמענהייט איידער די פאַלשע אידעע (מחמת זיי אונטערשיידן זיך איינע פון דער אַנדערער בלויז דורך אויסערלעכע סימנים), פאָלגלעך, וועט דאָך אַ מענטש, וואָס האָט אמתע אידעען, נישט האָבן קיין פאָרצוג איבער דעם מענטשן, וואָס האָט פאַלשע אידעען? ווייטער, ווי קומט עס, וואָס מענטשן האָבן פאַלשע אידעען? לעצטנס. ווי קאָן עמיצער זיין זיכער, אַז ער האָט אידעען, וואָס שטימען צונויף מיט זייערע געגנשטאַנדן? אויף די דאָזיגע פראַגן האָב איך, ווי איך גלויב, שוין געענטפערט. דער אונטערשייד צווישן אַן אמתער אידעע און אַ פאַלשער איז קלאָר פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט אין טייל II, זאַץ XXXV, די שייכות צווישן דער ערשטער און דער צווייטער איז די זעלבע ווי די שייכות צווישן דעם זיין און דעם נישט-זיין. די אורזאַך פון פאַלשקייט האָב איך זייער קלאָר פעסטגעשטעלט אין טייל II, זאַץ XIV און טייל II, זאַץ XXVI מיט דער

אָנמערקונג. דערפון, וואָס דאָרט ווערט געזאָגט, ווערט קלאָר דער אונטערשייד צווישן אַ מענטשן, וואָס האָט אמתע אידעען, און אַ מענטשן, וואָס האָט בלויז פאַלשע אידעען. וואָס געהערט אָן דער לעצטער פראַגע — נעמלעך, ווי אַזוי אַ מענטש קאָן זיין זיכער, אַז ער האָט אידעע, וואָס שטימען צונויף מיט זייערע געגנשטאַנדן, האָב איך אָט ערשט מיט איבערגעניגנדער קלאָרקייט געצייגט, אַז די דאָזיגע דערקענטעניש קומט דערפון, וואָס ער האָט אַן אידעע, וועלכע שטימט צונויף מיט איר געגנשטאַנד, אָדער אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס דער אמת איז דער מוסטער פון זיך גופא. מיר מעגן צוגעבן, אַז אונזער גייסט, אויף ווי וויט ער ווערט געוואָר זאַכן אמת, איז אַ טייל פון דעם אומענדלעכן פאַרשטאַנד פון גאָט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI), פאָלגלעך, זענען די קלאָרע און באַשטימטע אידעען פון גייסט, אויף אַ נויטוועדיגן אופן, אַזוי אמת ווי די אידעען פון גאָט.

זאַץ XLIV. עס ליגט אין דער נאַטור פון דער פאַרנונפט צו באַטראַכטן זאַכן נישט אַלס צופעליגע, נאָר אַלס נויטוועדיגע.

באַווייז. עס ליגט אין דער נאַטור פון דער פאַרנונפט אויפצופאַסן זאַכן אמת (טייל II, זאַץ XLI); נעמלעך (טייל I, אַקסיאָמע VI), ווי זיי זענען אין זיך גופא, דאָס הייסט (טייל I, זאַץ XXIX) נישט אַלס צופעליגע, נאָר אַלס נויטוועדיגע. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ I. דערפון פאָלגט, אַז בלויז דורך אונזער פאָרשטעלונג באַטראַכטן מיר זאַכן, הן בנוגע זייער צוקונפט, הן בנוגע זייער פאַרגאַנגענהייט אַלס צופעליגע.

אָנמערקונג. אויף וועלכן אופן דאָס געשעהט, אָבער, וועל איך אין קורצן דערקלערן. מיר האָבן אויבן געצייגט (טייל II, זאַץ XVII, און שלוסזאַץ) ווי דער גייסט שטעלט זיך תמיד פאָר זאַכן אַלס געגנוואַרטיג, אפילו ווען זיי זענען נישטאָ, ביז וואַנען עס אַנטשטייען נישט קיין געוויסע אורזאַכן, וואָס שליסן אויס זייער עקזיסטענץ און זייער געגנוואַרטיגקייט. ווייטער, מיר האָבן געצייגט (טייל II, זאַץ XVIII), אַז ווען דער מענטשלעכער קערפער איז איין מאָל גלייכצייטיג פון צוויי אויסנווייניגסטע קערפער באַווירקט געוואָרן, וועט דער גייסט, ווען ער וועט דערנאָכדעם זיך פאָרשטעלן איינעם פון זיי, זיך תיכף דערמאָנען אין דעם אַנדערן, דאָס הייסט, ער וועט באַטראַכטן ביידע אַלס געגנוואַרטיג פאַר זיך זעלבסט, סיידן עס וועלן אנטשטיין אורזאַכן, וואָס וועלן אויסשליסן זייער עקזיסטענץ און געגנוואַרטיגקייט. אַ חוץ דעם צווייפלט קיינער נישט, אַז אויך צייט שטעלן מיר זיך פאָר, און טאַקע דערפאַר, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז איניגע קערפער באַוועגן זיך גיכער אָדער פּאַמעלעכער איידער די אַנדערע, אָדער אַקוראַט אַזוי גיך אָדער פּאַמעלעך ווי די אַנדערע. לאָמיר, אַלזאָ, נעמען אַ קינד, וועלכעס האָט נעכטן

צום ערשטן מאָל גמזען פּעטערן אין דער פּרי, פּאַוולען מיטאָג־צייט, און סימאָנען אין אָוונט און אַז היינט זעט ער פּעטערן נאָכאַמאָל אין דער פּרי. עס איז קלאָר פון טייל II, זאַץ XVIII, אַז אַזוי שנעל ווי ער וועט די פּרי־מאָרגן־ליכט דערזעהן, וועט ער זיך פאָרשטעלן, אַז די זון וועט דורכשניידן די זעלבע טיילן פון הימל ווי זי האָט עס געטאָן, ווען ער האָט זי געזעהן מיט אַ טאָג פריהער, מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט זיך פאָרשטעלן אַ פול־שטענדיגן טאָג, און מיט דער פאָרשטעלונג פון דעם פרימאָרגן וועט ער זיך פאָרשטעלן פּעטערן, מיט דער פאָרשטעלונג פון דער מיטאָג־צייט — פּאַוולען, און מיט דער פאָרשטעלונג פון אָוונט — סימאָנען, — דאָס הייסט, ער וועט זיך פאָרשטעלן די עקזיסטענץ פון פּאַוולען און סימאָנען אין שייכות צו דער צוקונפט, פון דער אַנדערער זייט, ווען ער זעהט סימאָנען אין אָוונט, וועט ער פּאַוולען און פּעטערן אויף דער פאַרגאַנגענהייט באַציהען, פאָרשטעלנדיג זיך זיי גלייכצייטיג מיט דער פאָרשטעלונג פון דער פאַרגאַנגענהייט. אויב עס זאָל אַמאָל טרעפן, אַז דאָס קינד זאָל אַן אַנדער אָוונט זעהן דזשעמסן אַנשטאָט סימאָנען, וועט ער אויף דעם קומענדן פרימאָרגן פאַרבינדן זיין פאָרשטעלונג פון אָוונט אַמאָל מיט סימאָנען, אַמאָל מיט דזשעמסן, נישט אָבער מיטביידע אינאיינעם, דען די השערה איז, אַז ער האָט געזעהן אין אָוונט איינעם פון ביידע, און נישט ביידע אינאיינעם. זיין פאָרשטעלונג וועט דעריבער שוואַנקען, און מיט דער פאָרשטעלונג פון די קינפטיגע אָוונטן וועט ער פאַר־בינדן פריהער איינעם דערנאָך אַן אַנדערן, דאָס הייסט, ער וועט זיך פאָר־שטעלן זיי אין דער צוקונפט, קיינעם פון זיי אַלס געוויס, אָבער ביידע אַלס צופעליגע. דאָס דאָזיגע שוואַנקען פון דער פאָרשטעלונג וועט זיין דאָס זעלבע, אויב די פאָרשטעלונג וועט נוגע זיין זאַכן, וועלכע מיר באַטראַכטן אויף אַזאַ אופן, אין זייער שייכות צו דער פאַרגאַנגענהייט אָדער געגנוואַרט. פאָלגלעך קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן זאַכן אַלס צופעליגע, צי באַציהען זיי זיך אויף דער געגנוואַרט, פאַרגאַנגענהייט אָדער צוקונפט.

שלוסזאַץ II. עס ליגט אין דער נאַטור פון דער פאַרנונפט אויפ־צופאַסן זאַכן אונטער אַ געוויסער פאָרם פון אייביגקייט.

באַווייז. עס ליגט אין דער נאַטור פון דער פאַרנונפט צו באַטראַכטן זאַכן נישט אַלס צופעליגע, נאָר אַלס נויטווענדיגע (טייל II, זאַץ XLIV). די פאַרנונפט פאַסט אויף די דאָזיגע נויטווענדיגקייט פון זאַכן אמת — דאָס הייסט (טייל I, אַקסיאָמע VI), ווי זי איז אין זיך גופא די דאָזיגע נויטווענ־דיגקייט פון זאַכן, אָבער (טייל I זאַץ XVI) איז די נויטווענדיגקייט פון דער אייביגער נאַטור פון גאָט גופא. דעריבער ליגט עס אין דער נאַטור פון דער פאַרנונפט צו באַטראַכטן זאַכן אונטער דער דאָזיגער פאָרם פון דער אייביג־קייט. דערצו דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז די גרונדלאַגן פון דער פאַרנונפט

זענען די באַגריפן (טייל II, זאַץ XXXVIII), וועלכע דריקן אויס דאָס, וואָס איז געמיינזאַם צו אַלע און וועלכע דריקן אויס נישט די תּמצית פון וואָסער עס איז איינצלנער זאַך, און וועלכע מוזן דעריבער באַגריפן ווערן אָן וועל־כער עס איז שייכות צו צייטן אונטער אַ פאָרם פון אייביגקייט.

**זאַץ XLV.** יעדע אידעע פון יעדן קערפּער, אָדער פון יעדער איינצלנער ווירקלעך עקזיסטירנדער זאַך, שליסט איין אויף אַ נויטווענדיגן אופן די אייביגע און אומענדלעכע תּמצית פון גאָט.

**באַווייז.** די אידעע פון אַן איינצלנער ווירקלעך עקזיסטירנדער זאַך שליסט אין זיך איין אויף אַ נויטווענדיגן אופן די עקזיסטענץ אַזוי גוט ווי די תּמצית פון דער זאַך גופא (טייל II, זאַץ VIII). די איינצלנע זאַכן, אָבער, קאָנען אָן גאָט נישט באַגריפן ווערן (טייל I, זאַץ XV). היות אָבער, ווי (טייל II, זאַץ VI) זיי האָבן גאָט פאַר זייער אורזאַך אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אונטער דעם אַטריבוט, פון וועלכן די זאַכן זענען מאָדוסן, מוזן זייערע אידעען אויף אַ נויטווענדיגן אופן איינשליסן (טייל I, אַקס. IV) דעם באַגריף פון דעם אַטריבוט פון די דאָזיגע אידעען — דאָס הייסט (טייל I, זאַץ VI), די אייביגע און אומענדלעכע תּמצית פון גאָט. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** אונטער עקזיסטענץ פאַרשטיי איך דאָ נישט דויער.— דאָס הייסט עקזיסטענץ אויף ווי ווייט זי ווערט באַגריפן אַבסטראַקט און אַלס אַ געוויסע פאָרם פון קוואַנטיטעט. איך רעד וועגן דער אייגנטלעכער נאַ־טור פון עקזיסטענץ, וועלכע ווערט צוגעשריבן צו איינצלנע זאַכן, מחמת, זיי קומען אין אומענדלעכע צייטן און אויף אומענדלעכע אופנים פון דער אייבי־גער נויטווענדיגקייט פון גאָטס נאַטור (טייל I, זאַץ XVI). איך רעד, זאָג איך, וועגן דער אייגנטלעכער עקזיסטענץ פון איינצלנע זאַכן אויף ווי ווייט זיי זענען אין גאָט. דען, הגם איטלעכע איינצלנע זאַך איז באַשטימט פון אַנ־דערע איינצלנע זאַכן צו עקזיסטירן אויף אַ געוויסן אופן, דאָך די קראַפט, וואָס דורך איר האַלט אָן איטלעכע איינצלנע זאַך איר עקזיסטענץ, פאָלגט פון דער אייביגער נויטווענדיגקייט פון גאָטס נאַטור (טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XXIV).

**זאַץ XLVI.** די דערקענטעניש פון דער אייביגער און אומענדלע־כער תּמצית פון גאָט, וואָס זי שליסט יעדע אידעע אין זיך איין, איז אַדעק־וואַט און פולקאָמען.

**באַווייז.** דער באַווייז פון דעם לעצטן זאַץ איז אַלגעמיין, און מעג מען באַטראַכטן די זאַך אַלס טייל אָדער אַלס גאַנצעס, וועט די אידעע פון דער זאַך הן פון דער גאַנצער, הן פון אַ טייל פון איר (לויט דעם לעצטן זאַץ) איינשליסן אין זיך גאָטס אייביגע און אומענדלעכע תּמצית. לכן, איז דאָס, וואָס גיט דערקענטעניש פון דער אייביגער און אומענדלעכער תּמצית פון

גאָט, אַלגעמיין פאַר אַלע, און איז פאַראַן אויף אַ גלייכן אופן אין דעם טייל ווי אין דעם גאַנצן; ממילא (טייל II, זאַץ XXXVIII) וועט די דאָזיגע דערקענטעניש זיין אַדעקוואַט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XLVII. דער מענטשלעכער גייסט האָט אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער אייגענער און אומענדלעכער תמצית פון גאָט.

באַווייז. דער מענטשלעכער גייסט האָט אידעען (טייל II, זאַץ XXII), וואָס פון זיי פאַסט ער אויף זיך גופא, זיין אייגענעם קערפער (טייל II, זאַץ XIX) און אויסנווייניגסטע קערפער (טייל II, זאַץ XVI, שלוסזאַץ I) אַלס ווירקלעך עקזיסטירנדע. לכן (טייל II, זאַצן XLV, XLVI) האָט ער אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער אייביגער און אומענדלעכער תמצית פון גאָט. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דערפון זעהען מיר, אַז די אומענדלעכע תמצית און די אייביגקייט פון גאָט זענען באַקאַנט צו אַלע. היות אָבער, ווי אַלע זאַכן זענען אין גאָט און זענען באַגריפן דורך גאָט, קאָנען מיר פון דער דאָזיגער דערקענטעניש אַרויסדרינגען אַ סך זאַכן, וועלכע מיר קאָנען אַדעקוואַט דערקענען, און מיר קאָנען אויך בילדן יענעם דריטן מין פון דערקענטעניש, וואָס וועגן אים האָבן מיר גערעדט אין דער אָנמערקונג צו טייל II, זאַץ XL, און וואָס וועגן זיין פאָרטרעפלעכקייט און ניצלעכקייט וועלן מיר האָבן אַ געלעגנהייט צו רעדן אין דעם פינפטן טייל. מענטשן האָבן נישט אַזאַ קלאָרע דערקענטעניש וועגן גאָט ווי זיי האָבן וועגן אַלגעמיינע באַגריפן, דערפאַר וואָס זיי זענען נישט ביכולת זיך פאָרצושטעלן גאָט ווי זיי שטעלן זיך פאָר קערפער, און אויך דערפאַר, וואָס זיי האָבן פאַרבונדן דעם נאָמען גאָט מיט די פאָרשטעלונגען פון זאַכן, וועלכע זיי זענען געוואוינט צו זעהן, וואָס די מענטשן קאָנען קוים פאַרמיידן; מחמת, זיי זענען כסדר באַווירקט פון אויסנווייניגסטע קערפער. אין דער ווירקלעכקייט באַשטייען די מערערע טעותן בלויז דערין, וואָס מיר ווענדן נישט אָן ריכטיג די נעמען צו די זאַכן. דען, ווען אַ מענטש זאָגט, למשל, אַז די ליניען, וואָס פירן פון דעם מיטלפונקט פון קרייז צום אומקרייז, זענען נישט גלייך, פאַרשטייט ער זיכער עפּעס אַנדערש אונטער קרייז, ווי דאָס, וואָס עס פאַרשטייען אונטער דעם די מאַטעמאַטיקער; אַזוי, ווידער, ווען מענטשן מאַכן אַ טעות אין ציילן האָבן זיי איין גאַנג פיגורן אין געדאַנק און אַן אַנדערן אויף דעם פּאַפּיר. וואָלטן מיר געקאָנט אַריינבליקן אין זייער גייסט, מאַכן זיי קיין טעות נישט. עס שיינט, אָבער, אַז זיי מאַכן יאָ אַ טעות, מחמת מיר דענקען, אַז זיי האָבן די זעלבע צאָלן אין זייער גייסט, וואָס זיי האָבן אויף דעם פּאַפּיר. וואָלט עס נישט אַזוי געווען, וואָלטן מיר נישט געגלויבט, אַז זיי זענען זיך טועה; אַזוי ווי איך האָב נישט געגלויבט, אַז דער מאַן, וועמען איך האָב לעצטנס געהערט אויסרופן,

אַז זיין הויף איז אַרויפגעפלויגן אויף זיין שכנס הון, האָט זיך טועה געווען,
מחמת דער זין פון זיינע ווערטער האָט אויסגעזעהן צו מיר גענוג קלאָר.
זייער אַ סך ויכּוחים זענען אַנטשטאַנען דערפון, וואָס מענטשן ערקלערן נישט-
ריכטיג זייער אייגענע כּונה, טייטשן שלעכט אויס די כּונה פון אַנדערע. דען,
ווי די זאַך איז אין דער ווירקלעכקייט, בעת זיי ווידערשפּרעכן זיך גופא
אַנטשידן, נעמען זיי אָן באַלד איין זייט פון דעם אַרגומענט, באַלד אַן אַנ-
דערע זייט, אַלץ כּדי זיך געגנצושטעלן צו די מיינונגען פון זייערע אָפּאָנענטן-
וועלכע זיי באַטראַכטן פאַר פאַלש און אומזיניג.

**זאַץ XLVIII**. עס איז נישט פאַראַן אין דעם גייסט קיין אַבסאָלו-
טער, אָדער פרייער ווילן: נאָר דער גייסט איז באַשטימט צו וועלן אַזאַ אָדער
אַן אַנדער זאַך, פון אַן אורזאַך, וועלכע ווערט אויך באַשטימט פון אַן אַנדער
אורזאַך, און די דאָזיגע אורזאַך ווידער ווערט באַשטימט פון אַן אַנדער אור-
זאַך און אַזוי ביז דער אומענדלעכקייט.

**באַווייז**. דער גייסט איז אַ געוויסער און באַשטימטער מאָדוס פון
דענקען (טייל II, זאַץ XI), דעריבער קאָן ער נישט זיין די פרייע אורזאַך
פון זיינע האַנדלונגען (טייל I, זאַץ XVII, שלוסזאַץ II), אָדער ער קאָן נישט
באַזיצן קיין אַבסאָלוטע פעהיגקייט פון אַ פּאָזיטיוון אָדער נעגאַטיוון ווילן,
נאָר ער מוז (לויט טייל I, זאַץ XXVIII) זיין באַשטימט פון אַן אורזאַך,
וואָס אויך זי איז באַשטימט פון אַן אַנדער אורזאַך און די דאָזיגע ווידער
פון אַן אַנדערער א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג**. אויף דעם זעלבן אופן ווערט באַוויזן, אַז עס איז
נישט פאַראַן אין גייסט קיין אַבסאָלוטע פעהיגקייט צו פאַרשטיין, צו באַגערן,
צו ליבן א. א. וו. דערפון פאָלגט, אַז די דאָזיגע, און צו זיי עהנלעכע פעהיג-
קייטן זענען אָדער לגמרי פיקטיווע, אָדער אַז זיי זענען נישט מער איידער
אַבסטראַקטע און אַלגעמיינע מהותן, וועלכע מיר זענען געוואוינט צו בילדן
פון איינצלנע זאַכן. אויף אַזאַ אופן איז די שייכות פון דעם פאַרשטאַנד אָדער
דעם ווילן צו דער אָדער יענער אידעע, צו דעם אָדער יענעם ווילן דער זעל-
בער ווי די שייכות פון „שטיינערדיגקייט" צו דעם אָדער יענעם שטיין, אָדער
פון „מענש" צו פעטערן און פאַוולען. די אורזאַך, אָבער, פאַרוואָס מענטשן
האַלטן זיך פאַר פריי, האָב איך אָנגעגעבן אין דער הוספה צו דעם ערשטן
טייל. איידער איך גיי אָבער ווייטער, דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז אונטער
ווילן פאַרשטיי איך די פעהיגקייט און נישט די נייגונג צו באַשטעטיגן און
צו באַשליסן. איך מיין, זאָג איך, אונטער ווילן די פעהיגקייט, וואָס דורך איר
באַשטעטיגט און פאַרניינט דער גייסט דאָס, וואָס איז אמת און דאָס וואָס איז
פאַלש, און נישט די נייגונג, וואָס דורך איר שטרעבט דער גייסט צו אַ גע-
וויסער זאַך, אָדער ציהט זיך צוריק פון איר. נאָכדעם ווי מיר האָבן באַוויזן,

אַז די דאָזיגע פעהיגקייטן אונזערע זענען אַלגעמיינע באַגריפן, וועלכע אונטערשיידן זיך נישט פון די איינצלנע זאַכן, וואָס פון זיי בילדן מיר די באַגריפן, מוזן מיר אונטערזוכן אויב דער ווילן גופא איז עטוואָס אַנדערש, איידער די אידעען פון די זאַכן. מיר מוזן, זאָג איך, אונטערזוכן אויב עס איז פאַראַן אין גייסט אַ וועלכע עס איז אַנדערע באַיאָהונג אָדער פאַרניינונג, אַחוץ דער יעניגער, וואָס די אידעע, אויף ווי ווייט זי איז אַן אידעע, שליסט אין זיך איין (זעה וועגן דעם פאָלגענדן זאַץ, און טייל II, דעפיניציע III). כּדי דאָס דענקען זאָל זיך נישט פאַרוואַנדלען אין בילדער, מחמת אונטער אידעען פאַרשטיי איך נישט קיין פאָרשטעלונגען ווי די, וואָס בילדן זיך אויף דעם גרונד פון דעם אויג, אָדער אין דעם צענטער פון די געהירן, נאָר די באַגריפן פון דעם דענקען.

**זאַץ XLIX.** עס איז נישט פאַראַן אין דעם גייסט קיין ווילן, אָדער אַ באַיאָהונג און אַ פאַרניינונג, אַ חוץ דעם, וואָס די אידעע, אויף וויפיל זי איז אַן אידעע, שליסט אין זיך איין.

**באַווייז.** אין דעם גייסט איז נישט פאַראַן קיין אַבסאָלוטע פעהיגקייט פון פּאָזיטיוון אָדער נעגאַטיוון ווילן נאָר בלויז איינצלנע וועלנס, נעמלעך, אַזאַ אָדער אַן אַנדער באַיאָהונג, אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאַרניינונג. לאָמיר איצט נעמען אַן איינצלנעם ווילן, נעמלעך, דעם מאָדוס פון דענקען, וואָס דורך אים באַשטעטיגט דער גייסט, אַז די דריי אינעווייניגסטע ווינקלען פון אַ דרייעק זענען גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען. די דאָזיגע באַשטעטיגונג שליסט אין זיך איין דעם באַגריף אָדער די אידעע פון אַ דרייעק, דאָס הייסט, זי קאָן נישט באַגריפן ווערן אָן דער אידעע פון אַ דרייעק. דען עס איז אַלץ איינס צי זאָג איך, אַז דער באַגריף „א" מוז אין זיך איינשליסן דעם באַגריף „ב", צי זאָג איך, אַז „א" קאָן נישט באַגריפן ווערן אָן „ב". ווייטער, די דאָזיגע באַשטעטיגונג קאָן נישט געמאַכט ווערן (טייל II, אַקסיאָמע III) אָן דער אידעע פון אַ דרייעק. דעריבער, קאָן די דאָזיגע באַשטעטיגונג נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן אָן דער אידעע פון אַ דרייעק. די דאָזיגע אידעע ווידער פון אַ דרייעק מוז אין זיך איינשליסן די זעלבע באַשטעטיגונג, נעמלעך, אַז זיינע דריי אינעווייניגסטע ווינקלען זענען גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען. דערפאַר, אויך להיפוך, קאָן די דאָזיגע אידעע פון אַ דרייעק נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן אָן דער דאָזיגער באַשטעטיגונג; ממילא, געהערט די דאָזיגע באַשטעטיגונג צו דער תמצית פון דער אידעע פון אַ דרייעק, און זי איז אייגנטלעך קיין אַנדער זאַך נישט ווי די אידעע גופא. וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דעם דאָזיגן ווילן (היות ווי מיר האָבן אים אָנגענומען צופעליג), קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן וועלכן עס איז אַנדער ווילן, נעמלעך, אַז ער איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי נאָר אַן אידעע.

שלוסזאַץ. ווילן און פאַרשטאַנד זענען איינס און דאָס זעלבע.

באַווייז. ווילן און פאַרשטאַנד זענען קיין אַנדער זאַך נישט ווי איינצלנע ווילנסטעטיגקייטן און אידעען (טייל II, זאַץ XLVIII, און אָנמערקונג צום זאַץ). דאָס איינצלנע ווילן, אָבער, און די איינצלנע אידעע זענען איינס און דאָס זעלבע (על פי דעם פאָריגן זאַץ), לכן זענען ווילן און פאַרשטאַנד איינס און דאָס זעלבע. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר באַזייטיגט די סיבה, וואָס ווערט געוויינטלעך אָנגענומען, אַז זי איז גורם אַ טעות, מחמת מיר האָבן אויבן געצייגט, אַז פאַלשקייט באַשטייט אויסשליסלעך אין דעם מאַנגל פון דערקענטעניש, וועלכער איז איינגעשלאָסן אין אידעען, וואָס זענען צעבראָכן און צעמישט. דערפאַר שליסט נישט איין אין זיך אַ פאַלשע אידעע, אויף ווי ווייט זי איז פאַלש, קיין געוויסהייט. ווען מיר, אַלזאָ, זאָגן, אַז אַ מענטש איז צופרידן מיט דעם, וואָס איז פאַלש, און אַז ער האָט נישט קיין ספק וועגן דעם ענין, זאָגן מיר נישט, אַז ער איז זיכער, נאָר בלויז, אַז ער צווייפלט נישט, און אַז ער איז צופרידן מיט דעם, וואָס איז פאַלש, אַזוי ווי עס זענען נישט פאַראַנען קיין אורזאַכן, וואָס זאָלן מאַכן שוואַנקען זיין פאָרשטעלונג (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XLIV). נעמען מיר, אַלזאָ, אָן אפילו, אַז דער מענטש איז צופרידן מיט דעם, וואָס איז פאַלש, קאָנען מיר דאָך נישט זאָגן, אַז ער איז זיכער, מחמת אונטער געוויסהייט מיינען מיר עטוואָס פּאָזיטיווס (טייל II, זאַץ XLIII, און אָנמערקונג צום זאַץ), נישט בלויז אַ מאַנגל פון ספק. אונטער מאַנגל פון געוויסהייט, אָבער, פאַרשטייען מיר פאַלשקייט.

דאָך, כדי מער אויספירלעך צו ערקלערן דעם פאָריגן זאַץ, וועל איך ציהען די אויפמערקזאַמקייט צו עטלעכע צוגעזעצטע פונקטן, און דערצו נאָך וועל איך ענטפערן אויף די אָנווענדונגען, וואָס קאָנען פאָרגעבראַכט ווערן געגן אונזער לערע. און ענדלעך, כדי צו דערווייטערן יעדן צווייפל, האָב איך געדענקט, אַז עס לוינט זיך אָנצווייזן אויף אייניגע מעלות פון דער דאָזיגער לערע. איך זאָג אויף „אייניגע", מחמת די באַדייטנדסטע מעלות וועלן באַקומען אַן אָנערקענונג דערפון, וואָס מיר וועלן זאָגן אין דעם פינפטן טייל.

איך הויב, אַלזאָ, אָן מיט דעם ערשטן פונקט, און איך בין מזהיר די לעזער, אַז זיי זאָלן געַנוי אונטערשיידן צווישן אידעע, אָדער באַגריף פון גייסט און די פאָרשטעלונגען פון זאַכן, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר. דערצו איז נאָך נויטיג, אַז זיי זאָלן אונטערשיידן צווישן אידעע און ווערטער, וואָס דורך זיי באַצייכענען מיר זאַכן. מחמת די דאָזיגע דריי, נעמלעך, פאָרשטעלונגען, אידעען און ווערטער ווערן פון פילע אַנטוועדער אינגאַנצן צונויפגעמישט איינע מיט די אַנדערע, אָדער זיי ווערן נישט אונטערשידן מיט גענוי-

גנדער גענויקייט און פּאָרזיכטיגקייט, אַזוי, אַז פאַר זיי איז לגמרי אומבאַ-
קאַנט געבליבן די גרויסע וויכטיגקייט פון דער דאָזיגער לערע פון ווילן פאַר
דער פילאָסאָפישער ספּעקולאַציע, אַזוי גוט ווי פאַר דער קלוגשאַפנדער איינ-
ריכטונג פון לעבן. די, וואָס דענקען, אַז אידעען באַשטייען אין פאָרשטעלונ-
גען, וואָס בילדן זיך אין אונז דורך דעם באַריהרן מיט אויסנווייניגסטע קער-
פער, מיינען, אַז די אידעען פון די דאָזיגע זאַכן, וועגן וועלכע מיר קאָנען
נישט בילדן קיין גייסטיג בילד, זענען נישט קיין אידעען, נאָר בלויז פיקציעס,
וועלכע מיר טראַכטן אויס על פי אַ פרייען דעקרעט פון אונזער ווילן. זיי
באַטראַכטן, אַלזאָ, די אידעען ווי שטומע בילדער, און אונטער דעם איינדרוק
פון דעם דאָזיגן פאָראורטייל באַמערקן זיי נישט, אַז אַן אידעע, אויף ווי
ווייט זי איז אַן אידעע, שליסט אין זיך איין אַ באַיאָהונג און אַ פאַרניינונג.
די, ווידער, וואָס מישן צונויף ווערטער מיט אידעען, אָדער מיט דער באַשטע-
טיגונג, וואָס די אידעע שליסט אין זיך איין, מיינען, אַז זיי קאָנען ווען
עפּעס אַזעלכס, וואָס זאָל ווידערשפּרעכן זייערע געוואָרוערונגען, אַז זיי קאָ-
נען בלויז מיט ווערטער באַשטעטיגן אָדער פאַרלייקענען עטוואָס אַנדערש,
איידער דאָס, וואָס זיי ווערן געוואָר, די דאָזיגע פאָראורטיילן קאָנען, אָבער,
באַזייטיגט ווערן פון די, וואָס טראַכטן זיך אַריין אין דער נאַטור פון דער-
קענטעניש, און ווען זיי וועלן זעהן, אַז זי שליסט אויף קיין אופן נישט
איין אין זיך דעם באַגריף פון אויסגעשפּרייטקייט, וועלן זיי קלאָר פאַרשטיין,
אַז אַן אידעע (היות ווי זי איז אַ מאָדוס פון דענקען) באַשטייט נישט אין דער
פאָרשטעלונג פון וואָס עס איז און נישט אין ווערטער. די תמצית פון ווער-
טער און פון פאָרשטעלונגען ווערט געבילדעט פון קערפּערלעכע באַוועגונגען,
וועלכע שליסן אין זיך בשום אופן נישט איין דעם באַגריף פון דענקען.

די דאָזיגע איניגע ווערטער איבער דעם דאָזיגן ענין וועלן, גלויב
איך, זיין גענוג. איך וועל דעריבער אַריבערגיין צו באַטראַכטן די אָנווענ-
דונגען, וואָס קאָנען געמאַכט ווערן געגן אונזער לערע. די ערשטע אָנווענ-
דונגען ווערט געמאַכט פון די, וואָס דענקען, אַז דער ווילן האָט אַ ברייטער
פעלד איידער דער פאַרשטאַנד און דערפאַר איז ער פאַרשיידן פון אים. דער
גרונד פאַר זייער גלויבן, אַז דער ווילן האָט אַ גרעסער פעלד איידער דער
פאַרשטאַנד איז דאָס, וואָס זיי באַהויפּטן, אַז בעת זיי נויטיגן זיך נישט אין
קיין פאַרגרעסערונג פון זייער הסכמה-פעהיגקייט, דאָס הייסט, אין דער פעהיג-
קייט פון באַשטעטיגן און פאַרלייקענען, כדי מסכים צו זיין מיט אָן אַ סוף
זאַכן, וועלכע מיר פאַסן נישט אויף, נויטיגן זיי זיך יאָ אין אַ פאַרגרעסערונג
פון זייער פאַרשטאַנד-פעהיגקייט. דער ווילן, אויף אַזאַ אופן, אונטערשיידט
זיך פון דעם פאַרשטאַנד דערמיט, וואָס דער לעצטער איז ענדלעך און דער
ערשטער איז אומענדלעך. די צווייטע טענה געגן אונז איז דאָס, וואָס די ער-

פאַרונג זעהט אויס אונז צו לערנען מיט אַ קלאָרקייט, וואָס דערלאָזט נישט קיין ספק, אַז מיר קאָנען צוריקהאַלטן אונזער אורטייל איידער מיר געבן אונזער הסכמה צו זאַכן, וועלכע מיר פאַסן אויף; דאָס ווערט באַשטעטיגט דורך דעם פאַקט, וואָס מען זאָגט נישט וועגן קיינעם, אַז ער האָט זיך אָפּגענאַרט אויף ווי ווייט ער פאַסט עפּעס אויף, נאָר בלויז אויף ווי ווייט ער איז יאָ אָדער נישט מסכים דערמיט.

למשל, ווער עס טראַכט אויס אַ געפליגלט פערד, גיט נאָך דערמיט נישט צו, אַז עס עקזיסטירט אַ געפליגלט פערד, דאָס הייסט, אַז ער איז נישט גענאַרט, סיידן ער גיט אין דער אייגענער צייט צו, אַז אַ געפליגלט פערד עקזיסטירט טאַקע. די דערפאַרונג, אַלזאָ, זעט אויס צו לערנען אונז קלאָרער פאַר אַלץ, אַז דער ווילן, אָדער די הסכמה-פעהיגקייט, איז פריי און פאַרשיידן פון דעם פאַרשטאַנד. דריטנס, קאָן געגן אונז אָנגעווענדעט ווערן, אַז איין באַשטעטיגונג שיינט נישט צו אַנטהאַלטן אין זיך מער רעאַליטעט איידער די אַנדערע. מיט אַנדערע ווערטער: עס שיינט, אַז מיר דאַרפן נישט קיין גרעסערע קראַפט אויף צו באַשטעטיגן, אַז וואָס איז אמת איז אמת, איידער אויף צו באַשטעטיגן, אַז וואָס איז פאַלש איז אמת. מיר האָבן, אָבער, געזעהן, אַז איין אידעע האָט מער רעאַליטעט, אָדער פולקאָמענהייט איידער די אַנדערע, דען אַזוי ווי געגנשטאַנדן זענען פאַראַן איינער פאָרטרעפלעכער פאַר דעם אַנדערן, אַזוי זענען אויך די אידעען פון זיי איינע מער פאָרטרעפלעך איידער די אַנדערע. אויך דאָס ברענגט אַרויס דעם חלוק צווישן דעם ווילן און דעם פאַרשטאַנד. די פערטע טענה געגן אונז קאָן זיין: אויב דער מענטש האַנדלט נישט לפי דער פרייהייט פון ווילן, וואָס זשע וועט געשעהן אויב די קרעפטן, וואָס זענען גורם זיין האַנדלונג, וועלן זיין אין אַ גלייכגעוויכט, ווי אין דעם פאַל מיט בורידאנס אייזל? וועט ער אומקומען פון הונגער און דאָרשט? גיב איך דאָס צו, וועט עס אויסזעהן, אַז איך האָב אין מיין געדאַנק אַן אייזל, אָדער אַ סטאַטוע פון אַ מענטשן, און נישט קיין אַקטועלן מענטשן; לייקן איך דאָס אָפּ, וועט יעמאָלט אויסקומען, אַז ער קאָן באַשטימען זיינע אייגענע האַנדלונגען, און ממילא, אַז ער באַזיצט די פעהיגקייטן פון צו גיין און צו טאָן וואָס ער וויל. אפשר קאָן מען נאָך אַנדערע אָנווענדונגען מאַכן. היות, ווי איך בין אָבער נישט מחויב צו פאָרשן אַלץ, וועגן וואָס איינער קאָן חלומען, וועל איך נאָר ענטפערן אויף די אויבנדערמאָנטע אָנווענדונגען, און דאָס אויך אַזוי קורץ ווי מעגלעך.

אויף דער ערשטער געגן-טענה ענטפער איך, אַז איך גיב צו, אַז דער ווילן האָט אַ ברייטער פעלד איידער דער פאַרשטאַנד, אויב מיר פאַרשטייען אונטער פאַרשטאַנד בלויז קלאָרע און באַשטימטע אידעען; איך לייקן אָבער, אַז דער ווילן האָט אַ ברייטער פעלד איידער די אויפפאַסונגען און די

פעהיגקייט צו בילדן געוואָרווערונגען, און איך זעה נישט, באמת, פאַרוואָס ווילנס-פעהיגקייט זאָל זיין מער באַרעכטיגט איידער די אויפפאַסונגס-פעהיגקייט אָנגערופן צו ווערן אומענדלעך. מחמת, אַקוראַט ווי מיר זענען ביכולת מיט דער זעלבער פעהיגקייט פון דעם ווילן צו באַשטעטיגן אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן (איינע לויט דער אַנדערער, דען מיר קאָנען דאָך נישט באַשטעטיגן אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן גלייכצייטיג), אַזוי זענען מיר ביכולת מיט דער זעלבער פעהיגקייט פון דער אויפפאַסונג געוואָר צו ווערן אָדער אויפצופאַסן אַן אומענדלעכע צאָל קערפער איינעם לויט דעם אַנדערן. וועט מען מיר אָבער זאָגן, אַז עס איז פאַראַן אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן, וואָס מיר קאָנען נישט אויפפאַסן, ענטפער איך, אַז מיר קאָנען נישט דורך קיין דענקען דערגרייכן אַזעלכע זאַכן, ממילא אויך נישט דורך קיין פעהיגקייט פון דעם ווילן. מען קאָן אָבער נאָך אַלץ באַשטיין אויף דעם, אַז ווען גאָט זאָל וועלן אַזוי מאַכן, אַז מיר זאָלן זיי יאָ קאָנען אויפפאַסן, וואָלט ער אונז געדאַרפט מזכה זיין מיט אַ גרעסערער אויפפאַסונגס-פעהיגקייט, אָבער נישט מיט קיין גרעסערער ווילנס-פעהיגקייט, איידער די, וואָס מיר האָבן שוין. דאָס איז דאָס זעלבע ווי צו זאָגן, אַז ווען גאָט זאָל וועלן אַזוי מאַכן, אַז מיר זאָלן פאַרשטיין אַן אומענדלעכע צאָל אַנדערע מהותן, וואָלט עס געווען נויטיג פאַר אים צו געבן אונז אַ גרעסערן פאַרשטאַנד, אָבער נישט קיין מער אוניווערסאַלע אידעע פון דעם מהות איידער די, וואָס ער האָט אונז שוין געגעבן, כּדי אויפצופאַסן די דאָזיגע אומענדלעכע מהותן, דען מיר האָבן געצייגט, אַז דער ווילן איז אַן אוניווערסאַלער מהות אָדער אידעע, וואָס דורך איר דערקלערן מיר אַלע איינצלנע ווילנס, דאָס הייסט, דאָס וואָס איז געמיינזאַם צו אַלע אַזעלכע ווילנס.

היות דאַן ווי אונזערע אָפּאָנענטן האַלטן, אַז די דאָזיגע אידעע, געמיינזאַם אָדער אוניווערסאַל צו אַלע ווילנס, איז אַ פעהיגקייט, איז קיין וואונדער נישט, וואָס זיי באַהויפּטן, אַז די דאָזיגע פעהיגקייט שטרעקט זיך אויס אין דער אומענדלעכקייט איבער די גרענעצן פון דעם פאַרשטאַנד: מחמת, דאָס, וואָס איז אוניווערסאַל, איז די אייגנשאַפט פון איינעם, אַזוי גוט ווי פון פילע, און פון אָן אַ סוף אינדיווידן.

אויף דער צווייטער געגן-טענה ענטפער איך דערמיט, וואָס איך לייקן, אַז מיר האָבן די פרייע מאַכט צוריקצוהאַלטן אונזער אורטייל: דען, ווען מיר זאָגן, אַז עמיצער האַלט צוריק זיין אורטייל, מיינען מיר בלויז, אַז ער זעט, אַז ער פאַסט נישט אויף די זאַך אַדעקוואַט. דאָס צוריקהאַלטן זיך, אַלזאָ, פון אורטייל איז אין דער אמתן אַן אויפפאַסונג און נישט קיין פרייער ווילן. כּדי דאָס דייטלעכער איינצוזעהן, לאָמיר נעמען, למשל, אַ יינגל, וואָס שטעלט זיך פאָר אַ פערד און פאַסט נישט אויף קיין אַנדער זאַך.

היות, ווי די דאָזיגע פאָרשטעלונג שליסט אײן זיך אײן די עקזיסטענץ פון דעם פערד (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XVII) און דאָס יינגל פאַסט נישט אויף קיין זאַך, וואָס זאָל אויסשליסן די עקזיסטענץ פון דעם פערד, וועט ער דע־ריבער אויף אַ נויטווענדיגן אופן באַטראַכטן דעם פערד אַלס געגנוואַרטיג און ער וועט נישט זיין ביכולת צו באַצווייפלען זיין עקזיסטענץ, הגם ער וועט נישט זיין זיכער וועגן איר. מיר האָבן טעגלעכע דערפאַרונג וועגן אַזאַ צו־שטאַנד פון זאַכן און חלומות, און איך גלויב נישט, אַז עס איז פאַראַן עמיצער, וואָס זאָל מיינען, אַז בעת ער חלומט האָט ער די פרייע מאַכט צוריקצוהאַלטן זיין אורטייל בנוגע די זאַכן, וואָס וועגן זיי חלומט ער, און מאַכן אַזוי, אַז ער זאָל נישט חלומען וועגן די זאַכן, וואָס ער חלומט, אַז ער זעהט זיי. דאָך טרעפט עס, אַז אויך אין חלום האַלטן מיר צוריק אונזער אורטייל, נעמלעך, ווען מיר חלומען, אַז מיר חלומען.

ווייטער גיב איך צו, אַז קיינער קאָן נישט גענאַרט זיין אויף ווי ווייט זיין אַקטועלע אויפפאַסונג גייט — דאָס הייסט, איך גיב צו, אַז די פאָרשטע־לונגען פון גייסט, ווען מען באַטראַכט זיי אין זיך גופא, שליסן נישט איין קיין טעות (טייל II, זאַץ XVII), איך לייקן אָבער, אַז דער מענטש באַשטע־טיגט קיין זאַך נישט בעת ער פאַסט אויף. דען וואָס מיינט אויפצופאַסן אַ גע־פליגלטן פערד, אַנדערש איידער צו באַשטעטיגן, אַז דאָס פערד האָט פליגלען? ווען דער גייסט זאָל נישט אויפפאַסן קיין אַנדער זאַך אַ חוץ אַ געפליגלטן פערד וואָלט ער אים אַלס געגנוואַרטיג באַטראַכט, און ער וואָלט קיין אורזאַך נישט געהאַט צו באַצווייפלען זיין עקזיסטענץ, אויך וואָלט ער קיין פעהיגקייט נישט געהאַט פון נישט מסכים צו זיין, ווען די פאָרשטעלונג פון אַ געפליגלטן פערד, זאָל גישט זיין פאַרבונדן מיט אַן אידעע, וואָס זאָל אויסשליסן די עק־זיסטענץ פון דעם דאָזיגן פערד, אָדער ווען דער גייסט זאָל געוואָר ווערן, אַז די אידעע, וואָס ער האָט וועגן געפליגלטן פערד, איז אומאַדעקוואַט; אין אַזאַ פאַל וועט ער אנטוועדער על פי הכרח אָפּלייקענען די עקזיסטענץ פון אַזאַ פערד, אָדער ער וועט אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיין אין ספק בנוגע דעם געגנשטאַנד.

איך גלויב, אַז איך האָב שוין אָנגעדייטעט מיין ענטפער אויף דער דריטער געגן־טענה, נעמלעך, אַז דער ווילן איז עטוואָס, וואָס איז אוני־ווערסאַל, און וואָס איז די אייגנשאַפט פון אַלע אידעען, און אַז ער באַצייכנט נאָר דאָס, וואָס איז געמיינזאַם צו אַלע אידעען, נעמלעך, אַ באַשטעטיגונג, וואָס איר אַדעקוואַטע עסענץ, אויף ווי ווייט זי ווערט באַגריפן אַבסטראַקט, מוז, דעריבער, זיין אין יעדער אידעע און זיין אויף אַזאַ אופן נאָר די זעלבע אין אַלע אידעען; אָבער נישט אויף ווי ווייט זי ווערט באַטראַכט אַלס אויס־מאַכנדיג די תמצית פון דער אידעע; מחמת, אין דעם פרט אונטערשיידן זיך

איינצלנע באַשטעטיגונגען איינע פון דער אַנדערער, אַזוי פיל ווי די אידעען גופא. למשל, די באַשטעטיגונג, וואָס שליסט איין די אידעע פון אַ קרייז, אונטערשיידט זיך פון דער באַשטעטיגונג, וואָס שליסט איין די אידעע פון אַ דרייעק אַזויפיל, וויפיל די אידעע פון אַ קרייז אוגטערשיידט זיך פון דער אידעע פון אַ דרייעק.

ווייטער לייקן איך אַנטשיידן אָפּ, אַז מיר באַדאַרפן אַקוראַט אַזאַ גרויסע דענק־קראַפט כדי צו באַשטעטיגן, אַז דאָס, וואָס איז אמת, איז אמת, ווי די, וואָס מיר באַדאַרפן כדי צו באַשטעטיגן, אַז דאָס, וואָס איז פאַלש, איז אמת. דען די דאָזיגע צוויי באַשטעטיגונגען פאַרהאַלטן זיך איינע צו דער אַנדערער, ווען מיר באַטראַכטן דעם גייסט, ווי דאָס, וואָס איז פאַראַן, צו דעם, וואָס איז נישט פאַראַן, מחמת אין די אידעען איז נישט פאַראַן קיין פּאָזיטיווס, וואָס זאָל בילדן די אַקטועלע ווירקלעכקייט פון פאַלשקייט (טייל II זאַץ XXXV, אָנמערקונג, און זאַץ XLVII, אָנמערקונג).

מיר מוזן דעריבער קומען צום שלוס, אַז מיר נאַרן זיך גרינג אָפּ, ווען מיר מישן צונויף דאָס אַלגעמיינע מיט דעם איינצלנעם און די מהותן פון פאַרנונפט און אַבסטראַקציעס מיט ווירקלעכקייטן. וואָס אָנבאַטרעפט, ענדלעך צו דער פערטער געגן־טענה גיב איך גערן צו, אַז אַ מענטש, וואָס געפינט זיך אין אַזאַ גלייכגעוויכטיגן צושטאַנד (נעמלעך, אין אַ צושטאַנד, וואָס ער ווערט נישט געוואָר קיין זאַך אַחוץ הונגער און דאָרשט, אַ געוויסע שפּייז און אַ געוויסן טרונק, וואָס זענען גלייך ווייט אַוועק פון אים), וואָלט געשטאָרבן פון הונגער און דאָרשט. פרעגט מען מיך צי זאָל אַזעלכער נישט באַטראַכט ווערן ליבערשט אַלס אייזל איידער מענטש, ענטפער איך, אַז איך ווייס נישט; ווי איך ווייס אויך נישט, ווי מען זאָל באַטראַכטן אַ מענטשן, וואָס הענגט זיך, אָדער ווי זאָלן מיר באַטראַכטן קינדער, נאַראָנים און משוגעים און אַזוי ווייטער.

איצט דאַרפן נאָך אָנגעוויזן ווערן די גרויסע מעלות פון דער דער־קענטעניש פון דער דאָזיגער לערע פאַר דעם לעבן, און זיי קאָנען גרינג אַרויסגעדרונגען ווערן פון דעם, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן.

די לערע איז גוט:

1). אויף ווי ווייט זי לערנט אונז צו האַנדלען אויסשליסלעך לויט דעם באַפעל פון גאָט און צו זיין אַן אָנטיילנעמער אין דער געטלעכער נאַטור, און אַזויפיל מער אָנטייל נעמען, וואָס מער פולקאָמען אונזערע האַנדלונגען זענען, און וואָס מער און מער מיר פאַרשטייען גאָט. אַזאַ לערע, אַחוץ דעם, וואָס זי באַרוהיגט פולשטענדיג אונזער גייסט, ווייזט זי אונז אויך אין וואָס עס באַשטייט אונזער העכסטער גליק, אָדער נשמהדיגקייט; נעמלעך, אין דער דערקענטעניש פון גאָט, וואָס דורך אים ווערן מיר געפירט צו האַנדלען ווי

די ליבע און פרומקייט הייסן אונז. מיר קאָנען אויף אַזאַ אופן קלאָר פאַרשטיין, ווי ווייט פון אַן אמתער שאַצונג פון טוגענד האָבן פאַרבלאָנדזשעט די יעניגע, וואָס ערוואַרטן באַפרידיגט צו ווערן פון גאָט מיט דער גרעסטער באַלוינונג פאַר זייער טוגענד און פאַר זייערע רעכטשאַפנדע מעשים, אַקוראַט ווי פאַר דעם, וואָס זיי וואָלטן אַריבערגעטראָגן די שווידערלעכסטע שקלאַפעריי־אָט גאָר אַזוי ווי טוגענד און דינען גאָט וואָלטן אין זיך גופא נישט געווען דאָס גליק און די העכסטע פרייהייט.

2). אויף ווי ווייט זי לערנט אונז ווי מיר דאַרפן זיך פאַרהאַלטן צו אונזערע מזלות, אָדער צו זאַכן, וואָס זענען נישט אין אונזער מאַכט, און פאָלגט נישט פון אונזער נאַטור. מחמת זי ווייזט, אַז מיר דאַרפן דערוואַרטן און פאַרטראָגן מיט גלייכמוט דעם גוטן און דעם בייזן מזל, דען אַלץ פאָלגט על פי דעם אייביגן באַשלוס פון גאָט מיט דער זעלבער נויטווענדיגקייט ווי עס פאָלגט פון דער עסענץ פון אַ דרייעק, אַז זיינע דריי ווינקלען זענען גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען.

3). די דאָזיגע לערע דערהויבט דעם סאָציאַלן לעבן אויף ווי ווייט זי לערנט אונז קיינעם נישט צו האַסן און אויך נישט צו פארשפאָטן, קיינעם נישט מקנא צו זיין און אויף קיינעם אין כעס נישט זיין. ווייטער, אויף ווי ווייט זי לערנט אונז, אַז יעדערער זאָל זיין צופרידן מיט דאָס זייניגע און זאָל הילפרייך זיין צו זיין שכן נישט אויס ווייבערשער מיטלייד, פאַרטייליכקייט, אָדער אַבערגלויבן, נאָר בלויז דורך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, ווי עס פאָדערן עס די צייט און די אומשטענדן, ווי איך וועל עס ווייזן אין דעם דריטן טייל.

4). ענדלעך, טרייבט די דאָזיגע לערע גאַנץ שטאַרק צו דער אַנטוויקלונג פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט, אויף ווי ווייט זי לערנט אויף וואָסער אַן אופן די בירגער דאַרפן רעגירט און געלייטעט ווערן אַזוי, אַז זיי זאָלן נישט קנעכטיש, נאָר פריי טאָן דאָס בעסטע פאַר יעדערן.

דערמיט האָב איך פאַרענדיגט, וואָס איך האָב געוואָלט פאַרהאַנדלען אין דער דאָזיגער אָנמערקונג, און איך שליס אויף אַזאַ אופן דעם צווייטן טייל פון מיין אָפּהאַנדלונג. איך גלויב, אַז איך האָב אין דעם דאָזיגן טייל דערקלערט גענוג אויספירלעך די נאַטור און די אייגנשאַפטן פון דעם מענטשלעכן גייסט, און, נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט די שווערקייט פון דעם געגנשטאַנד, מיט גענוג קלאָרקייט. איך האָב געלייגט אַ יסוד, וואָס אויף אים קאָנען יעצט אויפגעשטעלט ווערן פילע פאָרטרעפלעכע מסקנות, וואָס זענען פון דער גרעסטער ניצלעכקייט, און וואָס זיי צו וויסן איז זייער נויטיג, ווי עס וועט צום טייל דייטלעך אַרויסגעבראַכט ווערן אין דעם, וואָס קומט.

# דריטער טייל

## וועגן דעם אורשפּרונג און דער נאַטור פון די עמאָציעס

פילע פון די, וואָס האָבן געשריבן איבער די עמאָציעס און איבער דעם לעבנס-פיהר פון דעם מענטשן, האָבן, זעהט אויס, גערעדט וועגן זיי, נישט ווי וועגן נאַטירלעכע דערשיינונגען, וואָס פאָלגן די געמיינזאַמע געזעצן פון דער נאַטור, נאָר ווי וועגן זאַכן, וואָס ליגן אויסערהאַלב פון דער נאַטור. עס שיינט, אַז זיי פאַסן אויף דעם מענטשן אין דער נאַטור ווי אַ מלוכה אין אַ מלוכה; מחמת זיי גלויבן, אַז ער צעשטערט מער ווי ער פאָלגט נאָך דעם סדר פון דער נאַטור; אַז ער האָט אַן אַבסאָלוטע קאָנטראָל איבער זיינע האַנדלונגען, און אַז ער ווערט פון קיינעם נישט, אַחוץ זיך גופא, דעטערמינירט. זיי שרייבן צו מענטשלעכע אָנמאַכט און אומבאַשטענדיגקייט נישט צו דער געמיינזאַמער השפּעה פון דער נאַטור, נאָר צו דעם מיסטעריעזן ברוך אין דער נאַטור פון דעם מענטשן, וועלכן זיי באַוויינען, פאַרשפּאָטן, פאַראַכטן, אָדער, ווי עס פאַסירט געוויינטלעך, באַליידיגן, און ווער עס קאָן עלאָקווענט באַווייזן און שאַרף כאַראַקטעריזירן די שוואַכקייט פון דעם מענטשלעכן גייסט, ווערט באַטראַכט אַלס אַ נביא. דאָך האָבן נישט געפעלט קיין אויסגעצייכנטע מענער (וואָס זייער אַרבעט און התמדה, בין איך זיך מודה, אַז איך האָב פיל צו פאַרדאַנקען), וועלכע האָבן איבער דעם ריכטיגן לעבנס-פיהר פון דעם מענטשן אַ סך מערקווירדיגע זאַכן געשריבן, און האָבן געגעבן פילע קלוגשאַפטע עצות צו דער מענטשהייט. קיינער האָט, אָבער, נישט, ווי ווייט איך ווייס, באַשטימט די נאַטור און די קראַפט פון די עמאָציעס, און די מאַכט פון דעם גייסט פון זיין זייט זיי צו האַלטן אין צוים.

איך פאַרגעס נישט, אַז דער הויך באַרימטער דעקאַרט, הגם ער האָט געגלויבט, אַז דער גייסט האָט אַן אַבסאָלוטע מאַכט איבער זיינע האַנדלונגען, האָט באַשטרעבט צו דערקלערן מענטשלעכע נשמה-באַוועגונגען דורך זייערע ערשטע סיבות, און אין דער אייגענער צייט אָנצווייזן אַ וועג, דורך וועלכן

דער גייסט זאָל דערגרייכן אַן אַבסאָלוטע הערשאַפט איבער זיי. לויט מיין אָנזיכט, אָבער, האָט ער, אַחוץ דעם גרויסן שאַרפזין פון זיין גייסט, קיין זאַך נישט געצייגט, ווי איך וועל אויף דעם פּאַסענדן אָרט באַווייזן. איצט וויל איך זיך צוריקקערן צו די, וואָס וועלן ליבערשט באַליידיגן און אויסלאַכן מענטשלעכע נשמה-באַוועגונגען איידער פאַרשטיין זיי. צו אַזעלכע פערזאָנען וועט עס בלי-ספק אויסקוקן וואונדערבאַר, אַז איך זאָל זיך אונטערנעמען צו באַהאַנדלען חטא און שטות פון מענטשן אויף אַ געאָמעטרישן אופן, און איך זאָל וועלן אַריינפּאַסן אין אַ באַשטימטן סדר דאָס, וועגן וואָס זיי שרייען, אַז עס שטרייט געגן דער פאַרנונפט, און אַז עס איז נישטיג, נאַריש און שרעקלעך. דאָס איז, דאָך, מיין פּלאַן. קיין זאַך געשעהט אין דער נאַטור, וואָס זאָל קאָנען צוגערעכנט ווערן צו אירן אַ חסרון, דען, די נאַטור איז תמיד די זעלבע און איבעראַל איינע, און איר קראַפט און איר ווירקונגס-קראַפט איז די זעלבע, דאָס הייסט, די געזעצן און רעגלען פון דער נאַטור, לויט וועלכע אַלץ געשעהט און דורך וועלכע איין פאָרם ווערט אין אַן אַנדערער פאַרוואַנדלט, זענען איבעראַל און באַשטענדיג די זעלבע און, דעריבער, מוז אויך זיין איינער און דער זעלבער אופן פון פאַרשטיין די נאַטור פון וועלכער עס איז זאַך; נעמלעך, דורך די אַלגעמיינע געזעצן און רעגלען פון דער נאַטור. אויף אַזאַ אופן פאָלגן די נשמה-באַוועגונגען פון האַס, צאָרן, קנאה א. א. וו., אין זיך באַטראַכט, פון דער זעלבער נויטווענדיגקייט און קראַפט פון דער נאַטור, ווי אַלע איבעריגע איינצלנע זאַכן; זיי אַנטשפּרעכן געוויסע באַשטימטע אורזאַכן, דורך וועלכע זיי ווערן פאַרשטאַנען, און זיי פאַרמאָגן געוויסע אייגנשאַפטן, וואָס זענען ווערט, אַז מען זאָל זיי וויסן אַזוי גוט, ווי אייגנשאַפטן פון וועלכער עס איז אַנדער זאַך, וואָס די באַטראַכטונג פון זיי אין זיך גופא פאַרשאַפט אונז תענוג. איך וועל, אַלזאָ, באַהאַנדלען די נאַטור און די קראַפט פון די עמאָציעס על פי דער זעלבער מעטאָדע, וואָס איך האָב אָנגעווענדעט פריהער אין מיינע אונטערזוכונגען וועגן גאָט און גייסט. איך וועל באַטראַכטן מענטשלעכע האַנדלונגען און באַשטרעבונגען גענוי אַזוי, ווי עס וואָלט געווען אַ פראַגע פון ליניען, פלאַכן און קערפּער

## דעפיניציעס.

I. אונטער אַן אַדעקוואַטער אורזאַך פאַרשטיי איך אַן אורזאַך, וואָס דורך איר קאָן איר ווירקונג קלאָר און באַשטימט אויפגעפאַסט ווערן. אונטער אַן אומאַדעקוואַטער אָדער טיילווייזער אורזאַך פאַרשטיי איך אַן אורזאַך, וואָס דורך איר אַליין קאָן איר ווירקונג נישט פאַרשטאַנען ווערן.

II. איך זאָג, אַז מיר זענען יעמאָלט טעטיג, ווען עס געשעהט

עטוואָס אינווייניג אין אונז, אָדער אויסנווייניג פון אונז, פון וואָס מיר זענען די אַדעקוואַטע אורזאַך; דאָס הייסט, (לפי דער פּאָריגער דעפיניציע) ווען דורך אונזער נאַטור געשעהט עטוואָס אינווייניג אין אונז, אָדער אויסנווייניג פון אונז, וואָס קאָן דורך אונזער נאַטור אַליין קלאָר און באַשטימט פאַרשטאַנען ווערן. דאַגעגן, זאָג איך, אַז מיר זענען פּאַסיוו, ווען עס געשעהט עטוואָס אינווייניג אין אונז, אָדער אויסנווייניג פון אונז פאָלגט עטוואָס פון אונזער נאַטור, פון וואָס מיר זענען נאָר אַ טיילווייזע אורזאַך.

III. אונטער ע מ אָ צ י ע פאַרשטיי איך די פאַרענדערונג פון דעם קערפּער, וואָס דורך איר ווערט דער טעטיגקייטס-פאַרמעגן פון קערפּער פאַר-מערט אָדער פאַרמינערט, אויסגעברייטערט אָדער איינגעשרענקט, און אויך די אידעען פון אַזעלכע פאַרענדערונגען.

נ. ב. אויב מיר קאָנען זיין די אַדעקוואַטע אורזאַך פון איינער פון די דאָזיגע פאַרענדערונגען, יעמאָלט רוף איך די עמאָציע אַ טעטיגקייט, ווען נישט, רוף איך זי אַ ליידנשאַפט, אָדער אַ צושטאַנד, אין וועלכן דער גייסט איז פּאַסיוו.

## פּאָסטולאַטן.

I. דער מענטשלעכער קערפּער קאָן באַווירקט ווערן אויף פילערליי אופנים, וואָס דורך זיי ווערט זיין ווירקונגס-קראַפט פאַרמערט אָדער פאַרמי-נערט, און אויך אויף אַנדערע אופנים, וואָס מאַכן זיין ווירקונגס-קראַפט נישט גרעסער און נישט קלענער.

נ. ב. דער דאָזיגער פּאָסטולאַט אָדער אַקסיאָמע שטיצט זיך אויף פּאָס-טולאַט I און הילפסזאַצן V און VII (זעה וועגן דעם טייל II, זאַץ XIII).

II. דער מענטשלעכער קערפּער קאָן דורכמאַכן פילע פאַרענדערונגען און דאָך פאַרבאַהאַלטן די איינדריקן אָדער שפּורן פון אָביעקטן (טייל II, פּאָסטולאַט V), און, ממילא, אויך די זעלבע פאָרשטעלונגען פון זאַכן (זעה אָנמערקונג צו זאַץ XVII, טייל II).

ז אַ ץ I. אונזער גייסט איז אין געוויסע פאַלן אַקטיוו, און אין געוויסע פאַלן פּאַסיוו. אויף ווי ווייט ער האָט אַדעקוואַטע אידעען, איז ער אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַקטיוו, און אויף ווי ווייט ער האָט אומאַדעקוואַטע אידעען, איז ער אויף אַ נויטווענדיגן אופן פּאַסיוו.

ב אַ ו ו י י ז. אין יעדן מענטשלעכן גייסט זענען אייניגע אידעען אַדע-קוואַט, און אַנדערע זענען צעפּיצלטע און צעמישטע (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XL). די אידעען, אָבער, וועלכע זענען אַדעקוואַט אין דעם גייסט, זענען אויך אַדעקוואַט אין גאָט, אויף ווי ווייט ער מאַכט אויס די תמצית פון

דעם גייסט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI). און די אידעען, וועלכע זענען אומאַדעקוואַט אין דעם גייסט, זענען (לפי דעם זעלבן שלוסזאַץ) יאָ אַדעקוואַטע אין גאָט, נישט אויף ווי ווייט ער אַנטהאַלט אין זיך אַליין די עסענץ בלויז פון דעם געגעבענעם גייסט, נאָר אויף ווי ווייט ער אַנטהאַלט, אין דער זעלבער צייט, די גייסטער פון אַנדערע זאַכן. ווייטער מוז פון אַ געגעבענער אידעע אַ געוויסע פעולה אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאָלגן (טייל II, זאַץ XXXVI), וואָס פון איר איז גאָט די אַדעקוואַטע סיבה (טייל III, דעפ. I), נישט אויף ווי ווייט ער איז אומענדלעך, נאָר אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון יענער געגעבענער אידעע (טייל II, זאַץ IX). דער דאָזיגער גייסט, אָבער, איז די אַדעקוואַטע סיבה פון דער פעולה, וואָס פון איר איז גאָט די אורזאַך, אויף ווי ווייט ער איז באַווירקט פון אַן אידעע, וועלכע איז אַדעקוואַט אין עמיצנס גייסט (טייל II, הילפסזאַץ צו זאַץ XI). ובכן, איז אונזער גייסט, אויף ווי ווייט ער האָט אַדעקוואַטע אידעען (טייל III, דעפיניציע II), אין געוויסע פאַלן, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אַקטיוו. דאָס איז געווען אונזער ערשטער פונקט. ווייטער, אַלץ וואָס פאָלגט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, פון דער אידעע, וועלכע איז אַדעקוואַט אין גאָט, נישט אויף ווי ווייט ער פאַסט אין זיך דעם גייסט פון איין מענטשן בלויז, נאָר אויף ווי ווייט ער אַנטהאַלט אין זיך, אינאיינעם מיט דעם גייסט פון יענעם איינעם מענטשן, אויך די גייסטער פון אַנדערע זאַכן, — פון אַזאַ ווירקונג (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI) איז דער גייסט פון דעם געגעבענעם מענטשן נישט קיין אַדעקוואַטע, נאָר בלויז אַ טיילווייזע אורזאַך: אויף אַזאַ אופן, (טייל III, דעפיניציע II) איז דער גייסט, אויף ווי ווייט ער האָט אומאַדעקוואַטע אידעען, אין געוויסע פאַלן, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, פאַסיוו. דאָס איז געווען אונזער צווייטער פונקט. דעריבער איז אונזער גייסט, און אַזוי ווייטער וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** דערפון פאָלגט, אַז דער גייסט איז אַלץ מער מסוגל צו ליידן פון יענעמס אַקטיוויטעט, וואָס מער אומאַדעקוואַטע אידעען ער האָט, און, להיפוך, ער איז מער אַקטיוו אַליין, וואָס מער אַדעקוואַטע אידעען ער האָט.

**זאַץ II.** דער קערפּער קאָן נישט באַשטימען דעם גייסט צו דענקען, און דער גייסט קאָן נישט באַשטימען דעם קערפּער צו באַוועגונג אָדער צו רוה, אָדער צו עטוואָס אַנדערש, אויב עס זאָל זיין אַזעלכעס.

**באַווייז.** אַלע מאָדוסן פון דענקען האָבן גאָט אַלס זייער אורזאַך, אויף ווי ווייט ער איז אַ דענקענדע זאַך, נישט אָבער אויף ווי ווייט ער ווערט אויסגעדריקט דורך אַן אַנדער אַטריבוט (טייל II, זאַץ VI). דאָס,

אַלזאָ, וואָס באַשטימט דעם גייסט צום דענקען, איז אַ מאָדוס פון דענקען און נישט קיין מאָדוס פון אויסגעשפּרייטקייט, דאָס הייסט, (טייל II, דעפיניציע I) עס איז נישט קיין קערפּער. דאָס איז געווען אונזער ערשטער פּונקט. ווייי-טער, די באַוועגונג אָדער רוה פון קערפּער מוז אַנטשטיין דורך אַן אַנדער-קערפּער, וועלכער איז אויך באַשטימט געוואָרן צו באַוועגונג אָדער רוה דורך אַ דריטן קערפּער, און אַבסאָלוט אַלץ, וואָס קומט פאָר אין קערפּער, מוז האָבן זיין מקור אין גאָט, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט דורך אַ מאָדוס פון אויסגעשפּרייטקייט, און נישט דורך אַ מאָדוס פון דענקען (טייל II, זאַץ VI); דאָס הייסט, עס קאָן נישט אַנטשטיין פון דעם גייסט, וועלכער איז אַ מאָדוס פון דענקען, דאָס איז געווען אונזער צווייטער פּונקט. דער קערפּער קאָן אַלזאָ נישט באַשטימען דעם גייסט א. אַ. וו. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דאָס ווערט דייטלעכער פאַרשטאַנען דערפון וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין אָנמערקונג צו זאַץ VII, טייל II, נעמלעך, אַז גייסט און קערפּער זענען איינע און די זעלבע זאַך, וועלכע ווערט באַגריפן, באַלד אונטער דעם אַטריבוט פון דענקען און באַלד אונטער דעם אַטריבוט פון אויסגעשפּרייטקייט. אויף אַזאַ אופן קומט-אויס, אַז די אָרדנונג אָדער די פאַר-קניפּונג פון זאַכן איז די זעלבע, מעג די נאַטור אונטער דעם אָדער יענעם אַטריבוט באַגריפן ווערן; ממילא, איז די אָרדנונג פון די טעטיגקייטן און ליידנשאַפטן פון אונזער קערפּער גלייכצייטיג אין דער נאַטור מיט דער אָר-דנונג פון די טעטיגקייטן און ליידנשאַפטן פון אונזער גייסט. דער זעלבער שלוס איז קלאָר פון דעם אופן, אין וועלכן מיר האָבן געפירט אונזער באַוויז פאַר זאַץ XII אין טייל II.

דאָך, הגם דאָס איז דער פאַל, און הגם עס איז נישט פאַראַן קיין גרונד פאַר צווייפל, קאָן איך קוים גלויבן, אַז מען קאָן באַוועגן די מענטשן צו באַ-טראַכטן די פראַגע ערלעך און געלאַסן, אַזוי לאַנג ווי איך האָב דאָס נישט דורך דער דערפאַרונג באַשטעטיגט, אַזוי פעסט גלויבן זיי, אַז בלויז אויף דעם וואונק פון גייסט ווערט דער קערפּער געזעצט אין באַוועגונג אָדער אין רוה, און אַז עס טוט גאָר אַ סך זאַכן, וואָס הענגען אָפּ נאָר פון דעם ווילן פון דעם גייסט אָדער פון זיין געשיקלעכקייט צו דענקען. דען, קיינער האָט נאָך ביז איצט נישט באַשטימט די כוחות פון קערפּער, דאָס הייסט, קיינער האָט נאָך נישט ביז איצט דורך דערפאַרונג געלערנט, וואָס דער קערפּער קאָן טאָן בלויז דורך די געזעצן פון דער נאַטור, אויף ווי ווייט זי ווערט באַטראַכט נאָר אַלס קערפּערלעכע, און וואָס ער קאָן נישט טאָן, ווען ער ווערט נישט פון גייסט באַשטימט. קיינער האָט נאָך ביז איצט נישט געקראָגן אַזאַ גענויעם וויסן וועגן דעם קערפּערלעכן מעכאַניזם, אַז ער זאָל קאָנען דערקלערן אַלע זיינע פונקציעס; עס איז אויך איבעריג פאַר מיר ציהען די אויפמערקזאַמקייט

צו דעם פאַקט, אַז פילע האַנדלונגען ווערן באַמערקט ביי די חיות, וואָס אי־בערטרעפן וויית די שאַרפזיניגקייט פון דעם מענטשן און אַז די נאַכטוואַנדלער טוען פילעס אין שלאָף, וואָס זיי וואָלטן נישט געוואַגט צו טאָן וואַכנדיג; דאָס ווייזט געוויס, אַז דער קערפּער אַליין בלויז דורך די געזעצן פון זיין נאַטור קאָן טאָן פילע זאַכן, וואָס איבער זיי וואונדערט זיך זיין גייסט.

דערצו ווייס קיינער נישט אויף וועלכן אופן, און דורך וועלכע מיטלען באַוועגט דער גייסט דעם קערפּער, און וויפיל גראַדן פון באַוועגונג קאָן ער מיטטיילן דעם קערפּער, און ווי גרויס איז די שנעלקייט, מיט וועלכער ער קאָן דעם קערפּער באַוועגן. אַזוי, אַז ווען מענטשן באַהויפּטן, אַז די אָדער יענע האַנדלונג פון קערפּער נעמט זיך פון גייסט, וועלכער האָט די ממשלה איבער דעם קערפּער, ווייסן זיי נישט וואָס זיי זאָגן, און זיי זענען זיך מודה אין הויך־קלינגענדע ווערטער, אַז זיי ווייסן נישט די אמתע סיבה פון דער דערמאָנטער האַנדלונג, און וואונדערן זיך נישט איבער דעם.

וועלן זיי אָבער זאָגן, צי ווייסן מיר צי נישט, דורך וועלכע מיטלען דער גייסט באַוועגט דעם קערפּער, האָבן מיר אָבער על־כל־פּנים די דערפאַרונג, אַז ווען דער מענטשלעכער גייסט איז נישט פעהיג צו דענקען, איז דער קערפּער אומטעטיג. נאָכמער, מיר האָבן דערפאַרונג, אַז דער גייסט אַליין קאָן באַשטימען, צי מיר זאָלן רעדן צי מיר זאָלן שווייגן, און פיל אַנדערעס, וואָס, לפי דער דערפאַרונג, גלויבן מיר, הענגט אָפּ פון דעם באַשלוס פון גייסט. וואָס אָנבאַטרעפט דעם ערשטן פונקט, פרעג איך זיי, די, וואָס טרעטן אַרויס געגן מיר מיט טענות, צי לערנט אונז אויך נישט די דערפאַרונג, אַז אויב דער קערפּער איז אומטעטיג, איז דער גייסט אין דער אייגענער צייט אומפעהיג צו דענקען? דען ווען דער קערפּער רוהט אין שלאָף, בלייבט דער גייסט מיט אים אין שלאָף פאַרזונקען און האָט נישט אַזאַ מאַכט צו דענקען, ווי ער האָט געהאַט בעת דער קערפּער איז וואַכעדיג געווען. ווייטער דענק איך, אַז יעדן איינעמס דערפאַרונג וועט באַשטעטיגן די באַהויפּטונג, אַז דער גייסט איז נישט צו אַלע צייטן גלייך פעהיג צו דענקען איבער אַ געגעבענעם געגנשטאַנד, נאָר לפי דעם, ווי דער קערפּער איז מער אָדער ווייניגער פעהיג אויפגערעגט צו ווערן פון פאָרשטעלונגען פון דעם אָדער יענעם געגנשטאַנד, אַזוי איז אויך דער גייסט מער אָדער ווייניגער פעהיג צו באַטראַכטן דעם דערמאָנטן געגנשטאַנד.

וועט מען, אָבער, טענהן, עס איז אוממעגלעך, אַז בלויז פון די געזעצן פון דער נאַטור, וועלכע ווערט באַטראַכט נאָר אַלס קערפּערלעכע סובסטאַנץ, זאָלן מיר זיין ביכולת אַרויסצודרינגען די אורזאַכן פון געביידעס, בילדער און זאַכן פון אַזאַ אַרט, וועלכע ווערן פּראָדוצירט בלויז דורך מענטשלעכער קונסט;

און דער מענטשלעכער קערפּער, ווען ער ווערט נישט באַשטימט און געפירט
פון גייסט, איז נישט אימשטאַנד קיין איינציגן טעמפּל צו בויען. איך האָב
שוין, אָבער, געצייגט, אַז מיינע בעלי־טענות קאָנען נישט באַשטימען די גרע־
נעצן פון דעם קערפּערס השפעה, אָדער צו זאָגן, וואָס קאָן אַרויסגעדרונגען
ווערן פון אַ באַטראַכטונג פון זיין נאַטור בלויז, און זיי אַליין האָבן די דער־
פאַרונג, אַז זייער פילעס געשעהט בלויז דורך די געזעצן פון דער נאַטור, וואָס
זיי וואָלטן קיין מאָל נישט געגלויבט, אַז עס זאָל מעגלעך זיין אַנדערש ווי
אונטער דער לייטונג פון גייסט, ווי דאָס וואָס די נאַכטוואַנדלער טוען אין
שלאָף, און איבער וואָס זיי אליין, ווען זיי זענען וואַך, וואונדערן זיך. דערצו
קומט דער מעכאַניזם פון דעם מענטשלעכן קערפּער זעלבסט, וועלכער אין
קינסטלעכקייט איבערטרעפט אַלץ, וואָס איז דורך דער מענטשלעכער קונסט
געבויט געוואָרן, נישט איבערחזרנדיג, וואָס איך האָב שוין געצייגט; נעמלעך,
אַז פון דער נאַטור, אונטער וואָס פאַר אַן אַטריבוט זי זאָל נישט באַטראַכט
ווערן, פאָלגן אומענדלעכע רעזולטאַטן. וואָס באַטרעפט דער צווייטער אָנווענ־
דונג, גיב איך צו, אַז עס וואָלט געווען אַ סך בעסער פאַר מענטשלעכע אָנגע־
לעגנהייטן, ווען דאָס שווייגן וואָלט געווען אין דער מאַכט פון דעם מענטשן
אַזוי גוט ווי דאָס רעדן. די דערפאַרונג, אָבער, לערנט איבער גענוג, אַז
מענטשן קאָנען באַהערשן איינעגעס גיכער איידער זייערע צונגען, און אייני־
געס איינצוימען גיכער איידער זייערע אַפּעטיטן. דערפאַר קומט עס, וואָס
אַ סך גלויבן, אַז מיר זענען פריי אין באַצוג צו געגנשטאַנדן, וואָס זיי באַגערן
מיר נישט זייער שטאַרק, ווארים אונזער פאַרלאַנג פאַר אַזעלכע זאַכן קאָן
גרינג קאָנטראָלירט ווערן פון דעם אָנדענקען פון אַ זאַך, וועלכע איז אָפט אין
אונזער זכרון; מיר זענען אָבער בשום אופן נישט פריי בנוגע צו דעם, וואָס
מיר זוכן מיט ליידנשאַפטלעכע עמאָציעס, וואָס קאָן באַרוהיגט ווערן דורך דעם
אָנדענקען פון אַן אַנדער זאַך. וואָלטן מיר אָבער נישט געהאַט די דערפאַרונג,
אַז מיר טוען פילעס, וואָס מיר האָבן דערנאָך חרטה אויף דעם, און אַז אָפט,
ווען מיר ווערן באַשטורעמט פון אַנטקעגנגעזעצטע עמאָציעס, זעהען מיר דאָס
בעסערע און פאָלגן דאָס ערגערע, וואָלט קיין זאַך נישט געווען, וועלכע וואָלט
אונז געשטערט צו גלויבן, אַז מיר זענען פריי אין אַלע זאַכן. אַזוי גלויבט אַ
זויג־קינד, אַז ער באַגערט די מילך פרייוויליג, אַ קינד, וואָס איז אין כעס, אַז
ער וויל פרייוויליג נקמה, אַ שרעקנדיג קינד גלויבט, אַז ער באַגערט פרייווי־
ליג צו אַנטלויפן, אַ שכור גלויבט, אַז ער רעדט אויס דעם פרייען באַשלוס
פון זיין גייסט, דאָס וואָס ער וואָלט בעת ער איז ניכטער פאַרשוויגן, אַזוי
אויך דער מענטש, וואָס רעדט פון היץ, און די פרוי וואָס איז אַ פּלוידערזאַק,
דאָס קינד, און אַנדערע פון דעם זעלבן גוס, — זיי אַלע גלויבן, אַז זיי רעדן
אויס דעם פרייען באַשלוס פון זייער גייסט, בעת אין דערווירקלעכקייט זע־

גען זיי נישט אימשטאַנד אָפצוהאַלטן זייער אימפולס צו רעדן. די דערפאַרונג לערנט אונז נישט ווייניגער קלאָר איידער די פאַרנונפט, אַז די מענטשן האַלטן זיך פאַר פריי בלויז דערפאַר, וואָס זיי זענען באַוואוסט אויף זייערע האַנדלונגען און אומבאַוואוסט אויף די אורזאַכן, וואָס דורך זיי ווערן די האַנדלונגען באַשטימט; און, ווייטער, עס איז קלאָר, אַז די באַשלוסן פון גייסט זענען קיין אַנדערע זאַך נישט, ווי די פאַרלאַנגען גופא, וועלכע זענען פאַרשיידן לויט די פאַרשיידענע דיספאָזיציעס פון קערפער. יעדער איינער ריכטעט איין זיינע האַנדלונגען לויט זיינע עמאָציעס; די, וואָס ווערן אָנגעגריפן פון אַנטקעגנגעזעצטע עמאָציעס, ווייסן נישט, וואָס זיי ווילן, די וואָס ווערן נישט אַטאַקירט פון קיינע עמאָציעס, ווערן דורך אַ קליינעם באַוועגונגס-גרונד געשליידערט אַהין און אַהער. די דאָזיגע אַלע באַטראַכטונגען ווייזן אונז געוויס קלאָר, אַז אַ גייסטיגער באַשלוס און אַ קערפערלעכער פאַרלאַנג אָדער באַשטימונג זענען פון דער נאַטור גלייכצייטיג, אָדער, נאָכמער, זענען איינע און די זעלבע זאַך, וועלכע מיר רופן באַשלוס, ווען זי ווערט באַטראַכט אונטער און דערקלערט דורך דעם אַטריבוט פון דענקען, און ווען זי ווערט באַטראַכט אונטער דעם אַטריבוט פון אויסגעשפרייטקייט און אַרויסגעדרונגען פון די געזעצן פון באַוועגונג און רוה, רופן מיר זי באַשטימונג. דאָס וועט נאָך קלאָרער ווערן פון דעם, וואָס וועט קומען שפעטער. איצט וויל איך ציהען די אויפמערקזאַמקייט צו אַן אַנדער פונקט; נעמלעך, אַז מיר קאָנען טאָן עטוואָס דורך דעם באַשלוס פון דעם גייסט נאָר יעמאָלט, ווען מיר געדענקען, אַז מיר האָבן דאָס געטאָן. מיר קאָנען נישט, למשל, אויסרעדן קיין איין וואָרט, אויב מיר געדענקען נישט, אַז מיר האָבן אַזעלכס געטאָן. ווייטער, עס איז נישט אין דער פרייער מאַכט פון דעם גייסט צו פאַרגעסן אָדער זיך צו דערמאָנען אין אַ געוויסער זאַך. דעריבער מוז אויף יעדן פאַל די פרייהייט פון דעם גייסט באַגרענעצט ווערן דורך דער קראַפט פון אַרויסרעדן אָדער נישט אַרויסרעדן עפעס, וואָס ער געדענקט. ווען מיר חלומען, אָבער, אַז מיר רעדן, גלויבן מיר, אַז מיר רעדן פון אַ פרייען באַשלוס פון דעם גייסט, דאָך רעדן מיר נישט, אָדער אויב מיר רעדן יאָ, געשעהט דאָס דורך אַ ספאָנטאַנער באַוועגונג פון קערפער. ווייטער חלומען מיר, אַז מיר פאַרבאָרגן עפעס, און מיר זעהען אויס צו האַנדלען לויט דעם זעלבן באַשלוס ווי דער, און דערפאַר, ווען מיר וואַכן אויף, שווייגן מיר אין באַצוג צו עפעס, וואָס מיר ווייסן. לעצטנס חלומט זיך אונז, אַז מיר טוען עפעס לויט אַ פרייען באַשלוס פון אונזער גייסט, וואָס מיר וואַגן נישט צו טאָן בעת מיר זענען וואַך.

איצט וואָלט איך געוואָלט וויסן צי עס זענען פאַראַן אין גייסט צוויי סאָרטן באַשלוסן, איינער אַ פאַנטאַסטישער און איינער אַ פרומער? אויב מיר ווילן נישט גיין אַזוי ווייט אין אומזין, מוזן מיר, אויף אַ נויטווענדיגן

אופן, צוגעבן, אַז דער באַשלוס פון גייסט, וואָס, מען גלויבט, אַז ער איז פריי, אונטערשיידט זיך נישט פון פאָרשטעלונג אָדער זכרון, און ער איז נישט אַנדערש איידער די באַשטעטיגונג, וועלכע די אידעע, אויף ווי ווייט זי איז אַן אידעע, שליסט איין אויף אַ נויטווענדיגן אופן (טייל II, זאַץ XLIX); פאָלגלעך, אַנטשטייען די דאָזיגע באַשלוסן פון גייסט אין דעם גייסט אויף דעם זעלבן נויטווענדיגן אופן; ווי די אידעען פון די ווירקלעך עקזיסטירנדע זאַכן. די, אלזאָ, וואָס גלויבן, אַז זיי רעדן אָדער שווייגן, אָדער טוען בכלל עטוואָס אויס דעם פרייען באַשלוס פון גייסט, חלומען מיט אָפענע אויגן.

זאַץ III. די טעטיגקייטן פון גייסט אַנטשטייען בלויז פון די אַדעקוואַטע אידעען; די פּאַסיווע צושטאַנדן פון גייסט, דאַגעגן, הענגען אָפּ בלויז פון די אומאַדעקוואַטע.

באַווייז. דער ערשטער עלעמענט, וואָס שטעלט צונויף די עסענץ פון דעם גייסט, איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי די אידעע פון דעם ווירקלעך עקזיסטירנדן קערפּער (טייל II, זאַצן XI און XIII), וועלכע (טייל II, זאַץ XV) איז צונויפגעזעצט פון אַ סך אַנדערע אידעען, וואָס פון זיי זענען אייניגע אַדעקוואַטע און איינִיגע אומאַדעקוואַטע (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XXIX, און שלוסזאַץ צו זאַץ XXXVIII). דאָס, אַלזאָ, וואָס פאָלגט פון דער נאַטור פון גייסט און האָט גייסט אַלס זיין נאָנטסטע אורזאַך, דורך וועלכער עס מוז פאַרשטאַנען ווערן, מוז אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאָלגן אַנטוועדער פון אַן אַדעקוואַטער אידעע אָדער פון אַן אומאַדעקוואַטער אידעע. אויף אַזוי ווייט אָבער ווי דער גייסט (טייל III, זאַץ I) האָט אומאַדעקוואַטע אידעען, איז ער, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, פּאַסיוו. ובכן, פאָלגן די טעטיגקייטן פון גייסט בלויז פון אַדעקוואַטע אידעען, און דער גייסט איז אויף אַזאַ אופן נאָר פּאַסיוו, אויף ווי ווייט ער האָט אומאַדעקוואַטע אידעען. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. מיר זעהען אַלזאָ, אַז פּאַסיווע צושטאַנדן ווערן צוגעשריבן צום גייסט, נאָר אויף ווי ווייט ער אַנטהאַלט עפּעס, וואָס שליסט איין נעגאַציע, אָדער אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס אַ טייל פון דער נאַטור, וואָס קאָן נישט אָן אַנדערע טיילן קלאָר און באַשטימט אויפגעפאַסט ווערן. איך וואָלט אויף אַזאַ אופן געקאָנט ווייזן, אַז פּאַסיווע צושטאַנדן ווערן צוגעשריבן צו איינצלנע זאַכן אויף דעם זעלבן וועג ווי זיי ווערן צוגעשריבן צום גייסט, און אַז זיי קאָנען נישט אַנדערש באַגריפן ווערן; מיין אַבזיכט איז, אָבער, בלויז דעם מענטשלעכן גייסט צו באַהאַנדלען.

זאַץ IV. יעדע זאַך קאָן נאָר פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך צעשטערט ווערן.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון זיך אַליין, דען די דעפיניציע פון יעדער זאַך באַשטעטיגט די עסענץ פון דער זאַך, אָבער פאַרניינט

זי נישט; מיט אַנדערע ווערטער, זי זעצט פאָראויס די תּמצית פון דער זאַך, אָבער זי נעמט אים נישט אַוועק. ווען מיר נעמען, אַלזאָ, אין אַכט בלויז די זאַך גופא און רעכענען זיך נישט מיט אויסנווייניגסטע אורזאַכן, וועלן מיר נישט קאָנען געפינען אין איר קיין זאַך, וואָס זאָל זי קאָנען צעשטערן. װ. א. ג. צ. ב.

**זאַץ V.** זאַכן זענען אויף אַזוי ווייט פון אַ געגנזעצלעכער נאַטור, דאָס הייסט, זיי קאָנען אויף אַזוי ווייט נישט זיין אין דעם זעלבן סוביעקט, אויף ווי ווייט איינע קאָן די אַנדערע צעשטערן.

**באַווייז.** ווען זיי זאָלן איינע מיט דער אַנדערער צונויפשטימען, אָדער קאָנען זיין גלייכצייטיג אין דעם זעלבן סוביעקט, וואָלט עס געקאָנט געבן אין דעם זעלבן סוביעקט עפּעס, וואָס זאָל אים קאָנען צעשטערן, דאָס איז (לויט דעם פאָריגן זאַץ) אומזיניג, דעריבער, זענען זאַכן א. א. װ., װ. א. ג. צ. ב.

**זאַץ VI.** יעדע זאַך, ווי ווייט זי איז אין זיך גופא, שטרעבט אָנצוהאַלטן איר אייגענע עקזיסטענץ.

**באַווייז.** איינצלנע זאַכן זענען מאָדוסן, וואָס דורך זיי ווערן אויסגעדריקט די אַטריבוטן פון גאָט אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן (טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XXV); דאָס הייסט (טייל I, זאַץ XXXIV), זיי זענען זאַכן, וואָס דריקן אויס אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן די השפּעה פון גאָט, וואָס דורך איר איז גאָט פאַראַן און האַנדלט; קיין זאַך האָט נישט אין זיך אַליין עטוואָס, וואָס דורך דעם זאָל זי קאָנען צעשטערט ווערן, אָדער וואָס זאָל קאָנען אַוועקנעמען איר עקזיסטענץ (טייל III, זאַץ IV), נאָר פאַרקערט, זי שטעלט זיך געגן אַלץ, וואָס וואָלט געקאָנט אַוועקנעמען איר עקזיסטענץ (טייל III, זאַץ V), אַלזאָ שטרעבט זי ווי ווייט זי קאָן און ווי ווייט זי איז אין זיך גופא אָנצוהאַלטן איר אייגענע עקזיסטענץ. װ. א. ג. צ. ב.

**זאַץ VII.** דער באַשטרעב, וואָס מיט אים שטרעבט יעדע זאַך אָנצוהאַלטן איר אייגענע עקזיסטענץ, איז קיין אַנדער זאַך נישט, ווי דיווירקלעכע תּמצית פון דער זאַך גופא.

**באַווייז.** אויס דער געגעבענער תּמצית פון יעדער זאַך פאָלגן על פּי הכרח געוויסע קאָנסעקווענצן (טייל I, זאַץ XXXVI), און די זאַכן האָבן נישט קיין אַנדער השפּעה איידער די, וואָס פאָלגט אויף אַ נויטווענדיגן אופן פון זייער באַשטימטער נאַטור (טייל I, זאַץ XXIX), דעריבער, איז די השפּעה פון יעדער זאַך, אָדער דער באַשטרעב, מיט וועלכן די זאַך אַליין אָדער מיט אַנדערע זאַכן האַנדלט אָדער באַשטרעבט צו האַנדלען, דאָס הייסט (טייל III, זאַץ VI) די השפּעה אָדער דער באַשטרעב, מיט וואָס זי באַשטרעבט

אָנצוהאַלטן איר אייגענע עקזיסטענץ, איז נישט קיין אַנדער זאַך ווי די געגעבענע אָדער ווירקלעכע עסענץ פון דער זאַך גופא. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ VIII.** דער באַשטרעב, מיט וועלכן אַ זאַך שטרעבט אָנצוהאַלטן איר אייגענע עקזיסטענץ, שליסט נישט איין קיין ענדלעכע צייט, נאָר אַן אומבאַשטימטע צייט.

**באַווייז.** ווען עס זאָל איינשליסן אין זיך אַ באַגרענעצטע צייט, וועלכע זאָל באַשטימען די דויער פון דער זאַך, וואָלט יעמאָלט געפאָלגט בלויז פון דער השפּעה, וואָס מיט איר עקזיסטירט די זאַך, אַז די זאַך וואָלט נישט געקאָנט עקזיסטירן מחוץ די גרענעצן פון יענער צייט, נאָר אַז זי וואָלט געמוזט צעשטערט ווערן; אָבער דאָס איז (טייל III, זאַץ IV) אומזיניג. דעריבער, שליסט נישט איין דער באַשטרעב מיט וואָס די זאַך עקזיסטירט, קיין באַגרעניצטע צייט; נאָר פאַרקערט, היות ווי (טייל III, זאַץ IV) די זאַך וועט מיט דער זעלבער השפּעה, מיט וועלכער זי עקזיסטירט שוין, פאָרטזעצן תּמיד צו עקזיסטירן, סיידן זי זאָל צעשטערט ווערן דורך וועלכער עס איז אויסנווייניגסטער אורזאַך, שליסט דער דאָזיגער באַשטרעב איין אַן אומבאַשטימטע צייט. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ IX.** דער גייסט, סיי אויף ווי ווייט ער האָט קלאָרע און דייטלעכע אידעען, און סיי אויך אויף ווי ווייט ער האָט צעמישטע אידעען, באַשטרעבט אָנצוהאַלטן זיין עקזיסטענץ פאַר אַן אומבאַשטימטע דויער, און ער איז באַוואוסטזיניג אויף דעם דאָזיגן באַשטרעב.

**באַווייז.** די תּמצית פון דעם גייסט באַשטייט פון אַדעקוואַטע און אומאַדעקוואַטע אידעען (טייל III, זאַץ III), פאָלגלעך, שטרעבט ער, (טייל III, זאַץ VII) סיי אויף ווי ווייט ער באַזיצט די ערשטע, סיי אויף ווי ווייט ער באַזיצט די צווייטע, אָנצוהאלטן זיין עקזיסטענץ און אויף אַן אומבאַשטימטער צייט אַפילו (טייל III, זאַץ VIII). היות אָבער, ווי דער גייסט (טייל II, זאַץ XXIII) איז, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, באַוואוסט אויף זיך גופא דורך די אידעען פון די פאַרענדערונגען פון דעם קערפּער, לכן איז דער גייסט (טייל III, זאַץ VII) באַוואוסט אויף זיין אייגענעם באַשטרעב.

**אָנמערקונג.** דער דאָזיגער באַשטרעב, ווען ער באַציהט זיך בלויז אויף דעם גייסט, הייסט **ווילן**, ווען ער באַציהט זיך אויף דעם גייסט און קערפּער הייסט ער **פאַרלאַנג**; עס איז, אין דער אמתן, קיין אַנדער זאַך נישט ווי די תּמצית פון דעם מענטשן, וואָס פון זיין נאַטור פאָלגט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אַלץ, וואָס דינט פאַר זיין דערהאַלטונג, און וואָס דער מענטש איז אויף אַזאַ אופן באַשטימט געוואָרן צו טאָן. אויך איז צווישן פאַרלאַנג און באַגער נישט פאַראַן קיין חילוק, אַ חוץ דעם, וואָס באגער באַציהט זיך בכלל אויף די מענטשן אויף ווי ווייט זיי זענען באַוואוסט אויף זייער פאַרלאַנג און

מען קאָן עס דערום דעפינירן אַזוי: באַגער איז פאַרלאַנג מיט דעם באַוואוסטזיין דערויף. עס איז אויף אַזאַ אופן קלאָר פון וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז מיר באַשטרעבן נישט, ווילן נישט, פאַרלאַנגען נישט און באַגערן נישט קיין זאַך, ווייל מיר האַלטן זי פאַר גוט, נאָר אומגעקערט, מיר האַלטן אַ זאַך פאַר גוט, דערפאַר, וואָס מיר באַשטרעבן, ווילן, פאַרלאַנגען און באַגערן זי.

זאַץ X. עס קאָן נישט געבן אין אונזער גייסט קיין אידעע, וועלכע זאָל אויסשליסן די עקזיסטענץ פון אונזער קערפער, נאָכמער, אַזאַ אידעע איז אין געגנזאַץ צום גייסט.

באַווייז. עס קאָן נישט געבן אין אונזער קערפער קיין זאַך, וועלכע קאָן אים צעשטערן (טייל III, זאַץ V), פאָלגלעך, קאָן אויך די אידעע פון אַזאַ זאַך נישט זיין אין גאָט, אויף ווי ווייט ער האָט די אידעע פון אונזער קערפער (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ IX); דאָס הייסט (טייל II, זאַצן XI און XIII), די אידעע פון יענער זאַך קאָן נישט זיין אין אונזער גייסט, נאָר, פאַרקערט, היות ווי (טייל II, זאַצן XI און XIII) דער ערשטער עלעמענט, וואָס מאַכט אויס די עסענץ פון דעם גייסט, איז די אידעע פון דעם ווירקלעך עקזיסטירנדן מענטשלעכן קערפער, לכן קומט אויס, אַז דאָס ערשטע און עיקר שטרעבן פון אונזער גייסט איז דאָס שטרעבן צו באַשטעטיגן די עקזיסטענץ פון אונזער קערפער. די אידעע, אַלזאָ, וועלכע פאַרניינט די עקזיסטענץ פון אונזער קערפער, איז אין געגנזאַץ צו אונזער גייסט, און אַזוי ווייטער ו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XI. די אידעע פון אַלץ, וואָס פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, העלפט אָדער שטערט דער ווירקונגס-קראַפט פון אונזער קערפער, פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, העלפט אָדער שטערט דער דענק-קראַפט פון אונזער גייסט.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון טייל II, זאַץ VII, אָדער פון טייל II, זאַץ XIV.

אָנמערקונג. מיר זעהען דערום, אַז דער גייסט קאָן דורכמאַכן פילע פאַרענדערונגען, און ער קאָן אַריבערגיין אַמאָל צו אַ צושטאַנד פון אַ גרעסערער פולקאָמענהייט, אַמאָל צו אַ צושטאַנד פון קלענערער פולקאָמענהייט. די דאָזיגע פאַסיווע צושטאַנדן פון איבערגאַנג דערקלערן אונז די עמאָציעס פון לוסט און אומלוסט. אונטער לוסט, דעריבער, פאַרשטיי איך אין די פאָלגנדע זאַצן אַ פאַסיוון צושטאַנד, אין וועלכן דער גייסט גייט אַריבער צו אַ גרעסערער פולקאָמענהייט. אונטער אומלוסט פאַרשטיי איך אַ פאַסיוון צושטאַנד, אין וועלכן דער גייסט גייט אַריבער צו אַ קלענערער פולקאָמענהייט. די עמאָציע ווייטער פון לוסט וועלכע באַציהט זיך אויף דעם קערפער און גייסט צוגלייך, רוף איך סטימו-

*לאַציע* אָדער *פרייליעכקייט*, די עמאָציע פון אומלוסט אין דער זעלבער שייכות רוף איך *שמאַרץ* אָדער מעלאַנכאָליע. מיר מוזן אָבער אין זינען האָבן, אַז סטימולאַציע און שמאַרץ ווערן צוגעשריבן צום מענטשן, ווען איין טייל פון זיין נאַטור איז מער באַווירקט איידער די איבעריגע, פרייליעכקייט אָדער מעלאַנכאָליע, ווען אַלע טיילן זענען גלייך באַווירקט. וואָס איך פאַרשטיי אונטער באַגער, האָב איך דערקלערט אין דער אָנמערקונג צו זאַץ IX פון דעם דאָזיגן טייל; אַחוץ די דאָזיגע דריי, אָנערקען איך נישט קיין אַנדערע עלעמענטאַרע עמאָציע; אַלע אַנדערע עמאָציעס אַנטשטייען פון די דאָזיגע דריי ווי איך וועל עס שפּעטער צייגן. איידער איך גיי אָבער ווייטער, וויל איך דאָ זיך אָפּשטעלן אַביסל לענגער אויף דער דערקלערונג פון זאַץ X פון דעם דאָזיגן טייל, כדי מיר זאָלן קאָנען דייטלעך פאַרשטיין אויף וועלכן אופן איין אידעע איז אין געגנזאַץ צו אַן אַנדערער.

אין דער אָנמערקונג צום טייל II, זאַץ XVII האָבן מיר געוויזן, אַז די אידעע, וועלכע מאַכט אויס די עסענץ פון גייסט, שליסט איין די עקזיסטענץ פון קערפּער, אַזוי לאַנג ווי דער קערפּער גופא עקזיסטירט. ווייטער פאָלגט דערפון, וואָס מיר האָבן אָנגעצייגט אין טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VIII, אַז די געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ פון אונזער גייסט הענגט אָפּ אויסשליסלעך פון דעם פאַקט, וואָס דער גייסט שליסט איין די אַקטועלע עקזיסטענץ פון דעם קערפּער. ענדלעך האָבן מיר געוויזן (טייל II, זאַצן XVII, XVIII און אָנמערקונג דערצו), אַז די קראַפט פון גייסט, וואָס דורך אים שטעלט ער זיך פאָר און געדענקט זאַכן, הענגט אויך אָפּ פון דעם פאַקט, וואָס ער שליסט איין די אַקטועלע עקזיסטענץ פון קערפּער. דערפון פאָלגט, אַז די געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ פון דעם גייסט און זיין פאָרשטעלונגס-קראַפט ווערן אַוועקגענומען, ווי באַלד דער גייסט הערט-אויף צו באַיאָהען די געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ פון דעם קערפּער. דער גייסט אַליין קאָן, אָבער, נישט זיין די אורזאַך דערפון, וואָס דער גייסט הערט-אויף צו באַיאָהען די דאָזיגע עקזיסטענץ פון דעם קערפּער (טייל III, זאַץ IV), אַזוי גוט ווי דאָס קאָן נישט זיין דער פאַקט, וואָס דער קערפּער הערט אויף צו עקזיסטירן. דען (לויט טייל II, זאַץ VI), איז די אורזאַך פאַרוואָס דער גייסט באַיאָהט די עקזיסטענץ פון דעם קערפּער נישט דאָס, וואָס דער קערפּער האָט אָנגעהויבן צו עקזיסטירן, און, צוליב דעם זעלבן טעם, הערט דער גייסט אויך נישט אויף צו באַיאָהען די עקזיסטענץ פון דעם קערפּער, דערפאַר וואָס דער קערפּער הערט אויף צו עקזיסטירן; דער דאָזיגער רעזולטאַט, אָבער, (טייל II, זאַץ XVII) פאָלגט פון אַן אַנדער אידעע, וועלכע שליסט אויס די געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ פון אונזער קערפּער און, ממילא, פון אונזער גייסט, און וועלכע איז, דעריבער,

אַנטקעגנגעזעצט צו דער אידעע, וועלכע מאַכט־אויס די תמצית פון אונזער גייסט.

**זאַץ XII.** דער גייסט זוכט, ווי ווייט ער קאָן, זיך פאָרצושטעלן דאָס, וואָס פאַרמערט אָדער העלפט דער ווירקונגס־קראַפט פון קערפּער.

**באַווייז.** אַזוי לאַנג ווי דער מענטשלעכער קערפּער ווערט באַווירקט אויף אַן אופן, וואָס שליסט איין אין זיך די נאַטור פון אַן אויסנווייניגסטן קערפּער, וועט דער מענטשלעכער גייסט באַטראַכטן יענעם אויסנווייניגסטן קערפּער אַלס געגנוואַרטיג (טייל II, זאַץ XVII), און, פאָלגלעך, (טייל II, זאַץ VII) אַזוי לאַנג ווי דער מענטשלעכער גייסט באַטראַכט אַן אויסנווייניגסטן קערפּער אַלס געגנוואַרטיג, דאָס הייסט (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XVII), ער שטעלט זיך אים פאָר, אַזוי לאַנג איז דער מענטשלעכער קערפּער באַווירקט אויף אַן אופן, וואָס שליסט איין אין זיך די נאַטור פון דעם דערמאָנטן קערפּער, אַזוי לאַנג, אַלזאָ, ווי דער גייסט שטעלט זיך פאָר זאַכן, וואָס פאַרמערן אָדער העלפן די ווירקונגס־קראַפט אין אונזער קערפּער, אַזוי לאַנג איז דער קערפּער באַווירקט אויף אופנים, וואָס פאַרמערן אָדער העלפן זיין ווירקונגס־קראַפט (טייל III, פּאָסטולאַט I) און, פאָלגלעך, (טייל III, זאַץ XI) ווערט אויף אַזוי לאַנג פאַרמערט אָדער געהאָלפן די דענק־קראַפט פון גייסט, און דערנאָך (נאָך טייל III, זאַץ VI אָדער IX) זוכט דער גייסט, אויף ווי ווייט ער קאָן זיך אַזעלכע זאַכן פאָרשטעלן. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XIII.** ווען דער גייסט שטעלט זיך פאָר זאַכן, וואָס פאַרמינערן און באַשרענקען די ווירקונגס־קראַפט פון קערפּער, זוכט ער, ווי ווייט מעגלעך, צו דערמאָנען זיך אָן זאַכן, וואָס שליסן אויס די עקזיסטענץ פון די ערשטע זאַכן.

**באַווייז.** אַזוי לאַנג, ווי דער גייסט שטעלט זיך פאָר עפּעס דערפון, וואָס מיר האָבן אויבן גערעדט, ווערט די קראַפט פון גייסט און קערפּער פאַרמינערט און איינגעשרענקט (ווי מיר האָבן באַוויזן אין פאָריגן זאַץ) און פונדעסטוועגן וועט ער דאָס זעלבע זיך אַזוי לאַנג פאָרשטעלן, ביז וואַנען ער וועט זיך פאָרשטעלן עפּעס אַנדערש, וואָס שליסט אויס די געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ פון דעם זעלבן (טייל II, זאַץ XVII); דאָס הייסט (ווי איך האָב אויבן געצייגט), אַז די קראַפט פון דעם גייסט און פון דעם קערפּער איז פאַרמינערט אָדער איינגעשרענקט, ביז דער גייסט שטעלט זיך עפּעס אַנדערש פאָר, וואָס שליסט־אויס די עקזיסטענץ פון דער פריהער פאָרגעשטעלטער זאַך, וועלכע דער גייסט וועט, דעריבער, (טייל III, זאַץ IX) זיך באַמיהען אויף ווי ווייט ער קאָן פאָרצושטעלן אָדער זיך דערמאָנען. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** דערפון פאָלגט, אַז דער גייסט האָט גאָר קיין חשק ניש

זיך פאָרצושטעלן זאַכן, וואָס פאַרמערן אָדער באַשרענקען זיין אייגענע קראַפט, די קראַפט פון זיין קערפּער.

אָנמערקונג. פון דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן, קאָנען מיר קלאָר פאַרשטיין וואָס ליבע איז, און וואָס האַס איז. ליבע איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך; האַס איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך. מיר זעהען אויך, אַז דער, וואָס ליבט, שטרעבט אויף אַ נויטוועגדיגן אופן די זאַך, וועלכע ער ליבט, געגנוואַרטיג צו האָבן און צו דערהאַלטן; בעת דער, וואָס האַסט, באַמיהט זיך, די זאַך, וועלכע ער האַסט, צו דערווייטערן און צו צעשטערן. אָבער אויספירלעכער איבער די דאַזיגע ענינים וועל איך רעדן דערנאָך.

זאַץ XIV. ווען דער גייסט איז איינמאָל אויפגערעגט געוואָרן פון צוויי עמאָציעס גלייכצייטיג, וועט ער דערנאָכדעם, ווען נאָר ער וועט אויפגע-רעגט ווערן פון איינער פון זיי, אויך אויפגערעגט ווערן פון דער אַנדערער.

באַווייז. ווען דער מענטשלעכער קערפּער איז איינמאָל גלייכצייטיג אויפגערעגט געוואָרן פון צוויי קערפּער, וועט דער גייסט דערנאָכדעם, ווען נאָר ער וועט זיך פאָרשטעלן איינעם פון זיי, זיך באַלד דערמאָנען אויך אין דעם אַנדערן (טייל II זאַץ XVIII). די פאָרשטעלונגען אָבער פון אונזער גייסט ציינן מער די עמאָציעס פון אונזער קערפּער, איידער די נאַטור פון אויסנווייניגסטע קערפּער (טייל II, שלוסזאַץ II צו זאַץ XVI); ווען, אַלזאָ, דער קערפּער און, פאָלגלעך, אויך דער גייסט (טייל III, דעפיניציע III) איז איינמאָל אויפגערעגט געוואָרן פון צוויי עמאָציעס גלייכצייטיג, וועט ער דער-נאָכדעם, ווען נאָר ער וועט אויפגערעגט ווערן פון איינעם פון זיי, ווידער אויפגערעגט ווערן פון דעם אַנדערן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XV. יעדע זאַך קאָן דורך צופאַל זיין די אורזאַך פון לוסט, אומלוסט אָדער באַגער.

באַווייז. אָנגענומען, אַז דער גייסט איז גלייכצייטיג אויפגערעגט פון צוויי עמאָציעס, וואָס איינע פון זיי פאַרמערט נישט און פארמינערט נישט זיין ווירקונגס-קראַפט, און די אַנדערע אַנטוועדער פאַרמערט אָדער פאַרמינערט זיין קראַפט (טייל III, פּאָסטולאַט I). פון דעם פאָריגן זאַץ איז קלאָר, אַז ווען נאָר דער גייסט איז דערנאָכדעם באַרירט פון דער ערשטער, דורך איר אמתער סיבה, וועלכע (על פי השערה) פאַרמערט נישט און פאַרמינערט נישט זיין ווירקונגס-קראַפט, וועט ער אין דער אייגענער צייט באַרירט ווערן פון דער צווייטער, וועלכע פאַרמערט אָדער פאַרמינערט יאָ זיין ווירקונגס-קראַפט, דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ IX), ער וועט באַרירט ווערן פון לוסט און אומלוסט. אויף אַזאַ אופן וועט די ערשטע פון די צוויי עמאָציעס,

נישט דורך זיך גופא, נאָר דורך צופאַל, זיין די אורזאַך פון לוסט און אומלוסט. אויף דעם דאָזיגן וועג קאָן אויך געצייגט ווערן, ווי יעדע זאַך קאָן דורך צופאַל זיין די אורזאַך פון באַגער. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. מיר קאָנען ליבן אָדער האַסן אַ זאַך שוין נאָר דערפאַר, וואָס מיר באַטראַכטן זי מיט דער עמאָציע פון לוסט און אומלוסט, הגם די זאַך איז נישט די ווירקנדע אורזאַך פון דער עמאָציע.

באַווייז. דאָס קומט אייגנטלעך נאָר דערפון, וואָס דער גייסט (לויט טייל III, זאַץ XIV), בעת ער שטעלט זיך שפּעטער פאָר די דאָזיגע זאַך, ווערט אויפגערעגט פון דער עמאָציע פון לוסט אָדער אומלוסט, דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI), אַז די קראַפט פון גייסט און קערפּער ווערט פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, און אַזוי ווייטער. פאָלגלעך, (טייל III, זאַץ XII), אַז דער גייסט האָט יאָ אָדער נישט קיין חשק זיך די דאָזיגע זאַך פאָרצושטעלן (טייל III, שלוסזאַץ צו זאַץ XIII), מיט אַנדערע ווערטער (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII), אַז דער גייסט ליבט אַדער האַסט די זאַך.

אָנמערקונג. דערפון פאַרשטייען מיר, ווי אַזוי עס קאָן קומען, אַז מיר זאָלן ליבן אָדער האַסן באַוואוסטזיניג אַ זאַך אָן אַ וועלכער עס איז אורזאַך, און בלויז, ווי מען זאָגט, אויס סימפּאַטיע אָדער אַנטיפּאַטיע. צו דער זעלבער קאַטעגאָריע געהערן אויך די דאָזיגע געגנשטאַנדן, וועלכע רופן אַרויס אין אונז די עמאָציע פון לוסט אָדער אומלוסט, פשוט דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַן ענלעכקייט צו די געגנשטאַנדן, וואָס באַרירן אונז אויף דעם זעלבן אופן, ווי איך וועל דאָס צייגן אין דעם נעכסטן זאַץ. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז די שריפטשטעלער, וואָס האָבן צו-ערשט איינגעפירט די ווערטער „סימפּאַטיע” און „אַנטיפּאַטיע”, האָבן געוואָלט מיט זיי באַצייכענען געוויסע געהיימניספולע אייגנשאַפטן פון זאַכן. פונדעסטוועגן דענק איך, אַז מיר מעגן זיך ערלויבן צו פאַרשטיין אונטער די זעלבע איינדריקן באַקאַנטע און אָפנבאַרע אייגנשאַפטן.

זאַץ XVI. מיר ליבן און האַסן אַ זאַך שוין נאָר דערפאַר, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז זי האָט אַ וועלכע עס איז ענלעכקייט צו אַ געגנשטאַנד, וואָס פלעגט אָנפילן אונזער גייסט מיט לוסט אָדער אומלוסט, אפילו ווען דאָס, מיט וואָס די זאַך איז ענלעך צו דעם געגנשטאַנד, איז נישט די ווירקנדע אורזאַך פון דער דאָזיגער עמאָציע.

באַווייז. דאָס, וואָס איז ענלעך צום געגנשטאַנד, איז געווען אין דעם געגנשטאַנד (על פי השערה), ווען מיר האָבן אים באַטראַכט מיט דער עמאָציע פון לוסט אָדער אומלוסט. ווען, אַלזאָ, (טייל III, זאַץ XIV) דער גייסט ווערט דורך דעם פאָרשטעלונגס-בילד דערפון באַווירקט, וועט ער תיכף

אויפגעריגט ווערן פון איינער אָדער פון דער אַנדערער עמאָציע, און, פאַלג־
לעך, וועט די זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר צו האָבן די זעלבע ענ־
לעכקייט צום געגנשטאַנד, זיין דורך אַ צופאַל (טייל III, זאַץ XV) די אור־
זאַך פון לוסט אָדער אומלוסט. מיר וועלן זי אַלזאָ (לויט דעם פאָריגן שלוס־
זאַץ) ליבן אָדער האַסן אַפילו, ווען דאָס, מיט וואָס זי איז ענלעך צו דעם
געגנשטאַנד, איז נישט די ווירקנדע אורזאַך פון דער עמאָציע. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XVII.** שטעלן מיר זיך פאָר, אַז אַ זאַך, וועלכע פלעגט אונז
אויפרעגן מיט דער עמאָציע פון אומלוסט, האָט אַ וועלכע עס איז ענלעכ־
קייט מיט אַן אַנדער זאַך, וועלכע פלעגט אונז אויפרעגן מיט אַ גלייך שטאַר־
קער עמאָציע פון לוסט, וועלן מיר די דאָזיגע ערשטע דערמאָנטע זאַך צוגלייך
האַסן און ליבן.

**באַווייז.** די זאַך איז, אייגנטלעך, (ווי מיר נעמען אָן) אין זיך גופא
אַן אורזאַך פון אומלוסט, און (טייל III, זאַץ XIII), ווי ווייט מיר שטעלן זיך
זי פאָר מיט דער דאָזיגער עמאָציע, האַסן מיר זי. אויף ווי ווייט, אָבער,
מיר שטעלן זיך פאָר, אַז זי האָט אַן ענלעכקייט צו אַן אַנדער זאַך, וועלכע
פלעגט אונז אויפרעגן מיט אַ גלייך שטאַרקער עמאָציע פון לוסט, וועלן מיר
זי ליב האָבן מיט אַ גלייך שטאַרקן אימפולס פון לוסט (טייל III, זאַץ XIV);
אויף אַזאַ אופן וועלן מיר זי גלייכצייטיג האַסן און ליבן. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** אַזאַ צושטאַנד פון גייסט, וועלכער אַנטשטייט פון
צוויי אַנטקעגנגעזעצטע עמאָציעס, הייסט **וואַקלונג** פון געמיט. די וואַק־
לונג פון געמיט פאַרהאַלט זיך צו דער עמאָציע, ווי דער צווייפל צו דער
פאָרשטעלונג (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XLIV). די וואַקלונג פון דעם
געמיט און דער צווייפל אונטערשיידן זיך איינער פון דעם אַנדערן, בלויז
ווי מער אונטערשיידט זיך פון ווייניקער.

איך מוז באַמערקן, אַז איך האָב אין פאָריגן זאַץ ארויסגעדרונגען די
דאָזיגע וואַקלונגען פון געמיט פון אַזעלכע אורזאַכן, וואָס פון איין עמאָציע
זענען זיי אורזאַכן דורך זיך גופא, און פון דער אַנדערער עמאָציע זענען זיי
אורזאַכן דורך צופאַל. איך האָב דאָס געטאָן כדי זיי זאָלן לייכטער קאָנען
אַרויסגעדרונגען ווערן פון דעם, וואָס איז פריהער אָנגעגעבן; איך לייקן אָבער
נישט, אַז די וואַקלונגען פון דעם געמיט אַנטשטייען אין אַלגעמיין פון אַ
געגנשטאַנד, וועלכער איז די ווירקנדע אורזאַך פוןביידע עמאָציעס. דער
מענטשלעכער קערפּער איז צונויפגעזעצט (טייל II, פּאָסטולאַט I) פון פאַרשיי־
דענע איינצלנע טיילן פון פאַרשיידענער נאַטור, און ער קאָן, דעריבער,
(אַקסיאָמע I, לויט דעם הילפזאַץ III, הינטער זאַץ XIII, טייל II) פון איינעם
און דעם זעלבן קערפּער אויפגערעגט ווערן אויף זייער פילע און פאַרשיידענע
אופנים. און, להיפוך, אַזוי ווי איינע און די זעלבע זאַך קאָן אויפגערעגט

ווערן אויף פילע אופנים, קאָן זי אויך אויף פאַרשיידענע וועגן אויפרעגן איינעם און דעם זעלבן טייל פון קערפּער. דערום, קאָנען מיר לייכט באַגרייפן, אַז איינער און דער זעלבער געגנשטאַנד זאָל זיין די אורזאַך פון פילע אַנטקעגנגעזעצטע עמאָציעס.

זאַץ XVIII. דער מענטש ווערט אַזוי פיל אויפגערעגט צום לוסט אָדער אומלוסט פון אַ פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ פאַרגאַנגענער אָדער צוקונפטיגער זאַך, ווי פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ געגנוואַרטיגער זאַך.

באַווייז. אַזוי לאַנג ווי דער מענטש איז באַווירקט פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ וועלכער עס איז זאַך, וועט ער באַטראַכטן יענע זאַך אַלס געגנוואַרטיג, אפילו ווען זי זאָל גאָרנישט עקזיסטירן (טייל II, זאַץ XVII, און שלוסזאַץ צום זעלבן זאַץ); אַלס אַ פאַרגאַנגענע אָדער צוקונפטיגע זאַך וועט ער זיך זי פאָרשטעלן נאָר אויף אַזוי וויט, אויף ווי ווייט איר בילד איז פאַרבונדן מיט דעם בילד פון דעם עבר אָדער דעם עתיד (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XLIV). דאָס פאָרשטעלונגס-בילד, דעריבער, פון אַ זאַך, ווען זי ווערט אַליין אין זיך גופא באַטראַכט, איז דאָס זעלבע, צי עס באַציהט זיך אויף דער צוקונפט אָדער אויף דער פאַרגאַנגענהייט אָדער אויף דער געגנוואַרט; דאָס הייסט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XVI) דער צושטאַנד אָדער די עמאָציע פון קערפּער איז דער זעלבער, מעג דאָס פאָרשטעלונגס-בילד זיין פון אַ זאַך אין דער פאַרגאַנגענהייט, צוקונפט אָדער געגנוואַרט. אויף אַזאַ אופן איז די עמאָציע פון לוסט און אומלוסט די זעלבע, צי איז דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ פאַרגאַנגענער, צוקונפטיגער אָדער געגנוואַרטיגער זאַך. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג I. איך רוף דאָ אָן אַ זאַך פאַרגאַנגענע אָדער צוקונפטיגע, לויט דעם, ווי מיר זענען פון איר שוין אויפגערעגט געוואָרן אָדער וועלן ערשט אויפגערעגט ווערן. לויט דעם, צום ביישפּיל, ווי מיר האָבן זי געזעהן אָדער וועלן זי זעהן, לויט דעם ווי זי האָט אונז דערקוויקט אָדער וועט אונז דערקוויקן, לויט דעם ווי זי האָט אונז פאַרלעצט אָדער וועט אונז פאַרלעצן. דען, אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך זי אַזוי פאָר, אויף אַזוי ווייט באַיאָהען מיר איר עקזיסטענץ; דאָס הייסט, דער קערפּער איז נישט אויפגעגעגט פון קיין עמאָציע, וועלכע שליסט-אויס די עקזיסטענץ פון אַ זאַך, און, דעריבער, (טייל II, זאַץ XVII) ווערט דער קערפּער אויפגערעגט פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ זאַך אויף דעם זעלבן אופן, ווי די זאַך גופא וואָלט געגנוואַרטיג געווען. פונדעסטוועגן, היות ווי עס קומט פאָר אָפט, אַז די, וואָס האָבן געהאַט אַ סך דערפאַרונגען, וואַקלען זיך, אַזוי לאַנג ווי זיי באַטראַכטן אַ זאַך אַלס צוקונפטיגע אָדער פאַרגאַנגענע, און זיי זענען געוויינטלעך אין ספק וועגן איר אויסגאַנג (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XLIV,

קומט דערום אויס, אַז די עמאָציעס, וועלכע אַנטשטייען פון ענלעכע פאָרשטעלונגס-בילדער פון זאַכן, זענען נישט שטאַנדהאַפטיג, נאָר ווערן אין אַלגעמיין געשטערט פון פאָרשטעלונגס-בילדער פון אַנדערע זאַכן, ביז די מענטשן קריגן אַ געוויסהייט וועגן דעם אויסגאַנג פון דער זאַך.

אָנמערקונג II. דערפון, וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, פאַרשטייען מיר וואָס איז אַזעלכס האָפנונג, פחד, צוטרוי, יאוש, פרייד און אַנטוישונג. האָפנונג איז קיין אַנדער זאַך נישט, ווי אַן אומבאַשטענדיגע לוסט, וואָס אַנטשטייט פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ צוקונפטיגער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, וואָס איבער דעם אויסגאַנג פון איר זענען מיר אין ספק. פחד, דאַגעגן, איז אַן אומבאַשטענדיגע אומלוסט, וואָס אַנטשטייט אויך פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון עפּעס, בנוגע וועלכן מיר זענען אין ספק. ווען דער עלעמענט פון ספק ווערט אַוועקגענומען פון די דאָזיגע עמאָציעס, יעמאָלט ווערט פון האָפענונג צוטרוי, און פון פחד — יאוש. מיט אַנדערע ווערטער, לוסט אָדער אומלוסט, וואָס אַנטשטייט פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון עפּעס, בנוגע וואָס מיר האָבן געהאָפט אָדער זיך געשראָקן. פרייד, ווידער, איז לוסט, וואָס אַנטשטייט פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון עפּעס פאַרגאַנגענעס, וואָס וועגן זיין אויסגאַנג זענען מיר נישט זיכער געווען. אַנטוישונג איז די אומלוסט, וועלכע איז להיפוך צו פרייד.

זאַץ XIX. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס ער האָט ליב, ווערט פאַרניכטעט, ווערט מיט אַן אומלוסט דורכגענומען; דאַגעגן, שטעלט ער זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס ער האָט ליב, ווערט דערהאַלטן, ווערט ער לוסטיג.

באַווייז. דער גייסט שטרעבט, וויפיל ער קאָן, פאָרצושטעלן זיך דאָס, וואָס פאַרמערט אָדער העלפט דער ווירקונגס-קראַפט פון קערפּער (טייל III, זאַץ XII); מיט אַנדערע ווערטער (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII), זיך פאָרצושטעלן דאָס, וואָס ער האָט ליב. די פאָרשטעלונג, אָבער, ווערט געהאָלפן פון דעם, וואָס זעצט פאָראויס די עקזיסטענץ פון אַ זאַך, און, אומגעקערט, געשטערט ווערט זי פון דעם, וואָס שליסט אויס די עקזיסטענץ פון אַ זאַך (טייל II, זאַץ XVII); די פאָרשטעלונגס-בילדער, אַלזאָ, פון זאַכן, וואָס זעצן פאָראויס די עקזיסטענץ פון דער געליבטער זאַך, העלפן דעם באַשטרעב פון גייסט פאָרצושטעלן זיך די געליבטע זאַך, דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI), זיי באַווירקן דעם גייסט מיט לוסט; אומגעקערט, די דאָזיגע זאַכן, וואָס שליסן אויס די עקזיסטענץ פון דער געליבטער זאַך, שטערן דעם אויבנדערמאָנטן באַשטרעב פון גייסט, דאָס הייסט, באַווירקן דעם גייסט מיט אומלוסט. ווער, דעריבער, עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס ער האָט ליב, ווערט פאַרניכטעט, ווערט דורכגענומען מיט אַן אומלוסט, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XX.** ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס ער האַסט, ווערט פאַרניכטעט, דער וועט לוסט דערשפירן.

**באַווייז.** דער גייסט (טייל III, זאַץ XIII) שטרעבט זיך פאָרצושטעלן דאָס, וואָס שליסט אויס די עקזיסטענץ פון זאַכן, וואָס דורך זיי ווערט די ווירקונגס-קראַפט פון קערפער פאַרמינערט אָדער באַשרענקט; דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII), ער שטרעבט פאָרצושטעלן זיך אַזעלכע זאַכן, וואָס שליסן אויס די עקזיסטענץ דערפון, וואָס ער האַסט, דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ זאַך, אַלזאָ, וועלכע שליסט אויס די עקזיסטענץ פון דעם, וואָס דער גייסט האַסט, העלפט דעם אויבנדערמאָנטן באַשטרעב פון גייסט, מיט אַנדערע ווערטער (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI) עס באַווירקט דעם גייסט מיט לוסט. אויף אַזאַ אופן וועט דער, וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס ער האַסט, איז פאַרניכטעט, שפירן לוסט. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXI.** ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס ער ליבט, איז פון לוסט אָדער אומלוסט באַווירקט, וועט אויך פון לוסט אָדער אומלוסט באַווירקט ווערן; און יעדע פון די דאָזיגע ביידע עמאָציעס וועט זיין שוואַכער אָדער שטאַרקער אין דעם ליבהאָבער, לפי ערך צו דעם, אויף ווי שוואַך אָדער שטאַרק די אָדער יענע עמאָציע וועט זיין אין דער געליבטער זאַך.

**באַווייז.** די פאָרשטעלונגס-בילדער (ווי מיר האָבן געצייגט אין טייל III, זאַץ XIX), וועלכע זעצן פאָראויס די עקזיסטענץ פון דעם געליבטן געגנשטאַנד, העלפן דעם באַשטרעב פון גייסט זיך פאָרצושטעלן דעם דאָזיגן געגנשטאַנד. די לוסט אָבער זעצט פאָראויס די עקזיסטענץ פון דעם לוסט-דערשפירנדן געגנשטאַנד, און וואָס גרעסער די באַוועגונג פון לוסט, אַלץ גרעסער איז די פאָראויסזעצונג פון עקזיסטענץ; מחמת זי איז (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI) אַן איבערגאַנג צו אַ גרעסערער פולקאָמענהייט; דעריבער העלפט דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון לוסט אין געליבטן דעם גייסטיגן באַשטרעב פון דעם ליבענדן. דאָס הייסט, עס באַווירקט דעם ליבענדן מיט לוסט און מיט אַלץ אַ גרעסערער לוסט, וואָס גרעסער די דאָזיגע עמאָציע איז ביי דעם געליבטן געגנשטאַנד. דאָס איז געווען אונזער ערשטער פונקט. ווייטער, אויף ווי ווייט אַ זאַך איז באַווירקט פון אומלוסט, ווערט זי אויף אַזוי ווייט פאַרניכטעט, און דער גראַד פון פאַרניכטונג איז לפי ערך צו דער שטאַרקייט פון אומלוסט, פון וועלכער די זאַך איז באַווירקט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI), און פאָלגלעך (טייל III, זאַץ XIX), ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס ער האָט ליב איז באַווירקט פון אומלוסט, וועט אַליין באַווירקט ווערן פון אומלוסט, לפי ערך צו דעם, אויף וויפיל די דערמאָנטע עמאָציע איז שוואַכער אָדער שטאַרקער אין דעם געליבטן געגנשטאַנד. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXII.** ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער רעגט אויף מיט לוסט דאָס, וואָס מיר האָבן ליב, וועלן מיר אויפגערעגט ווערן מיט ליבע צו אים; אומגעקערט, ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז ער רעגט אויף דאָס, וואָס מיר האָבן ליב מיט אומלוסט, וועלן מיר אויפגערעגט ווערן מיט האַס צו אים.

**באַווייז.** דער, וואָס באַווירקט מיט לוסט אָדער אומלוסט דאָס, וואָס מיר ליבן, באַווירקט אויך אונז מיט לוסט אָדער אומלוסט, דאָס הייסט, אויך מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די זאַך, וואָס מיר ליבן, איז פון יענער לוסט אָדער אומלוסט אויפגערעגט (טייל III, זאַץ XXI). די דאָזיגע לוסט אָדער אומלוסט קומט צו אונז, ווי עס ווערט אָנגענומען, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך; ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אלזאָ (טייל III, אָנמער-קונג צו זאַץ XIII), אַז עמיצער רעגט אויף די זאַך, וואָס מיר ליבן, מיט לוסט אָדער אומלוסט, וועלן מיר אויפגערעגט ווערן מיט ליבע אָדער האַס צו אים. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** זאַץ XXI דערקלערט אונז, וואָס מיטלייד איז. מיר קאָנען עס דעפינירן אַלס אַן אומלוסט, וואָס אַנטשטייט פון דעם אַנדערנס אומגליק. ווי אַזוי אָבער אָנצורופן די לוסט, וועלכע אַנטשטייט פון דעם אַנ-דערנס גליק, ווייס איך נישט.

ווייטער, די ליבע צו דעם, ווער עס טוט גוטס דעם אַנדערן, וועלן מיר רופן **גונסט**, און די האַס געגן דעם, וואָס טוט בייז דעם אַנדערן, וועלן מיר רופן **אנטריסטונג**, ענדלעך מוזן מיר באַמערקן, אַז מיר פילן מיטלייד נישט נאָר מיט אַ זאַך, וועלכע מיר האָבן געליבט (ווי מיר האָבן געצייגט אין טייל III, זאַץ XXI), נאָר אויך מיט אַ זאַך, פאַר וועלכער מיר האָבן ביז איצט קיין עמאָציע נישט געהאַט, ווען נאָר מיר האַלטן זי פאַר אונזער גלייכן (ווי איך וועל דאָס באַלד צייגן), און דערפאַר זענען מיר אויך גינסטיג גע-שטימט געגן דעם, וואָס האָט גוטס געטאָן צו וועמען עס איז פון אונזער גלייכן, און פאַרקערט, אַנטריסטעט געגן איינעם, וואָס האָט צו עמיצן פון אונ-זער גלייכן בייז געטאָן.

**זאַץ XXIII.** ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס ער האַסט, איז פון אומלוסט אויפגערעגט, וועט דערשפירן לוסט. ווען ער, דאַגעגן, שטעלט זיך פאָר, אַז עס איז פון לוסט אויפגערעגט, וועט ער דערשפירן אומ-לוסט. יעדע איינע פון די דאָזיגע עמאָציעס וועט זיין שוואַכער אָדער שטאַר-קער, לפי ערך צו דעם, אויף וויפל איר היפוך וועט זיין שוואַכער אָדער שטאַר-קער אין דעם, וואָס ער האַסט.

**באַווייז.** אויף ווי וויט אַ געהאַסטער געגנשטאַנד איז פון אומלוסט אויפגערעגט, אויף אַזוי וויט ווערט ער צעשטערט; דער גראַד פון צעשטע-רונג איז פראָפּאָרציאָנעל צו דער שטאַרקייט פון דער אומלוסט (טייל III, אָנ-

מערקונג צו זאַץ XI). לכן, (טייל III, זאַץ XX) ווּעט דער, וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז אַ געוויסער געהאַסטער געגנשטאַנד זיינער איז אויפגערעגט פון אומלוסט, דערשפירן לוסט, און זיין לוסט וועט זיין אַלץ גרעסער, וואָס גרעסער די אומלוסט, וועלכע ער שטעלט זיך פאָר אין זיין געהאַסטן געגנשטאַנד. דאָס איז אונזער ערשטער פונקט. ווייטער, לוסט זעצט פאָראויס די עקזיסטענץ פון דעם לוסט-דערשפירנדן געגנשטאַנד (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI), און וואָס גרעסער די לוסט, אַלץ זיכערער די פאָראויסזעצונג פון עקזיסטענץ. ווען עמיצער שטעלט זיך פאָר, אַז דער, וועמען ער האַסט, איז פון לוסט אויפגערעגט, וועט די דאָזיגע פאָרשטעלונג (טייל III, זאַץ XIII) זיין אַ מניעה צו זיין אייגענעם באַשטרעב זיך צו דערהאַלטן; דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI), ווער עס האַסט, וועט פון אומלוסט אויפגערעגט ווערן. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. די דאָזיגע לוסט קאָן קוים זיין ריין און אָן אַ קאַמף פון גייסט. מחמת, (ווי איך וועל דאָס באַלד ציינגן אין זאַץ XXVII) אויף ווי ווייט דער מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז עפּעס פון זיין גלייכן איז אויפגערעגט פון אומלוסט, אויף אַזוי ווייט מוז ער אַליין פון אומלוסט באַווירקט ווערן; און דאָס געגנטייל — ווען ער שטעלט זיך עס פאָר אויפגערעגט פון לוסט. אָבער דאָ האָבן מיר אין אויג נאָר דעם האַס.

זאַץ XXIV. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער רעגט אויף מיט לוסט דאָס, וואָס מיר האַסן, וועלן מיר אויך געגן אים אויפגערעגט ווערן מיט האַס. דאַגעגן, שטעלן מיר זיך פאָר, אַז ער רעגט אויף מיט אומלוסט דעם זעלבן געגנשטאַנד, וועלן מיר אויפגערעגט ווערן מיט ליבע צו אים.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ ווערט דערוויזן אויף דעם זעלביגן אופן ווי זאַץ XXII אין טייל III.

אָנמערקונג. די דאָזיגע און ענלעכע עמאָציעס פון האַס געהערן צו קנאה. די קנאה איז, אַלזאָ, נישט קיין אַנדער זאַך, ווי דער האַס גופא, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט צו מאַכן דעם מענטשן גענייגט זיך צו פרייען איבער אַן אַנדערנס אומגליק, און פאַרקערט, צו זיין באַטריבט איבער זיין גליק.

זאַץ XXV. מיר באַשטרעבן צו באַיאָהען וועגן אונז און וועגן דעם, וואָס מיר ליבן, אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט אויף מיט לוסט אונז, אָדער דאָס, וואָס מיר ליבן. און אומגעקערט, מיר באַשטרעבן צו פאַרניינען אַלץ דאָס, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט אויף מיט אומלוסט אונז, אָדער דעם געליבטן געגנשטאַנד.

באַווייז. דאָס, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט אויף מיט לוסט אָדער אומלוסט, דאָס וואָס מיר ליבן, רעגט אויך אונז אויף מיט לוסט

אָדער אומלוסט (טייל III, זאַץ XXI). דער גייסט אָבער (טייל III, זאַץ XII) באַשטרעבט, ווי ווייט ער קאָן, פאָרצושטעלן זיך דאָס, וואָס רעגט אונז אויף מיט לוסט. מיט אַנדערע ווערטער (טייל II, זאַץ XVII און שלוסזאַץ), ער באַשטרעבט צו באַטראַכטן זיי אַלס געגנוואַרטיג. און אומגעקערט (טייל III, זאַץ XIII) ער באַשטרעבט אויסצושליסן די עקזיסטענץ פון דעם, וואָס רעגט אונז מיט אומלוסט; דעריבער, באַשטרעבן מיר צו באַיאָהען וועגן אונז און וועגן דאָס, וואָס מיר ליבן, אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט אויף מיט לוסט אונז, אָדער דאָס, וואָס מיר ליבן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXVI. מיר באַשטרעבן צו באַיאָהען וועגן דעם, וואָס מיר האַסן, אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט עס אויף מיט אומלוסט. און, אומגעקערט, מיר באַשטרעבן צו פאַרניינען וועגן דעם, אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס רעגט עס אויף מיט לוסט.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ פאָלגט פון טייל III, זאַץ XXIII, ווי דער פאָריגער זאַץ האָט געפאָלגט פון טייל III, זאַץ XXI.

אָנמערקונג. דערפון זעהען מיר, ווי אַזוי עס קאָן לייכט געשעהן, אַז אַ מענטש זאָל האָבן אַ צו-גרויסע מיינונג וועגן זיך און וועגן דעם גע־ליבטן געגנשטאַנד, און, אומגעקערט, אַ צו-גרינגע מיינונג וועגן דעם געגנ־שטאַנד, וואָס ער האַסט. די דאָזיגע פאָרשטעלונג, ווען זי באַציהט זיך אויף דעם מענטשן גופא, וועלכע האָט וועגן זיך אַ צו-גרויסע מיינונג, הייסט גאווה, און איז אַ מין וואַנזין, ווייל דער מענטש טרוימט אייגנטלעך מיט אָפענע אויגן, אַז ער פאַרמאָגט אַלץ, וואָס ער קאָן בלויז מיט דער פאָרשטע־לונג דערגרייכן, און ער באַטראַכט עס דערפאַר אַלס רעאַל, און ער פריידט זיך דערמיט אַזוי לאַנג, ווי ער קאָן זיך נישט פאָרשטעלן עפּעס, וואָס זאָל אויסשליסן די עקזיסטענץ פון יענעם, און באַשרענקען דעם פאַרמעג פון זיין טעטיגקייט. גאווה איז, דעריבער, אַ לוסט, וואָס אַנטשטייט דערפון, וואָס דער מענטש האָט וועגן זיך אַ צו-גרויסע מיינונג. די לוסט, ווידער, וואָס אַנטשטייט דערפון, וואָס אַ מענטש האָט אַ צו-גרויסע מיינונג וועגן אַן אַנ־דערן, הייסט איבערשאַצונג, און די לוסט, וועלכע אַנטשטייט דערפון, וואָס אַ מענטש האָט נישט קיין גענוג גרויסע מיינונג וועגן אַן אַנדערן, הייסט גרינג־שאַצונג.

זאַץ XXVII. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַ זאַך, וועלכע איז צו אונז געגליכן, און פאַר וועלכער מיר האָבן נישט קיין עמאָציע, איז אויפגע־רעגט פון אַ וועלכער עס איז עמאָציע, ווערן מיר אַליין דורך דעם גופא אויפ־גערעגט ווערן פון דער זעלבער עמאָציע.

באַווייז. די פאָרשטעלונגס-בילדער פון זאַכן זענען פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלעכן קערפּער, וואָס זיינע אידעען רעפּרעזענטירן אויסנוויי־

ניגסטע קערפּער אַלס געגנוואַרטיג צו אונז (טייל II, זאַץ XVII); דאָס הייסט (טייל II, זאַץ XVI), וואָס זייערע אידעען שליסן איין די נאַטור פון אונזער קערפּער, און אין דער אייגענער צייט, די געגנוואַרטיגע נאַטור פון אויסנווייניגסטע קערפּער. ווען, אַלזאָ, די נאַטור פון דעם אויסנוויינגסטן קערפּער זאָל זיין גלייך צו דער נאַטור פון אונזער קערפּער, יעמאָלט וועט די אידעע, וועלכע מיר בילדן וועגן דעם אויסנווייניגסטן קערפּער, איינשליסן אַ פאַרענדערונג פון אונזער אייגענעם קערפּער, וואָס וועט זיין גלייך צו דער פאַרענדערונג פון דעם אויסנווייניגסטן קערפּער. פאָלגלעך, אויב מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער פון אונזער גלייכן איז אויפגערעגט פון אַ וועלכער עס איז עמאָציע, וועט די דאָזיגע פאָרשטעלונג אויסדריקן אַ פאַרענדערונג פון אונזער קערפּער, וועלכע איז ענלעך צו יענער עמאָציע. אויף אַזאַ אופן וועלן מיר דורך דעם, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַ זאַך פון אונזער גלייכן איז אויפגערעגט פון וועלכער עס איז עמאָציע, אַליין אויך אויפגערעגט ווי די זאַך גופא. אויב אָבער מיר האַסן די דאָזיגע זאַך פון אונזער גלייכן, וועלן מיר יעמאָלט אויף אַזוי ווייט אויפגערעגט ווערן פון אַן אַנטקעגנגעזעצטער און נישט פון קיין ענלעכער עמאָציע. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג I. ווען די דאָזיגע אימיטאַציע פון די עמאָציעס באַציהט זיך אויף אומלוסט הייסט זי רחמנות (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXII). ווען זי באַציהט זיך אויף באַגער הייסט זי ריוואַליטעט, וואָס איז קיין אַנדער זאַך נישט, ווי דער באַגער פאַר אַ זאַך, וועלכע ווערט געבאָרן אין אונז דורך דעם, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַנדערע פון אונזער גלייכן האָבן דעם זעלבן באַגער.

שלוסזאַץ I. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער, וואָס מיר האָבן פאַר אים קיין עמאָציע נישט דערשפּירט, האָט אויפגערעגט מיט לוסט עטוואָס פון אונזער גלייכן, וועלן מיר אויפגערעגט ווערן מיט ליבע צו אים. אומגעקערט, וועלן מיר זיך פאָרשטעלן, אַז ער רעגט עס אויף מיט אומלוסט, וועלן מיר מיט האַס געגן אים אויפגערעגט ווערן.

באַווייז. דאָס ווערט דערוויזן פון דעם לעצטן זאַץ אויף דעם זעלבן אופן ווי זאַץ XXII אין טייל III איז דערוויזן פון זאַץ XXI אין טייל III.

שלוסזאַץ II. מיר קאָנען נישט האַסן אַ זאַך, וואָס אויף איר האָבן מיר רחמנות, מחמת איר ליידן רופט אין אונז אַרויס אומלוסט.

באַווייז. ווען מיר וואָלטן געקאָנט זי האַסן צוליב דעם דאָזיגן טעם, וואָלטן מיר יעמאָלט זיך געפרייט איבער איר אומלוסט, וואָס וואָלט געווען להיפוך צו דער היפּאָטעזע.

שלוסזאַץ III. אַ זאַך, וואָס מיר האָבן אויף איר רחמנות, שטרעבן מיר וויפיל מיר קאָנען, צו באַפרייען זי פון אירע ליידן.

**באַווייז.** דאָס, וואָס רעגט אויף מיט אומלוסט די זאַך, וואָס אויף איר האָבן מיר רחמנות, רעגט אויך אונז אויף מיט גלײַכער אומלוסט (לויט דעם פאָריגן זאַץ), און פאָלגלעך, וועלן מיר זוכן זיך צו דערמאָנען אין אַלץ-דינג, וואָס נעמט אַוועק איר עקזיסטענץ, אָדער וואָס צעשטערט זי (טייל III, זאַץ XIII), דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ IX), מיר וועלן גלוסטן זי צו צעשטערן, אָדער מיר וועלן פאַר איר צעשטערונג באַשטימט ווערן; ממילא, וועלן מיר שטרעבן צו באַפרייען פון לייד די זאַך, וואָס מיר האָבן אויף איר רחמנות. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג II.** דער דאָזיגער ווילן אָדער פאַרלאַנג צו טאָן גוטס, וואָס קומט פון דעם רחמנות איבער דער זאַך, וואָס צו איר וואָלטן מיר געוואָלט חסד דערוויזן, הייסט **וואוילטעטיגקייט**, וואָס איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי **אַ באַגער, וואָס נעמט זיך פון מיטלייד.** וועגן ליבע און האַס געגן דעם, וואָס האָט געטאָן גוטס און בייזס צו עטוואָס, וואָס מיר שטעלן זיך עס פאָר אַלס אונזער גלייכן, זעה אָנמערקונג צו זאַץ XXII, טייל III.

**זאַץ XXVIII.** מיר שטרעבן צו פאַרווירקלעכן אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס פירט צו לוסט; אַלץ, אָבער, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס שטרייט געגן איר, און אַז עס פירט צו אומלוסט, שטרעבן מיר אָפּצושאַפן אָדער צו צעשטערן.

**באַווייז.** מיר שטרעבן, וויפיל מיר קאָנען, פאָרצושטעלן זיך דאָס, וואָס מיר זענען זיך משער, אַז עס פיהרט צו לוסט (טייל III, זאַץ XII), דאָס הייסט (טייל II, זאַץ XVII), מיר וועלן שטרעבן זיך פאָרצושטעלן עס, וויפיל מיר קאָנען, אַלס געגנוואַרטיג אָדער ווירקלעך עקזיסטירנד. דער באַ-שטרעב פון גייסט, אָבער, אָדער די דענקקראַפט פון גייסט איז גלייך צו און גלייכצייטיג מיט דעם באַשטרעב פון קערפער אָדער מיט דעם קערפערס קראַפט פון האַנדלען. (דאָס איז קלאָר פון שלוסזאַץ צו זאַץ VII, טייל II, און שלוסזאַץ צו זאַץ XI, טייל II). מיר שטרעבן, אַלזאָ, אַבסאָלוט, אָדער (וואָס נאָך אָנמערקונג צו זאַץ IX איז דאָס זעלבע) מיר באַגערן און באַצוועקן, אַז עס זאָל עקזיסטירן; דאָס איז געווען אונזער ערשטער פּינקט. ווייטער, ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז דאָס, וואָס מיר האַלטן פאַר דער אורזאַך פון אומ-לוסט, דאָס הייסט (נאָך אָנמערקונג צו זאַץ XIII, טייל III), אַז דאָס וואָס מיר האַסן, איז פאַרניכטעט געוואָרן, וועלן מיר דערשפּירן לוסט (טייל III, זאַץ XX), און, פאָלגלעך, (נאָך דעם ערשטן טייל פון דעם דאָזיגן באַווייז) וועלן מיר זוכן דאָס זעלבע צו פאַרניכטן, אָדער (טייל III, זאַץ XIII) אָפּצושאַפן, כדי מיר זאָלן עס נישט באַטראַכטן אַלס געגנוואַרטיג. דאָס איז געווען אונזער צווייטער פונקט. מיר זוכן אַלזאָ אַלץ דאָס, וואָס פירט צו לוסט א. אַ. וו. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXIX.** מיר ווילן אויך שטרעבן צו טאָן אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז מענטשן *) באַטראַכטן עס מיט לוסט, און, דאַגעגן, מיר ווילן אויסמיידן צו טאָן דאָס, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז מענטשן מיידן עס אויס.

**באַווייז.** ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז מענטשן ליבן אָדער האַסן עפּעס, ווילן מיר צוליב דעם גופא אויך ליבן אָדער האַסן די זעלבע זאַך (טייל III, זאַץ XXVII; דאָס הייסט (אָנמערקונג צו זאַץ XIII, טייל III), מיר ווילן דורך דעם גופא דערשפּירן לוסט אָדער אומלוסט איבער דער געגנוואַרט פון דער דאָזיגער זאַך; און, פאָלגלעך, (נאָך דעם פאָריגן ז׳ץ) ווילן מיר שטרעבן צו טאָן אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז מענטשן ליבן אָדער עמפּינדן מיט לוסט א. א. וו.

**אָנמערקונג.** דער דאָזיגער באַשטרעב צו טאָן אַ זאַך אָדער צו לאָזן זי אומגעטאָנערהייט, בלויז כדי געפעלן צו ווערן מענטשן, הייסט **אַמביציע**, דערהויפּט ווען מיר שטרעבן מיט אַזאַ נייגעריגקייט געפעלן צו ווערן דעם גרויסן המון, אַז מיר טוען אָדער לאָזן נישט־געטאָן זאַכן צו אונזער אייגענעם און דעם אַנדערנס שאָדן; אַנדערפאַלס רופט מען עס מענטשנפריינטלעכקייט. די לוסט, מיט וועלכער מיר שטעלן זיך פאָר די האַנדלונג פון אַן אַנדערן, וואָס דורך איר האָט ער באַשטרעבט אונז געפעלן צו ווערן, רוף איך לויב; די אומלוסט אָבער, מיט וועלכער מיר, אין געגנטייל, פילן אַ ווידערווילן צו זיין האַנדלונג, רוף איך טאַדל.

**זאַץ XXX.** ווען עמיצער האָט געטאָן עפּעס, וועגן וואָס ער שטעלט זיך פאָר, אַז עס וועט דעם אַנדערן מיט לוסט אויפרעגן, וועט ער אויפגערעגט ווערן פון לוסט, באַגלייט מיט דער אידעע פון זיך זעלבסט אַלס די אורזאַך; מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט זיך גופא מיט לוסט באַטראַכטן. פון דער אַנדערער זייט, ווען ער האָט געטאָן עפּעס, וואָס ער שטעלט זיך פאָר, אַז עס וועט אויפרעגן אַנדערע מיט אומלוסט, וועט ער זיך זעלבסט מיט אומלוסט באַטראַכטן.

**באַווייז.** ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז ער רעגט אויף אַן אַנדערן מיט לוסט אָדער אומלוסט, וועט דורך דעם גופא אַליין אויפגערעגט ווערן מיט לוסט אָדער אומלוסט (טייל III, זאַץ XXVII); היות, אָבער, ווי דער מענטש (טייל II, זאַצן XIX און XXIII) איז באַוואוסטזיניג אויף זיך גופא דורך די פאַרענדערונגען, וואָס דורך זיי ווערט ער באַשטימט צו האַנדלונג, לכן פאָלגט, אַז דער, וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז ער באַוועגט אַנדערע מיט לוסט,

*) אונטער „מענטשן" דאָ און אין די פאָלגנדע זאַצן פאַרשטיי איך מענטשן, וואָס בנוגע זיי ווערן מיר נישט באַוועגט פון קיין באַזונדערער עמאָציע.

וועט באַווירקט ווערן מיט לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון זיך גופא אַלס אורזאַך, מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט באַטראַכטן זיך זעלבסט מיט לוסט. און אומגעקערט — אין פאַל פון אומלוסט. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. היות ווי ליבע (טייל III, זאַץ XIII) איז לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, און האַס איז אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, וועט דערום די דאָזיגע לוסט און אומלוסט זיין אַן אַרט פון ליבע און האַס. אַזוי ווי, אָבער, ליבע און האַס באַציהען זיך אויף אויסנווייניגסטע געגנשטאַנדן, וועלן מיר די דאָזיגע עמאָציעס מיט אַנדערע נעמען באַצייכענען: לוסט, פאַרבונדן מיט דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, וועלן מיר רופן עהרע, און די אַנטקעגנגעזעצטע עמאָציע וועלן מיר רופן שאַנדע. איך מיין, אין אַזעלכע פאַלן, ווען לוסט און אומלוסט אַנטשטייען פון דעם מענטשנס גלויבן, אַז ער ווערט געלויבט אָדער געטאַדלט; אַנדערפאַלס: הייסט די לוסט באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך זעלבסטצופרידנהייט, און איר אנטקעגנגעזעצטע אומלוסט הייסט חרטה. ווייטער, היות ווי עס קאָן געשעהן (שלוסזאַץ צו זאַץ XVII, טייל II), אַז די לוסט, וואָס דער מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז ער רעגט אויף מיט איר אַנדערע, איז אַ ריין איינגעבילדעטע, און היות (טייל III, זאַץ XXV) ווי יעדער איינער באַשטרעבט זיך פאָרצושטעלן וועגן זיך דאָס, וואָס ער איז זיך משער, אַז עס וועט אים מיט לוסט אויפרעגן, לכן קאָן עס גרינג פאָרקומען, אַז אַ פוסטער מענטש זאָל זיין שטאָלץ און זאָל זיך פאָרשטעלן, אַז ער איז איינגענעם צו אַלעמען, בעת אין דער ווירקליכקייט איז ער אַ לאַסט צו אַלעמען.

זאַץ XXXI. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער ליבט, באַגערט אָדער האַסט עטוואָס, וואָס מיר אַליין ליבן, באַגערן אָדער האַסן, וועלן מיר צוליב דעם גופא דאָס זעלבע מער דויערהאַפטיג ליבן א. א. וו. שטעלן מיר זיך, דאַגעגן, פאָר, אַז עמיצער קאָן נישט סובל זיין דאָס, וואָס מיר ליבן, וועלן מיר דורכמאכן אַ וואַקלונג פון געמיט.

באַווייז. דורך דעם אַליין שוין, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער ליבט עטוואָס, וועלן מיר אַליין ליב האָבן דאָס זעלבע (טייל III, זאַץ XXVII). מיר נעמען אָבער אָן, אַז מיר ליבן עס שוין אָן דעם; עס קומט, אַלזאָ, צו צו דער ליבע אַ נייע אורזאַך, דורך וועלכער זי ווערט ווייטער געטריבן, און דערפאַר וועלן מיר עס ליבן מער דויערהאַפטיג. דורך דעם ווייטער, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער קאָן עפעס נישט סובל זיין, וועלן מיר אַליין אויך די דאָזיגע זאַך נישט סובל זיין (טייל III, זאַץ XXVII). ווען מיר נעמען אָבער אָן, אַז מיר האָבן אין דער אייגענער צייט ליב די דאָזיגע זאַך, וועלן מיר יעמאָלט גלייכצייטיג ליבן און פיינט האָבן זי; דאָס

הייסט, (אָנמערקונג צו זאַץ XVII, טייל III) מיר וועלן דורכליידן אַ וואַקלונג פון געמיט. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. פון דעם פאָריגן זאַץ און אויך פון זאַץ XXVIII טייל III פאָלגט, אַז יעדער איינער שטרעבט, וויפיל ער קאָן, דערצו, אַז אַלע זאָלן ליבן דאָס, וואָס ער אַליין ליבט, און אַלע זאָלן האַסן דאָס, וואָס ער אַליין האַסט: ווי דער דיכטער זאָגט:

„האָפן און גלייכצייטיג זיך שרעקן מוז יעדער, וואָס ליבט";

„פון אייזן איז דער, וועלכער ליבט דאָס האַרץ, וואָס אַן אַנדערער פאַרלאָזט".*)

אָנמערקונג. דער דאָזיגער באַשטרעב צו באַווירקן, אַז דאָס, וואָס אונז געפעלט און דאָס וואָס אונז געפעלט נישט, זאָל קריגן אַן אוניווערסאַלע גוטהייסונג, איז ווירקלעך אַמביציע (זעה אָנמערקונג צו זאַץ XXIX, טייל III); און אַזוי זעהען מיר, אַז יעדער איינער באַגערט פון דער נאַטור, אַז די איבעריגע זאָלן לעבן לויט זיין זין נאָך; ווען אַזאַ באַגער נעמט אַרום אַלע אויף אַ גלייכן אופן, איז יעדער איינער אין יעדן אַנדערנס וועג, און בשעת זיי ווילן אַלע געליבט און געלויבט ווערן פון אַלע, ווערט אַ גרויס געראַנגל אויף געגנזייטיגן האַס.

זאַץ XXXII. ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער פרייט זיך מיט אַ זאַך, וועלכע נאָר ער אַליין קאָן באַזיצן, וועלן מיר זוכן צו באַווירקן, אַז ער זאָל די זאַך נישט באַזיצן.

באַווייז. שוין דורך דעם, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמיצער פרייט זיך מיט אַ זאַך (טייל III, זאַץ XXVII און שלוסזאַץ), וועלן מיר אַליין ליב האָבן די זאַך, און דערפאַר באַגערן צו פרייען זיך מיט איר. מיר האָבן אָבער אָנגענומען, אַז דאָס, וואָס אַן אַנדערער פרייט זיך מיט דער זעלבער זאַך, איז אַ מניעה צו אונזער פרייד, און דעריבער (טייל III, זאַץ XXVIII) וועלן מיר זוכן צו באַווירקן, אַז ער זאָל זי נישט באַזיצן. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. מיר זעהען אַלזאָ, אַז די נאַטור פון דעם מענטשן איז פון אַזאַ באַשאַף, אַז ער זאָל רחמנות האָבן אויף די, וואָס זיי גייט שלעכט, און מקנא זיין די, וואָס זיי גייט גוט, און דערצו נאָך (לויט פאָריגן זאַץ) מיט אַלץ אַ גרעסערן האַס, וואָס מער ער האָט ליב די זאַכן, וועלכע ער שטעלט זיך פאָר, אַז די אַנדערע באַזיצן. מיר זעהען ווייטער, אַז פון דער זעלבער אייגנשאַפט, וואָס פון איר פאָלגט, אַז מענטשן זענען פול מיט רחמנות, פאָלגט אויך, אַז מענטשן זענען פול מיט קנאה און אַמביציע. ווילן מיר, שליסלעך, אָנפרעגן ביי דער דערפאַרונג, וועלן מיר געפינען, אַז זי באַשטעטיגט דורכאויס, וואָס מיר האָבן געזאָגט; דער עיקר נאָך, ווען מיר האַלטן אין אויג די ערשטע

*) אָווידס ליבעס-לידער, בוך 2, עלעגיע 19, פערזן 5 און 6.

יאָרן פון אונזער לעבן. מיר געפינען, אַז קינדער, וועמענס קערפּער זענען כּסדר אין אַ מין גלייכגעוויכט, לאַכן אָדער וויינען נאָר דערפאַר, וואָס זיי זעהען אַנדערע לאַכן אָדער וויינען. אויך זוכן זיי באַלד צו אימיטירן דאָס, וואָס זיי זעהען, אַז אַנדערע טוען, און אַלץ, וואָס זיי שטעלן זיך פאָר, אַז עס פאַרשאַפט תּענוג די אַנדערע, ווילן זיי דאָס האָבן פאַר זיך; מחמת, די פאָרשטעלונגס-בילדער פון זאַכן זענען, ווי מיר האָבן געזאָגט, פאַרענדערונגען פון דעם מענטשלעכן קערפּער, אָדער מאָדוסן, וואָס דורך זיי ווערט דער מענטשלעכער קערפּער באַווירקט און דיספּאָנירט פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן צו האַנדלען אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן.

**ז אַ ץ XXXIII.** ווען מיר ליבן עפּעס פון אונזער גלייכן, זוכן מיר, וויפיל מיר קאָנען, צו באַווירקן, אַז עס זאָל אונז צוריקליבן.

**ב אַ ווי יז.** דאָס, וואָס מיר ליבן, זוכן מיר, וויפיל מיר קאָנען, זיך עס פאָרצושטעלן פריהער פון אַלע איבעריגע זאַכן (טייל III, זאַץ XII). ווען די דאָזיגע זאַך איז גלייך צו אונז, וועלן מיר שטרעבן אויפצורעגן זי פריהער פאַר אַלע איבעריגע זאַכן מיט לוסט (טייל III, זאַץ XXIX). מיט אַנדערע ווערטער, מיר וועלן שטרעבן, וויפיל מיר קאָנען, צו באַווירקן, אַז די געליבטע זאַך זאָל אויפגערעגט ווערן מיט לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אונז גופא דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII), אַז זי זאָל אונז צוריקליבן, וו. א. ג. צ. ב.

**ז אַ ץ XXXIV.** וואָס שטאַרקער די עמאָציע, וואָס מיר שטעלן זיך פאַר, אַז אַ געליבטע זאַך האָט פאַר אונז, אַלס גרעסער וועט זיין אונזער שטאָלץ.

**ב אַ ווי יז.** מיר זוכן וויפיל מיר קאָנען (טייל III, זאַץ XXXIII) צו באַווירקן, אַז וואָס מיר ליבן זאָל אונז צוריקליבן; דאָס הייסט, אַז וואָס מיר ליבן זאָל אויפגערעגט ווערן מיט לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אונז גופא אַלס אורזאַך. וואָס שטאַרקער, אַלזאָ, די לוסט, מיט וועלכער די געליבטע זאַך איז אויפגערעגט פון אונזערטוועגן, אַלץ שטאַרקער וועט ווערן אונזער שטרעבן, — דאָס הייסט (טייל III, זאַץ XI און אָנמערקונג צו אים), אַלץ שטאַרקער וועט זיין אונזער לוסט. ווען מיר פרייען זיך אָבער דערמיט, וואָס מיר האָבן לוסט אַרויסגערופן אין עפּעס, באַטראַכטן מיר זיך אַליין מיט לוסט (טייל III, זאַץ XXX). וואָס שטאַרקער, אַלזאָ, די עמאָציע געגן אונז, מיט וועלכער די געליבטע זאַך איז באַווירקט, אַלץ שטאַרקער די לוסט, מיט וועלכער מיר וועלן זיך אַליין באַטראַכטן, אָדער (נאָך דער אָנמערקונג צו זאַץ XXX, טייל III) אַלץ גרעסער איז אונזער שטאָלץ. וו. א. ג. צ. ב.

**ז אַ ץ XXXV.** ווען עמיצער שטעלט זיך פאָר, אַז די זאַך, וואָס ער ליבט, פאַרבינדט זיך צו אַן אַנדערן מיט אַ גלייכן, אָדער מיט אַן ענגערן

באַנד פון פריינטשאַפט, איידער דער, וואָס ער האָט דערגרייכט, וועט ער דעם געליבטן געגנשטאַנד האַסן און זיין ריוואַל וועט ער מקנא זיין.

באַווייז. וואָס שטאַרקער איינער שטעלט זיך פאָר די ליבע צו זיך, מיט וועלכער דער געליבטער געגנשטאַנד איז אויפגערעגט, אַלץ שטאָלצער וועט ער זיין (לויט דער פאָריגן זאַץ נאָך). דאָס הייסט, (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXX) אַלץ מער וועט ער זיך פרייען און, פאָלגלעך, (טייל III, זאַץ XXVIII), וועט ער שטרעבן וויפיל ער קאָן זיך פאָרצושטעלן, אַז דער געליבטער געגנשטאַנד איז אויף דעם ענגסטן אופן פאַרבונדן מיט אים. דער דאָזיגער באַשטרעב אָדער פאַרלאַנג וועט שטייגן, ווען ער וועט זיך פאָרשטעלן, אַז עמיצער אַנדערש האָט דעם זעלבן פאַרלאַנג (טייל III, זאַץ XXXI). עס ווערט אָבער אָנגענומען, אַז דער דאָזיגער באַשטרעב אָדער פאַרלאַנג ווערט געשטערט פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון דעם געליבטן געגנשטאַנד זעלבסט, און פון דעם באַגלייטנדן פאָרשטעלונגס-בילד פון דעם, מיט וועמען דער געליבטער געגנשטאַנד האָט זיך פאַרבונדן; ער וועט, אַלזאָ (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI), מחמת דעם דאָזיגן טעם, באַווירקט ווערן פון אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון דעם געליבטן געגנשטאַנד אַלס די אורזאַך, און פאַרבונדן אין דער אייגענער צייט מיט דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון זיין ריוואַל; דאָס הייסט (טייל III, זאַץ XIII), ער וועט באַווירקט ווערן פון האַס געגן דעם געליבטן געגנשטאַנד און אויך געגן זיין ריוואַל (טייל III, שלוסזאַץ צו זאַץ XV), וועמען ער וועט מקנא זיין, אַלס איינעם, וואָס איז זיך משמח מיט דעם געליבטן געגנשטאַנד. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער דאָזיגער מיט קנאה פאַרבונדענער האַס געגן אַ געליבטן געגנשטאַנד הייסט אייפערזוכט, וועלכע איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי אַ וואַקלען-זיך פון דעם געמיט, וואָס אַנטשטייט פון ליבע און האַס, קאָמבינירט אונטער דעם באַגלייט פון דער אידעע פון אַ ריוואַל, וועמען מען איז מקנא. א חוץ דעם וועט דער דאָזיגער האַס געגן דעם געליבטן געגנשטאַנד אַנטשפּרעכן אין זיין שטאַרקייט דער לוסט, פון וועלכער דער אייפערזיכטיגער פלעגט אויפגערעגט ווערן דורך דער געגנליבע פון דעם געליבטן געגנשטאַנד, און אויך די געפילן, וואָס זיין ריוואַל האָט אין איהם פריהער גערעגט. אויב ער האָט אים געהאַסט, וועט ער צוליב דעם גופא האַסן דעם געליבטן געגנשטאַנד, ווייל ער שטעלט זיך פאָר, אַז דער, וועמען ער האַסט, רעגט אויף מיט לוסט דעם אָביעקט פון זיין ליבע, און אויך דערפאַר, וואָס ער איז געצוואונגען צו פאַרבינדן דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון דעם, וועמען ער ליבט, מיט דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון דעם, וועמען ער האַסט. אַזעלכע שייכותן קומען געוויינטלעך צום פאָדערגרונט אין דעם פאַל פון ליבע צו אַ פרוי: דען ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז אַ פרוי, וועלכע ער ליבט, גיט זיך

איבער צו אַן אַנדערן, וועט זיך באַטריבן נישט נאָר דערפאַר, וואָס זיין איי־גענער באַגער ווערט געשטערט, נאָר אויך דערפאַר, וואָס זייענדיג געצוואונגען צו ברענגען אין פאַרבינדונג דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון דער פרוי, וועלכע ער ליבט, מיט די טיילן פון חרפה און עקסקרעמענטן פון אַן אַנדערן, וועט ער וויכן פון איר.

מיר מוזן צוגעבן, אַז אַן אייפערזיכטיגער מאַן ווערט נישט אויפגענומען פון זיין געליבטער מיט דער זעלבער פריילעכער מינע ווי פריהער, און אויך דאָס פאַרשאַפט אים לייד אַלס אַ געליבטן, ווי איך וועל דאָס באַלד ווייזן.

זאַץ XXXVI. ווער עס דערמאָנט זיך אָן אַ זאַך, וואָס ער האָט זיך מיט איר אַמאָל געפרייט, באַגערט צו באַזיצן זי אונטער די זעלבע אומ־שטענדן, וואָס זענען געווען, ווען ער האָט זיך מיט איר געפרייט.

באַווייז. אַלץ, וואָס אַ מענטש האָט געזעהן אין פאַרבינדונג מיט דעם געגנשטאַנד פון זיין ליבע, וועט זיין צו אים דורך אַ צופאַל אַן אורזאַך פון פרייד (טייל III, זאַץ XV), ער וועט, דעריבער, עס באַגערן, אין פאַר־בינדונג מיט דעם, וואָס האָט אים פאַרשאַפט פרייד; מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט באַגערן צו באַזיצן דעם געגנשטאַנד פון זיין ליבע, אונטער די זעלבע אומשטענדן, וואָס זענען געווען, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל זיך מיט אים געפרייט. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. אַ געליבטער וועט, דעריבער, זיין באַטריבט, אויב איי־נער פון די דערמאָנטע אומשטענדן וועט פעלן.

באַווייז. דען, אויף ווי ווייט ער געפינט, אַז אַ וועלכער איז אומ־שטאַנד פעלט, אויף אַזוי ווייט שטעלט ער זיך פאָר עטוואָס, וואָס שליסט־אויס די עקזיסטענץ פון דער זאַך. היות, אָבער, ווי עס ווערט אָנגענומען, אַז אויס ליבע באַגערט ער די דאָזיגע זאַך אָדער אומשטאַנד (לויט דעם פאָריגן זאַץ), וועט ער, אויף ווי ווייט ער שטעלט זיך פאָר, אַז עס פעלט, דערשפירן אומלוסט, (טייל III, זאַץ XIX). וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. די דאָזיגע אומלוסט, אויף ווי ווייס זי באַציהט זיך אויף דער אָבוועזנהייט פון דעם געגנשטאַנד פון ליבע, הייסט חרטה.

זאַץ XXXVII. דער באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אומלוסט אָדער לוסט, האַס אָדער ליבע, איז שטאַרקער, וואָס שטאַרקער די דאָזיגע עמאָ־ציע איז.

באַווייז. אומלוסט פאַרמינערט אָדער הינדערט די ווירקונגס-קראַפט פון מענטשן (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI), דאָס הייסט (טייל III, זאַץ VII) זי פאַרמינערט אָדער הינדערט די אָנגעשטרענגטקייט, מיט וועלכער ער שטרעבט זיך צו דערהאַלטן אין זיין אייגענער עקזיסטענץ; זי איז להיפוך, אַלזאָ, (טייל III, זאַץ V) צו דעם דאָזיגן באַשטרעב: אַזוי-אַרום זענען אַלע באַשטרעבונגען

פון דעם מענטשן, וועלכע זענען פון אומלוסט באַווירקט, געריכטעט אויף צו באַזייטיגן די אומלוסט. וואָס גרעסער, אָבער, די אומלוסט איז, אַלץ צו אַ גרעסערן טייל פון מענטשנס ווירקונגס-קראַפט שטייט זי, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אַנטקעגן (לויט דער דעפיניציע נאָך פון אומלוסט); וואָס גרעסער, אַלזאָ, די אומלוסט, אַלץ גרעסער איז די ווירקונגס-קראַפט, דאָס הייסט, אַלץ שטאַרקער דער באַגער אָדער דער פאַרלאַנג, וואָס מיט אים וועט דער מענטש באַשטרעבן זי צו באַזייטיגן. ווייטער, אַזוי ווי די לוסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI) פאַרמערט אָדער אַנטוויקלט די ווירקונגס-קראַפט פון דעם מענטשן, קאָן עס גרינג אויף דעם זעלבן אופן באַוויזן ווערן, אַז אַ מענטש, וואָס ווערט פון לוסט אויפגערעגט, באַגערט נישט קיין אַנדער זאַך ווי זי צו דערהאַלטן, און וואָס גרעסער די לוסט, אַלץ גרעסער וועט זיין דער באַגער.

שליסלעך, ווייל האַס און ליבע זענען אַליין עמאָציעס פון אומלוסט און לוסט, פאָלגט עס, אויף דעם זעלבן אופן, אַז דער באַשטרעב, פאַרלאַנג אָדער באַגער, וועלכער אַנטשטייט דורך האַס און ליבע, וועט זיין שטאַרקער, וואָס שטאַרקער עס איז דער האַס אָדער די ליבע. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXVIII. ווען אַ מענטש האָט אָנגעהויבן צו האַסן אַ געליבטע זאַך אַזוי, אַז די ליבע איז פולשטענדיג פאַרטיליגט געוואָרן, וועט ער, אויב די אורזאַכן וועלן זיין גלייכע, פאַרפאָלגן זי מיט אַ גרעסערן האַס, איידער ווען ער וואָלט זי קיינמאָל נישט ליב געהאַט, און זיין האַס וועט זיין גרעסער, וואָס גרעסער זיין פריהערדיגע ליבע איז געוועזן.

באַווייז. ווען אַ מענטש הויבט אָן צו האַסן דאָס, וואָס ער האָט ליב געהאַט, ווערן מער פון זיינע פאַרלאַנגען געהינדערט, איידער ווען ער וואָלט קיינמאָל נישט געליבט. דען, ליבע איז אַ לוסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII), וואָס אַ מענטש באַמיהט זיך צו דערהאַלטן זי וויפיל ער קאָן נאָר (טייל III, זאַץ XXVIII); דאָס טוט ער דורך דעם, וואָס ער באַטראַכט די געליבטע זאַך אַלס געגנוואַרטיג, און דורך דעם, וואָס ער פאַרשאַפט איר אַזוי פיל פרייד, וויפיל נאָר מעגלעך. די דאָזיגע מיה איז שטאַרקער, וואָס שטאַרקער די ליבע איז, און אַזוי איז אויך די מיה צו באַווירקן, אַז די געליבטע זאַך זאָל צוריקקערן זיין ליידנשאַפט (טייל III, זאַץ XXXIII). די דאָזיגע באַשטרעבונגען, אָבער, ווערן געשטערט דורך דעם האַס געגן דער געליבטער זאַך (טייל III, שלוסזאַץ צו זאַץ XIII, און טייל III, זאַץ XXIII), ממילא ווערט דער געליבטער (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI) אויך מהאי טעמא אויפגערעגט פון אומלוסט, און פון אַלץ אַ גרעסערער אומלוסט, וואָס גרעסער די ליבע איז געוועזן; דאָס הייסט, אַז צו דער אומלוסט, פאַראורזאַכט דורך האַס, קומט-צו די אומלוסט, וואָס איר אורזאַך איז זיין פריהערדיגע ליבע צו דער זאַך; ובכן, וועט דער ליבהאָבער באַטראַכטן די געליבטע זאַך מיט אַ

גרעסערער עמאָציע פון אומלוסט, דאָס הייסט, ער וועט זי האַסן מער, איידער ווען ער וואָלט זי קיינמאָל נישט ליב געהאַט, און מיט אַלץ אַ גרעסערער אינטענסיוויטעט, וואָס גרעסער זיין פריהערדיגע ליבע איז געווען. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXIX. ווער עס האַסט עמיצן, וועט זיך באַמיהען צו טאָן אים שאָדן, סיידן ער וועט מורא האָבן, אַז אים אַליין וועט דערפון אַ גרעסערער שאָדן אַרויסקומען; אומגעקערט, ווער עס האָט ליב עמיצן, וועט, לויט דעם זעלבן געזעץ, זוכן אים וואויל צו טאָן.

באַווייז. צו האַסן עמיצן הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII) זיך פאָרצושטעלן אים ווי אַן אורזאַך פון אומלוסט; דעריבער, וועט דער, וואָס האַסט אימיצן, באַשטרעבן אים צו דערווייטערן אָדער צו פאַרניכטן. אויב ער האָט אָבער מורא, אַז אַ גרעסערע אומלוסט, דאָס הייסט, אַ גרעסערעס בייז וועט דערפון פאַר אים אַרויסוואַקסן, און אויב ער דענקט, אַז ער קאָן דאָס פאַרהיטן דורך דעם, וואָס ער וועט דעם געפּלאַנטן שאָדן נישט טאָן צו דעם, וועמען ער האַסט, וועט ער (טייל III, זאַץ XXVIII) גאַרן זיך אָפּצוהאַלטן פון פאַראורזאַכן דעם דאָזיגן שאָדן, און דער דאָזיגער באַגער וועט (טייל III, זאַץ XXXVII) זיין אין דער אמתן שטאַרקער, איידער דער פריהערדיגער, וואָס האָט אים אָנגעטריבן יאָ צו טאָן שאָדן, און ער וועט באַקומען איבער אים די אויבערהאַנט, ווי מיר האָבן באַהויפּטעט. דער צווייטער טייל פון דעם דאָזיגן באַווייז ווערט געפיהרט אויף דעם זעלבן אופן. לכן, איז ווער עס האַסט עמיצן א. אַ. וו. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. אונטער גוט פאַרשטיי איך דאָ יעדע אַרט פון לוסט, און אַלץ, וואָס פירט צו איר, און דער עיקר דאָס, וואָס באַפרידיגט אונזערע גלוסטן, פון וועלכן מין זיי זאָלן נישט זיין. אונטער בייז פאַרשטיי איך יעדע אַרט פון אומלוסט, דער עיקר דאָס, וואָס שטערט דער באַפרידיגונג פון אונזערע גלוסטן. דען איך האָב געצייגט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ IX), אַז מיר באַגערן נישט אין קיין פאַל עטוואָס, ווייל מיר באַאורטיילן עס אַלס גוט, נאָר, אומגעקערט, מיר הייסן גוט דאָס, וואָס מיר באַגערן: ממילא רופן מיר בייז דאָס, פון וואָס מיר וויכן; דעריבער, באַאורטיילט אָדער שאַצט יעדער איינער נאָך זיינע באַזונדערע עמאָציעס נאָך וואָס גוט איז, וואָס שלעכט, וואָס בעסער, וואָס ערגער, און, שליסלעך, וואָס איז דאָס בעסטע און וואָס איז דאָס ערגסטע. אַזוי-אַרום, דענקט אַ קמצן, אז אַ שפע געלט איז דאָס בעסטע, און אַ מאַנגל אין געלט דאָס ערגסטע. דער אמביציעזער מענטש ווידער גאַרט נישט קיין זאַך אַזוי ווי כבוד און האָט פאַר קיין זאַך אַזוי קיין מורא נישט ווי פאַר בושה. צו דעם מענטשן, וואָס איז מקנא, איז קיין זאַך נישט אַזוי איינגענעם ווי דעם אַנדערנס אומגליק, און קיין זאַך נישט אַזוי פאַרדריסיג, ווי דעם אַנדערנס ערפאָלג. און אַזוי באַאורטיילט יעדער

מענטש, לפּי זיינע עמאָציעס, אַ זאַך אַלס גוט אָדער שלעכט, נוצפול, אָדער נוצלאָז.

די עמאָציע, וואָס דורך איר ווערט דער מענטש באַאיינפלוסט אָפּצוקערן זיך דערפון, וואָס ער ווינטשט און צו ווינטשן דאָס, פון וואָס ער קערט זיך אָפּ, הייסט פּחדנות, וועלכע קאָן דעפינירט ווערן אַלס די מורא, וועלכע באַאיינפלוסט אַ מענטשן צו פאַרמיידן, דורך אַ קלענערן בייז, אַ בייז, וואָס ער זעהט פאָראויס, אַז עס קומט (טייל III, זאַץ XXVIII). ווען אָבער דאָס בייז, פאַר וואָס ער האָט מורא, איז חרפה, יעמאָלט הייסט די שרעקעדיגקייט שעמעוודיגקייט. ווען, ענדלעך, דער באַגער צו פאַרמיידן דאָס אָנקומענדע בייז ווערט אָפּגעהאַלטן פון דער שרעק פאַר אַן אַנדער בייז, אַזוי, אַז דער מענטש ווייסט נישט וואָס אויסצוקלייבן, יעמאָלט הייסט די שרעק נידערגעשלאָגנקייט, דערהויפּט ווען ביידע בייזן, פאַר וועלכע ער שרעקט זיך, זענען זייער גרויס.

זאַץ XL. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז עמיצער האַסט אים, און דערביי גלויבט ער, אַז ער האָט אים נישט געגעבן קיין גרונד פאַר דעם, וועט ער אים צוריק האַסן.

באַווייז. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז עמיצער איז פון האַס אויפגערעגט, וועט צוליב דעם גופא אַליין אויפגערעגט ווערן פון האַס (טייל III, זאַץ XXVII); דאָס הייסט, פון אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך. על פּי דער דאָזיגער היפּאָטעזע, אָבער, שטעלט ער זיך נישט פאָר קיין אורזאַך פאַר דער דאָזיגער אומלוסט אַחוץ אים, וואָס איז זיין שונא. דעריבער וועט ער, פאַרשטענדליג זיך, אַז ער איז געהאַסט פון עמיצן, זיין אויפגערעגט פון אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון זיין פיינט; מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט צוריק האַסן זיין פריינט. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. אין דעם אַנדערן פאַל, ווען ער שטעלט זיך פאָר, אַז ער האָט געגעבן אַ גערעכטע אורזאַך פאַר האַס, וועט ער (טייל III, זאַץ XXX און אָנמערקונג צום זאַץ) באַווירקט ווערן פון שאַנד. דאָס קומט פאָר, אָבער, זעלטן (טייל III, זאַץ XXV). די דאָזיגע געגנזייטיגקייט פון האַס קאָן אויך אַנטשטיין דערפון, וואָס אויס דעם האַס אַנטשטייט דער באַשטרעב דעם געהאַסטן שאָדן צו טאָן (טייל III, זאַץ XXXIX). ווער עס שטעלט זיך, אַלזאָ, פאָר, אַז ער איז פון עמיצן געהאַסט, דער וועט זיך פאָרשטעלן זיין פריינט אַלס די אורזאַך פון אַ בייז אָדער אַן אומלוסט. אויף אַזאַ אופן וועט ער אויפגערעגט ווערן פון אומלוסט אָדער שרעק, באַגלייט פון דער אידעע פון זיין פריינט אַלס אורזאַך; דאָס הייסט, ער וועט אויפגערעגט ווערן פון האַס געגן זיין פיינט, ווי איך האָב אויבן געזאָגט.

שלוסזאַץ I. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דער, וועמען ער ליבט,

האַסט אים, וועט פון האַס און ליבע גלייכצייטיג באַהערשט ווערן. מחמת, אויף ווי ווייט ער שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געהאַסט, איז ער באַשטימט (לויט פאָריגן זאַץ) צוריק האַסן זיין פיינט. על פי אונזער היפּאָטעזע, אָבער, ליבט ער אים דאָך. און דעריבער וועט ער גלייכצייטיג באַהערשט ווערן פון האַס און ליבע.

שלוסזאַץ II. ווען א מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז איינער, צו וועמען ער איז ביז אַהער גלייכגילטיג געווען, האָט אים אויס דעם מאָטיוו פון האַס שאָדן געטאָן, וועט ער תיכף זוכן מיט דעם זעלבן אַרט שאָדן אים צוריקצאָלן.

באַווייז. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז אַן אַנדערער האַסט אים, וועט (לפי דעם לעצטן זאַץ) דעם אַנדערן צוריק האַסן, און ער וועט (טייל III, זאַץ XXVI), שטרעבן צו דערמאָנען זיך אין אַלצדינג, וואָס קאָן דעם אַנדערן אויפרעגן מיט אומלוסט; נאָך מער, ער וועט שטרעבן אים אַ רעה צו טאָן (טייל III, זאַץ XXXIX). נו, איז אָבער דאָס ערשטע פון דעם מין, וואָס ער שטעלט זיך פאָר, טאַקע די רעה גופא, וואָס איז געטאָן געוואָרן צו אים; ער וועט, דעריבער, תיכף שטרעבן אים צוריקצאָלן מיט דער זעלבער מטבע. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער באַשטרעב אַ רעה צו טאָן איינעם, וואָס מיר האַסן, הייסט כעס; דער באַשטרעב צוריקצאָלן מיט דער זעלבער רעה, וואָס איז צו אונז געטאָן געוואָרן הייסט נקמה.

זאַץ VLI. ווען איינער שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געליבט פון עמיצן, און ער גלויבט, אַז ער האָט קיין גרונד נישט געגעבן פאַר אַזאַ ליבע, וועט ער אים צוריק ליבן (טייל III, שלוסזאַץ צו זאַץ XV און זאַץ XVI).

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ ווערט דערוויזן אויף דעם זעלבן אופן ווי דער פאָריגער. זעה אויך די אָנמערקונג צו דעם דאָזיגן זאַץ.

אָנמערקונג. אין דעם אַנדערן פאַל, ווען דער מענטש גלויבט, אַז ער האָט יאָ געגעבן אַ גרונד פאַר דער דאָזיגער ליבע, וועט ער זיין שטאָלץ דערויף (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXX). דאָס איז, וואָס טרעפט זייער אָפט (טייל III, זאַץ XXV), און מיר האָבן געזאָגט, אַז דער היפוך דערפון קומט פאָר נאָר יעמאָלט, ווען אַ מענטש שטעלט זיך נאָר פאָר, אַז ער אַליין איז געהאַסט פון אַן אַנדערן (זעה די אָנמערקונג צום פאָריגן זאַץ). די דאָזיגע געגנוואַרטיגע ליבע, און, ממילא, דער באַגער וואויל צו טאָן יענעם, וואָס ליבט אונז (טייל III, זאַץ XXXIX) און וואָס באַמיהט זיך אונז גוטס צו טאָן, הייסט דאַנקבאַרקייט. עס זעהט, אויף אַזאַ אופן, אויס, אַז מענטשן זענען אַ סך מער גענייגט נקמה צו נעמען, איידער מוחל זיין.

שלוסזאַק. ווער עס שטעלט זיך פאַר, אַז ער ווערט געליבט פון איינעם, וועמען ער האַסט, וועט באַהערשט ווערן גלייכצייטיג פון האַס און ליבע. דאָס ווערט דערוויזן אויף דעם זעלבן אופן ווי דער ערשטער שלוסזאַץ פון דעם פאָריגן זאַץ.

אָנמערקונג. ווען האַס איז די איבערוועגנדע עמאָציע, וועט ער באַשטרעבן שאָדן צו טאָן וועמען ער האָט ליב. די דאָזיגע עמאָציע הייסט גרויזאַמקייט, דערהויפט ווען מען איז איבערצייגט, אַז דער ליבהאָבער האָט נישט געגעבן קיין אויסערגעוויינטלעכע אורזאַך פאַר דעם האַס.

זאַץ XLII. ווער עס האָט אויס ליבע אָדער אין דער האָפנונג אויף כבוד דערוויזן עמיצן אַ וואוילטאַט, וועט אומלוסט דערשפּירן, ווען ער זעהט, אַז די וואוילטאַט איז אָן דאַנקבאַרקייט אָנגענומען געוואָרן.

באַווייז. ווען אַ מענטש ליבט עפּעס, וואָס איז צו אים גופא גע־גליכן, שטרעבט ער וויפיל ער קאָן צו באַווירקן, אַז ער זאָל פון דעם זעלבן צוריקגעליבט ווערן (טייל III, זאַץ XXXIII). ווער, אַלזאָ, עס האָט עמיצן אויס ליבע דערוויזן אַ וואוילטאַט, דער טוט עס מיט דעם וואונטש צוריקגע־ליבט צו ווערן; דאָס הייסט, אין דער האָפנונג אויף כבוד (טייל III, זאַץ XXXIV) אָדער (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXX) אויף פרייד; דעריבער וועט ער שטרעבן, ווי ווייט ער קאָן, זיך פאָרצושטעלן די דאָזיגע אורזאַך פון כבוד אָדער צו באַטראַכטן זי אַלס ווירקלעך עקזיסטירנדע. על פי אונזער השערה, אָבער, שטעלט ער זיך עפּעס אַנדערש פאַר, וואָס שליסט אויס די עקזיסטענץ פון דער דערמאָנטער אורזאַך פון כבוד, און דערפאַר וועט ער (טייל III, זאַץ XIX) דורכגענומען ווערן מיט אַ געפיל פון אומלוסט.
וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XLIII. האַס ווערט פאַרשטאַרקט דורך געגנהאַס, און ער קאָן דאַגעגן פאַרטיליגט ווערן דורך ליבע.

באַווייז. ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז דער, וועמען ער האַסט, האַסט אים צוריק, וועט דורך דעם פילן אַ נייעם האַס, בעת דער ערשטער האַס (לפי דער היפּאָטעזע) דויערט נאָך אַלץ (טייל III, זאַץ XL). שטעלט ער זיך אָבער פאָר דאַגעגן, אַז דער, וועמען ער האַסט, האָט אים ליב, וועט ער אויף אַזוי ווייט זיך באַטראַכטן מיט פרייד, און (טייל III, זאַץ XXIX) וועט זיך באַמיהען יענעם געפעלן צו ווערן. מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט שטרעבן אים נישט צו האַסן (טייל III, זאַץ XLI) און נישט אויפצורעגן אים מיט אומ־לוסט. דער דאָזיגער באַשטרעב וועט זיין שטאַרקער אָדער שוואַכער, לפי ערך, צו דער עמאָציע, וואָס פון איר אַנטשטייט ער. אויב ער זאָל, אַלזאָ, זיין שטאַרקער, איידער דאָס, וואָס אַנטשטייט פון האַס, און וואָס דורך דעם שטרעבט דער מענטש אויפצורעגן מיט אומלוסט די זאַך, וועלכע ער ליבט, ווער ער

באַקומען די איבערמאַכט און פאַרטרייבן דעם האַס פון זיין גייסט.
ו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XLIV. האַס, וואָס ווערט לגמרי באַזיגט פון ליבע, גייט אַרי־בער אין ליבע; און די ליבע איז יעמאָלט שטאַרקער ווי ווען עס וואָלט קיין האַס נישט געווען פון פריהער.

באַווייז. דער באַווייז ווערט געפירט אויף דעם זעלבן אופן ווי דער באַווייז צו זאַץ XXXVIII פון דעם דאָזיגן טייל: מחמת, דער וואָס הויבט אָן צו ליבן אַ זאַך, וואָס ער פלעגט האַסן, אָדער אויפגערעגט ווערן פון איר מיט אומלוסט, פריידט זיך דערמיט אַליין, וואָס ער ליבט. צו דער דאָזיגער פרייד, וואָס איז איינגעשלאָסן אין ליבע, קומט נאָך צו די פרייד פון דעם שטרעבן צו דערוויטערן דעם טרויער, וואָס איז איינגעשלאָסן אין האַס (טייל III, זאַץ XXXVII), באַגלייט פון דער אידעע פון דעם, וואָס מען האָט גע־האַסט, אַלס אורזאַך.

אָנמערקונג. ווען אַפילו דאָס זאָל אַזוי זיין, וועט דאָך קיינער נישט שטרעבן צו האַסן עפעס אָדער אויפגערעגט צו ווערן פון אומלוסט, כדי ער זאָל דורך דעם מער לוסט געניסן. דאָס הייסט, קיינער וועט נישט באַגערן געענזוקט צו ווערן אין דער האָפנונג, אַז ער וועט צו זיך קומען, אָדער ווינטשן קראַנק צו ווערן, כדי ער זאָל געזונט ווערן. דען יעדער איינער וועט תמיד שטרעבן צו דערהאַלטן זיין יש און צו דערווייטערן פיין ווי ווייט ער קאָן. ווען מען זאָל זיך קאָנען פאָרשטעלן דעם היפוך דערפון, נעמלעך, אַז אַ מענטש זאָל גאַרן צו האַסן עמיצן בכדי ער זאָל אים קאָנען מער ליב האָבן דערנאָכדעם, וועט ער תמיד באַגערן דעם אַנדערן צו האַסן. מחמת די שטאַרקייט פון דער ליבע איז פּראָפּאָרציאָנעל צו דער שטאַרקייט פון דעם האַס; דעריבער, וואָלט דער מענטש געגאַרט, אַז דער האַס זאָל כסדר מער און מער פאַרגרעסערט ווערן, און צוליב דעם זעלבן טעם וואָלט ער געוואונטשן צו ווערן מער און מער קראַנק, כדי ער זאָל קאָנען מער הנאה האָבן פון דער צוריקגעקומענער געזונטהייט: אין אַזאַ פאַל וואָלט ער תמיד געשטרעבט צו זיין קראַנק. וואָס איז (טייל III, זאַץ VI) אומזיניג.

זאַץ XLV. ווען אַ מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז אַן אַנדערער פון זיין גלייכן האַסט עפעס אויך פון זיין גלייכן, און וואָס ער ליבט, וועט ער האַסן דעם דאָזיגן אַנדערן.

באַווייז. די געליבטע זאַך פילט אַ געגנזייטיגן האַס געגן דעם, וואָס האַסט זי (טייל III, זאַץ XL); דער ליבנדער אַלזאָ, ווען ער שטעלט זיך פאָר, אַז עמיצער האַסט די געליבטע זאַך, שטעלט ער זיך פאָר, אַז זי איז באַווירקט פון האַס, דאָס הייסט (טייל III, זאַץ XIII) פון אומלוסט; פאָלגלעך,

איז ער אַליין באַווירקט פון. אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון דעם, וואָס האַסט די געליבטע זאַך, אַלס אורזאַך; דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII) ער וועט האַסן דעם, וועלכער האַסט עפּעס, וואָס ער אַליין האָט ליב. וו. א. ג. צ. ב.

ז אַ ץ XLVI. ווען אַ מענטש איז אויפגערעגט געוואָרן מיט לוסט אָדער אומלוסט פון עמיצן, וואָס געהערט נישט צו זיין קלאַס אָדער נאַציע, און אויב די דאָזיגע לוסט אָדער אומלוסט איז באַגלייט געוואָרן פון דער אידעע פון דעם עמיצן אַלס אורזאַך, אונטער דער אַלגעמיינער קאַטעגאָריע פון קלאַס אָדער נאַציע, וועט דער מענטש פילן ליבע אָדער האַס, נישט נאָר צו דעם אינדיווידועלן עמיצן, נאָר אויך צו דעם גאַנצן קלאַס אָדער נאַציע, צו וועמען דער עמיצער געהערט.

ב אַ וו יי ז. דאָס איז קלאָר פון טייל III, זאַץ XVI.

ז אַ ץ XLVII. די פרייד, וועלכע נעמט זיך דערפון, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עטוואָס וואָס מיר האַסן איז פאַרניכטעט געוואָרן אָדער געשעדיקט געוואָרן, איז קיינמאָל נישט אומבאַגלייט פון אַ געוויסן שמאַרץ אין אונז.

ב אַ וו יי ז. דאָס איז קלאָר פון טייל III, זאַץ XXVII. דען, אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַ זאַך פון אונזער גלייכן איז אויפגערעגט פון פּיין, וועלן מיר אַליין פּיין פילן.

אָ נ מ ע ר ק ו נ ג. דער דאָזיגער זאַץ קאָן אויך דערוויזן ווערן פון דעם שלוסזאַץ צו זאַץ XVII אין טייל II. ווען נאָר מיר דערמאָנען זיך אין עפּעס, באַטראַכטן מיר עס אַלס געגנוואַרטיג, אפילו ווען עס עקזיסטירט נישט אין דער ווירקלעכקייט, און דער קערפּער ווערט דערביי אויך אויפגערעגט אויף דעם זעלבן אופן; אויף ווי ווייט, דעריבער, דער זכר וועגן דער זאַך איז שטאַרק, אויף אַזוי ווייט איז דער מענטש באַשטימט צו באַטראַכטן זי מיט פּיין; די דאָזיגע באַשטימונג, אַזוי לאַנג ווי דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון דער זאַך, וועגן וועלכער מיר רעדן, האַלט אָן, איז זיכער געשטערט פון דעם זכר וועגן די אַנדערע זאַכן, וועלכע שליסן-אויס די עקזיסטענץ פון דער דערמאָנטער זאַך, אָבער נישט לגמרי צעשטערט; דערפאַר פילט אַ מענטש פרייד נאָר אויף ווי ווייט די דערמאָנטע באַשטימונג איז געשטערט. מהאי טעמא, ווערט די פרייד, וואָס אַנטשטייט פון דעם שלעכטס, וואָס איז געטאָן געוואָרן צו דער זאַך, וואָס מיר האַסן, איבערגעחזרט יעדעס מאָל, ווען מיר דערמאָנען זיך אין דער געהאַסטער זאַך. מחמת, ווי מיר האָבן געזאָגט, ווען עס דערוועקט זיך דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון דער זאַך, וועגן וועלכער עס רעדט זיך, באַשטימט עס, אויף וויפיל עס שליסט איין די עקזיסטענץ פון דער זאַך, דעם מענטשן צו באַטראַכטן די זאַך מיט דעם זעלבן פּיין, ווי ער פלעגט עס

טאָן, ווען זי האָט ווירקלעך עקזיסטירט. היות, אָבער, ווי ער האָט מיט דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון דער זאַך פאַרקניפּט אַנדערע פאָרשטעלונגס-בילדער, וואָס שליסן אויס איר עקזיסטענץ, לכן, ווערט די דאָזיגע באַשטימונג צי פּייך באַלד געשטערט און דער מענטש פריידט זיך פון דאָס ניי אַזוי אָפּט, ווי די ווידערהאָלונג קומט פאָר. דאָס איז די סיבה פון דער הנאה, וואָס מענטשן האָבן, ווען זיי דערמאָנען זיך אין פאַרגאַנגענע צרות און פון זייער תענוג, וואָס זיי האָבן, ווען זיי דערציילן וועגן געפאַרן, פון וועלכע זיי זענען ניצול געוואָרן. מחמת, ווען מענטשן שטעלן זיך פאָר אַ געפאַר, שטעלן זיי זיך זי פאָר לעתיד לבוא, און זיי זענען דורך דעם באַשטימט מורא צו האָבן פאַר איר; די דאָזיגע באַשטימונג איז געשטערט פון דאָס ניי פון דער אידעע וועגן רעטונג, וועלכע איז פאַרקניפּט געוואָרן מיט דער אידעע פון געפאַר בשעת זיי זענען פון איר ניצול געוואָרן: דאָס גיט זיי פון דאָס ניי דאָס געפיל פון זיכערהייט, און דעריבער פרייען זיי זיך פון דאָס ניי.

**זאַץ XLVIII.** ליבע אָדער האַס, צום ביישפּיל, געגן פּעטער ווערט אויסגעראָטן, אויב די לוסט, וועלכע איז איינגעשלאָסן אין דער ליבע, אָדער די אומלוסט, וועלכע איז איינגעשלאָסן אין דעם האַס, ווערט פאַרקניפּט מיט דער אידעע פון אַן אַנדער אורזאַך; און ביידע עמאָציעס וועלן אויף אַזוי ווייט פאַרמינערט ווערן, אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך פאָר, אַז פּעטער איז נישט געווען די איינציגע סיבה פון איינער אָדער פון דער אַנדערער עמאָציע.

**באַווייז.** דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר בלויז פון דער דעפיניציע פון ליבע און האַס (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII). דען לוסט הייסט ליבע צו פּעטער, און אומלוסט הייסט האַס צו פּעטער, פּשוט אויף אַזוי ווייט, ווי פּעטער ווערט באַטראַכט אַלס די אורזאַך פון איינער אָדער פון דער אַנדערער עמאָציע. ווען דער דאָזיגער באַדינג פון קאַוזאַליטעט ווערט אַנטוועדער אינגאַנצן אָדער צום טייל אַוועקגענומען, ווערט אויך נעלם אַנטוועדער אינגאַנצן אָדער צום טייל די עמאָציע צו פּעטער.

**זאַץ XLIX.** ליבע אָדער האַס צו אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר, אַז זי איז פריי, מוז זיין, אויב אַלע אַנדערע באַדינגונגען זענען גלייך, שטאַרקער איידער די ליבע אָדער האַס, וואָס מיר וואָלטן געפילט צו אַ זאַך, וועלכע האַנדלט על פּי הכרח.

**באַווייז.** אַ זאַך, וואָס מיר שטעלן זיך זי פאָר אַלס פריי, מוז (טייל I, דעפיניציע VII) דערשפּירט ווערן דורך זיך גופא אָן וועלכער עס איז אַנדער זאַך. ווען מיר שטעלן זיך, דעריבער, פאָר, אַז זי איז די אורזאַך פון לוסט אָדער אומלוסט, וועלן מיר זי (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII) ליבן אָדער האַסן, און דערצו נאָך מיט דער העכסטער ליבע און שטאַרקסטן האַס, וואָס קאָן אַנטשטיין פון אַ געגעבענער עמאָציע. ווען אָבער די זאַך, וואָס

פאַראורזאַכט די עמאָציע, ווערט באַגריפן אַלס אַזאַ, וואָס האַנדלט על פּי הכרח, וועלן מיר יעמאָלט (לפי דער זעלבער דעפיניציע VII, טייל I) זי באַטראַכטן נישט אַלס די איינציגע אורזאַך, נאָר אַלס איינע פון די אורזאַכן פון דער עמאָציע, און אונזער ליבע אָדער האַס צו איר וועט דעריבער זיין נישט אַזוי גרויס.

אָנמערקונג. דערפון פאָלגט, וואָס די מענטשן, דערפאַר וואָס זיי האַלטן זיך פאַר פריי, פילן אַ גרעסערע ליבע אָדער האַס גענן איינע די אַנדערע, איידער געגן אַנדערע זאַכן: דערצו מוז נאָך צוגעגעבן ווערן די אימיטאַציע פון די עמאָציעס, וועלכע ווערן באַהאַנדלט אין טייל III, זאַצן XXVII, XXXIV, XL, און XLIII.

זאַץ L. יעדע איינציגע זאַך קאָן זיין, דורך אַ צופאַל, אַן אורזאַך פון האָפענונג אין שרעק.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ ווערט דערוויזן אויף דעם זעלבן אופן ווי זאַץ XV און טייל III. זעה אויך אָנמערקונג צו זאַץ XVIII, טייל III.

אָנמערקונג. זאַכן, וועלכע זענען דורך אַ צופאַל די אורזאַכן פון האָפנונג אָדער שרעק, הייסן גוטע אָדער שלעכטע פאָרצייכנס. נו, אויף ווי ווייט אַזעלכע פאָרצייכנס זענען די אורזאַך פון האָפנונג און שרעק, זענען זיי (לפי די דעפיניציעס פון האָפנונג און שרעק, געגעבן אין דער אָנמערקונג צו זאַץ XVII, טייל III) אויך די אורזאַכן פון לוסט און אומלוסט; פאָלגלעך, באַטראַכטן מיר זיי אויף אַזוי ווייט מיט ליבע אָדער האַס, און מיר שטרעבן אַרויסצורופן זיי אַלס מיטלען געגן דעם, וואָס מיר האָפן, אָדער אַוועקצוראַמען זיי פון וועג אַלס מניעות אָדער אורזאַכן דערפון, וואָס מיר שרעקן זיך. עס פאָלגט ווייטער פון זאַץ XXV, טייל III, אַז מיר זענען פון דער נאַטור אַזוי באַשאַפן, אַז מיר זאָלן לייכט גלויבן אין דעם, וואָס מיר האָפן, און שווער גלויבן אין דעם, וואָס אונז שרעקט, נאָך מער, מיר זענען גענייגט צו שאַצן אַזעלכע געגנשטאַנדן העכער אָדער נידריגער פון זייער אמתן ווערט. דערפון זענען אַנטשטאַנען פאָראורטיילן, וואָס רינגלען אַרום דעם מענטשן פון אַלע זייטן.

פונדעסטוועגן גלויב איך נישט, אַז עס לוינט זיך אָנצוצייגן דאָ די וואַקלונגען, וואָס אַנטשטייען פון האָפנונג און שרעק; עס פאָלגט פון דער דעפיניציע פון די דאָזיגע עמאָציעס, אַז עס קאָן נישט זיין, קיין האָפנונג אָן שרעק, און קיין שרעק אָן האָפנונג, ווי איך וועל עס אויספירלעכער דערקלערן אויף דעם פאַסיגן פלאַץ. און אַזוי ווי מיר ליבן אָדער האַסן אַ זאַך, אויף ווי ווייט מיר האָפן אָדער שרעקן זיך פאַר איר, וועט יעדער איינער פאַר זיך אַליין קאָנען אָנווענדן אויף האָפנונג און שרעק דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן ליבע און האַס.

זאַץ LI. פאַרשיידענע מענטשן קאָנען פון איינעם און דעם זעלבן געגנשטאַנד אויף פאַרשיידענע אופנים אויפגערעגט ווערן, און איין און דער-זעלבער מענטש קאָן פון איינעם און דעם זעלבן געגנשטאַנד, צו פאַרשיידענע צייטן, אויף פאַרשיידענע אופנים, אויפגערעגט ווערן.

באַווייז. דער מענטשלעכער קערפּער ווערט באַווירקט פון אויסנווייניגסטע קערפּער אויף פאַרשיידענע אופנים (טייל II, פּאָסטולאַט III). צוויי מענטשן קאָנען דעריבער אין דער זעלבער צייט פאַרשיידנאַרטיג באַווירקט ווערן און ממילא (נאָך אַקסיאָמע I, נאָך דעם הילפזאַץ III פון זאַץ XIII, טייל II) קאָנען זיי פאַרשיידנאַרטיג באַווירקט ווערן פון איינעם און דעם זעלבן געגנשטאַנד. ווייטער קאָן דער מענטשלעכער קערפּער (נאָך דעם זעלבן פּאָסטולאַט נאָך) באַווירקט ווערן אַמאָל אויף איין וועג, אַמאָל אויף אַן אַנדערן; פאָלגלעך, (נאָך דער זעלבער אַקסיאָמע נאָך) קאָן ער באַווירקט ווערן צו פאַרשיידענע צייטן פון איינעם און דעם זעלבן אָביעקט.

אָנמערקונג. אויף אַזאַ אופן זעהען מיר, אַז עס איז מעגלעך, אַז איינער זאָל ליבן דאָס, וואָס אַן אַנדערער האַסט, און אַז איינער זאָל זיך שרעקן פאַר עפּעס, וואָס אַן אַנדערער שרעקט זיך נישט; און אַז איינער און דער זעלבער מענטש זאָל איצט ליבן דאָס, וואָס ער האָט פריהער געהאַסט, או ער זאָל וואגן דאָרט, וואו ער האָט פריהער אַרויסגעוויזן שרעקעדיגקייט. ווייטער, היות ווי יעדער איינער באַאורטיילט, לפי זיינע עמאָציעס, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, וואָס איז בעסער, און וואָס איז ערגער (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXXIX) קומט אויס, אַז די מענטשן קאָנען זיין פאַרשיידן אין זייער אורטיילן, אַקוראַט ווי זיי זענען עס אין זייערע עמאָציעס (דאָס איז מעגלעך, הגם דער מענטשלעכער גייסט איז אַ טייל פון דעם געטלעכן פאַרשטאַנד, ווי איך האָב עס געצייגט אין אָנמערקונג צו זאַץ XIII, טייל II). און דערפאַר קומט עס, וואָס ווען מיר פאַרגלייכן איינע מיט די אַנדערע, אונטערשיידן מיר זיי בלויז נאָך דער פאַרשיידנאַרטיגקייט פון זייערע עמאָציעס, און מיר קרוינען איינינגע אַלס זיך-נישט-שרעקנדיגע, אַנדערע אַלס שרעקנדיגע און גאָר אַנדערע מיט אַן אַנדער עפּיטעט. איך וויל, למשל, אָנרופן אַ מענטשן זיך-נישט-שרעקנדיגער, ווען ער גרינגשאַצט אַ זאַך, פאַר וועלכער איך פלעג מורא האָבן; אויב איך באַמערק אַחוץ דעם, אַז אין זיין באַגער שאָדן צו טאָן זיינע שונאים און וואויל צו טאָן די, וועלכע ער ליבט, ווערט ער נישט געשטערט פון דער מורא פאַר אַ בייז, וואָס פלעגט מיך אָפּט שרעקן, וועל איך אים אָנרופן מוטיגער. אַ מענטש, ווידער, וועט אויסזעהן צו מיר אַ פּחדן צו זיין, אויב ער האָט מורא פאַר אַ בייז, וואָס איך פלעג גרינגשאַצן; און אויב איך זאָל אַחוץ דעם באַמערקן, אַז זיין באַגער איז געשטערט פון דער מורא פאַר אַ בייז, וואָס פלעגט מיך נישט אָפּשרעקן, וועל

איך זאָגן, אַז ער איז אַ *פּייגלינג*. און אַזוי וועט יעדער אייגער באַאורטיילן.

פון דער דאָזיגער נאַטור פון דעם מענטשן, אַלזאָ, און פון זיין אומבאַשטענדיגקייט פון זיין אורטיילן, אויף וויפיל דער מענטש באַאורטיילט אָפט זאַכן בלויז לויט זיינע עמאָציעס, און אויף וויפיל די זאַכן, וועלכע ער גלויבט, פאַראורזאַכן לוסט אָדער אומלוסט און שטרעבט דערפאַר זיי צו פאַרווירקלעכן אָדער דערווייטערן, זענען אָפט נאָר איינגעבילדעטע — נישט גערעדט שוין וועגן דער אומזיכערהייט פון זאַכן, וואָס ווערן אָנגעוויזן אין טייל III זאַץ XXVIII; — קאָנען מיר זיך גרינג פאָרשטעלן, אַז אַ מענטש זאָל אַמאָל אויפגערעגט ווערן פון לוסט, אַמאָל פון אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון זיך גופא אַלס אורזאַך. אַזוי אַרום קאָנען מיר גרינג פאַרשטיין וואָס זענען *חרטה* און *זעלבסטצופרידנהייט*. *חרטה* איז אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון זיך גופא אַלס אורזאַך. זעלבסטצופרידנהייט איז לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון זיך זעלבסט אַלס אורזאַך. און די דאָזיגע עמאָציעס זענען זייער אינטענסיוו, ווייל די מענטשן האַלטן זיך פאַר פריי (טייל III, זאַץ XLIX).

*זאַץ* LII. אַ געגנשטאַנד, וואָס מיר האָבן פריהער געזעהן אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע, און וועלכער, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, האָט נישט קיין אייגנשאַפט, וואָס איז נישט געמיינזאַם צו פילע געגנשטאַנדן, וועט אַזוי לאַנג פון אונז נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ געגנשטאַנד, וואָס זאַל, לויט אונזער פאַרשטעלונג, האָבן אַן אייגנטימלעכע אייגנשאַפט.

*באַווייז*. אַזוי באַלד ווי מיר שטעלן זיך פאָר אַ געגנשטאַנד, וואָס מיר האָבן געזעהן אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע, דערמאָנען מיר זיך תיכף אין די דאָזיגע אַנדערע (טייל II, זאַץ XVIII, און אָנמערקונג צום זאַץ), און אַזוי אַרום גייען מיר גלייך אַריבער פון דער באַטראַכטונג וועגן איין געגנשטאַנד צו דער באַטראַכטונג וועגן אַן אַנדער געגנשטאַנד. און דאָס איז דער פאַל מיט דעם געגנשטאַנד, וועלכער, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, האָט נישט קיין אייגנשאַפט, וואָס איז נישט געמיינזאַם צו פילע אַנדערע געגנשטאַנדן, מחמת, מיר נעמען דאָך צוליב דעם אָן, אַז מיר באַטראַכטן אין אים קיין זאַך נישט, וואָס מיר האָבן פריהער נישט געזעהן אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע געגנשטאַנדן. ווען מיר נעמען אָבער אָן, אַז מיר שטעלן זיך פאָר אין דעם געגנשטאַנד עפּעס ספּעציפישעס, וואָס מיר האָבן קיינמאָל פריהער נישט געזעהן, מוזן מיר זאָגן, אַז דער גייסט, בשעת ער באַטראַכט יענעם געגנשטאַנד, האָט נישט אינווייניג אין זיך קיין זאַך, וואָס צו דער באַטראַכטונג וועגן איר זאָל ער קאָנען אַריבערגיין פון דער באַטראַכטונג וועגן יענעם געגנשטאַנד; און דע[illegible]

איז ער גענויטיגט יענעם געגנשטאַנד אַליין בלויז צו באַטראַכטן. דעריבער, ווערן מיר אַ געגנשטאַנד א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

אַנמערקונג. די דאָזיגע גייסטיגע פאַרענדערונג אָדער פאָרשטע-לונג פון אַ באַזונדערער זאַך, אויף ווי ווייט זי איז אַליין אין דעם גייסט, הייסט באַוואונדערונג; ווערט זי אָבער אַרויסגערופן פון אַ געגנשטאַנד פון שרעק, הייסט זי נידערגעשלאָגנקייט, דען, די באַוואונדערונג פון עפעס בייזעס האָט דעם מענטשן אַזוי געפאַנגען אין דער באַטראַכטונג וועגן דעם, אַז ער איז נישט ביכולת צו דענקען וועגן עפעס אַנדערש, וואָס דורך דעם וואָלט ער געקאָנט פאַרמיידן דאָס בייזע. איז אָבער דער געגנשטאַנד פון וואונדער, דעם מענטשנס קלוגהייט, פלייס, אָדער עטוואָס פון דעם דאָ-זיגן מין, אין וואָס מיר זעהען, אַז דער מענטש שטייגט אונז ווייט אַריבער, יעמאָלט הייסט די באַוואונדערונג פאַרעהרונג; פון דער אַנדערער זייט, אויב דאָס, וואָס מיר באַוואונדערן, איז דעם מענטשנס כעס אָדער קנאה, הייסט די עמאָציע שוידער. ווען מיר, ווידער, באַוואונדערן די קלוגהייט, די פלייס, אָדער וואָס עס איז נישט פון מענטשן, וועלכן מיר ליבן, וועט אונזער ליבע דורך דעם זיין גרעסער (טייל III, זאַץ XII), און די דאָזיגע מיט באַוואונדע-רונג אָדער פאַרעהרונג פאַרבונדענע ליבע הייסט איבערגעבנקייט. אויף אַזאַ מין אופן קאָנען מיר אויך זיך פאָרשטעלן האַס, האָפנונג, צוטרוי און די אַנדערע עמאָציעס אַלס אַסאָציאַצירט מיט באַוואונדערונג; און מיר וועלן אַזוי אַרום זיין אימשטאַנד אַרויסצודריגנען מער עמאָציעס, איידער די, וואָס האָבן זיך שוין נעמען ערוואָרבן אין דער געבערויכלעכער שפראַך. דערפון איז קלאָר, אַז די נעמען פון די עמאָציעס האָבן זיך געבילדעט פיל מער לפי זייער געוויינטלעכן געברויך, איידער לפי דער גענויער דערקענטעניש פון זייער נאַטור.

אין געגנזאַץ צו דער באַוואונדערונג איז די פאַראַכטונג, וואָס איר אורזאַך ליגט מייסטנס דערין, וואָס מיר זעהען, אַז עמיצער באַוואונ-דערט, ליבט און שרעקט זיך פאַר אַ זאַך, אָדער, אז אַ זאַך ערשיינט צו זיין ענלעך אויף דעם ערשטן אָנבליק צו אַנדערע זאַכן, וועלכע מיר באַוואונדערן, ליבן, שרעקן זיך פאַר זיי א. א. וו. און דורך דעם ווערן מיר (טייל III, זאַץ XV און שלוסזאַץ צו אים, און זאַץ XXVII) באַשטימט צו באַוואונדערן, ליבן און זיך שרעקן פאַר דער דאָזיגער זאַך. ווען אָבער דורך דער געגנ-וואַרט, אָדער דורך אַ מער גענויער באַטראַכטונג פון דער דערמאָנטער זאַך, זענען מיר געצוואונגען איר אָפצוזאָגן אין אַלץ, וואָס קאָן זיין די אורזאַך פון באַוואונדערונג, ליבע, שרעק א. א. וו., יעמאָלט בלייבט דער גייסט גע-נויטיגט, דורך דער געגנוואַרט פון דער זאַך, צו דענקען ליבערשט וועגן די דאָזיגע איכותן, וואָס זענען נישט פאַראַן אין דער זאַך, איידער וועגן די,

וואָס זענען פאַראַן אין דער זאַך; בעת, ווען פאַרקערט, וואָלט די געגנוואַרט פון דער זאַך פאַראורזאַכט דעם גייסט צו טראַכטן הויפּטזעכלעך וועגן דעם, וואָס איז פאַראַן אין דער זאַך. אַזוי ווי איבערגעבנקייט, אַנטשטייט פון דעם באַוואונדערן די זאַך, וואָס מיר ליבן, אַזוי אַנטשטייט שפּאָט פון דער פאַראַכטונג פון דער זאַך, וואָס מיר האַסן אָדער שרעקן זיך פאַר איר, און גרינגשאַצונג פון דער פאַראַכטונג פון נאַרישקייט, ווי די פאַרערונג פון דער באַוואונדערונג פון דער קלוגשאַפט. ענדלעך קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן די עמאָציעס פון ליבע, האָפנונג, עהרע א. א. וו. אין דער אַסאָציאַציע מיט פאַראַכטונג, און מיר קאָנען, דעריבער, אַרויסדרינגען אַנדערע עמאָציעס, וועלכע אונטערשיידן זיך נישט איינע פון די אַנדערע מיט קיין באַזונדער אָנערקענטן נאָמען.

**זאַץ LIII.** ווען דער גייסט באַטראַכט זיך גופא און זיין אייגענע ווירקונגס-קראַפט, דערשפירט ער לוסט, און אַלץ מער לוסט, וואָס דייטלעכער ער שטעלט זיך פאָר זיך גופא און זיין ווירקונגס-קראַפט.

**באַווייז.** אַ מענטש קען זיך גופא נאָר דורך די פאַרענדערונגען פון זיין קערפּער, און זייערע אידעען (טייל II, זאַצן XIX און XXIII). ווען דער גייסט, אַלזאָ, איז ביכולת זיך זעלבסט צו באַטראַכטן, ווערט עס אָנגענומען, אַז דערמיט גופא גייט ער אַריבער צו אַ גרעסערער פולקאָמענהייט, דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI) ער ווערט באַווירקט פון לוסט, און פון אַלץ אַ גרעסערער לוסט, וואָס דייטלעכער ער קאָן זיך פאָרשטעלן זיך גופא און זיין אייגענע ווירקונגס-קראַפט. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** די דאָזיגע לוסט געפינט מער און מער נאַרונג, וואָס מער דער מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געלויבט פון אַנדערע. דען, וואָס מער ער שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט פון אַנדערע געלויבט, אַלץ גרעסער איז די לוסט, וואָס מיט איר איז ער זיך משער אַנדערע צו באַווירקן, — אַ לוסט, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער אידעע פון זיך זעלבסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXIX). אַזוי אַרום, איז ער אַליין (טייל III, זאַץ XXVII) באַווירקט פון אַ גרעסערער לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון זיך זעלבסט. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ LIV.** דער גייסט שטרעבט זיך פאָרצושטעלן נאָר אַזעלכע זאַכן, וואָס דורך זיי ווערט זיין ווירקונגס-קראַפט פעסטגעשטעלט.

**באַווייז.** דער באַשטרעב אָדער די קראַפט פון גייסט איז די אַקטועלע תמצית זיינע (טייל III, זאַץ VII); די תמצית פון גייסט אָבער באַיאָהט (ווי דאָס איז קלאָר פון זיך אַליין) נאָר דאָס, וואָס דער גייסט איז און וואָס ער קאָן טאָן. דעריבער שטרעבט דער גייסט זיך פאָרצושטעלן נאָר אַזעלכע

מאַכן, וואָס דורך זיי ווערט זיין ווירקונגס-קראַפט באַיאָהט אָדער פעסטגע-שטעלט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ LV. ווען דער גייסט באַטראַכט זיין אייגענע אָנמאַכט, האָט ער דורך דעם גופא אומלוסט.

באַוויז. די תמצית פון גייסט באַיאָהט נאָר דאָס, וואָס דער גייסט איז, אָדער וואָס ער קאָן טאָן; מיט אַנדערע ווערטער, עס איז די נאַטור פון גייסט זיך פאָרצושטעלן נאָר אַזעלכע זאַכן, וואָס שטעלן פעסט זיין ווירקונגס-קראַפט (לעצטער זאַץ). אויף אַזאַ אופן, ווען מיר זאָגן אָנמאַכט, זאָגן מיר בלויז, אַז בעת דער גייסט פּרוווט זיך פאָרצושטעלן עפּעס, וואָס שטעלט פעסט זיין ווירקונגס-קראַפט, ווערט ער געשטערט אין זיין באַשטרעב, דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI) ער עמפינדט אומלוסט. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. די דאָזיגע אומלוסט געפינט מער און מער נאַרונג, ווען אַ מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט פון אַנדערע געטאַדלט. דאָס קאָן דערוויזן ווערן אויף דעם זעלבן אופן ווי דער שלוסזאַץ צו זאַץ LIII, טייל III.

אָנמערקונג. די דאָזיגע אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אונזער אייגענער שוואַכקייט, הייסט הכנעה. די לוסט, וואָס אַנטשטייט פון דער באַטראַכטונג פון אונז גופא, הייסט זעלבסט-ליבע אָדער זעלבסט-צופרידנהייט. און אַזוי ווי דאָס דאָזיגע געפיל חזרט זיך איבער אַזוי אָפט, ווי דער מענטש באַטראַכט זיינע אייגענע טוגענטן, אָדער זיין אייגענע ווירקונגס-קראַפט, דאַרום דערציילט יעדער איינער זייער גערן זיינע אויפטו-אונגען, און רייסט זיך אַרויסצווייזן די קרעפטן פון זיין קערפער און זיין גייסט, און מהאי טעמא טאַקע פאַלן די מענטשן אַזוי גרינג צו לאַסט איינע די אַנדערע. דערפון, ווידער, פאָלגט, אַז מענטשן זענען פון דער נאַטור פול מיט קנאה (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXIV, און אָנמערקונג צו זאַץ XXXII), אָדער פרייען זיך מיט די שוואַכקייטן פון זייערס גלייכן, און עמ-פינדן אומלוסט פון זייערע טוגענטן. מחמת, ווען נאָר אַ מענטש שטעלט זיך פאָר זיינע אייגענע האַנדלונגען, איז ער באַווירקט פון לוסט (טייל III, זאַץ LIII), און זיין לוסט איז גרעסער, וואָס מער פולקאָמענהייט זיינע האַנדלונגען ווייזן אַרויס, און וואָס דייטלעכער ער קאָן זיי זיך פאָרשטעלן, — דאָס הייסט (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XL) וואָס מער ער קאָן זיי אונטערשיידן פון אַנדערע, און זיי באַטראַכטן אַלס עטוואָס באַזונדערס. דעריבער וועט יעדער איינער, באַטראַכטנדיג זיין אייגענעם זעלבסט, די גרעסטע הנאה האָבן יעמאָלט, ווען ער באַטראַכט אַ געוויסע קוואַליטעט אין זיך, אין וועלכער ער זאָגט אַנ-דערע אָפּ, אויב אָבער דאָס, וואָס ער באַהויפּטעט וועגן זיך, איז געהעריג צו דער אַלגעמיינער אידעע פון מענטש אָדער חיה, וועט ער נישט אַזוי שטאַרק הנאה האָבן: ער וועט, פאַרקערט, שפּירן אַן אומלוסט, ווען ער שטעלט זיך

פאָר, אַז זיינע טאַטן, אין פאַרגלייך מיט די טאטן פון די אַנדערע, שטייען נישט אויף דער זעלבער הויך. די דאָזיגע אומלוסט (טייל III, זאַך XXVIII) וועט ער שטרעבן צו דערווייטערן דורך דעם, וואָס ער וועט געבן אַ פאַלשע קאָנסטרוקציע צו די טאַטן פון זיין גלייכן, אָדער דורך דעם, וואָס ער וועט, ווי ווייט ער קאָן, באַשיינען זיינע אייגענע טאַטן.

עס איז אויף אַזאַ אופן קלאָר, אַז מענטשן זענען פון דער נאַטור גענויגט צו האַס און קנאה, וואָס ווערן שפּעטער געגערט פון זייער ערציהונג. מחמת, עלטערן זענען געוויינט צו רייצן זייערע קינדער צו טוגענט בלויז דורך דעם אָנטריב פון עהרע און קנאה. אָבער אפשר בלייבט נאָך דאָס באַדענקען, אַז מיר באַוואונדערן נישט זעלטן די טוגענטן פון מענטשן און פאַרצהרן די, וואָס באַזיצן זיי. כדי צו באַזייטיגן אַזאַ באַדענקען גיב איך גלייך צו דעם פאָלגנדן שלוסזאַץ.

שלוסזאַץ. דער מענטש איז מקנא אויף אַ טוגנט נאָר זיין גלייכן.

באַווייז. קנאה איז אַן אַרט האַס (טייל III, אָנמערקונג צו זאַך XXIV), אָדער (טייל III, אָנמערקונג צו זאַך XIII) אומלוסט, דאָס הייסט (אָנמערקונג צו זאַך XI, טייל III) אַ פאַרענדערונג, וואָס דורך איר ווערט געשטערט דעם מענטשנסווירקונגס-קראַפט, אָדער זיין באַשטרעב צו אַקטיוויטעט. אַ מענטש, אָבער, באַשטרעבט נישט, אָדער באַגערט נישט, צו טאָן קיין זאַך, וואָס קאָן נישט פאָלגן פון זיין געגעבענער נאַטור; דערפאַר וועט אַ מענטש נישט באַגערן, אַז אים זאָל צוגעשריבן ווערן וועלכע עס איז ווירקונגס-קראַפט אָדער טוגענט (וואָס איז איינס און דאָס זעלבע), וועלכע איז אייגנטימלעך צו אַן אַנדערנס נאַטור, און פרעמד צו זיין אייגענער; דעריבער קאָן נישט זיין באַגער געהינדערט ווערן, און ער קאָן נישט פון אומלוסט באַווירקט ווערן דורך דער באַטראַכטונג פון אַ טוגענט אין עמיצן, וואָס איז נישט זיין גלייכן, פאָלגלעך, קאָן ער אַזעלכן נישט מקנא זיין. ער קאָן אָבער יאָ מקנא זיין זיין גלייכן, דעם וואָס, ווי עס ווערט אָנגענומען, האָט די זעלבע נאַטור ווי ער אַליין.

ו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. ווען מיר האָבן, אַלזאָ, געזאָגט אין דער אָנמערקונג צו זאַך LII, טייל III, אַז מיר פאַרעהרן אַ מענטשן, ווייל מיר באַוואונדערן זיין קלוגהייט, מוט, א. א. וו. טוען מיר עס דערפאַר, ווייל מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די דאָזיגע קוואַליטעטן זענען אייגנטימלעך צו אים, און נישט געמיינזאַם צו אונזער נאַטור; מיר זענען, דעריבער, נישט מער מקנא דעם באַזיצער פון די דאָזיגע קוואַליטעטן, ווי מיר זענען מקנא די ביימער מיט זייער הויכקייט, און די לייבן מיט זייער שטאַרקייט.

זאַך LVI. עס זענען פאַראַן אַזוי פיל מינים פון לוסט, אומלוסט, באַגער, און, פאָלגלעך, אויך פון די עמאַציעס, וועלכע זענען פון זיי צונויפ-

געזעצט, ווי די וואַקלונגען פון דעם געמיט, אָדער ווי די עמאָציעס, וועלכע שטאַמען אָפּ פון די דאָזיגע וואַקלונגען, ווי ליבע, האַס, האפנונג, שרעק א. א. וו., וויפיל עס זענען פאַראַן מינים פון געגנשטאַנדן, וואָס פון זיי ווערן מיר באַווירקט.

באַווייז. לוסט און אומלוסט, און, ממילא די עמאָציעס, וואָס זענען פון זיי צונויפגעזעצט, אָדער וואָס שטאַמען אָפּ פון זיי, זענען ליידנשאַפטן אָדער פאַסיווע צושטאַנדן (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI); מיר זענען אָבער, אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאַסיוו (טייל III, זאַץ I) אויף ווי ווייט מיר האָבן אומאַדעקוואַטע אידעען; און נאָר אויף ווי ווייט מיר האָבן אַזעלכע אידעען זענען מיר פאַסיוו (טייל III, זאַץ III). דאָס הייסט, מיר זענען נאָר אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאַסיוו (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XL), אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך פאָר, אָבער (טייל II, זאַץ XVII און אָנמערקונג צום זאַץ) אויף ווי ווייט מיר ווערן באַווירקט פון אַן עמאָציע, וואָס שליסט איין די נאַטור פון אונזער אייגענעם קערפּער און די נאַטור פון אַן אויסנ-ווייניגסטן קערפּער. דערפאַר מוז די נאַטור פון יעדן פאַסיוון צושטאַנד אויף אַ נויטווענדיגן אופן אַזוי דערקלערט ווערן, אַז די נאַטור פון דעם געגנ-שטאַנד, וואָס דורך אים ווערן מיר באַווירקט, זאָל אויסגעדריקט ווערן. די לוסט, וואָס אַנטשטייט, לאָמיר זאָגן, פון געגנשטאַנד „א“, שליסט איין די נאַ-טור פון יענעם געגנשטאַנד „א“, און די לוסט, וואָס אַנטשטייט פון דעם גע-גנשטאַנד „ב“, שליסט איין די נאַטור פון דעם געגנשטאַנד „ב“: אַזוי זענען די דאָזיגעביידע עמאָציעס פון לוסט פאַרשיידן לויט זייער נאַטור אויף ווי-פיל די אורזאַכן, וואָס פון זיי אַנטשטייען זיי, זענען פאַרשיידן נאָך זייער נאַטור נאָך. אַזוי איז אויך די עמאָציע פון אומלוסט, וואָס אַנטשטייט פון איין געגנשטאַנד, לויט דער נאַטור פאַרשיידן פון דער אומלוסט, וועלכע אַנט-שטייט פון אַן אַנדער פון זיין געגנשטאַנד, און דאָס גלייכן גילט וועגן ליבע, האַס, האָפנונג, שרעק, וואַקלונגען פון דער נשמה א. א. וו. אויף אַזאַ אופן זענען פאַראַן אַזוי פיל מינים פון לוסט, אומלוסט, ליבע, האַס א. א. וו. וויפיל מינים פון געגנשטאַנדן עס זענען פאַראַן, וואָס פון זיי ווערן מיר באַווירקט.

דער באַגער, אָבער, איז די תּמצית, אָדער די נאַטור פון יעדן מענטשן, אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך פאָר, אַז ער איז באַשטימט צו אַ האַנדלונג דורך אַ וואָסערע עס איז פאַרענדערונג פון זיך זעלבסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ IX); דעריבער, ווערט זיין באַגער זיין פון איין מין אָדער פון אַן אַנ-דערן לפי דעם, ווי דער מענטש איז באַווירקט דורך אויסנווייניגסטע אורזאַכן פון אַזאַ אָדער אַן אַנדער מין פון לוסט, אומלוסט, ליבע, האַס, א. א. וו. דאָס הייסט, לפי דעם, ווי זיין נאַטור איז אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן גע-בויגט. און די נאַטור פון איין באַגער מוז אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיך

אונטערשיידן פון דער נאַטור פון אַן אַנדער באַגער אויף וויפיל עס אונטערשיידן זיך די עמאָציעס, וואָס פון זיי איז יעדער באַגער אַנטשטאַנען. אַלזאָ, זענען פאַראַן אַזוי פיל מינים פון באַגער, וויפיל עס זענען פאַראַן מינים פון לוסט, אומלוסט ליבע א. א. וו., ממילא (לויט דעם, וואָס מיר האָבן געצייגט) זענען פאַראַן אַזוי פיל מינים פון באַגער, וויפיל עס זענען פאַראַן מינים פון געגנשטאַנדן, וואָס פון זיי ווערן מיר באַווירקט. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** אונטער די אַרטן פון עמאָציעס, וועלכע, לפי דעם לעצטן זאַץ, מוזן זיין זייער אַ סך, זענען די וויכטיגסטע **לוקסוס**, **שכרות**, **תאוה**, **זשעדנעקייט** און **אַמביציע**, וועלכע זענען נישט מער ווי בלויז באַגריפן פון ליבע און באַגער, וואָס דערקלערן די נאַטור פון די דאָזיגע ביידע עמאָציעס דורך די געגנשטאַנדן, וואָס אויף זיי באַציהען זיי זיך. מחמת, אונטער לוקסוס, שכרות, תאוה, זשעדנעקייט, אַמביציע א. א. וו. פאַרשטייען מיר פשוט די ליבע אָדער באַגער סעודות צו פראַווען, צו טרינקען, צו זנות, צו רייכטום און צו רוהם. אַחוץ דעם האָבן נישט די דאָזיגע עמאָציעס, אויף ווי ווייט זיי אונטערשיידן זיך איינע פון די אַנדערע בלויז דורך די געגנשטאַנדן, אויף וועלכע זיי באַציהען זיך, קיינע געגנזאַצן. דען **טעמפּעראַנץ**, **ניכטערקייט** און **צניעות**, וואָס מיר שטעלן געוויינטלעך אַוועק להיפּוך צו לוקסוס, שכרות און תאוה, זענען נישט קיין עמאָציעס אָדער ליידנשאַפטן, נאָר זיי צייגן די מאַכט פון דעם גייסט, וועלכער מעסיגט די דאָזיגע עמאָציעס. איך קאָן אָבער דאָ נישט ערקלערן די איבריגע אַרטן פון עמאָציעס (ווייל זיי זענען, ווי מיר האָבן געזעהן, אַזוי גרויס אין צאָל ווי די אַרטן פון געגנשטאַנדן), און ווען איך וואָלט געקאָנט, וואָלט עס נישט נויטיג געווען. פאַר אונזער צוועק, נעמלעך, כדי צו באַשטימען די שטאַרקייט פון די עמאָציעס און די השפּעה פון דעם געדאַנק איבער זיי, איז עס גענוג צו האָבן אַן אַלגעמיינע דעפיניציע פון יעדער עמאָציע. עס איז גענוג, זאָג איך, צו פאַרשטיין די אַלגעמיינע אייגנשאַפטן פון די עמאָציעס און פון דעם גייסט, כדי צו קאָנען באַשטימען די קוואַליטעט און די גרענעץ פון דעם גייסטס השפּעה אויף דער מעסיגונג און איינשרענקונג פון די עמאָציעס. הגם, אַלזאָ, עס איז פאַראַן אַ גרויסער חלוק צווישן די פאַרשיידענע עמאָציעס פון ליבע, האַס אָדער באַגער, ווי למשל, צווישן דער ליבע צו קינדער און ליבע צום ווייב, איז עס דאָך פאַר אונז נישט נויטיג צו קאָנען לערנען די דאָזיגע פאַרשיידנהייטן אָדער ווייטער צו אונטערזוכן די נאַטור און דעם אורשפּרונג פון די עמאָציעס.

**זאַץ LVII.** יעדע עמאָציע פון איין אינדיוויד איז פאַרשיידן פון דער עמאָציע פון אַן אַנדער אינדיוויד, נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפיל די

תּמצית פון איין אינדיווידוּ אונטערשיידט זיך פון דער תּמצית פון אַן אַנדערן.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון אקסיאָמע I, הינטער הילפסזאַץ III, זאַץ XIII, טייל II. מיר וועלן אָבער אים אויך באַווייזן פון דער דעפיניציע פון די דריי אורשפרינגלעכע עמאָציעס.

אַלע עמאָציעס באַציהען זיך אויף באַגער, לוסט, אָדער אומלוסט, ווי דאָס ווייזן די אויבן־געגעבענע דעפיניציעס. דער באַגער איז אָבער די נאַטור אָדער די תּמצית פון יעדן מענטשן (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ IX), דעריבער איז דער באַגער פון איין אינדיווידוּ פאַרשיידן פון דעם באַגער פון דעם אַנדערן אינדיווידוּ נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי די נאַטור אָדער די עסענץ פון איינעם אונטערשיידט זיך פון דער נאַטור אָדער פון דער עסענץ פון אַן אַנדערן. לוסט און אומלוסט, ווידער, זענען פּאַסיווע צושטאַנדן אָדער ליידנשאַפטן, וואָס דורך זיי ווערט פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, געהאָלפן אָדער געשטערט יעדן מענטשנס קראַפט אָדער באַשטרעב צו דערהאַלטן זיין יש (טייל III, זאַץ XI און אָנמערקונג). אונטער באַשטרעב אָבער צו דערהאַלטן זיין יש, אויף ווי ווייט עס באַציהט זיך אויף גייסט און קערפּער אינאיינעם, פאַרשטייען מיר פאַרלאַנג און באַגער (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ IX); דערפאַר, זענען לוסט און אומלוסט אידענטיש מיט באַגער אָדער פאַרלאַנג, אויף ווי ווייט זיי ווערן דורך אויסנווייניגסטע אורזאַכן פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, געהאָלפן אָדער געשטערט, מיט אַנדערע ווערטער, זיי זענען יעדן מענטשנס נאַטור; פאָלגלעך, איז די לוסט אָדער אומלוסט פון איין מענטשן פאַרשיידן פון דער לוסט אָדער אומלוסט פון אַן אַנדער מענטשן, נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי די נאַטור און די עסענץ פון איין מענטשן אונטערשיידט זיך פון דער תּמצית פון דעם אַנדערן; און יעדע עמאָציע, אַלזאָ, פון איין אינדיווידוּ איז פאַרשיידן פון דער עמאָציע פון אַן אַנדערן נאָר א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דערפון פאָלגט, אַז די עמאָציעס פון די חיות, וואָס זיי רופט מען איראַציאָנעל (מחמת, נאָך דעם ווי מיר האָבן געלערנט צו וויסן דעם אורשפּרונג פון גייסט, קאָנען מיר בשום אופן נישט באַצווייפלען, אַז די חיה האָט עמפינדונג), אונטערשיידן זיך פון די עמאָציעס פון די מענטשן נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי די נאַטור פון דער חיה אונטערשיידט זיך פון דער נאַטור פון דעם מענטשן. דאָס פערד און דער מענטש ווערן גלייך געטריבן פון דעם פּריה־ורביה־באַגער, דער באַגער אָבער פון דעם ערשטן איז פערדיש, פון דעם צווייטן איז מענטשלעך, אַזוי מוזן אויך זיך אונטערשיידן די תּאוות און פאַרלאַנגען פון אינסעקטן, פיש און פויגל. הגם, אַלזאָ, יעדער אינדיווידוּ לעבט זיך צופרידן און פריידט זיך מיט דער נאַטור, וואָס געהערט צו אים, און וואָס פון איר באַשטייט זיין יש, דאָך איז דאָס לעבן מיט וועלכן יעדערער איז צופרידן און פריידט זיך, קיין אַנדער זאַך נישט, ווי

די אידעע אָדער די נשמה פון דעם באַטרעפנדן אינדיווידום, און ממילא איז פון דער נאַטור די פרייד פון איינעם נאָר אויף אַזויפיל פאַרשיידן פון דער פרייד פון דעם אַנדערן, אויף וויפיל די תמצית פון איינעם אונטערשיידט זיך פון דער תמצית פון דעם אַנדערן. ענדלעך, פאָלגט פון דעם פאָריגן זאַץ, אַז עס איז פאַראַן אַ גאַנץ באַדייטנדע נפקא-מינה צווישן דער פרייד, וואָס פון איר, לאָמיר זאָגן, ווערט אַ שכור היינגעריסן, און דער פרייד, וואָס פון איר ווערט אַ פילאָסאָף באַהערשט, וואָס איך באַמערק דאָ בלויז אגב אורחא. אַזויפיל וועגן די עמאָציעס, וואָס באַציהען זיך אויף דעם מענטשן, אויף ווי ווייט ער איז פּאַסיוו. עס בלייבט צוצוגעבן אייניגע ווערטער וועגן די עמאָציעס, וואָס באַציהען זיך אויף אים, אויף ווי ווייט ער איז אַקטיוו.

זאַץ LVIII. אַחוץ דער לוסט און דעם באַגער, וועלכע זענען פּאַסיוויטעטן אָדער ליידנשאַפטן, זענען פאַראַן אַנדערע עמאָציעס, וואָס שטאַמען אָפּ פון לוסט און באַגער, און וואָס באַציהען זיך אויף אונז אויף ווי ווייט מיר זענען אַקטיוו.

באַווייז. ווען דער גייסט שטעלט פאָר זיך אַליין און זיין ווירקונגס-קראַפט, עמפינדט ער לוסט (טייל III, זאַץ LIII). דער גייסט אָבער באַטראַכט זיך גופא, ווען ער שטעלט זיך פאָר אַן אמתע און אַדעקוואַטע אידעע (טייל II, זאַץ XLIII) און דער גייסט באַגרייפט יאָ (טייל II, אָנמערקונג II צו זאַץ XL) אייניגע אַדעקוואַטע אידעען, ובכן, עמפינדט ער לוסט, אויף ווי ווייט ער באַגרייפט אַדעקוואַטע אידעען, דאָס הייסט, אויף ווי ווייט ער איז אַקטיוו (טייל III, זאַץ I). דער גייסט ווידער, הן אויף ווי ווייט ער האָט קלאָרע און דייטלעכע אידעען, הן אויף ווי ווייט ער האָט צעמישטע אידעען, שטרעבט צו דערהאַלטן זיך אין זיין אייגענעם יש (טייל III, זאַץ IX); אָבער אונטער אַזאַ באַשטרעב פאַרשטייען מיר (לויט דער אָנמערקונג צו דעם זעלבן זאַץ) באַגער; לכן, באַציהט זיך באַגער אויף אונז אויך אויף ווי ווייט מיר דערקענען, אָדער (טייל III, זאַץ I) אויף ווי ווייט מיר זענען אַקטיוו. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ LIX. אונטער אַלע עמאָציעס, וואָס באַציהען זיך אויף דעם גייסט, אויף ווי ווייט ער איז אַקטיוו, איז נישט פאַראַן קיין אײנע, וואָס זאָל נישט קאָנען זיך באַציהען אויף לוסט אָדער באַגער.

באַווייז. אַלע עמאָציעס קאָנען זיך באַציהען אויף באַגער, לוסט און אומלוסט, ווי עס ציינן די דעפיניציעס, וואָס מיר האָבן שוין וועגן זיי געגעבן. צו, אונטער אומלוסט פאַרשטייען מיר אַ פאַרמינערונג אָדער איינגעשרענקטקייט פון דעם גייסטס דענק-קראַפט (טייל III, זאַץ XI, און אָנמערקונג צום זאַץ); דעריבער, אויף ווי ווייט דער גייסט עמפינדט אומלוסט, איז זיין קראַפט צו דערקענען, אָדער ווירקונגס-קראַפט, פאַרמינערט אָדער איינגעשרענקט (טייל III, זאַץ I), פאָלגלעך, קאָנען קיינע עמאָציעס פון אומלוסט זיך נישט באַציהען

אויף דעם גייסט, אויף ווי ווייט ער איז טעטיג; נאָר בלויז די עמאָציעס פון לוסט און באַגער, וועלכע, אַלזאָ, (לויט דעם פּאָהיגן זאַץ) באַציהען זיך אויף אַזוי ווייט אויך אויף דעם גייסט. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. אַלע טעטיגקייטן, וואָס פאָלגן פון עמאָציעס, וועלכע באַציהען זיך אויף דעם גייסט, אויף ווי ווייט ער דערקענט, רעכן איך צו צו גייסטיגער קראַפט, וועלכע איך טייל איין אין קוראַזש און איידל-מוט. אונטער קוראַזש פאַרשטיי איך דעם באַגער, וואָס דורך אים זוכט יעדער מענטש צו דערהאַלטן זיין אייגענעם יש אין איינקלאַנג בלויז מיט די געבאָטן פון זיין פאַרנונפט. אונטער איידלמוט פאַרשטיי איך דעם באַגער, וואָס דורך אים באַשטרעבט יעדער מענטש, בלויז דורך די געבאָטן פון פאַר-נונפט, אַנדערע מענטשן צו אונטערשטיצן און צו פאַרבינדן זיי מיט זיך אין פריינטשאַפט. די טעטיגקייטן, דעריבער, וואָס באַצוועקן בלויז די נוץ פון דעם, וואָס האַנדלט, רעכן איך צו צו קוראַזש, די וואָס באַצוועקן די נוץ פון אַנדערע, רעכן איך צו צו איידלמוט. אויף אַזאַ אופן זענען טעמפּעראַנץ, ניכ-טערקייט און דאָס נישט פאַרלירן זיך אין צייט פון געפאַר א. א. וו. וואַריאַ-צעס פון קוראַזש; העפלעכקייט, רחמנות א. א. וו. זענען וואַריאַצעס פון איידלמוט.

דערמיט, גלויב איך, האָב איך אַנטוויקלט די וויכטיגסטע עמאָציעס און וואַקלונגען פון דעם געמיט, וועלכע אַנטשטייען פון דער צונויפזעצונג פון די דריי אורשפּרינגלעכע עמאָציעס, נעמלעך פון באַגער, לוסט און אומלוסט. און איך האָב זיי אויס זייערע ערשטע סיבות דערקלערט. עס איז קלאָר פון וואָס איך האָב געזאָגט, אַז מיר ווערן פון אויסנוויינינגסטע אורזאַכן, אויף פיל-פאַכע אופנים, אַהין און אַהער געטריבן, און ווי די כוואַליעס פון ים פון אַנטקעגנגעזעצטע ווינטן, ווערן מיר געשליידערט הין און צוריק, נישט וויסנ-דיג אונזער אויסגאַנג און אונזער שיקזאַל. איך האָב אָבער געזאָגט, אַז איך האָב אויפגעצייגט בלויז די הויפּטזאַכלעכסטע געמיטס-אויפרעגונגען, און נישט אַלע די, וואָס קאָנען געגעבן ווערן. דען ווייטער גייענדיג אויף דעם זעלבן אופן ווי פריהער, וואָלטן מיר געקאָנט גרינג אויפצייגן, אַז ליבע איז פאַרבונדן מיט חרטה, שפּאָט, חרפּה א. א. וו. פון וואָס איך האָב געזאָגט וועט, דענק איך, יעדער איינער צוגעבן, אַז די עמאָציעס קאָנען איינע מיט דער אַנדערער אויף אַזוי פיל אופנים צונויפגעזעצט ווערן, און פון זיי קאָנען אַזוי פיל וואַ-ריאַציעס אַנטשטיין, אַז זיי זאָלן איבערשטייגן יעדע מעגלעכקייט פון אויס-געדריקט צו ווערן אין אַ וועלכער עס איז צאָל. פאַר מיין צוועק אָבער איז גענוג צו האָבן אויסגערעכנט די סאַמע וויכטיגסטע; אַלע איבעריגע, וואָס איך האָב אויסגעלאָזן, זענען פון אינטערעס לשם קוריאָזיטעט, אָבער נישט לשם נוצן.

עס בלייבט אונז אָבער צו באַמערקן פאָלגנדיקס וועגן דער ליבע: עס קומט פאָר זייער אָפט, אַז בשעת מיר געניסן אַ זאַך, וואָס מיר האָבן נאָך איר געגאַרט, באַקומט דער קערפּער דורך דעם דאָזיגן געגוס אַ נייע נטיה, וואָס דורך איר ווערט ער אַנדערש באַשטימט, און אין אים ווערן וואַך-גערופן אַנדערע פאָרשטעלונגס-בילדער פון זאַכן, און דער גייסט הויבט באַלד אָן עטוואָס אַנדערש זיך פאָרצושטעלן און צו ווינטשן: צום ביישפּיל, ווען מיר שטעלן זיך פאָר עטוואָס, וואָס פלעגט אונז הנאה פאַרשאַפן מיט זיין געשמאַק, ווילן מיר עס געניסן, דאָס הייסט, עסן. בשעת אָבער מיר געניסן עס אַזוי, ווערט דער מאָגן אָנגעפילט, און דער קערפּער ווערט אין אַן אַנדער צושטאַנד געבראַכט. אויב, אַלזאָ, אין דער צייט, ווען דער קערפּער געפינט זיך אין דעם דאָזיגן אַנדערן צושטאַנד, זאָל מען אים סטימולירן מיט דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון דער זעלבער שפּייז, וועלכע איז געגנוואַרטיג, און, ממילא, זאָל אויך סטימולירט ווערן דער באַשטרעב אָדער באַגער צו עסן, וועט די נייע דיספּאָזיציע פון קערפּער פילן אַ ווידערווילן צום באַגער אָדער פאַרזוך, און פאָלגלעך, וועט די געגנוואַרט פון דער שפּייז, וואָס מיר האָבן פריהער נאָך איר געגאַרט, ווערן אָפּשיילעך. אַזאַ אָפּציה פון געפילן הייסט איבערגעזעטיגטקייט אָדער עקל.

די אויסערלעכע פאַרענדערונגען פון קערפּער, וועלכע מען באַמערקט ביי די עמאָציעס, ווי למשל, דאָס ציטערן, דאָס בלאַס-ווערן, דאָס שלוכצן, דאָס לאַכן א. א. וו. האָב איך געלאָזן אין אַ זייט, ווייל זיי באַציהען זיך בלויז אויף דעם קערפּער, אָן וועלכן עס איז שייכות צו דעם גייסט.

שליסלעך, דאַרפן די דעפיניציעס פון די עמאָציעס אין אייניגע פּונקטן סופּלעמענטירט ווערן; איך וועל דעריבער איבערחזרן זיי לויט זייער סדר, און וועל אַריינשטעלן אַזעלכע באַמערקונגען, וועלכע ווי איך דענק מוזן דאָ און דאָרט געמאַכט ווערן.

## דעפיניציעס פון די עמאָציעס

I. באַגער איז דער עצם עסענץ פון מענטשן, אויף ווי ווייט זי ווערט באַגריפן אַלס אַזעלכע, וואָס איז באַשטימט צו אַ ספּעציפישער אַקטיוויטעט דורך אַ געגעבענער פאַרענדערונג פון זיך גופא.

דערקלערונג. מיר האָבן אויבן געזאָגט, אין דער אָנמערקונג צו זאַץ IX פון דעם דאָזיגן טייל, אַז באַגער איז פאַרלאַנג, מיט אַ באַוואוסטזיין אויף דעם זעלבן; פאַרלאַנג איז, אָבער, די עסענץ פון דעם מענטשן, אויף ווי ווייט זי איז באַשטימט צו טאָן דאָס, וואָס דינט צו איר אייגענער דערהאַלטונג. דאָך האָב איך אין דער זעלבער אָנמערקונג דערמאָנט, אַז אין דער-

אמתן אָנערקען איך נישט קיין אונטערשייד צווישן מענטשלעכן פאַרלאַנג און באַגער, מחמת, מעג דער מענטש זיין באַוואוסטזיניג אויף זיין פאַרלאַנג אָדער נישט, בלייבט דאָך דער פאַרלאַנג איינער און דערזעלבער. כדי, אַלזאָ, אויס-צומיידן יעדע אויבנאויפיגע טאַוטאָלאָגיע, האָב איך מיך צוריקגעהאַלטן פון צו דערקלערן באַגער דורך פאַרלאַנג, און איך האָב זיך באַמיהט אים אַזוי צו דעפינירן, אַז אונטער איין קעפל זאָלן צונויפגעפאַסט ווערן די דאָזיגע אַלע באַשטרעבונגען פון דער מענטשלעכער נאַטור, וועלכע מיר באַצייכענען מיט די נעמען פאַרלאַנג, ווילן, באַגער אָדער אימפּולס. איך וואָלט, באמת, גע-קאָנט זאָגן, אַז באַגער איז די עסענץ פון מענטשן, אויף ווי ווייט זי ווערט באַגריפן אַלס באַשטימט צו אַ ספּעציפישער טעטיגקייט; פון אַזאַ דעפיניציע, אָבער, (טייל II, זאַץ XXIII) וואָלט נישט געפאָלגט, אַז דער גייסט קאָן זיין באַוואוסטזיניג אויף זיין באַגער אָדער פאַרלאַנג. דעריבער, כדי אָנצודייטן די אורזאַך פון אַזאַ באַוואוסטזיין, איז עס געווען נויטיג צוצוגעבן (אין דעם זעלבן זאַץ) אויף ווי ווייט עס ווערט באַשטימט דורך אַ געגעבענער פאַרענ-דערונג, א. א, וו. דען, אונטער אַ פאַרענדערונג פון דער מענטשלעכער תּמצית פאַרשטייען מיר יעדע נטיה פון דעם מענטשלעכן קערפּער, מעג זי זיין איינ-געבוירן, אָדער מעג זי זיין באַגריפן בלויז דורך דעם אַטריבוט פון דענקען, אָדער בלויז דורך דעם אַטריבוט פון אויסגעשפּרייטקייט, אָדער מעג זי ענדלען זיך באַציהען אויףביידע גלייך. אונטער דעם אויסדרוק באַגער, אַלזאָ, פאַרשטיי איך דאָ יעדן באַשטרעב, אימפּולס, פאַרלאַנג און ווילן פון דעם מענטשן, וואָס איז פאַרשיידן לפי דער נטיה פון יעדן איינציגן מענטשן, און זענען דעריבער נישט זעלטן אַזוי אַנטקעגנגעזעצט איינע צו די אַנדערע, אַז דער מענטש פילט זיך געצויגן נאָך פאַרשיידענע ריכטונגען, און ער ווייס נישט וואוהין ער זאָל זיך ווענדן.

II. לוסט איז אַן איבערגאַנג פון דעם מענטשן פון אַ קלענערער צו אַ גרעסערער פולקאָמענהייט.

III. אומלוסט איז אַן איבערגאַנג פון אַ גרעסערער צו אַ קלענערער פולקאָמענהייט.

דערקלערונג. איך זאָג „איבערגאַנג“: דען לוסט איז נישט פול-קאָמענהייט גופא. מחמת ווען אַ מענטש זאָל געבוירן ווערן מיט דער פולקאָ-מענהייט, צו וועלכער ער גייט איבער, וואָלט ער זי געהאַט אין זיין רשות אָן דער עמאָציע פון לוסט. דאָס שיינט קלאָרער אַרויס פון דער באַטראַכ-טונג איבער דער אַנטקעגנגעזעצטער עמאָציע, אומלוסט. קיינער קאָן נישט לייקענען, אַז אומלוסט באַשטייט אין דעם איבערגאַנג צו אַ קלענערער פולקאָ-מענהייט, און נישט אין דער קלענערער פולקאָמענהייט גופא: מחמת אַ מענטש קאָן נישט האָבן קיין אומלוסט אויף ווי ווייט ער האָט אַ חלק אין

פולקאָמענהייט פון וועלכן עס איז גראַד. מיר קאָנען אויך נישט זאָגן, אַז אומלוסט באַשטייט אין דעם מאַנגל פון אַ גרעסערער פולקאָמענהייט. דען מאַנגל איז גאָרנישט, בעת די עמאָציע פון לוסט איז אַן אַקטיוויטעט. דערפאַר קאָן די דאָזיגע אַקטיוויטעט זיין בלויז די אַקטיוויטעט פון איבערגאַנג פון אַ גרעסערער צו אַ קלענערער פולקאָמענהייט — מיט אַנדערע ווערטער, עס איז אַן אַקטיוויטעט, וואָס דורך איר ווערט די ווירקונגס-קראַפט פון דעם מענטשן פאַרמינערט אָדער איינגעשרענקט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI).

איך לאָז דורך די דעפיניציעס פון פריילעכקייט, סטימולאַציע, מעלאַנכאָליע און צער, ווייל זיי באַציהען זיך הויפּטזעכלעך אויף דעם קערפער, און זיי זענען נאָר מינים פון לוסט און אומלוסט.

IV. באַוואונדערונג איז די פאָרשטעלונג פון אַ זאַך, וואָס פון איר ווערט דער גייסט נשתּומם דערפאַר, ווייל די דאָזיגע פאָרשטעלונג האָט נישט קיין פאַרבינדונג מיט אַנדערע פאָרשטעלונגען.

דערקלערונג. אין דער אָנמערקונג צו זאַץ XVIII, טייל II האָבן מיר געצייגט, פאַרוואָס דער גייסט פון דער באַטראַכטונג איבער איין זאַך פאַלט באַלד אַריין אין דער באַטראַכטונג פון אַן אַנדער זאַך; דאָס איז נעמלעך דערפאַר, וואָס די פאָרשטעלונגס-בילדער פון די דאָזיגע זאַכן זענען פאַרקייטלט איינס מיט דעם אַנדערן און אַזוי איינגעאָרדנט, אַז איינס פאָלגט דאָס אַנדערע. דער דאָזיגער צושטאַנד פון אַסאָציאַציע איז אוממעגלעך, ווען דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון איין זאַך זאָל זיין ניי; דער גייסט וועט יעמאָלט בלייבן שטעקן אין דער באַטראַכטונג איבער דער דאָזיגער זאַך, ביז וואַנען ער ווערט באַשטימט דורך אַנדערע אורזאַכן צו דענקען וועגן עפּעס אַנדערש.

אויף אַזאַ אופן איז די פאָרשטעלונג פון אַ נייער זאַך, אַן און פאַר זיך באַטראַכט, פון דער זעלבער נאַטור ווי אַנדערע פאָרשטעלונגען; דערפאַר שליס איך נישט איין באַוואונדערונג אונטער די עמאָציעס, און איך זעה אויך נישט פאַרוואָס איך זאָל זיי איינשליסן, וואָרים די דאָזיגע צעשטרייטקייט פון גייסט אַנטשטייט נישט פון קיין פּאָזיטיווער אורזאַך, וועלכע זאָל אָפּציהען דעם גייסט פון אַנדערע זאַכן, נאָר בלויז דערפון, וואָס עס פעלט אַן אורזאַך, וועלכע זאָל דעטערמינירן דעם גייסט איבערצוגיין פון דער באַטראַכטונג פון איין געגנשטאַנד צו דער באַטראַכטונג פון אַן אַנדערן.

איך אָנערקען, דעריבער, בלויז דריי אורשפּרינגלעכע אָדער גרונד-עמאָציעס (ווי איך האָב געזאָגט אין אָנמערקונג צו זאַץ XI, טייל III), נעמלעך, לוסט, אומלוסט און באַגער. איך האָב גערעדט וועגן באַוואונדערונג נאָר צוליב דעם, וואָס עס איז געוואָרן אַ הרגל צו באַצייכענען געוויסע עמאָציעס, וואָס קומען אַרויס פון די אורשפּרינגלעכע, מיט פאַרשיידענע נעמען,

ווען זיי באַציהען זיך אויף געגנשטאַנדן, וועלכע מיר באַוואונדערן. מחמת דעם זעלבן טעם וועל איך דאָ צוגעבן אַ דעפיניציע פון פאַראַכטונג.

V. פאַראַכטונג איז די פאָרשטעלונג פון אַ זאַך, וועלכע באַריהרט דעם גייסט אַזוי ווייניג, אַז ער ווערט דורך דער געגנוואַרט פון דער זאַך פיל מער באַוועגט זיך פאָרצושטעלן די איכותן, וועלכע זענען נישט פאַראַנען אין איר, איידער אַזעלכע, וואָס זענען פאַראַנען אין איר (אָנמערקונג צו זאַץ LII, טייל III).

די דעפיניציעס פון פאַרענדערונג און גרינגשאַצונג לאָז איך אויס, ווייל ווי ווייט מיר איז באַקאַנט האָבן קיינע עמאָציעס פון זיי זייער נאָמען נישט באַקומען.

VI. ליבע איז לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניג-סטער אורזאַך.

דערקלערונג. די דאָזיגע דעפיניציע דערקלערט מיט גענוגנדער קלאָרקייט די תּמצית פון ליבע; די דעפיניציע, וועלכע ווערט געגעבן פון די דאָזיגע שריפטשטעלער, וואָס זאָגן, אַז ליבע איז דער וואונטש פון דעם לי-בענדן זיך צו פאַראייניגן מיט דער געליבטער זאַך, דריקט אויס אַן אייגנשאַפט, אָבער נישט די תּמצית פון דער ליבע; און ווייל אַזעלכע שריפטשטעלער האָבן נישט גענוג דורכדרינגלעך איינגעזעהן די תּמצית פון ליבע, האָבן זיי אויך נישט געקאָנט האָבן קיין קלאָרן באַגריף פון אירע אייגנשאַפטן, און דערפון איז עס געקומען, וואָס זייער דעפיניציע ווערט פון אַלע און איבעראַל אָנגענומען צו זיין אַ זייער דונקעלע. עס מוז אָבער באַמערקט ווערן, אז ווען איך זאָג, אַז עס איז אַן אייגנשאַפט פון דער ליבע, אַז דער ליבנדער זאָל ווינטשן זיך צו פאַראייניגן מיט דער געליבטער זאַך, פאַרשטיי איך נישט אונ-טער וואונטש צושטימונג אָדער איבערלייגונג, אָדער אַ פרייען אַנטשלוס פון דעם גייסט (דען, אַז דאָס איז אַ פיקציע האָב איך באַוויזן אין זאַץ XLVIII, טייל II); איך פאַרשטיי אויך נישט קיין באַגער צו זיין פאַראיי-ניגט מיט דער געליבטער זאַך, ווען זי איז אָפּוועזנד, אָדער צו דערהאַלטן איר געגנוואַרט, ווען זי איז יאָ פאַראַן! מחמת, די ליבע קאָן באַגריפן ווערן אָן דעם אָדער יענעם באַגער; אונטער וואונטש פאַרשטיי איך די באַפרי-דיגונג, וועלכע איז פאַראַן אין דעם ליבענדן, צוליב דער געגנוואַרט פון דער געליבטער זאַך, וואָס דורך איר ווערט די לוסט פון דעם ליבענדן פאַרשטאַרקט אַדער לפּחות גענערט.

VII. האַס איז אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנוויי-ניגסטער אורזאַך.

דערקלערונג. דאָס, וואָס איז דאָ באַמערקט געוואָרן, איז לייכט צו

פאַרשטיין, לויט דעם וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין דער ערקלערונג פון דער פאָריגער דעפיניציע (זעה אויך אָנמערקונג צו זאַץ XIII, טייל III).

VIII. נייגונג איז לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון עפּעס, וואָס איז דורך אַ צופאַל די אורזאַך פון לוסט.

IX. ווידערווילן איז אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון עפּעס, וואָס איז דורך אַ צופאַל די אורזאַך פון אומלוסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XV).

X. פאַרעהרונג איז ליבע צו איינעם, וועמען מיר באַוואונדערן.

דערקלערונג. באַוואונדערונג קומט (ווי מיר האָבן געצייגט אין טייל III, זאַץ LII) פון דער נייקייט פון אַ זאַך. ווען עס טרעפט, אַלזאָ, אַז דאָס, וואָס מיר באַוואונדערן, שטעלן מיר זיך עס אָפּט פאָר, וועלן מיר עס אויפהערן צו באַוואונדערן; אַזוי אַרום זעהען מיר, אַז די עמאָציע פון פאַרעהרונג קאָן גרינג פאַרוואַנדלט ווערן אין איינפאַכער ליבע.

XI. שפּאָט איז לוסט, וואָס אַנטשטייט דערפון, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס איז פאַראַן עפּעס, וואָס מיר פאַראַכטן אין דער זאַך, וועלכע מיר האַסן.

ערקלערונג. אויף ווי ווייט מיר פאַראַכטן אַ זאַך, וועלכע מיר האַסן, פאַרנעמען מיר איר עקזיסטענץ (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ LII), און אויף אַזוי ווייט פרייען מיר זיך (טייל III, זאַץ XX). היות, אָבער, ווי מיר נעמען אָן, אַז דער מענטש האַסט דאָס, וואָס ער פאַרשפּאָט, קומט-אויס, אַז זיין לוסט איז נישט קיין רייכע לוסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XLVII).

XII. האָפנונג איז אַן אומבאַשטענדיגע לוסט, וועלכע אַנטשטייט פון אַן אידעע פון אַ צוקונפטיגער, אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, וואָס איבער איר אויסגאַנג זענען מיר אין אַ געוויסער הינזיכט אין ספק.

XIII. שרעק איז אומבאַשטענדיגע אומלוסט, וועלכע אַנטשטייט פון אַן אידעע פון אַ צוקונפטיגער, אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, וואָס איבער איר אויסגאַנג זענען מיר אין אַ געוויסער הינזיכט אין ספק (טייל III, אָנמערקונג II צו זאַץ XVIII).

ערקלערונג. פון די דאָזיגע דעפיניציעס פאָלגט, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין האָפנונג אָן שרעק און קיין שרעק אָן האָפנונג. דען, ווער עס שוועבט אין האָפנונג, און איז אין ספק איבער דעם אויסגאַנג פון אַ זאַך, וועגן אים נעמען מיר אָן, אַז ער שטעלט זיך עפּעס פאָר, וואָס שליסט-אויס די עקזיסטענץ פון דער זאַך אין דער צוקונפט, און אויף אַזוי ווייט, אַלזאָ, עמפינדט ער אומלוסט (טייל III, זאַץ XIX), און, פאָלגלעך, בשעת ער שוועבט אין האָפנונג, שרעקט ער זיך, אַז די זאַך זאָל נישט קומען צושטאַנד. דאַ-געגן, ווער עס שרעקט זיך, דאָס הייסט, איז אין ספק איבער דעם אויסגאַנג

פון דער זאַך, וועלכע ער האַסט, שטעלט זיך אויך עפּעס פאָר, וואָס שליסט אויס די עקזיסטענץ פון דער באַטרעפנדער זאַך; אויף אַזויפיל עמפינדט ער לוסט, און, פאָלגלעך, האָפט ער, אַז די זאַך וועט נישט מקוים ווערן (טייל III, זאַץ XX).

XIV. **בטחון** איז לוסט, וועלכע אַנטשטייט פון אַ צוקונפטיגער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, וואָס פון איר איז אַוועקגעשאַפן געוואָרן יעדע אורזאַך פון ספק.

XV. **יאוש** איז אומלוסט, וועלכע אַנטשטייט פון דער אידעע פון אַ צוקונפטיגער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, וואָס פון איר איז אַוועקגעשאַפן געוואָרן יעדע אורזאַך פון ספק.

**ערקלערונג.** בטחון, אַלזאָ, קומט פון האָפנונג און יאוש פון שרעק, ווען עס ווערט אַוועקגעראַמט יעדע אורזאַך פון ספק איבער דעם אויסגאַנג פון דער זאַך. דאָס געשעהט דערפאַר, וואָס דער מענטש שטעלט זיך פאָר אַ זאַך אין דעם עתיד אָדער אין דער עבר אַלס געגנוואַרטיג, און באַטראַכט זי אַלס אַזעלכע, אָדער דערפאַר, וואָס ער שטעלט זיך פאָר אַנדערע זאַכן, וועלכע שליסן-אויס די עקזיסטענץ פון די אורזאַכן, וואָס האָבן אין אים דעם צווייפל אַרויסגערופן. דען, הגם מיר קאָנען קיינמאָל נישט זיין אַבסאָלוט זיכער וועגן דעם אויסגאַנג פון אַן איינצלנער זאַך, (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXI) קאָן עס פונדעסטוועגן טרעפן, אַז מיר זאָלן בנוגע איר קיין ספק נישט פילן, מחמת מיר האָבן געצייגט (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XLIX), אַז צו צווייפלען וועגן אַ זאַך איז נישט דאָס זעלבע, וואָס צו זיין זיכער וועגן איר. אויף אַזאַ אופן קאָן עס געשעהן, אַז מיר זאָלן פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ זאַך אין דעם עתיד אָדער אין דעם עבר אויפגערעגט ווערן מיט דער זעלבער עמאָציע פון לוסט אָדער אומלוסט, ווי פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ זאַך אין דער געגנוואַרט. דאָס האָב איך שוין באַוויזן אין טייל III, זאַץ XVIII, וואָס צו אים, ווי אויך צו דער אָנמערקונג פון דעם זעלבן זאַץ, שיק איך אָפּ דעם לעזער.

XVI. **פרייד** איז לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַ פאַרגאַנגענער זאַך, וועלכע האָט איינגעטראָפן אומדערוואַרטערהייט.

XVII. **אַנטוישונג** איז אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַ פאַרגאַנגענער זאַך, וועלכע האָט איינגעטראָפן אומדערוואַרטערהייט.

XXIII. **רחמנות** איז אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון בייז, וואָס האָט באַפאַלן עמיצן, וואָס מיר שטעלן זיך אים פאָר אַלס פון אונזער גלייכן (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXII און אָנמערקונג צו זאַץ XXVII).

**ערקלערונג.** צווישן מיטלייד און באַרמהערציגקייט שיינט נישט

צו זיין קיין נפקא-מינה, חוץ אפשר דער, וואָס מיטלייד באַציהט זיך אויף אַן איינצלנער אַקציע, און באַרמהאַרציגקייט אויף אַ נייגונג.

XIX. גונסט איז ליבע צו איינעם, וואָס האָט גוטס געטאָן צו אַן אַנדערן.

ערקלערונג. איך ווייס, אַז אין דעם געוויינלעכן שפּראַך-געברויך באַדייטן די דאָזיגע ווערטער עפּעס אַנדערש. מיין כּונה איז אָבער צו ערקלערן נישט דעם באַדייט פון ווערטער, נאָר די נאַטור פון זאַכן. דעריבער באַצייכן איך זיי מיט אַזעלכע אויסדריקן, וואָס זאָלן אַרויסברענגען מיין רעיון, און דערביי זאָלן זיי נישט ליידן פון אַ צו-שטאַרקן אָפּקער פון זייער באַדייט אין דער געברויכלעכער שפּראַך. זאָל די דאָזיגע דערמאָנונג גילטן איין מאָל פאַר אַלע מאָל. וועגן דער אורזאַך פון די אויבנדערמאָנטע עמאָציעס זעה טייל III, שלוסזאַץ צו זאַץ XXVII, און טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXII.

XXI. איבערשאַצונג הייסט: צו האָבן וועגן עמיצן אַ צו-גוטע מיינונג, דערפאַר וואָס מיר האָבן אים ליב.

XXII. אונטערשאַצונג הייסט; צו האָבן וועגן עמיצן אַ צו-שלעכטע מיינונג דערפאַר וואָס מיר האַסן אים.

דערקלערונג. איבערשאַצונג איז, אַלזאָ, אַ פּעולה פון ליבע, און אונטערשאַצונג — אַ פּעולה פון האַס: אַזוי, אַז איבערשאַצונג קאָן אויך דעפינירט ווערן אַלס ליבע, אויף ווי ווייט זי באַאיינפלוסט דעם מענטשן צו האָבן אַ צו-גוטע מיינונג וועגן דער געליבטער זאַך. אומגעקערט, די אונטערשאַצונג קאָן דעפינירט ווערן אַלס האַס, אויף ווי ווייט זי באַאיינפלוסט דעם מענטשן צו האָבן אַ צו-שלעכטע מיינונג וועגן דער געהאַסטער זאַך (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXVI).

XXIII. קנאה איז האַס, אויף ווי ווייט זי באַאיינפלוסט דעם מענטשן צו עמפּינדן אומלוסט איבער דעם גליק פון אַן אַנדערן, און זיך פרייען מיט דעם אומגליק פון אַן אַנדערן.

דערקלערונג. דער געגנזאַץ פון קנאה איז געוויינטלעך באַרמהערציגקייט, וועלכע מען קאָן, אויף אַזאַ אופן, געגן דעם געוויינלעכן געברויך פון וואָרט, אזוי דעפינירן:

XXIV. באַרמהערציגקייט איז ליבע, אויף ווי ווייט זי באַאיינפלוסט דעם מענטשן צו עמפּינדן לוסט איבער דעם גליק פון אַן אַנדערן, און אומגעקערט, צו עמפּינדן אומלוסט איבער דעם אומגליק פון אַן אַנדערן.

דערקלערונג. וועגן קנאה זעה די אָנמערקונגען צו זאַצן XXIV און XXXII, טייל III.

דאָס זענען אַלזאָ די עמאָציעס פון לוסט און אומלוסט, וועלכע זענען צופעליג אָדער אוממיטלבאַר פאַרבונדן מיט דער אידעע פון אַן אויסנווייניג-

סטער זאַך אַלס אורזאַך. איך גיי איצט אַריבער צו אַנדערע עמאָציעס, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט דער אידעע פון אַן אינעווייניגסטער זאַך אַלס אורזאַך.

XXV. זעלבסטצופרידנהייט איז לוסט, וואָס אַנטשטייט דערפון, וואָס דער מענטש באַטראַכט זיך זעלבסט און זיין אייגענע ווירקונגס־קראַפט.

XXVI. נידערגעשלאָגנקייט איז אומלוסט, וואָס אַנטשטייט דערפון, וואָס דער מענטש באַטראַכט זיין שוואַכקייט פון קערפער אָדער גייסט.

דערקלערונג. זעלבסטצופרידנהייט איז אַנטקעגנגעזעצט צו נידערגעשלאָגנקייט, אויף ווי ווייט מיר פאַרשטייען אונטער איר לוסט, וואָס אַנטשטייט דערפון, וואָס מיר באַטראַכטן אונזער אייגענע ווירקונגס־קראַפט. אויף ווי ווייט, אָבער, מיר פאַרשטייען אונטער איר לוסט, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דער אידעע פון אַן אַקציע, וואָס מיר גלויבן, אַז מיר האָבן זי דורכגעפיהרט מיט דעם פרייען באַשלוס פון אונזער גייסט, איז זי אַנטקעגנגעזעצט צו חרטה, וועלכע מיר קאָנען דעפינירן אַזוי:

XXVII. חרטה איז אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַ טאַט, וואָס מיר גלויבן, אַז מיר האָבן זי דורכגעפיהרט מיט דער פרייער החלטה פון אונזער גייסט.

דערקלערונג. די אורזאַכן פון די דאָזיגע עמאָציעס האָב איך אויפגעצייגט אין טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ LI, און טייל III, זאַצן LIII, LIV, און זאַץ LV און אָנמערקונג צו אים. וועגן דער פרייער החלטה פון גייסט זעה טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XXXV. דאָ איז אפשר דאָס אָרט צו באַמערקן, אַז עס איז גאָר קיין חדוש נישט, וואָס די דאָזיגע אַלע טאַטן, וואָס זיי רופט מען געוויינטלעך „שלעכט", טראָגן מיט זיך אומלוסט אַלס פועל יוצא, און אַלע די טאַטן, וואָס זיי רופט מען געוויינטלעך „גוט", רעזאָלטירן אין לוסט. דערפון, וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן, איז גרינג צו פאַרשטיין, אַז דאָס הענגט אָפּ צום גרעסטן טייל פון דער דערציהונג. די עלטערן, דערמיט וואָס זיי פאַרדאַמען די ערשטע קאַטעגאָריע פון טאַטן און מוסרן אָפט זייערע קינדער פאַר זיי, און אויך דערמיט, וואָס זיי רעדן איין די קינדער צו דער צווייטער קאַטעגאָריע און לויבן זי, האָבן זיי געבראַכט דערצו, אַז די ערשטע זאָל זיין אַסאָציאַצירט מיט אומלוסט, און די לעצטע מיט לוסט. דאָס איז אויך באַשטעטיגט דורך דער ערפאַרונג. דען מנהג און רעליגיע זענען נישט די זעלבע ביי אַלע מענטשן, נאָר וואָס ביי איינעם איז הייליג, איז ביי דעם אַנדערן פראָפאַן, און וואָס אייניגע באַטראַכטן פאַר אַ כבוד, באַטראַכטן עס די אַנדערע פאַר אַ חרפה. לפי דעם, ווי יעדער מענטש איז דערצויגן געוואָרן, האָט ער אַנטוועדער חרטה אויף אַ טאַט, אָדער ער גרויסט זיך מיט איר.

XXVIII. **שטאָלץ** הייסט: צו האָבן, אויס ליבע צו זיך גופא, אַ צו-גרויסע מיינונג וועגן זיך.

**ערקלערונג.** שטאָלץ אונטערשיידט זיך, אַלזאָ, פון איבערשאַצונג דערמיט, וואָס די לעצטע באַציהט זיך אויף אַן אויסנווייניגסטן געגנשטאַנד, שטאָלץ אָבער באַציהט זיך אויף אַ מענטשן, וואָס האָט אַ צו-גוטע מיינונג וועגן זיך גופא. פונדעסטוועגן, אַזוי ווי איבערשאַצונג איז די ווירקונג פון ליבע, אַזוי איז שטאָלץ די ווירקונג אָדער אייגנשאַפט פון זעלבסטליבע, און קאָן דערפאַר דעפינירט ווערן אַלס: ליבע צו זיך זעלבסט אָדער צופרידנהייט מיט זיך זעלבסט, אויף ווי ווייט זי באַווירקט אַ מענטשן צו האַלטן וועגן זיך צופיל. צו דער דאָזיגער עמאָציע איז נישט פאַראַן קיין געגנזאַץ. מחמת קיינער האָט נישט קיין זייער שלעכטע מיינונג וועגן זיך אויס האַס צו זיך. איך זאָג, אַז קיינער האָט נישט קיין זייער שלעכטע מיינונג וועגן זיך, אויף ווי ווייט ער שטעלט זיך פאָר, אַז ער איז נישט ביכולת צו טאָן דאָס אָדער יענץ. דען, ווען אַ מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז ער איז נישט אים-שטאַנד צו טאָן עטוואָס, שטעלט ער זיך דאָס פאָר על פי הכרח, און ער ווערט דורך דער דאָזיגער פאָרשטעלונג אַזוי באַאיינפלוסט, אַז ער איז טאַקע ווירקלעך נישט ביכולת צו טאָן דאָס, וואָס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער קאָן נישט טאָן. מחמת אַזוי לאַנג ווי ער שטעלט זיך פאָר, אַז ער קאָן דאָס נישט טאָן, אַזוי לאַנג איז ער נישט באַשטימט עס צו טאָן, און ממילא איז עס אַזוי לאַנג אוממעגלעך פאַר אים עס צו טאָן. דאָך ווען מיר פאַסן-אויף אַזעלכע זאַכן, וואָס הענגען אָפּ פון מיינונג, קאָנען מיר זיך פאָרשטעלן אַלס מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל צו-ווייניג האַלטן פון זיך; דען עס קאָן טרעפן, אַז אַ מענטש, וואָס באַטראַכט טרויעריג זיין אייגענע שוואַכקייט, זאָל זיך פאָרשטעלן, אַז ער איז פאַראַכטעט פון אַלע מענטשן, בעת זיי טראַכטן וועגן קיין זאַך נישט אַזוי ווייניג ווי וועגן פאַראַכטונג צו אים. אַחוץ דעם קאָן אַ מענטש האָבן וועגן זיך אַ צו-שלעכטע מיינונג, ווען ער זאָגט זיך אָפּ עפּעס אין דער געגנוואַרט בנוגע דער צוקונפט, וועגן וועלכער ער איז נישט זיכער; ווי ווען ער זאָל, למשל, באַהויפּטן, אַז ער קאָן נישט בילדן קיין קלאָרע באַגריפן, אָדער, אַז ער קאָן קיין זאַך אַחוץ שלעכטס און שענדלעכס נישט באַגערן, א. א. וו. מיר קאָנען אויך זאָגן, אַז אַ מענטש דענקט ווייניג וועגן זיך, ווען מיר זעהען, אַז אויס גרויס מורא אָדער שאַנד וואַגט ער נישט צו טאָן, דאָס וואָס אַנדערע זיין-גלייכן וואַגן יאָ. מיר קאָנען, דעריבער, אַוועקשטעלן אין געגנזאַץ צו שטאָלץ, אַן עמאָציע, וועלכע איך וועל אָנרופן זעלבסטדערנידערונג, דען אַזוי ווי פון זעלבסטצופרידנהייט קומט שטאָלץ, אַזוי קומט פון נידערגעשלאָגנקייט זעלבסטדערנידערונג, וועלכע מיר וועלן אויף פאָלגענדן אופן דעפינירן:

XXIX. זעלבסטדערנידערונג באַדייט צו האָבן וועגן זיך, אויס אומלוסט, אַ צו-שלעכטע מיינונג.

ערקלערונג. מיר זענען פונדעסטוועגן אין אַלגעמיין צוגעוואוינט צו שטעלן שטאָלץ קעגנאיבער דער נידערגעשלאָגנקייט, אָבער אין אַזאַ פאַל שענקען מיר מער אויפמערקזאַמקייט צו דער ווירקונג פון ביידע עמאָציעס איידער צו זייער נאַטור. מיר פלעגן רופן שטאָלץ דעם מענטשן, וואָס רימט זיך צופיל (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXX), וואָס רעדט וועגן קיין אַנדער זאַך נישט, ווי וועגן זיינע מעלות און אַנדערנס חסרונות, וואָס ער וויל זיין דער ערשטער, און ענדלעך, וואָס טרעט אויף מיט אַ גראַוויטעט און פּאָמפּ, וואָס פּאַסט זיך פאַר די, וואָס פאַרנעמען אַ סך אַ העכערן שטאַנד פאַר אים. דאַגעגן, רופן מיר שפּל דעם מענטשן, וואָס רויטלט זיך אָפט, וואָס איז זיך מודה אויף זיינע פעלערן, און דערציילט די מעלות פון דעם אַנדערן, מאַכט פּלאַץ פאַר אַלעמען, און ענדלעך, וואָס גייט מיט זיין קאָפּ געבויגן און קימערט זיך נישט וועגן פּוץ. איבעריגנס זענען די דאָזיגע עמאָציעס, נידערגעשלאָגנקייט און זעלבסטדערנידערונג, זייער זעלטן. מחמת, די מענטש-לעכער נאַטור, אַן און פאַר זיך באַטראַכט, שטרעבט געגן זיי וויפיל זי קאָן (זעה טייל III, זאַצן LIV, XIII), און, דעריבער, זענען די, וואָס מען האַלט פאַר נידערגעשלאָגענע און שפּלדיגע ביז גאָר, די גרעסטע רודפי-כבוד און בעלי-קנאה.

XXX. כבוד איז לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אונזער אַ האַנדלונג, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז זי ווערט געלויבט פון אַנדערע.

XXXI. שאַנד, איז אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אונזער אַ האַנדלונג, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז זי ווערט פון אַנדערע געטאַדלט.

ערקלערונג. זעה וועגן דעם דאָזיגן געגנשטאַנד די אָנמערקונג צו זאַץ XXX, טייל III. דאָ ווילן מיר, אָבער, אָנווייזן אויף דעם חלוק צווישן שאַנד און באַשיידנהייט. שאַנד איז די אומלוסט, וואָס קומט נאָך דער טאַט, וואָס איבער איר שעמען מיר זיך. באַשיידנהייט איז דער פּחד און די אימה פאַר דער שאַנד, וואָס האַלט אָפּ דעם מענטשן פון צו באַגערן אַ נידריגע טאַט. באַשיידנהייט ווערט געוויינטלעך באַטראַכט אַלס אַ געגנזאַץ צו אומ-פאַרשעמטקייט, וועלכע איז אייגנטלעך גאָר קיין עמאָציע נישט, ווי איך וועל עס אויף דעם פּאַסנדן אָרט צייגן; די נעמען אָבער פון די עמאָציעס (ווי איך האָב עס שוין דערמאָנט) באַציהען זיך מער אויף זייער געברויך איידער אויף זייער נאַטור.

דערמיט האָב איך דערפילט מיין אויפגאַבע פון צו ערקלערן די עמאָציעס, וועלכע אַנטשטייען פון לוסט און אומלוסט. איך גיי דערפאַר אַרי-בער צו די, וואָס באַציהען זיך אויף באַגער.

XXXII. **בענקעניש** איז דער באַגער אָדער פאַרלאַנג נאָך דעם באַזיץ פון אַ זאַך, וועלכער ווערט גענערט פון דעם זכרון פון דער דערמאָנטער זאַך און צוגלייך צוריקגעהאַלטן פון דעם זכרון פון אַנדערע זאַכן, וועלכע שליסן אויס איר עקזיסטענץ.

**דערקלערונג.** ווען מיר געדענקען אַ זאַך, ווערן מיר דורך דעם גופא נוטה צו באַטראַכטן זי מיט דער זעלבער עמאָציע, ווי ווען די זאַך זאָל געגנוואַרטיג זיין; די דאָזיגע נטיה אָבער, אָדער באַשטרעב, ווערט געוויינטלעך, בעת מיר זענען וואַך, געשטערט דורך די פאָרשטעלונגס-בילדער פון זאַכן, וועלכע שליסן אויס די עקזיסטענץ פון דער זאַך, וועלכע מיר געדענקען. אַזוי, אַז ווען מיר געדענקען אַ זאַך, וועלכע האָט אונז אויפגערעגט מיט אַ געוויסער אַרט פון לוסט, שטרעבן מיר דורך דעם גופא צו באַטראַכטן זי מיט דער זעלבער עמאָציע פון לוסט, ווי ווען די זאַך וואָלט געווען געגנוואַרטיג. דער דאָזיגער באַשטרעב, אָבער, ווערט באַלד געהינדערט פון דער געדעכעניש פון זאַכן, וועלכע שליסן אויס די עקזיסטענץ פון דער דערמאָנטער זאַך. דערפאַר איז בענקעניש אייגנטלעך אַן אומלוסט, וועלכע איז אַנטקעגנגעזעצט צו יענער לוסט, וואָס אַנטשטייט פון דער אָפּוועזנהייט פון דער געהאַסטער זאַך (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XLVII). היות אָבער, ווי דער נאָמען בענקעניש שיינט זיך צו באַציהען אויף באַגער, רעכן איך די דאָזיגע עמאָציע צו די עמאָ-ציעס פון באַגער.

XXXIII. **ריוואַליטעט** איז דער באַגער פון אַ זאַך, וועלכער ווערט געבוירן אין אונז דורך דעם, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַנדערע האָבן דעם זעלבן באַגער.

**דערקלערונג.** ווער עס לויפט אַוועק, ווייל ער זעהט אַנדערע אַוועקלויפן, אָדער ווער עס שרעקט זיך, ווייל ער זעהט אַנדערע אין שרעק; אָדער ווער, ווידער, ווען ער זעהט, אַז אַן אַנדערער האָט זיך זיין האַנט פאַר-ברענט, ציהט צוריק זיין האַנט, און מאַכט אַזעלכע באַוועגונגען ווי זיין איי-גענע האַנט וואָלט פאַרברענט געוואָרן, וועגן אַזעלכן זאָגן מיר, אַז ער מאַכט נאָך די עמאָציע פון אַן אַנדערן, אָבער נישט, אַז ער קאָנקורירט מיט איהר, נישט ווייל די אורזאַכן פון ריוואַליטעט און אימיטאַציע זענען פאַרשיידן, נאָר דערפאַר, וואָס עס איז געוואָרן אַ רגילות צו רעדן וועגן ריוואַליטעט נאָר אין דעם יעניגן, וואָס מאַכט נאָך דאָס, וואָס מיר האַלטן פאַר אַנשטענדיג, ניצלעך און איינגענעם. וועגן דער אורזאַך פון ריוואַליטעט זעה טייל III, זאַץ XXVII און אָנמערקונג צו דעם זעלבן זאַץ.

פאַרוואָס אָבער די דאָזיגע עמאָציע ווערט מייסטנטיילס פאַרבונדן מיט דער עמאָציע פון קנאה, קאָן מען זעהן פון טייל III, זאַץ XXXII און אָנמערקונג.

XXXIV. דאַנק אָדער דאַנקבאַרקייט איז דער באַגער, אָדער די שטאַרקע איבערגעבנהייט, וואָס אַנטשטייט פון ליבע, וואָס דורך איר באַשטרעבן מיר וואויל צו טאָן יענעם, ווער עס האָט, אויס די זעלבע געפילן פון ליבע, אונז וואויל געטאָן (זעה טייל III, זאַך XXXIX, און זאַך XLI מיט דער אָנמערקונג צו זאַך).

XXXV. וואוילטעטיגקייט איז דער באַגער וואויל צו טאָן דעם, אויף וועמען מיר האָבן רחמנות. טייל III, אָנמערקונג צו זאַך XXVII.

XXXVI. צאָרן איז דער באַגער, וואָס דורך אים ווערן מיר אויס האַס געטריבן שלעכטס צו טאָן דעם, וועמען מיר האַסן (טייל III, זאַך XXXIX).

XXXVII. נקמה איז דער באַגער, וואָס דורך אים ווערן מיר אויס געגנזייטיגן האַס געטריבן צו טאָן שלעכטס דעם, ווער עס האָט אויס די זעלבע געפילן אונז שלעכטס געטאָן (זעה טייל III, שלוסזאַך II, און אָנמערקונג צו זאַך XL).

XXXVIII. גרויזאַמקייט אָדער ווילדקייט איז דער באַגער, וואָס דורך אים ווערט דער מענטש אָנגערייצט צו טאָן שלעכטס דעם, וועמען מיר ליבן אָדער מיט וועמען מיר האָבן מיטלייד.

דערקלערונג. דער געגנזאַץ פון גרויזאַמקייט איז מילדקייט, וועלכער איז אָבער נישט קיין פּאַסיווע צושטאַנד פון גייסט, רק אַ מאַכט פון דער נשמה, וואָס דורך איר באַהערשט דער מענטש זיין צאָרן און נקמה.

XXXIX. שרעקדיקייט איז דער באַגער צו פאַרמיידן, דורך אַ קלענער בייז, אַ גרעסער בייז, פאַר וועלכן מיר שרעקן זיך (טייל III, אָנמערקונג צו זאַך XXXIX).

XL. דרייסטקייט איז דער באַגער, וואָס דורך אים ווערט אַ מענטש געטריבן צו אונטערנעמען עטוואָס, הגם עס איז פאַרבונדן מיט אַ געפאַר, וואָס אויס שרעק פאַר איר וועלן אַנדערע פון זיין גלייכן נישט ריזיקירן עס צו טאָן.

XLI. פייגהייט ווערט צוגעשריבן צו איינעם, וואָס זיין באַגער ווערט געשטערט דורך דער שרעק פאַר אַ געפאַר, וואָס אַנדערע פון זיין גלייכן וואַגן זיך געגן איר צו שטעלן.

ערקלערונג. פייגהייט איז דעריבער קיין אַנדער זאַך נישט, ווי די שרעק פאַר אַ בייז, וואָס פאַר אים פלעגן זיך דאָס רוב מענטשן נישט שרעקן. דערום רעכן איך זי נישט אונטער די עמאָציעס, וואָס אַנטשטייען פון באַגער. דאָך האָב איך זי געוואָלט דאָ ערקלערן, ווייל אויף ווי ווייט מיר האָבן אין אויג דעם באַגער, איז זי די דאָזיגע עמאָציע, אַנטקעגנגעזעצט צו דער עמאָציע פון דרייסטקייט.

XLII. קאָנסטערנאַציע ווערט צוגעשריבן צו איינעם, ווען מען באַגער צו פאַרמיידן שלעכטס ווערט געשטערט פון דעם שטוינען איבער דעם שלעכטס, פאַר וועלכן ער שרעקט זיך.

ערקלערונג. קאנסטערנאַציע איז, אַלזאָ, אַן אַרט פון פייגהייט. אויף וויפיל אָבער קאָנסטערנאַציע אַנטשטייט פון אַ דאָפּלטער שרעק, קאָן זי נענטער דעפינירט ווערן אַלס שרעק, וואָס האַלט דעם מבולבלדיגן און וואַקל-דיגן מענטשן אַזוי פעסט, אַז ער איז נישט ביכולת זיך ווערן געגן דעם שלעכטס. איך זאָג „מבולבלדיגן" אויף ווי ווייט מיר פאַרשטייען, אַז זיין באַגער זיך צו ווערן געגן דעם שלעכטס, איז געשטערט פון זיין שטוינען, איך זאָג „וואַקלדיגן" אויף ווי ווייט מיר פאַרשטייען, אַז דער דערמאָנטער באַגער איז געשטערט פון דער שרעק פאַר אַן אַנדער שלעכטס, וואָס פייניגט אים צוגלייך, אַזוי אַז ער ווייסט נישט פון וועלכן פוןביידע זיך אָפּצוּווענדן. זעה איבער דעם דאָזיגן געגנשטאַנד טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXXIX און אָנמערקונג צו זאַץ LII. וועגן פייגהייט און דרייסטקייט זעה טייל III, אָנ-מערקונג צו זאַץ LI.

XLIII. ליבנסווירדיקייט אָדער באַשיידנהייט איז דער באַגער צו טאָן דאָס, וואָס געפעלט מענטשן, און צוריקהאַלטן זיך דערפון, וואָס עס געפעלט זיי נישט.

XLIV. אַמביציע איז דער אוממעסיגער באַגער נאָך כבוד.

ערקלערונג. אַמביציע איז דער באַגער, וואָס דורך אים ווערן אַלע עמאָציעס גענערט און פאַרשטאַרקט (טייל III, זאַצן XXVII און XXXI), דעריבער קאָן מען קוים גובר זיין די דאָזיגע עמאָציע. דען, אַזוי לאַנג ווי דער מענטש איז פאַרכאַפּט פון אַ וואָסער עס איז באַגער, איז ער אין דער אייגענער צייט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, פאַרכאַפּט פון דער דאָ-זיגער עמאָציע. „גראָד די בעסטע מענטשן", זאָגט ציצעראָ, „ווערן דאָס רוב געלייטעט פון דעם באַגער נאָך כבוד. אפילו פילאָסאָפן, ווען זיי שרייבן אַ בוך, וואָס אין אים פאַרדאַמען זיי דאָס יאָגן-זיך נאָך כבוד, שרייבן אויף זייערע נעמען אויף אים". א. א. וו.

XLV. לוקסוס איז דער אוממעסיגער באַגער אָדער אפילו ליבע צו אַ לעבן אויף אַ פראַכטפולן און גרויסאַרטיגן שטייגער.

XLVI. שכרות איז דער אוממעסיגער באַגער און ליבע צו משקה.

XLVII. גייץ איז דער אוממעסיגער באַגער און ליבע צו רייכקייט.

XLVIII. תאוה איז באַגער און ליבע צום געשלעכטלעכן פאַרקער.

ערקלערונג. מעג דער דאָזיגער באַגער זיין אוממעסיג, אָדער נישט, הייסט ער תאוה. די דאָזיגע לעצטע פינף עמאָציעס (ווי איך האָב אויפגעצייגט אין טייל III, זאַץ LVI) האָבן נישט קיין געגנזאַצן. דען לייט-

זעליגקייט איז אַן אַרט פון אַמביציע. טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXIX.

ווייטער האָב איך שוין אויך אָנגעצייגט, אז טעמפּעראַנץ, ניכטערקייט און צניעות דייטן אָן א מאַכט פון גייסט, אָבער נישט קיין פּאַסיוויטעט פון גייסט. עס קאָן פונדעסטוועגן געשעהן, אַז אַ זשעדנער, אַמביציעזער, אָדער אַ שרעקעדיגער מענטש זאָל זיך אָפּהאַלטן פון אוממעסיגקייט אין עסן, טרינקען, אָדער סעקסועלער אָפּגעגעבנקייט, דאָך זענען זשעדנעקייט, אַמביציע און שרעק נישט קיין הפכים פון לוקסוס, שכרות און אויסגעלאַסנקייט, מחמת אַ געלד-גייציגער מענטש איז אָפט צופרידן אויף דעם חשבון פון אַן אַנדערן צו טרינקען און זויפן. אַן אַמביציעזער מענטש וועט זיך פון קיין זאַך נישט אָפּהאַלטן אַזוי לאַנג ווי ער דענקט, אַז זיין צעלאָזנקייט וועט בלייבן אַ סוד. און ווען ער לעבט צווישן שכורים און אויסגעלאַסענע וועט ער, דוקא ווייל ער איז אַמביציעז, זיין גענייגט צו די דאָזיגע לעסטערונגען. אַ מענטש אַ פּחדן, ענדלעך, טוט דאָס, וואָס ער וויל נישט. אַ געלט-גייציגער מענטש וועט בלייבן געלט-גייציג, אפילו ווען ער זאָל, כדי צו פאַרמיידן טויט, אַריינוואַרפן זיינע אוצרות אין ים אַריין. און ווען דער בעל-תאווה איז נידערגעשלאָגן, ווייל ער קאָן נישט זיינע תשוקות באַפרידיגן, הערט ער נישט אויף מהאי טעמא צו זיין אַ בעל-תאווהניק. איבערהויפּט באַציהען זיך נישט די דאָזיגע עמאָציעס אַזויפיל אויף די אַקטועלע האַנדלונגען פון זויפן און טרינקען, ווי אויף דעם פאַרלאַנג און ליבע גופא. קיין זאַך קאָן, דעריבער, נישט געשטעלט ווערן געגנאיבער די דאָזיגע עמאָציעס, אַחוץ ווילן-שטאַרקייט און איידלמוט, וואָס וועגן זיי וועל איך באַלד רעדן.

די דעפיניציעס פון אייפערזוכט און אַנדערע וואַקלונגען פון גייסט, גיי־איך פאַרביי אין שטיל-שווייגעניש, ערשטנס, דערפאַר וואָס זיי אַנטשטייען פון דער צונויפזעצונג פון די עמאָציעס, וואָס איך האָב שוין ערקלערט, צווייטנס, דערפאַר וואָס דאָס רוב פון זיי האָבן נישט קיין באַזונדערע נעמען, וואָס דאָס ווייזט, אַז פאַר פּראַקטישע צוועקן איז גענוג צו האָבן וועגן זיי בלויז אַן אַלגעמיינע ידיעה. איבריגנס איז עס קלאָר פון די דעפיניציעס פון די עמאָציעס, וועלכע איך האָב אָנגעגעבן, אַז זיי אַלע אַנטשטייען פון באַגער, לוסט און אומלוסט, אָדער פיל מער, אַז עס זענען נישט פאַראַן קיינע אַנדערע אַחוץ די דאָזיגע דריי, וואָס יעדערע פון זיי פלעגט מיט פאַרשיידענע נעמען באַצייכנט ווערן לפי אירע פאַרשיידענע שייכותן און אויסנווייניגסטע סימנים.

ווען מיר שענקען איצט אונזער אויפמערקזאַמקייט צו די דאָזיגע פּרימיטיווע עמאָציעס און צו דעם, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער נאַטור פון דעם גייסט, וועלן מיר זיין אימשטאַנד צו דעפינירן די עמאָציעס אויף ווי ווייט זיי באַציהען זיך בלויז אויף דעם גייסט.

אַלגעמיינע דעפיניציעס פון די עמאָציעס. אַן עמאָציע וועלכע הייסט אַ פּאַסיווויטעט פון דעם געמיט, איז אַ מבולבלדיגע אידעע, וואָס דורך איר באַיאָהט דער גייסט וועגן זיין קערפּער, אָדער אַ וועלכע עס איז טייל פון אים, אַ גרעסערע אָדער קלענערע איידער פריהער עקזיסטענץ־קראַפט, וואָס ווען זי איז פאַראַן, דעטערמינירט זי דעם גייסט גופא צו דענקען וועגן איין זאַך מער, איידער וועגן אַן אַנדערער.

ערקלערונג. איך זאָג צוערשט, אַז אַן עמאָציע אָדער אַ ליידנשאַפט פון דעם געמיט איז אַ מבולבלדיגע אידעע. מחמת, איך האָב געצייגט (טייל III, זאַץ III), אַז דער גייסט איז פּאַסיוו נאָר אויף אַזוי וויט, ווי ער האָט אומאַדעקוואַטע און צעמישטע אידעען.

איך זאָג ווייטער, „וואָס דורך איר באַיאָהט דער גייסט וועגן זיין קערפּער, אָדער וועלכן עס איז טייל פון אים גרעסערע אָדער קלענערע ווי פריהער עקזיסטענץ־קראַפט”, מחמת, אַלע אידעען, וואָס מיר האָבן וועגן קערפּער, צייגן (טייל II, שלוסזאַץ II צו זאַץ XVI) מער דעם אַקטועלן צושטאַנד פון אונזער קערפּער, איידער די נאַטור פון דעם אויסנווייניגסטן קערפּער. די אידעע, אַלזאָ, וועלכע שטעלט צונויף די רעאַליטעט פון אַן עמאָציע, מוז אָנצייכענען אָדער אויסדריקן דעם צושטאַנד פון דעם קערפּער, אָדער פון אַ געוויסן טייל זיינעם, וואָס דער קערפּער גופא אָדער זיינער אַ טייל האָט אַלס אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס זיין ווירקונגס־קראַפט אָדער עקזיסטענץ־קראַפט איז פאַרמערט אָדער פאַרמינערט געוואָרן, געהאָלפן אָדער געשטערט געוואָרן. עס מוז אָבער באַמערקט ווערן, אַז ווען איך זאָג אַ „גרעסערע אָדער קלענערע עקזיסטענץ־קראַפט” איידער פריהער, מיין איך נישט צו זאָגן, אַז דער גייסט פאַרגלייכט דעם געגנוואַרטיגן מיט דעם פאַרגאַנגענעם צושטאַנד פון קערפּער, נאָר אַז די אידעע, וועלכע שטעלט צונויף די רעאַליטעט פון אַן עמאָציע, באַיאָהט עטוואָס וועגן קערפּער, וואָס שליסט אין זיך באמת איין מער אָדער ווייניגער רעאַליטעט איידער פריהער.

און היות ווי די עסענץ פון גייסט באַשטייט דערין (טייל II, זאַצן XIII, XI), וואָס ער באַשטעטיגט די אַקטועלע עקזיסטענץ פון זיין אייגענעם קערפּער, און היות ווי מיר פאַרשטייען אונטער פולקאָמענהייט דעם עצם תמצית פון אַ זאַך, ובכן קומט־אויס, אַז דער גייסט גייט אַריבער צו אַ גרעסערער אָדער קלענערער פולקאָמענהייט אַזוי באַלד ווי עס געשעהט, אַז ער באַיאָהט וועגן זיין אייגענעם קערפּער און וועגן וועלכן עס איז טייל פון אים עטוואָס, וואָס שליסט איין מער אָדער ווייניגער רעאַליטעט איידער פריהער.

ווען איך האָב אַלזאָ אויבן געזאָגט, אַז די דענק־קראַפט פון גייסט ווערט פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, האָב איך קיין אַנדער זאַך נישט געוואָלט ווי פאַרשטאַנען צו ווערן, אַז דער גייסט האָט געבילדעט וועגן זיין אייגענעם

קערפּער, אָדער וועגן אַ געוויסער טייל זיינער אַן אידעע, וועלכע דריקט-אויס מער אָדער ווייניגער רעאַליטעט, איידער ער האָט שוין פון פריהער באַיאָהט וועגן זיין אייגענעם קערפּער, דען די פּאַרטרעפלעכקייט פון אידעען און די אַקטועלע דענק-קראַפט ווערט געמאָסטן דורך דער פּאַרטרעפלעכקייט פון דעם געגנשטאַנד.

ענדלעך, האָב איך צוגעגעבן „וואָס, ווען זי איז פאַראַן, דעטערמינירט זי דעם גייסט גופא צו דענקען מער וועגן איין זאַך, איידער וועגן אַן אַנדע־רער”, כדי אַחוץ דער נאַטור פון לוסט און אומלוסט, וואָס זי דערקלערט דער ערשטער טייל פון דער דעפיניציע, זאָל איך דערצו נאָך אויך קאָנען אויס־דריקן די נאַטור פון באַגער.

# פערטער טייל

## וועגן דער מענטשלעכער קנעכטשאַפֿט, אָדער וועגן דער מאַכט פֿון די עמאָציעס

### פֿאָרוואָרט

די מענטשלעכע אָנמאַכט צו מעסיקן און צו באַהערשן די עמאָציעס רוף איך קנעכטשאַפֿט; דען, ווען אַ מענטש איז אונטערגעוואָרפֿן צו זיינע עמאָציעס, איז ער נישט זיין אייגענער בעל־הבית, נאָר דער אונטערטאַן פֿון דעם שיקזאַל, וואָס אין זיין מאַכט איז ער אַזוי געפֿאַנגען, אַז ער איז אָפֿט געצוואונגען נאָכצופֿאָלגן דאָס ערגערע, הגם ער האָט איינגעזעהן דאָס בעסערע. פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי, און וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט אין די עמאָציעס, האָב איך בדעה צו צייגן אין דעם דאָזיגן טייל פֿון מיין אָפּהאַנדלונג. איידער אָבער איך הויב אָן, וועל איך מאַכן אייניגע איינלייטנדע באַמערקונגען איבער פֿולקאָמענהייט און אומפֿולקאָמענהייט, ווי אויך איבער גוטס און שלעכטס.

ווען עמיצער האָט זיך פֿאָרגענומען צו טאָן אַ געוויסע זאַך, און ער האָט זי פֿאַרענדיגט, וועט נישט נאָר ער אַליין, נאָר יעדער איינער, וואָס ווייס גענוי, אָדער דענקט, אַז ער ווייס דעם גייסט און צוועק פֿון דעם אויטאָר, זאָגן, אַז די אַרבעט איז איצט פֿולקאָמען. ווען עמיצער, למשל, זעהט אַן אַרבעט (וועלכע איך נעם אָן, אַז זי איז נאָך נישט פֿאַרענדיגט) און ער ווייס, אַז דער צוועק פֿון דעם אויטאָר פֿון דער דאָזיגער אַרבעט איז צו בויען אַ הויז, וועט ער דערקלערן דאָס הויז פֿאַר אומפֿולקאָמען; ער וועט, דאַגעגן, עס רופֿן פֿולקאָמען אַזוי שנעל, ווי ער וועט זעהן, אַז עס איז געבראַכט געוואָרן ביז צום סוף, וועלכן דער אויטאָר האָט לכתחילה אין זינען געהאַט. זעהט אָבער עמיצער אַן אַרבעט, וואָס איר גלייכן האָט ער נאָך קיינמאָל פֿריהער נישט געזעהן, און ווען ער קאָן אויך נישט דעם גייסט פֿון דעם ווערק

מייסטער, וועט ער, נאַטירלעך, נישט קאָנען וויסן צי איז די אַרבעט פולקאָמען אָדער אומפולקאָמען. און דאָס שיינט איז געווען דער ערשטער באַדייט פון די דאָזיגע ווערטער.

נאָכדעם, אָבער, ווי מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו בילדן אַלגעמיינע אידעען, אויסצוטראַכטן מוסטער-בילדער פון הייזער, געביידעס, טורעמס א. א. וו. און פאָרצוציהען אייניגע מוסטער-בילדער צו אַנדערע, איז עס געקומען דערצו, אַז יעדערער האָט גערופן פולקאָמען דאָס, וואָס ער האָט געזעהן, אַז עס שטימט צונויף מיט דער אַלגעמיינער אידעע, וואָס ער האָט געבילדעט וועגן דער באַטרעפנדער זאַך, און אומפולקאָמען האָט ער גערופן דאָס, וואָס ער האָט געזעהן, אַז עס שטימט צונויף ווייניגער מיט דעם אָנגענומענעם מוסטער-בילד, אַפילו ווען לויט דער אָנזיכט פון דעם ווערקמייסטער איז עס געווען פולקאָמען ביז גאָר. דאָס שיינט צו זיין דער איינציגער טעם פאַרוואָס מען רופט נאַטור-זאַכן, וועלכע זענען גאָרנישט געמאַכט געוואָרן פון מענטשלעכע הענט, פולקאָמען אָדער אומפולקאָמען; דען די מענטשן פלעגן וועגן נאַטירלעכע זאַכן בילדן אַלגעמיינע אידעען נישט ווייניגער ווי וועגן קינסטלעכע זאַכן, און אַזעלכע אידעען האַלטן זיי אַלס מוסטער-בילדער און גלויבן, אַז די נאַטור — וועלכע, לויט זייער מיינונג נאָך, טוט נישט קיין זאַך אָן אַ צוועק — האָט זיי אין אויג, און האַלט זיי פאָר אַלס מוסטער-בילדער פאַר זיך. ווען זיי מערקן, דערום, אַז עטוואָס איז אַנטשטאַנען אין דער נאַטור, וואָס שטימט נישט איינגאַנצן צונויף מיט דעם אָנגענומענעם מוסטער-בילד, וואָס זיי האָבן וועגן דעם געבילדעט, גלויבן זיי, אַז די נאַטור גופא האָט אַ פעלער געמאַכט אָדער באַגאַנגען אַ פאַרזעהען, און האָט איר אַרבעט געלאָזט אומפולקאָמען. אויף אַזאַ אופן זעהען מיר, אַז מענטשן זענען געוואוינט צו רופן נאַטירלעכע זאַכן פולקאָמען אָדער אומפולקאָמען פון זייערע אייגענע פאָראורטיילן ליבערשט, איידער פון דער אמתער דערקענטעניש פון דער זאַך.

אין דער הוספה צו דעם ערשטן טייל האָב איך געצייגט, אז די נאטור אַרבעט נישט לשם וועלכן עס איז תכלית. דען דער אייביגער און אומענדלעכער יש, וואָס מיר רופן אים גאָט אָדער נאַטור, האַנדלט על פי דעם זעלבן הכרח, דורך וועלכן ער עקזיסטירט. מחמת, על פי דעם זעלבן הכרח פון זיין נאַטור, דורך וועלכן ער עקזיסטירט, האַנדלט ער אויך, ווי מיר האָבן עס געצייגט אין טייל I, זאַץ XVI. דער טעם, אָדער די סיבה, פאַרוואָס גאָט אָדער די נאַטור עקזיסטירט, און דער טעם פאַרוואָס ער האַנדלט זענען איינע און די זעלבע. אַזוי ווי ער עקזיסטירט נישט לשם וועלכן עס איז צוועק, אַזוי האַנדלט ער אויך נישט לשם וועלכן עס איז צוועק. פון זיין עקזיסטענץ און פון זיין האַנדלונג איז נישט פאַראַן קיין אָנהויב-גרונד און קיין ענד-צוועק. די אורזאַך, וועלכע מען רופט פינאַלע, איז קיין אַנדער זאַך

נישט, ווי מענטשלעכער פאַרלאַנג, אויף ווי ווייט ער ווערט באַטראַכט אַלס דער אורשפּרונג אָדער די ערשטע אורזאַך פון עפּעס. ווען מיר זאָגן, למשל, אַז דאָס באַוואוינען איז די פינאַלע אורזאַך פון דעם אָדער יענעם הויז, פאַרשטייען מיר אונטער דעם קיין אַנדער זאַך נישט ווי דאָס, וואָס דער מענטש, האָבנדיק זיך פאָרגעשטעלט די אָנגענעמלעכקייטן פון הויזלעכן לעבן, האָט באַקומען דעם פאַרלאַנג צו בויען אַ הויז. דעריבער איז דאָס באַוואוינען, אויף ווי ווייט עס ווערט באַטראַכט אַלס אַ פינאַלע אורזאַך, קיין אַנדער זאַך נישט ווי דער דאָזיגער איינצלנער באַגער, וועלכער איז אין דער אמתן די באַווירקנדע אורזאַך; עס ווערט באַטראַכט אַלס אַן ערשטע אורזאַך דערפאַר, וואָס מענטשן בכלל קענען נישט די אורזאַכן פון זייערע באַגערן. זיי זענען, ווי איך האָב עס שוין אָפט געזאָגט, באַוואוסטזיניק אויף זייערע אייגענע האַנדלונגען און פאָרשלאַגן, אָבער אומבאַוואוסטזיניק אויף די אורזאַכן, וואָס דורך זיי ווערן זיי באַשטימט עטוואָס צו פאַרלאַנגען. ובכן, איז דאָס, וואָס מען זאָגט געוויינטלעך, אַז די נאַטור באַגייט מאַנכעמאָל פעלערן און פאַרזעהענס און דרינגט אַרויס זאַכן, וואָס זענען אומפולקאָמען, רעכן איך צו צו די פיקציעס, וואָס זיי האָב איך באַהאַנדלט אין דער הוספה צו דעם ערשטן טייל. פולקאָמענהייט און אומפולקאָמענהייט זענען, אַלזאָ, אין דער ווירקלעכקייט נאָר מאָדוסן פון דענקען אָדער באַגריפן, וואָס מיר בילדן דורך דעם, וואָס מיר פאַרגלייכן אינדיווידן פון דעם זעלבן מין אָדער אַרט איינעם מיט דעם אַנדערן; און אויס דעם דאָזיגן גרונד האָב איך אויבן געזאָגט (טייל II, דעפיניציע VI), אַז אונטער רעאַליטעט און פולקאָמענהייט פאַרשטיי איך איינס און דאָס זעלבע. דען מיר זענען געוואוינט צוריקפירן אַלע איינצלנע זאַכן אין דער נאַטור צו איין גאַטונג, וואָס רופט זיך די העכסטע גאַטונג, נעמלעך צו דער קאַטעגאָריע פון זיין, וואָס צו איר געהערן אַבסאָלוט אַלע אינדיווידן אין דער נאַטור. אויף אַזוי ווייט, אַלזאָ, ווי מיר פירן צוריק אַלע אינדיווידן אין דער נאַטור צו דער דאָזיגער קאַטעגאָריע, און נאָכדעם פאַרגלייכן זיי איינעם מיט דעם אַנדערן, געפינען מיר, אַז איינציגע באַזיצן מער זיין אָדער רעאַליטעט איידער די אַנדערע; אויף אַזוי ווייט זאָגן מיר, אַז אייניגע זענען מער פולקאָמען איידער די אַנדערע, און אויף ווי ווייט מיר שרייבן זיי צו עפּעס אַזעלכס, וואָס שליסט-איין געגאַציע, ווי גרענעץ, סוף, אָנמאַכט און דאָס גלייכן, אויף אַזוי ווייט רופן מיר זיי אומפאָלקאָמען, ווייל זיי באַאיינפלוסן אונזער גייסט נישט אַזוי פיל, ווי די זאַכן, וועלכע מיר רופן פולקאָמען; נישט אָבער, דערפאַר וואָס זיי האָבן אַ וועלכן עס איז וועזנטלעכן חסרון, אָדער דערפאַר, וואָס די נאַטור איז באַגאַנגען אַ פאַרזעען, מחמת קיין זאַך קומט נישט צו דער נאַטור פון אַ זאַך, אַחוץ דאָס, וואָס פאָלגט פון דער נאַטור-נויטווענדיקייט פון דער ווירקנדער אורזאַך, און אַלץ, וואָס פאָלגט פון

דער נויטוועגדיגקייט פון דער נאַטור פון דער ווירקנדער אורזאַך, מוז, אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, געשעהן.

וואָס אָנבאַלאַנגט די אויסדריקן גוט און שלעכט, באַצייכענען זיי נישט קיין פּאָזיטיווע קוואַליטעט אין זאַכן, וואָס ווערן אין זיך גופא באַטראַכט, נאָר זיי זענען בלויז מאָדוסן פון דענקען, אָדער באַגריפן, וואָס מיר בילדן דורך דעם, וואָס מיר פאַרגלייכן זאַכן איינע מיט דער אַנדערער. דען איינע און די זעלבע זאַך קאָן אין דער אייגענער צייט זיין גוט, שלעכט און אונדי-פּערענט. מוזיק, למשל, איז גוט פאַר דעם, וואָס איז מעלאַנכאָליש, שלעכט פאַר דעם, וואָס איז אין טרויער, און פאַר דעם, וואָס איז טויב, איז זי נישט גוט און נישט שלעכט.

פונדעסטוועגן, הגם דאָס איז אַזוי, מוזן מיר די דאָזיגע אויסדריקן אָנ-האַלטן. דען, בעת מיר זוכן צו בילדן די אידעע פון דעם מענטשן אַלס אַן אורבילד פון דער מענטשלעכער נאַטור, וועלכע מיר האָבן פאַר די אויגן, וועט עס זיין ניצלעך פאַר אונז אָנצוהאַלטן די דאָזיגע אויסדריקן אין דעם זין, וואָס איך האָב פריהער דערמאָנט.

אין דעם, וואָס קומט, וועל איך, אַלזאָ, פאַרשטיין אונטער „גוט" דאָס, וועגן וואָס מיר ווייסן אויף געוויס, אַז עס איז אַ מיטל אויף צוצוקומען נענ-טער צו דעם מוסטער-בילד פון דער מענטשלעכער נאַטור, וועלכעס מיר האָבן פאַר אונזערע אויגן; אונטער „שלעכט", דאַגעגן, — דאָס, וועגן וואָס מיר ווייסן אויף געוויס, אַז עס היגדערט אונז פון צו דערגרייכן דאָס דאָזיגע מוס-טער-בילד. ווייטער וועל איך אָנרופן מענטשן מער פולקאָמען אָדער מער אומפאָלקאָמען לויט דעם, ווי זיי וועלן מער אָדער ווייניגער נאָהנט צוקומען צו דעם דאָזיגן מוסטער-בילד. דען, עס מוז דערויף באַזונדערס אויפמערקזאַם געמאַכט ווערן, אַז ווען איך זאָג, אַז אַ מענטש גייט איבער פון אַ קלענערער צו אַ גרעסערער פולקאָמענהייט, אָדער להיפוך, מיין איך נישט, אַז ער האָט זיך אומגעביטן פון איין עסענץ אָדער רעאַליטעט צו אַן אַנדערער; דען אַ פערד, למשל, הערט אויף צו זיין אַ פערד, סיי ווען ער זאָל זיך אין אַ מענ-טשן פאַרוואַנדלען, סיי אין אַן אינסעקט, וואָס איך מיין איז, אַז מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די ווירקונגס-קראַפט פון דער זאַך, אויף ווי ווייט מיר דערקע-נען זי פון דעם עצם נאַטור פון דער זאַך, ווערט פאַרמערט אָדער פאַרמינערט.

ענדלעך, וועל איך אונטער פולקאָמענהייט בכלל פאַרשטיין, ווי איך האָב געזאָגט, רעאַליטעט — דאָס הייסט, די תּמצית פון יעדער זאַך, אויף ווי ווייט זי עקזיסטירט און ווירקט אויף אַ געוויסן אופן אָן וועלכער עס איז שייכות צו איר דויער. מחמת, קיין איינצלנע זאַך קאָן נישט הייסן מער פולקאָמען צוליב דעם, וואָס זי האָט אַ לענגערע צייט אין עקזיסטענץ פאַרבראַכט. די דויער פון זאַכן קאָן נישט דעטערמינירט ווערן דורך זייער תּמצית, מחמת די

תּמצית פון זאַכן שליסט אין זיך נישט איין קיין זיכערע און באַגרענעצטע צייט פון עקזיסטענץ; יעדע זאַך, אָבער, מעג זי זיין מער אָדער ווייניקער פּולקאָמען, וועט תּמיד זיין ביכולת צו דערהאַלטן איר עקזיסטענץ מיט דער זעלבער קראַפט, מיט וועלכער זי האָט אָנגעהויבן צו עקזיסטירן; אַזוי, אַז אין דעם פּרט זענען אַלע זאַכן גלייך איינע מיט דער אַנדערער.

## דעפיניציעס

I. אונטער גוט פאַרשטיי איך דאָס, וואָס מיר ווייסן זיכער, אַז עס איז ניצלעך פאַר אונז.

II. אונטער שלעכט (אָדער בייז) פאַרשטיי איך דאָס, וואָס מיר ווייסן זיכער, אַז עס הינדערט אונז אין דער דערגרייכונג פון אַ וואָסער עס איז גוטס (וועגן די דאָזיגע אויסדריקן זעה דעם סוף פון דער פריערדיגער הקדמה).

III. איינצלנע זאַכן רוף איך צופעליג אויף אַזוי ווייט, ווי מיר, ביי דער באַטראַכטונג פון זייער תּמצית בלויז, געפינען אין אים קיין זאַך נישט, וואָס זאָל, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, פעסטשטעלן זייער עקזיסטענץ, אָדער, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, זי אויסשליסן.

IV. די זעלבע איינצלנע זאַכן רוף איך מעגלעך, אויף ווי ווייט מיר, באַטראַכטנדיג די אורזאַכן, וואָס דורך זיי מוזן זיי אַרויסגעבראַכט ווערן, ווייסן נישט צי זענען אַזעלכע אורזאַכן ווירקלעך באַשטימט אויף אַרויסצו-ברענגען זיי.

(אין טייל I, אָנמערקונג I צו זאַץ XXXIII האָב איך נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן מעגלעך און צופעליג, ווייל עס איז דאָרט נישט נוי-טיג געווען זיי גענוי צו אונטערשיידן).

V. אונטער אַנטקעגנגעזעצטע עמאָציעס פאַרשטיי איך אַזעלכע, וואָס ציהען דעם מענטשן אין פאַרשיידענע ריכטונגען, הגם זיי זענען פון דער זעלבער גאַטונג, דהיינו, לוקסוס און זשעדנעקייט, וועלכע זענען ביידע מינים פון ליבע, און זענען קעגנזאַצן נישט פון דער נאַטור, נאָר דורך אַ צופאַל.

VI. וואָס איך פאַרשטיי אונטער עמאָציע געגן אַ צוקונפטיגער, געגנ-וואַרטיגער און פאַרגאַנגענער זאַך, האָב איך דערקלערט אין טייל III, אָנמער-קונגען I און II צו זאַץ XVIII.

(דאָך מוז דאָ באַמערקט ווערן, אַז גענוי זיך פאָרצושטעלן די דיסטאַנץ פון רוים און צייט קאָנען מיר נאָר ביז צו אַ געוויסן באַשטימטן גרענעץ; דאָס הייסט, אַלע געגנשטאַנדן, וואָס זענען מער איידער צוויי הונדערט פוס ווייט פון אונז, אָדער, וואָס זייער דיסטאַנץ פון דעם אָרט, וואו מיר זענען,

שטייגט אַריבער דעם שטח, וואָס מיר קאָנען גענוי זיך פאָרשטעלן, זעהען אויס צו זיין גלייך ווייט פון אונז און אין דעם זעלבן פליין; אַזוי אויך די געגנ־שטאַנדן, וואָס די צייט פון זייער זיין דאָ, איז, ווי מיר שטעלן זיך עס פאָר, אָפּגעריסן פון דער געגנוואַרט, דורך אַן אינטערוואַל אַ לענגערן איידער דער, וואָס מיר קאָנען גענוי באַגרייפן, זעהען אַלע אויס צו זיין גלייך ווייט פון דער געגנוואַרט, און זיך צו באַציהען גלייכזאַם נאָר אויף איין מאָמענט פון צייט).

VII. אונטער צוועק, וואָס צוליב אים טוען מיר עטוואָס, פאַרשטיי איך אַ באַגער נאָך עטוואָס.

VIII. אונטער טוגענט און קראַפט פאַרשטיי איך איינס און דאָס זעלבע; דאָס הייסט (טייל III, זאַץ VII), טוגענט, אויף ווי ווייט זי באַציהט זיך אויף דעם מענטשן, איז די עסענץ פון דעם מענטשן, אָדער זיין נאַטור גופא, אויף ווי ווייט ער האָט די מאַכט צו באַווירקן עטוואָס, וואָס קאָן פאַר־שטאַנען ווערן בלויז דורך די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור.

## אקסיאָמע

עס איז נישט פאַראַן קיין איינצלנע זאַך אין דער נאַטור, וועלכע זאָל נישט איבערגעטראָפן ווערן פון אַן אַנדערער מעכטיגערער און שטאַר־קערער זאַך. וואָס פאַר אַ זאַך עס זאָל נישט געגעבן ווערן, איז תמיד פאַראַן אַ שטאַרקערע זאַך, וואָס דורך איר קאָן זי צעשטערט ווערן.

זאַץ I. פון דאָס פּאָזיטיווע, וואָס אַ פאַלשע אידעע אַנטהאַלט, ווערט קיין זאַך נישט אַוועקגעשאַפט דורך דער געגנוואַרט פון דאָס אמתע, אויף אַזוי ווייט ווי עס איז אמת.

באַווייז. פאַלשקייט באַשטייט בלויז אין דעם מאַנגל פון דערקענ־טעניש, וואָס אומאַדעקוואַטע אידעען שליסן אין זיך איין (טייל II, זאַץ XXXV), און די דאָזיגע אידעען האָבן נישט קיין פּאָזיטיוועס, וואָס צוליב דעם זאָלן זיי הייסן פאַלש (טייל II זאַץ XXXIII). פאַרקערט, אָבער, אויף ווי ווייט זיי באַציהען זיך אויף גאָט זענען זיי אמת (טייל II, זאַץ XXXII). ווען, אַלזאָ, דאָס פּאָזיטיווע, וואָס אַ פאַלשע אידעע באַזיצט, וואָלט אַוועקגעשאַפט געוואָרן דורך דער געגנוואַרט פון דאָס אמתע, אויף אַזוי ווייט ווי עס איז אמת, וואָלט יעמאָלט אַן אמתע אידעע אַוועקגעשאַפט געוואָרן דורך זיך גופא, וואָס דאָס איז (טייל III, זאַץ IV) אומזיניג. ובכן, ווערט קיין פּאָזיטיוועס, וואָס אַ פאַלשע אידעע אַנטהאַלט א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער דאָזיגער זאַץ ווערט קלאָרער פאַרשטאַנען פון טייל II, שלוסזאַץ II צו זאַץ XVI. מחמת, די פאָרשטעלונג איז אַן אידעע,

וועלכע צייגט אָן מער אויף דעם געגנוואַרטיגן צושטאַנד פון דעם מענטשלעכן קערפּער, איידער אויף דער נאַטור פון דעם אויסנווייניגסטן קערפּער; נישט דייטלעך טאַקע, נאָר מבולבלדיג, און דערפאַר זאָגן מיר, אַז דער גייסט איז זיך טועה. ווען מיר קוקן אַ שטייגער, למשל, אויף דער זון שטעלן מיר זיך פאָר, אַז איר דיסטאַנץ פון אונז איז אומגעפער צוויי הונדערט פוס, און וואָס מיר נאַרן זיך אָפּ אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן נישט קיין ידיעה וועגן איר אמתער דיסטאַנץ; דורך דער דערקענטעניש פון איר אמתער דיסטאַנץ ווערט אָוועקגעשאַפט דער טעות, אָבער נישט די פאָרשטעלונג, דאָס הייסט די אידעע פון דער זון, וואָס דערקלערט איר נאַטור נאָר אויף ווי ווייט דער קערפּער ווערט פון איר באַווירקט; דערפאַר, ווען מיר ווייסן אפילו די ווירקלעכע דיס-טאַנץ, שטעלן מיר זיך פונדעסטוועגן דאָך פאָר, אַז די זון איז נעבן אונז. דען, ווי מיר האָבן געזאָגט אין טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XXXV, שטעלן מיר זיך נישט פאָר די זון אַזוי נאָהנט צו אונז, ווייל מיר ווייסן נישט איר אמתע דיסטאַנץ, נאָר דערפאַר, וואָס דער גייסט שטעלט זיך פאָר די גרויס פון דער זון, אויף ווי ווייט דער קערפּער ווערט פון איר באַווירקט. אַזוי אויך ווען די שטראַלן פון דער זון פאַלן אויף אַ וואַסערפלאַך, און ווערן פון דאָרט רעפלעקטירט אין אונזער אויג, האָבן מיר די פאָרשטעלונג אַזוי ווי די זון וואָלט אין וואַסער געווען, הגם מיר ווייסן גאַנץ גוט וואו איר אמת אָרט איז. אַזוי זענען אויך די איבעריגע פאָרשטעלונגען, וואָס דורך זיי ווערט דער גייסט אָפּגענאַרט: מעגן זיי אָנווייזן אויף דער נאַטירלעכן צושטאַנד פון דעם קערפּער, אָדער אויף דער פאַרמערונג אָדער פאַרמינערונג פון זיין ווירקונגס-קראַפט, זענען זיי נישט להפוך צו דעם אמת און ווערן נישט פאַרשוואונדן דורך זיין געגנוואַרט. עס טרעפט באמת, אַז ווען מיר שרעקן זיך על פּי טעות פאַר אַ שלעכטס, פאַרשווינדט דער שרעק, ווען עס קומט אָן די אמתע בשורה; עס געשעהט אָבער אויך דער הפוך דערפון, נעמלעך, אַז מיר שרעקן זיך פאַר אַ שלעכטס, וואָס וועט זיכער קומען, און אונזער שרעק פאַרשווינדט מיט דעם אָנקומען פון דער פאַלשער בשורה; אַזוי אַז פאָרשטעלונגען פאַרשווינדן נישט דורך דער געגנוואַרט פון אמת, מחמת עס איז אַן אמת, נאָר דערפאַר, וואָס אַנדערע פאָרשטעלונגען, שטאַרקער איידער די ערשטע, טרעטן אַריין און שליסן-אויס די געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ דערפון, וואָס מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט; ווי איך האָב געצייגט אין טייל II, זאַץ XVII.

**זאַץ II.** מיר זענען פּאַסיוו נאָר אויף ווי ווייט מיר זענען אַ טייל פון דער נאַטור, וואָס קאָן נישט באַגריפן ווערן דורך זיך גופא אָן אַנדערע טיילן.

**באַווייז.** מען רופט אונז פּאַסיוו, ווען עטוואָס אַנטשטייט אין אונז, פון וואָס מיר זענען נאָר אַ טייל אורזאַך (טייל III, דעפיניציע II), דאָס הייסט

(טייל III, דעפיניציע I), עטוואָס, וואָס קאָן נישט בלויז פון די געזעצן פון אונזער נאַטור אַרויסגעדרונגען ווערן. מיר זענען, אַלזאָ, פּאַסיוו אויף ווי ווייט מיר זענען אַ טייל פון דער נאַטור, וועלכער קאָן נישט באַגריפן ווערן דורך זיך גופא אָן אַנדערע טיילן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ III. די קראַפט, וואָס מיט איר דערהאַלט זיך אַ מענטש עקשנות-דיג אין זיין עקזיסטענץ, איז באַגרענעצט און ווערט אומענדלעך איבערטראָפן פון דער קראַפט פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן.

באַווייז. דאָס איז קלאָר פון דער אַקסיאָמע אין דעם דאָזיגן טייל. דען, איז דער מענטש פאַראַן, גיט עס עפּעס אַנדערש — לאָמיר זאָגן „א“, וואָס איז מעכטיגער. ווען „א“ איז פאַראַן, גיט עס עפּעס אַנדערש, לאָמיר זאָגן „ב“, וואָס איז מעכטיגער איידער „א“ און אַזוי ביז דער אומענדלעכקייט. און, פאָלגלעך, איז די קראַפט פון מענטשן באַגרענעצט דורך דער קראַפט פון אַן אַנדער זאַך, און איז אומענדלעך איבערטראָפן דורך דער קראַפט פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ IV. עס איז אוממעגלעך, אַז דער מענטש זאָל נישט זיין קיין טייל פון דער נאַטור, און אַז ער זאָל זיין ביכולת דורכצומאַכן נאָר אַזעלכע פאַרענדערונגען, וועלכע קענען פאַרשטאַנען ווערן נאָר דורך זיין נאַטור אַליין, און וואָס פון זיי איז ער די אַדעקוואַטע אורזאַך.

באַווייז. די קראַפט, וואָס דורך איר דערהאַלט איר זיין יעדע איינ-צלנע זאַך און, מכילא, דער מענטש, איז די מאַכט פון גאָט, אָדער פון דער נאַטור (טייל I, פאָלגזאַץ צו זאַץ XXIV), נישט אויף ווי ווייט זי איז אומ-ענדלעך, נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי זי קאָן דעקלערט ווערן דורך דער אַקטועלער מענטשלעכער עסענץ (טייל III, זאַץ VII). אַלזאָ, איז די קראַפט פון דעם מענטשן, אויף ווי ווייט זי ווערט דערקלערט דורך זיין אַקטועלער עסענץ, אַ טייל פון דער אומענדלעכער מאַכט פון גאָט אָדער נאַטור, דאָס הייסט (טייל I, זאַץ XXXIV) פון גאָטס אָדער פון דער נאַטורס עסענץ. דאָס איז געווען אונזער ערשטער פונקט. ווייטער, ווען עס וואָלט מעגלעך געווען, אַז דער מענטש זאָל דורכמאַכן נאָר אַזעלכע פאַרענדערונגען, וואָס קאָנען פאַרשטאַנען ווערן בלויז דורך דער נאַטור פון מענטשן, וואָלט אויסגעקומען, אַז ער וואָלט נישט געקאָנט שטאַרבן, נאָר אַז ער וואָלט תמיד עקזיסטירט אויף אַ נויטווענ-דיגן אופן; דאָס וואָלט געמוזט זיין דער פועל-יוצא פון אַן אורזאַך, וואָס איר קראַפט איז געווען אַנטוועדער ענדלעך אָדער אומענדלעך; נעמלעך, אַנט-וועדער בלויז פון דער קראַפט פון דעם מענטשן גופא אויף ווי ווייט ער וואָלט געווען אימשטאַנד צו האַלטן ווייט פון זיך אַלע פאַרענדערונגען, וואָס וואָלטן געקאָנט אַנטשטיין פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן; אָדער פון דער אומ-ענדלעכער מאַכט פון דער נאַטור, וואָס דורך איר וואָלטן אַלע איינצלנע זאַכן

אַזוי איינגעאָרדנט געוואָרן, אַז דער מענטש זאָל קאָנען דורכמאַכן נאָר אַזעלכע פאַרענדערונגען, וואָס דינען זיין אייגענער דערהאַלטונג. נו איז, אָבער, די ערשטע אַלטערנאַטיווע אַבסורד (נאָך דעם לעצטן זאַץ, וואָס זיין באַווייז איז אוניווערסאַל און קאָן אָנגעווענדט ווערן אויף אַלע איינצלנע זאַכן). וואָלט עס אַלזאָ מעגלעך געווען, אַז דער מענטש זאָל קאָנען דורכמאַכן נאָר אַזעלכע פאַרענדערונגען, וואָס קאָנען דערקלערט ווערן בלויז דורך זיין אייגענער נאַטור, און אַז ער זאָל, פאָלגלעך, (ווי מיר האָבן אויבן געצייגט) תמיד אויף אַ נויטווענדיגן אופן עקזיסטירן, וואָלט אַזאַ פועל יוצא געמוזט פאָלגן פון דער אומענדלעכער מאַכט פון גאָט, און ממילא (טייל I, זאַץ XVI) וואָלט געמוזט פון דער נויטווענדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור, אויף ווי ווייט זי ווערט באַטראַכט אַלס באַווירקט פון דער אידעע פון אַ מענטשן, דעדוצירט ווערן דער גאַנצער סדר הטבע, אויף ווי ווייט ער ווערט באַגריפן אונטער די אַטריבוטן פון אויסגעשפרייטקייט און געדאַנק; און אויף אַזאַ אופן וואָלט אויסגעקומען (טייל I, זאַץ XXI), אַז דער מענטש איז אומענדלעך, וואָס (לויט דעם ערשטן טייל פון דעם דאָזיגן באַווייז) איז עס אומזיניג. עס איז דעריבער אוממעגלעך, אַז דער מענטש זאָל דורכמאַכן נאָר אַזעלכע פאַרענדערונגען, וואָס פון זיי איז ער די אַדעקוואַטע אורזאַך. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז דער מענטש איז, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אונטערגעוואָרפן צו זיינע ליידנשאַפטן, און אַז ער פאָלגט און געהאָרכט דעם אַלגעמיינעם סדר פון דער נאַטור און פאַסט זיך צו צו אים, ווי ווייט די נאַטור פון זאַכן פאָדערט עס.

זאַץ V. די קראַפט און דער וואוקס פון יעדער ליידנשאַפט, און דער עקשנותדיגער אָנהאַלט אירער אין דער עקזיסטענץ ווערן נישט דערקלערט דורך דער קראַפט, מיט וועלכער מיר אַליין שטרעבן האַרטנעקיג זיך אָנצוהאַלטן אין דער עקזיסטענץ, נאָר דורך דער קראַפט פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך אין פאַרגלייך מיט אונזער אייגענער קראַפט.

באַווייז. די תמצית פון אַ ליידנשאַפט קאָן נישט דערקלערט ווערן דורך אונזער תמצית אַליין (טייל III, דעפיניציעס I און II); דאָס הייסט (טייל III, זאַץ VII), די קראַפט פון אַ ליידנשאַפט קאָן נישט דערקלערט ווערן דורך דער קראַפט, מיט וועלכער מיר אַליין שטרעבן עקשנותדיג זיך אין דער עקזיסטענץ אָנצוהאַלטן, נאָר זי מוז (ווי געצייגט אין טייל II, זאַץ XVI), אויף אַ נויטווענדיגן אופן, דערקלערט ווערן דורך דער קראַפט פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך אין פאַרגלייך מיט אונזער אייגענער קראַפט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ VI. די קראַפט פון וועלכער עס איז ליידנשאַפט אָדער עמאָציע קאָן אַזוי איבערשטייגן די איבריגע האַנדלונגען פון דעם מענטשן אָדער זיין קראַפט, אַז די עמאָציע זאָל זיך עקשנותדיג אָנהאַלטן אין דעם מענטשן.

באַווייז. די קראַפֿט און דער וואוקס פֿון וועלכער עס איז לײדנשאַפֿט און איר האַרטנעקיגער אָנהאַלט אין דער עקזיסטענץ, ווערן דערקלערט דורך דער קראַפֿט פֿון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך אין פֿאַרגלייך מיט אונזער אייגענער קראַפֿט (לויט דעם פֿאָריגן זאַץ), דעריבער (טייל IV, זאַץ III) קאָן זי איבערשטייגן די קראַפֿט פֿון אַ מענטשן א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ VII. אַן עמאָציע קאָן קאָנטראָלירט אָדער אַוועקגעשאַפֿט ווערן נאָר דורך אַן אנדער עמאָציע, וועלכע איז דער היפּוך פֿון און שטאַרקער פֿאַר דער עמאָציע, וועלכע באַדאַרף קאָנטראָלירט ווערן.

באַווייז. אַן עמאָציע, אויף ווי ווייט זי באַציהט זיך אויף דעם גייסט, איז אַן אידעע, וואָס דורך איר באַיאָהט דער גייסט וועגן קערפּער אַ גרעסערע, אָדער קלענערע עקזיסטענץ-קראַפֿט איידער פֿריהער (לויט דער אַלגעמיינער דעפֿיניציע פֿון די עמאָציעס צום סוף פֿון דריטן טייל). ווען דער גייסט, אַלזאָ, ווערט אָנגעגריפֿן פֿון אַן עמאָציע, ווערט דער קערפּער אין דער אייגענער צייט באַווירקט פֿון אַ פֿאַרענדערונג, וואָס דורך איר ווערט פֿאַרמערט אָדער פֿאַרמינערט זיין ווירקונגס-קראַפֿט, נו, די דאָזיגע פֿאַרענדערונג פֿון קערפּער (טייל IV, זאַץ V) באַקומט פֿון איר אורזאַך די קראַפֿט אָנצוהאַלטן זיך עקשנותדיג אין דער עקזיסטענץ און די דאָזיגע קראַפֿט קאָן דעריבער געשטערט אָדער צעשטערט ווערן נאָר דורך אַזאַ קערפּערלעכער אורזאַך (טייל II, זאַץ VI), וואָס קאָן אויפֿרעגן דעם קערפּער מיט אַ פֿאַרענדערונג, וועלכע איז דער היפּוך פֿון איר (טייל III, זאַץ V) און שטאַרקער פֿאַר איר (טייל IV, אַקסיאָמע). אין אָנקלאַנג דערמיט, ווערט דער גייסט (טייל II, זאַץ XII) אויפֿגערעגט פֿון דער אידעע פֿון אַ פֿאַרענדערונג, וועלכע איז אַנטקעגנגעזעצט צו און שטאַרקער איידער די ערשטע פֿאַרענדערונג, דאָס הייסט (לויט דער אַלגעמיינער דעפֿיניציע פֿון די עמאָציעס), דער גייסט וועט אויפֿגערעגט ווערן פֿון אַן עמאָציע, וועלכע איז אַנטקעגנגעזעצט צו און שטאַרקער פֿאַר דער ערשטער עמאָציע, נעמלעך, אָדער אַזאַ, וואָס וועט אויסשליסן אָדער צעשטערן די עקזיסטענץ פֿון דער ערשטער עמאָציע; אויף אַזאַ אופֿן קאָן אַן עמאָציע אַוועקגעשאַפֿט ווערן אָדער קאָנטראָלירט ווערן נאָר דורך אַן אַנטקעגנגעזעצטער און שטאַרקערער עמאָציע. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. אַן עמאָציע, אויף ווי ווייט זי באַציהט זיך אויף דעם גייסט, קאָן קאָנטראָלירט ווערן אָדער אַוועקגעשאַפֿט ווערן נאָר דורך אַן אידעע פֿון אַן אַנטקעגנגעזעצטער קערפּער-פֿאַרענדערונג, וועלכע איז שטאַרקער פֿאַר דער פֿאַרענדערונג, וועלכע מיר שטייען איצט אויס. דען די עמאָציע, וועלכע מיר שטייען איצט אויס, קאָן געשטערט אָדער צעשטערט ווערן פֿון אַן עמאָציע, וועלכע איז דער היפּוך פֿון איר און שטאַרקער פֿאַר איר, דאָס הייסט (לויט דער אַלגעמיינער דעפֿיניציע פֿון די עמאָציעס) נאָר פֿון אַן אידעע פֿון

אַ קערפּער-פאַרענדערונג, וועלכע איז דער היפוך פון און שטאַרקער פאַר דער פאַרענדערונג, וועלכע מיר שטייען אויס.

זאַך VIII. די דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס איז קיין אַנדער זאַך נישט, ווי די עמאָציעס פון לוסט אָדער אומלוסט, אויף ווי ווייט מיר זענען אויף זיי באַוואוסטזיניג.

באַווייז. מיר רופן אַ זאַך גוט אָדער שלעכט ווען עס ניצט אָדער שאָדט דער דערהאַלטונג פון אונזער זיין (טייל IV, דעפיניציעס I און II), דאָס הייסט (טייל III, זאַץ VII), ווען עס פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, העלפט אָדער שטערט אונזער ווירקונגס-קראַפט. אויף ווי ווייט, אַלזאָ, מיר ווערן געוואויר, אַז אַ זאַך רעגט אונז אויף מיט לוסט אָדער אומלוסט, רופן מיר זי גוט אָדער שלעכט; די דערקענטעניש, דעריבער, פון גוטס און שלעכטס איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי די אידעע פון לוסט אָדער אומלוסט, וועלכע פאָלגט אויף אַ נויטווענדיגן אופן פון דער לוסט-אָדער אומלוסט-עמאָציע גופא (טייל II, זאַץ XXII). די דאָזיגע אידעע איז אָבער פאַרקניפּט מיט דער עמאָציע אויף דעם זעלבן אופן ווי דער גייסט איז פאַרקניפּט מיט דעם קערפּער (טייל II, זאַץ XXI); דאָס הייסט, אַז אין דער ווירקלעכקייט אונטערשיידט זיך די דאָזיגע אידעע פון דער עמאָציע גופא אָדער פון דער אידעע פון דער קערפּער-פאַרענדערונג, נאָר דורך דעם באַגריף בלויז. ובכן, איז די דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס קיין אַנדער זאַך נישט ווי די עמאָציע, אויף ווי ווייט מיר זענען אויף איר באַוואוסטזיניג. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ IX. אַן עמאָציע איז שטאַרקער, ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז איר אורזאַך געפינט זיך געגנוואַרטיג פאַר אונז, איידער ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז איר אורזאַך געפינט זיך נישט געגנוואַרטיג פאַר אונז.

באַווייז. די פאָרשטעלונג איז אַן אידעע, וואָס דורך איר באַטראַכט דער גייסט אַ זאַך אַלס געגנוואַרטיג (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XVII), וועלכע אָבער ציַיגט אָן דעם צושטאַנד פון דעם מענטשלעכן קערפּער מער, איידער די נאַטור פון דער אויסנווייניגסטער זאַך (טייל II, שלוסזאַץ II צו זאַץ XVI). אַן עמאָציע איז, דעריבער, אַ פאָרשטעלונג, אויף ווי ווייט זי ציַיגט אָן דעם צושטאַנד פון דעם קערפּער. אַ פאָרשטעלונג איז, אָבער, (טייל II, זאַץ XVII) שטאַרקער, אַזוי לאַנג ווי מיר שטעלן זיך נישט פאָר קיין זאַך, וואָס שליסט-אויס די געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ פון דעם אויסנווייניגסטן אָביעקט; דעריבער, איז אַן עמאָציע אויך שטאַרקער אָדער אינטענסיווער, ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די אורזאַך איז געגנוואַרטיג פאַר אונז, איידער ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די אורזאַך איז נישט פאַראַן מיט אונז. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. ווען איך האָב אויבן אין טייל III, זאַץ XVIII גע-

זאָגט, אַז מיר זענען פון דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ פאַרגאַנגענער און צוקונפטיגער זאַך אויפגערעגט מיט אַ גלייכער עמאָציע, ווי ווען די זאַך וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר, וואָלט געווען געגנוואַרטיג, האָב איך אויסדריקלעך באַמערקט, אַז דאָס גילט אויף ווי ווייט נאָר מיר האָבן אין אויג דאָס פאָרשטעלונגס-בילד גופא, מחמת די נאַטור פון דער זאַך בייט זיך נישט, מעגן מיר יאָ אָדער נישט זיך פאָרשטעלן די זאַך; איך האָב נישט געלייקנט, אַז דאָס פאָרשטעלונגס-בילד ווערט שוואַכער ווען מיר באַטראַכטן אַלס געגנוואַרטיג צו אונז אַנדערע זאַכן, וועלכע שליסן-אויס די געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ פון דעם צוקונפטיגן געגנשטאַנד; איך האָב דערויף נישט אויסדריקלעך אויפמערקזאַם געמאַכט, ווייל איך האָב געהאַט בדעה צו באַהאַנדלען די מאַכט פון די עמאָציעס אין דעם דאָזיגן טייל פון מיין אַרבעט.

שלוסזאַץ. דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ קינפטיגער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, דאָס הייסט, פון אַ זאַך, וואָס מיר באַטראַכטן אין שייכות צו דער צוקונפטיגער אָדער פאַרגאַנגענער צייט, מיט דעם אויסשלוס פון דער געגנוואַרטיגער צייט, איז, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, שוואַכער איידער דאָס פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ געגנוואַרטיגער זאַך; ממילא, איז די עמאָציע צו אַ פאַרגאַנגענער אָדער צוקונפטיגער זאַך ווייניגער אינטענסיוו, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, איידער אַן עמאָציע צו אַ געגנוואַרטיגער זאַך.

זאַץ X. געגן אַ צוקונפטיגער זאַך, וואָס מיר שטעלן זיך זי פאָר אַלס גאַנץ נאָנט צו אונז אין צייט, ווערן מיר מער אינטענסיוו אויפגערעגט, ווי ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די צייט פון איר דאָ-זיין איז אָפּגעשטעלט פון דער געגנוואַרט דורך אַ לאַנגן בין-הזמנים; אַזוי אויך ווען מיר דערמאָנען זיך אָן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר אַלס נאָכנישט לאַנג פאַרגאַנגען, ווערן מיר מער אינטענסיוו אויפגערעגט, ווי ווען מיר שטעלן זיך זי פאָר אַלס לאַנג פאַרגאַנגען.

באַווייז. אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך פאָר אַ זאַך אַלס נאָנט אין צייט צו אונז, אָדער אַלס נאָכנישט לאַנג פאַרגאַנגען, אויף אַזוי ווייט שטעלן מיר זיך דערמיט גופא פאָר עטוואָס, וואָס שליסט ווייניגער אויס די געגנוואַרטיגקייט פון דעם אָביעקט, ווי ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די תקופה פון זיין צוקונפטיגער עקזיסטענץ איז אַ סך ווייטער פון דער געגנוואַרט, אָדער אַז די זאַך איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען (ווי עס איז פון זיך קלאָר); דעריבער, זענען מיר (לויט דעם פאָריגן זאַץ) מער אינטענסיוו אויפגערעגט געגן איר. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. פון די באַמערקונגען, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן

אין דער דעפיניציע VI פון דעם דאָזיגן טייל, פאָלגט, דאָס ווען געגנשטאַנדן זענען אָפּגעטיילט פון דער געגנוואַרט דורך אַ צו-גרויסן משך פון צייט, אַז מיר זאָלן אים קאָנען גענוי אין אונזער פאָרשטעלונג באַשטימען, וועלן זיי אַלע גלייך שוואַך אונז אויפרעגן, אפילו ווען מיר ווייסן, אַז זיי גופא זענען איינע פון די אַנדערע אָפּגעטיילט דורך אַ לאַנגן משך פון צייט.

**זאַץ XI.** אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר אַלס נויטווענדיג, איז, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, מער אינטענסיוו איידער אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע איז מעגלעך אָדער צופעליג, דאָס הייסט, נישט נויטווענדיג.

**באַווייז.** אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך פאָר אַ זאַך אַלס נויטווענדיג, אויף אַזוי ווייט באַיאָהען מיר איר עקזיסטענץ, און, אומגעקערט, מיר פאַרניינען די עקזיסטענץ פון אַ זאַך, אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך זי פאָר אַלס נישט-נויטווענדיג (טייל I, אָנמערקונג I צו זאַץ XXXIII) און, דעריבער, (טייל IV, זאַץ IX) איז אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע איז נויטווענדיג, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, מער אינטענסיוו איידער אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע איז נישט-נויטווענדיג. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XII.** אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וואָס מיר ווייסן, אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער געגנוואַרט, און וואָס מיר שטעלן זיך, אָבער, זי פאָר אַלס מעגלעך, איז מער אינטענסיוו, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, איידער אַן עמאָציע געגן אַ צופעליגער זאַך.

**באַווייז.** אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך פאָר אַ זאַך אַלס צופעליג, זענען מיר נישט באַאיינפלוסט פון קיין פאָרשטעלונגס-בילד פון אַן אַנדער זאַך, וואָס זאָל באַשטעטיגן די עקזיסטענץ פון דער ערשטער זאַך (טייל IV, דעפיניציע III), נאָר, אין געגנטייל, מיר שטעלן זיך פאָר (לפי דער היפּאָטעזע) געוויסע זאַכן, וואָס שליסן-אויס איר געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ. אויף ווי ווייט, אָבער, מיר שטעלן זיך פאָר אַ זאַך אַלס מעגלעך אין דער צוקונפט, שטעלן מיר זיך דורך דעם פאָר זאַכן, וועלכע באַשטעטיגן איר עקזיסטענץ (טייל IV, דעפ. IV), דאָס הייסט (טייל III, זאַץ XVIII), זאַכן, וואָס ברענגען האָפנונג אָדער שרעק, און, דעריבער, איז אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע איז מעגלעך, מער העפטיג. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וואָס מיר ווייסן, אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער געגנוואַרט, און וואָס מיר שטעלן זיך זי פאָר אַלס צופעליג, איז אַ סך שוואַכער, ווי ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז די זאַך איז געגנוואַרטיג איצט מיט אונז.

**באַווייז.** אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר אַלס עקזיסטירנד אין דער געגנוואַרט, איז מער אינטענסיוו, ווי זי וואָלט געווען,

ווען מיר שטעלן זיך פאָר די זאַך אין דער צוקונפט (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ IX) און איז אַ סך שטאַרקער, ווי ווען מיר זאָלן זיך פאָרשטעלן די צו-קונפט אַלס ווייט אָפּגעטיילט פון דער געגנוואַרט (טייל IV, זאַץ X); דערי-בער איז די עמאָציע געגן אַ זאַך, וואָס איר תקופה פון עקזיסטענץ שטעלן מיר זיך פאָר אַלס ווייט אַוועק פון דער געגנוואַרט, אַ סך שוואַכער, ווי ווען מיר שטעלן זיך פאָר די זאַך אַלס געגנוואַרטיג; זי איז, פונדעסטוועגן, מער אינטענסיוו, איידער ווען מיר זאָלן זיך פאָרשטעלן די זאַך אַלס צופעליג, ובכן וועט אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר באַטראַכטן אַלס צופעליג, זיין אַ סך שוואַכער ווי ווען מיר זאָלן זיך פאָרשטעלן, אַז די זאַך איז געגנ-וואַרטיג איצט מיט אונז. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XIII. אַן עמאָציע געגן אַ צופעליגער זאַך, וואָס מיר ווייסן, אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער געגנוואַרט, איז, ווען אַנדערע אומשטענדן זיינען גלייך, שוואַכער איידער אַן עמאָציע געגן אַ פאַרגאַנגענער זאַך.

באַווייז. אויף ווי ווייט מיר שטעלן זיך פאָר אַ זאַך אַלס צופעליג, ווערן מיר נישט אויפגערעגט דורך קיין פאָרשטעלונגס-בילד פון אַן אַנדער זאַך, וועלכע באַיאָהט די עקזיסטענץ פון דער זאַך (טייל IV, דעפיניציע III), נאָר, אין געגנטייל, טיר שטעלן זיך (לפי דער היפּאָטעזע) פאָר געוויסע זאַכן, וואָס שליסן-אויס איר געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ. אויף ווי ווייט אָבער מיר שטעלן זיך זי פאָר בנוגע דער פאַרגאַנגענהייט, אויף אַזוי ווייט נעמען מיר אָן, אַז מיר שטעלן זיך פאָר עטוואָס, וואָס רופט אַרויס די זאַך אין זכרון, אָדער רעגט-אויף אַ פאָרשטעלונגס-בילד פון איר (טייל II, זאַץ XVIII און אָנמערקונג צום זאַץ), וואָס איז דאָס זעלבע ווי צו באַטראַכטן זי אַלס געגנ-וואַרטיג (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XVII), ובכן, (נאָך טייל IV, זאַץ IX) איז זיין עמאָציע געגן אַ צופעליגער זאַך, וואָס מיר ווייסן, אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער געגנוואַרט, שוואַכער, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, איידער אַן עמאָציע געגן אַ פאַרגאַנגענער זאַך. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XIV. די אמתע דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס קאָן נישט אָפּהאַלטן קיין עמאָציע, אויף ווי ווייט זי איז אמת, נאָר אויף אַזוי ווייט בלויז ווי זי, די דערקענטעניש גופא, ווערט באַטראַכט אַלס אַן עמאָציע.

באַווייז. אַן עמאָציע איז אַן אידעע, וואָס דורך איר באַיאָהט דער גייסט וועגן קערפּער אַ גרעסערע אָדער קלענערע איידער פריהער קראַפט פון עקזיסטענץ (לפי דער אַלגעמיינער דעפיניציע פון די עמאָציעס); דערפאַר האָט זי נישט קיין פּאָזיטיווע קוואַליטעט, וועלכע זאָל קאָנען צעשטערט ווערן דורך דער געגנוואַרט פון דאָס, וואָס איז אמת; פאָלגלעך, קאָן נישט די דערקענטע-ניש פון גוטס און שלעכטס, אויף ווי ווייט זי איז אמת, איינשרענקען וועלכע

עס איז עמאָציע. אויף ווי ווייט אָבער אַזאַ דערקענטעניש איז אַן עמאָציע, וועט זי (טייל IV, זאַץ VIII), אויף אַזוי ווייט, זיין ביכולת איינצושרענקען די דאָזיגע עמאָציע אויב זי וועט נאָר זיין שטאַרקער פאַר איר. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ** XV. אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון דער אמתער דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, קאָן אונטערדריקט און געשטערט ווערן פון די אַנדערע באַגערן, וואָס אַנטשטייען פון די עמאָציעס, וואָס פון זיי ווערן מיר אָנגעגריפן.

**באַווייז**. פון דער אמתער דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, אויף ווי ווייט זי איז אַן עמאָציע, אַנטשטייט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אַ באַגער (לויט דער דעפיניציע I פון די עמאָציעס), וועלכער איז אַלץ שטאַרקער, וואָס שטאַרקער עס איז די עמאָציע, וואָס פון איר אַנטשטייט ער (טייל III, זאַץ XXXVII). היות, אָבער, ווי דער דאָזיגער באַגער אַנטשטייט (לפי דער היפּאָטעזע) דערפון, וואָס מיר דערקענען באמת עטוואָס, קומט דעריבער אויס, אַז דער באַגער איז אין אונז, אויף ווי ווייט מיר זענען טעטיג (טייל III, זאַץ I) און ער מוז, אַלזאָ, דערקענט ווערן נאָר דורך אונזער תמצית (טייל III, דעפיניציע II); ממילא (טייל III, זאַץ VII), קאָן זיין קראַפט און וואוקס דע־פינירט ווערן בלויז דורך דער מענטשלעכער קראַפט. די באַגערן, ווייטער, וואָס אַנטשטייען פון די עמאָציעס, פון וועלכע מיר ווערן אָנגעגריפן, זענען אַלץ שטאַרקער, וואָס שטאַרקער די עמאָציעס זענען; דערפאַר מוז זייער קראַפט און וואוקס זיין דעפינירט בלויז דורך דער קראַפט פון אויסנווייניגסטע אור־זאַכן, וועלכע, אין פאַרגלייך מיט אונזער אייגענער קראַפט, איבערשטייגן אים אומענדלעך (טייל IV, זאַץ III). אויף אַזאַ אופן קאָנען די באַגערן, וואָס אַנטשטייען פון דעם זעלבן מין עמאָציעס, זיין שטאַרקער איידער דער באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אַן אמתער דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס. און קאָ־נען, פאָלגלעך, אים אונטערדריקן און קאָנטראָלירן. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ** XVI. אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון דער דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, קאָן, אויף ווי ווייט אַזאַ דערקענטעניש באַציהט זיך אויף דער צוקונפט, גרינגער אונטערדריקט און קאָנטראָלירט ווערן, איידער דער באַ־גער נאָך זאַכן, וועלכע זענען איינגענעם אין דער געגנוואַרט.

**באַווייז**. אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר אַלס צוקונפטיגע, איז שוואַכער, איידער אַן עמאָציע געגן אַ געגנוואַרטיגער זאַך (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ IX). אַ באַגער, אָבער, וועלכער אַנטשטייט פון אמתער דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, קאָן, אפילו ווען די דאָזיגע דערקענטעניש דרייט זיך אַרום זאַכן, וועלכע זענען גוט אין דער געגנוואַרט, קאָנטראָלירט און אונטערדריקט ווערן פון וועלכן עס איז בלינדן באַגער (לויט דעם לעצטן זאַץ נאָך, וואָס זיין באַווייז קאָן אוניווערסאַל אָנגעווענדט ווערן).

דערפֿאַר קאָן אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פֿון אַזאַ דערקענטעניש, ווען זי באַ־ציהט זיך אויף דער צוקונפֿט, גרינגער קאָנטראָלירט אָדער אונטערדריקט ווערן, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XVII. אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פֿון דער אמתער דערקענ־טעניש פֿון גוטס און שלעכטס, קאָן, אויף ווי וויִט אַזאַ דערקענטעניש באַ־ציהט זיך אויף צופֿעליגע זאַכן, נאָך אַ סך גרינגער קאָנטראָלירט ווערן איי־דער אַ באַגער נאָך זאַכן, וואָס זענען געגנוואַרטיג.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ ווערט באַוויזן אויף דעם זעלבן אופֿן ווי דער לעצטער זאַץ פֿון דעם שלוסזאַץ צו זאַץ XII אין טייל IV.

אָנמערקונג. דערמיט, גלויב איך, האָב איך אויפֿגעצייגט דעם טעם, פֿאַרוואָס מענטשן ווערן באַוועגט מער פֿון דער מיינונג, איידער פֿון דער אמתער פֿאַרנונפֿט, און פֿאַרוואָס די אמתע דערקענטעניש פֿון גוטס און שלעכטס רופֿט אַרויס קאָנפֿליקטן אין דער נשמה, און ווערט אָפֿט באַזיגט פֿון יעדער אַרט ליידנשאַפֿט. דערפֿון האָט זיך אויך גענומען דער אויסרוף פֿון דעם פּאָעט: *)

„איך זעה דאָס בעסערע, און הייס עס גוט,
דעם שלעכטערן פֿאָלג איך נאָך".

דאָס זעלבע שיינט האָט קהלת אין זינען געהאַט ווען ער זאָגט: „ווער עס מערט דאָס וויסן, מערט דעם שמאַרץ" **). דאָס ברענג איך נישט בכדי דערפֿון צו שליסן, אַז דאָס נישט־וויסן איז פֿאָרטרעפֿלעכער פֿאַר דעם וויסן, אָדער אַז אין דער קאָנטראָל פֿון די עמאָציעס איז נישט פֿאַראַן קיין חלוק צווישן דעם קלוגן און דעם נאַר, נאָר צוליב דעם, וואָס עס איז נויטיג צו קענען־לערנען די מאַכט, ווי די אָנמאַכט פֿון אונזער נאַטור, איידער מיר קאָנען באַשטימען, וואָס די פֿאַרנונפֿט קאָן טאָן אין דער באַהערשונג פֿון די עמאָציעס, און וואָס עס איז איבער אירע כּחות. און איך האָב געזאָגט, אַז אין דעם דאָזיגן טייל וועל איך בלויז באַהאַנדלען די מענטשלעכע אָנמאַכט. די מאַכט פֿון דער פֿאַרנונפֿט איבער די עמאָציעס האָב איך באַשלאָסן באַזונ־דער צו באַהאַנדלען.

זאַץ XVIII. אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פֿון לוסט, איז, ווען אַנדערע אומשטענדן זענען גלייך, שטאַרקער איידער דער באַגער, וואָס אַנטשטייט פֿון אומלוסט.

באַווייז. דער באַגער איז די עסענץ פֿון אַ מענטשן (דעפֿיניציע I

*) אָוויד, מעטאַמאָרפֿאָזן. בוך VII. פּערזן 20 און 21, Video meliora proboque, Deteriora Sequor.

**) קהלת, קאַפּיטל I פּערז 18, „ויוסיף דעת, יוסיף מכאוב".

פון די עמאָציעס). דאָס הייסט, דער באַשטרעב, וואָס דורך אים שטרעבט דער מענטש זיך עקשנותדיג צו דערהאַלטן אין זיין אייגענעם יש. דערפאַר ווערט אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון לוסט, דורך דער עמאָציע פון לוסט גופא פאַרמערט אָדער געהאָלפן; דאַגעגן, אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אומלוסט, איז דורך דער עמאָציע פון אומלוסט גופא פאַרמינערט אָדער געשטערט; דעריבער, מוז די קראַפט פון דעם באַגער, וועלכער אַנטשטייט פון דער לוסט, דערקלערט ווערן דורך דער מענטשלעכער קראַפט אינאיינעם מיט דער קראַפט פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך; בשעת דער באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אומלוסט, מוז דערקלערט ווערן בלויז דורך דער מענטשלעכער קראַפט, אויף אַזאַ אופן איז פון דיביידע דער ערשטער שטאַרקער. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** אין די דאָזיגע עטלעכע זאַצן האָב איך דערקלערט די אורזאַכן פון מענטשלעכער אָנמאַכט און אומבאַשטענדיגקייט, און איך האָב אויפגעצייגט פאַרוואָס מענטשן פאָלגן נישט די פאָרשריפטן פון פאַרנונפט. עס בלייבט פאַר מיר נאָך צו צייגן, וואָס אַזעלכס שרייבט אונז די פאַרנונפט פאָר, און וועלכע עמאָציעס זענען אין האַרמאָניע מיט די כללים פון דער מענטשלעכער פאַרנונפט, און וועלכע זענען להיפוך צו זיי. איידער, אָבער, איך הויב אָן צו באַווייזן מיינע זאַצן, אויף אַן אויספירלעכן געאָמעטרישן אופן, וויל איך פריהער דאָ אין קורצן פאָרלייגן די געבאָטן פון דער פאַרנונפט, כדי יעדערער זאָל לייכטער תופס זיין וואָס איך מיין.

אַזוי ווי די פאַרנונפט פאָדערט נישט קיין זאַך, וואָס איז אין גאַנצן געגן דער נאַטור, פאַרלאַנגט זי, אַז יעדער מענטש זאָל זיך זעלבסט ליב האָבן אַז ער זאָל זוכן דאָס, וואָס איז ניצלעך — איך מיין: אין דער אמתן ניצלעך פאַר אים, אַז ער זאָל באַגערן אַלצדינג, וואָס פירט דעם מענטשן ווירקלעך צו אַ גרעסערער פולקאָמענהייט, און אַז איבערהויפט זאָל יעדער איינער שטרעבן ווי ווייט ער קאָן צו דערהאַלטן זיין אייגענעם יש. דאָס איז אַקוראַט אַזוי אמת, על פי הכרח, ווי דאָס, אַז דאָס גאַנצע איז גרעסער איידער זיין טייל (טייל III, זאַץ IV).

ווייטער, היות ווי טוגענט איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי האַנדלונג אין איינקלאַנג מיט די געזעצן פון דער אייגענער נאַטור (טייל IV, דעפ. VIII) און היות ווי יעדער איינער זוכט צו דערהאַלטן זיין יש נישט אַנדערש ווי נאָר אין איינקלאַנג מיט די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור, לכן פאָלגט דערפון:

**ערשטנס,** אַז די גרונטלאַגע פון טוגענט איז דער עצם באַשטרעב נאָך דער דערהאַלטונג פון דעם אייגענעם זיין, און אַז גליק באַשטייט דערין, וואָס דער מענטש איז ביכולת זיין יש צו דערהאַלטן.

**צווייטנס,** אַז די טוגענט מוז צוליב איר גופא באַגערט ווערן, און

אַז עס איז נישט פאַראַן קיין זאַך, וואָס זאָל זיין פאָרטרעפלעכער און ניצלעכער, וואָס צוליב איר זאָלן מיר די טוגענט באַגערן.

**דריטנס**, און ענדלעך, אַז די זעלבסטמערדער זענען גייסטיגע שוואַכלינגע, און ווערן לגמרי באַצוואונגען פון אויסערלעכע אורזאַכן, וואָס זענען דערווידער זייער נאַטור.

אַחוץ דעם פאָלגט פון פּאָסטולאַט IV, טייל II, אַז מיר קאָנען קיינמאָל נישט ברענגען דערצו, אַז מיר זאָלן פאַר דער דערהאַלטונג פון אונזער זיין נישט באַדאַרפן קיינע אויסנווייניגסטע זאַכן, אָדער אַזוי איינריכטן אונזער לעבן, אַז מיר זאָלן נישט האָבן קיין פאַרקער מיט זאַכן, וועלכע זענען אויסנוויניג פון אונז זעלבסט. באַטראַכטן מיר ווייטער אונזער גייסט, זעהען מיר, אַז אונזער פאַרשטאַנד וואָלט געווען מער אומפאָלקאָמען, ווען דער גייסט וואָלט געווען אַליין פאַר זיך און וואָלט נישט געקאָנט דערקענען קיין זאַך אַחוץ זיך זעלבסט. עס זענען פאַראַן, אַלזאָ, אַ סך זאַכן אויסנווייניג פון אונז, וועלכע זענען ניצלעך פאַר אונז און זענען דעריבער ווערט מען זאָל זיי באַגערן. צווישן אַזעלכע זאַכן קאָנען מיר נישט דענקען וועגן מער פאָרטרעפלעכע, איידער די, וואָס שטימען־צונויף געווענצלעך מיט אונזער נאַטור. דען, ווען צוויי אינדיווידן, למשל, פון גאַנץ גלייכער נאַטור, ווערן איינער מיט דעם אַנדערן פאַרבינדן, בילדן זיי איין אינדיוויד, וועלכער איז דאָפּלט אַזוי מעכטיג ווי איינער פון דיביידע איינציגווייז.

עס איז, דעריבער, נישט פאַראַן קיין ניצלעכערע זאַך פאַר דעם מענטשן ווי דער מענטש — קיין מער פאָרטרעפלעכע זאַך, חזר איך איבער, קאָנען זיך די מענטשן נישט ווינטשן פאַר דער דערהאַלטונג פון זייער זיין, איידער דאָס, אַז אַלע זאָלן זיי אין אַלע פּרטים אַזוי שטימען, דאָס די גייסטער און קערפּער פון אַלע זאָלן בילדן, אַזוי צו זאָגן, איין און איינציגן גייסט און איין און איינציגן קערפּער, און אַז אַלע זאָלן צוגלייך, אויף וויפיל עס איז מעגלעך, שטרעבן צו דערהאַלטן זייער זיין, און אַז אַלע אינאיינעם זאָלן זוכן דאָס, וואָס איז ניצלעך פאַר אַלע. דערפון פאָלגט, אַז מענטשן, וואָס ווערן געלייטעט פון דער פאַרנונפט — דאָס הייסט, די מענטשן, וואָס זוכן זייער נוצן לפי דער לייטונג פון דער פאַרנונפט — באַגערן פאַר זיך אַליין קיין זאַך נישט, וואָס זיי זאָלן עס אויך פאַר די איבעריגע מענטשן נישט ווינטשן, און, פאָלגלעך, זענען זיי גערעכט, געטריי און ערנהאַפט.

דאָס זענען די געבאָטן פון דער פאַרנונפט, וועלכע איך האָב געוואָלט דאָ אין קורצן פאָרלייגן, איידער איך הויב אָן, אויספירלעך איינעם נאָך דעם אַנדערן, זיי צו באַווייזן. איך האָב עס געטאָן בכדי, אויב מעגלעך, צו געווינען די אויפמערקזאַמקייט פון די, וואָס גלויבן, אַז דער פּרינציפּ, לויט וועלכן

יעדערער איז מחויב צו זוכן זיין אייגענעם נוצן, איז דער יסוד פון גאָטלאָזיגקייט, און נישט פון פרומקייט און טוגענט.

נאָך דעם, ווי איך האָב אין קורצן געצייגט, אַז דער היפוך דערפון איז דער פאַל, גיי איך אויף דעם זעלבן וועג, וואָס איך האָב באַטראָטן, דאָסזעלבע צו באַווייזן.

זאַץ XIX. יעדער מענטש באַגערט אָדער ווייזט צוריק, על פּי די געזעצן פון זיין נאַטור, דאָס, וואָס ער באַטראַכט פאַר גוט אָדער שלעכט.

באַווייז. די דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס איז (טייל IV, זאַץ VIII) די עמאָציע פון לוסט און אומלוסט, אויף ווי ווייט מיר זענען אויף איר באַוואוסטזיניג; יעדער מענטש דעריבער באַגערט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, דאָס, וואָס ער האַלט פאַר גוט, און ווייזט צוריק דאָס, וואָס ער האַלט פאַר שלעכט. דער דאָזיגער פאַרלאַנג, אָבער, איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי די נאַטור אָדער די עסענץ פון דעם מענטשן (דעפיניציע פון פאַרלאַנג אין דער אָנמערקונג צו זאַץ IX, טייל III און דעפיניציע I פון די עמאָציעס). יעדער מענטש, דעריבער, בלויז על פּי די געזעצן פון זיין נאַטור, באַגערט דאָס איינע און ווייזט צוריק דאָס אַנדערע, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XX. וואָס מער יעדער מענטש שטרעבט, און איז ביכולת צו זוכן דאָס, וואָס איז ניצלעך פאַר אים — מיט אַנדערע ווערטער, צו דערהאַלטן זיין אייגענעם זיין, אַלץ מער איז ער מיט טוגענט באַגאַבט; דאַגעגן, אויף ווי ווייט אַ מענטש פאַרנאַכלעסיגט צו זוכן, וואָס איז ניצלעך פאַר אים, דאָס הייסט, צו דערהאַלטן זיין אייגענעם זיין, אויף אַזוי ווייט איז ער אָנמעכטיג.

באַווייז. טוגענט איז די מענטשלעכע קראַפט זעלבסט, וועלכע ווערט דערקלערט דורך דער תּמצית גופא פון דעם מענטשן (טייל IV, דעפיניציע VIII), דאָס הייסט, וועלכע ווערט דערקלערט בלויז דורך דעם באַשטרעב, וואָס מיט אים שטרעבט דער מענטש זיך עקשנותדיג צו דערהאַלטן אין זיין אייגענעם זיין. וואָס מער אַ מענטש, אַלזאָ, שטרעבט און איז ביכולת צו דערהאַלטן זיין אייגענעם זיין, אַלץ מער איז ער באַגאַבט מיט טוגענט, און ממילא (טייל III, זאַצן IV און VI) אויף אַזוי ווייט ווי ער פאַרנאַכלעסיגט צו דערהאַלטן זיין אייגענעם זיין, אויף אַזוי ווייט איז ער אָנמעכטיג. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. קיינער, אַלזאָ, פאַרנאַכלעסיגט נישט צו זוכן זיין אייגענעם נוץ אָדער צו דערהאַלטן זיין אייגענעם זיין, סיידן ער ווערט באַצוואונגען פון אויסנווייניגסטע און צו זיין נאַטור אַנטקעגנגעזעצטע אורזאַכן. קיינער, זאָג איך, ווייזט נישט צוריק קיין נארונג, אָדער נעמט זיך דאָס לעבן אויס דעם הכרח פון זיין אייגענער נאַטור, נאָר דורך דעם צוואַנג פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן. דאָס קאָן אויף פילערליי אופנים געשעהן: איינער

טויט זיך זעלבסט, ווייל אַן אַנדערער צווינגט אים דערצו דורך דעם, וואָס ער דרייט אים אַרום די רעכטע האַנט, אין וועלכער ער האַלט צופעליג אַ שווערד, און צווינגט אים צו קערן די שאַרף געגן זיין אייגענער ברוסט; אַן אַנדערער ווערט אויף דעם באַפעל פון זיין טיראַן געצוואונגען ווי סענעקאַ צו עפענען זיינע אָדערן, דאָס הייסט, ווייל ער וויל אַ גרעסער בייז דורך אַ קלענערס פאַרמיידן; אָדער, שליסלעך, אַ דריטער טוט עס, ווייל פאַרבאָרגענע אויסנווייניגסטע אורזאַכן באַאיינפלוסן אַזוי זיין איינבילדונג אָדער ברענגען דעם קערפּער אין אַזאַ אויפרעגונג, אַז ער נעמט אָן אַ נאַטור, וואָס איז להיפּוך צו דער פריהערדיגער, און וואָס פון איר קאָן קיין אידעע נישט זיין אין דעם גייסט (טייל III, זאַץ X). אַז דער מענטש, אָבער, זאָל פון דעם הכרח פון זיין אייגענער נאַטור שטרעבן נישט צו עקזיסטירן, אָדער אין אַן אַנדער געשטאַלט פאַרוואַנדלט צו ווערן, איז אַקוראַט אַזוי אוממעגלעך, ווי אַז פון גאָרנישט זאָל עפּעס ווערן; ווי יעדער איינער וועט עס איינזעהן. ווען ער וועט אַביסל נאָכדענקען.

**זאַץ** XXI. קיינער קאָן נישט באַגערן גליקלעך צו זיין, גוט צו האַנדלען און גוט צו לעבן, ווער עס באַגערט נישט צוגלייך איבערהויפּט צו זיין, צו האַנדלען און צו לעבן — מיט אַנדערע ווערטער, אַקטועל צו עקזיסטירן.

**באַווייז.** דער באַווייז פון דעם דאָזיגן זאַץ, אָדער פיל מער דער זאַץ גופא איז פון זיך קלאָר און אויך פון דער דעפיניציע פון באַגער. דען, דער באַגער גליקלעך אָדער גוט צו לעבן, צו האַנדלען, א. א. וו., איז (לויט דער דעפיניציע I פון די עמאָציעס) די תמצית פון מענטשן — דאָס הייסט (טייל III, זאַץ VII), דער באַשטרעב, וואָס מיט אים זוכט יעדער מענטש זיין אייגענעם יש צו דערהאַלטן. דעריבער קאָן קיינער נישט באַגערן א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ** XXII. קיין טוגענט קאָן נישט באַגריפן ווערן פריהער פאַר דער דאָזיגער — נעמלעך, פאַר דעם באַשטרעב צו זעלבסטדערהאַלטונג.

**באַווייז.** דאָס שטרעבן צו זעלבסטדערהאַלטונג איז די תמצית פון אַ זאַך (טייל III, זאַץ VII); ווען, דעריבער, וועלכע עס איז טוגענט וואָלט געקאָנט באַגריפן ווערן פריהער פאַר אַזאַ באַשטרעב, וואָלט די תמצית פון אַ זאַך געדאַרפט באַגריפן ווערן אַלס פריהער פאַר זיך אַליין, וואָס איז אויגנשיינלעך אומזיניג. לכן, קאָן קיין טוגענט א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** דאָס שטרעבן צו זעלבסטדערהאַלטונג איז די ערשטע און איינציגע גרונטלאַגע פון טוגענט. מחמת, קיין זאַך קאָן נישט באַגריפן ווערן פריהער פאַר דעם דאָזיגן פרינציפּ, און אָן אים קאָן איבערהויפּט קיין טוגענט נישט באַגריפן ווערן.

ז אַ ך XXIII. אויף אַזוי ווייט ווי דער מענטש איז באַשטימט צוואָס צו טאָן דורך דעם, וואָס ער האָט אומאַדעקוואַטע אידעען, קאָן מען נישט אַבסאָלוט זאָגן, אַז ער האַנדלט טוגענטהאַפט; אַזעלכעס זאָגן וועגן אים קאָן מען נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ער ווערט באַשטימט צו אַקציע דורך דעם, וואָס ער דערקענט.

ב אַ וו יי ז. אויף אַזוי ווייט ווי אַ מענטש איז באַשטימט צוואָס צו טאָן דורך דעם, וואָס ער האָט אומאַדעקוואַטע אידעען, איז ער פּאַסיוו (טייל III, זאַך I), דאָס הייסט, (טייל III, דעפיניציעס I און II) ער טוט צוואָס, וואָס מען קאָן נישט געוואָר ווערן דורך זיין עסענץ, דאָס הייסט (נאָך טייל IV, דעפיניציע VIII), וואָס פאָלגט נישט פון זיין טוגענט. אויף אַזוי ווייט, אָבער, ווי ער איז באַשטימט צו אַן אַקציע דורך דעם, וואָס ער דערקענט, איז ער אַקטיוו; דאָס הייסט, ער טוט צוואָס, וואָס ער ווערט געוואָר דורך זיין עסענץ אַליין, אָדער דורך דעם, וואָס פאָלגט אַדעקוואַט פון זיין טוגענט. וו. א. ג. צ. ב.

ז אַ ך XXIV. צו האַנדלען אַבסאָלוט טוגענטהאַפט איז קיין אַנדער זאַך נישט אין אונז, ווי צו האַנדלען, צו לעבן, אָדער צו דערהאַלטן דעם אייגענעם זיין (די דאָזיגע דריי אויסדריקן זענען אידענטיש אין באַדייט) אין איינקלאַנג מיט די געבאָטן פון דער פאַרנונפט, אויף דעם גרונד פון דעם זוכן וואָס ניצלעך איז פאַר זיך זעלבסט.

ב אַ וו יי ז. צו האַנדלען אַבסאָלוט טוגענטהאַפט איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי צו האַנדלען אין איינקלאַנג מיט די געזעצן פון אונזער אייגענער נאַ-טור. מיר האַנדלען, אָבער, נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי מיר דערקענען (טייל III, זאַך III), און דערפאַר איז אין אונז צו האַנדלען טוגענטהאַפט קיין אַנדער זאַך נישט, ווי נאָר צו האַנדלען, צו לעבן אָדער צו דערהאַלטן דעם אייגענעם זיין לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, און דערצו נאָך אויף דעם גרונד פון דעם זוכן דאָס, וואָס איז ניצלעך פאַר אונז (טייל IV, שלוסזאַך צו XXII). וו. א. ג. צ. ב.

ז אַ ך XXV. קיינער שטרעבט נישט צו דערהאַלטן זיין יש צוליב וועלכער עס איז אַנדער זאַך.

ב אַ וו יי ז. דער באַשטרעב, וואָס דורך אים שטרעבט יעדע זאַך זיך עקשנותדיג צו דערהאַלטן אין איר זיין, איז דערקלערט בלויז דורך דער תמצית פון דער זאַך גופא (טייל III, זאַך VII); בלויז דערפון, און נישט פון דער תמצית פון וועלכער עס איז אַנדער זאַך, פאָלגט, אויף אַ נויטוועג-דיגן אופן (טייל III, זאַך VI), אַז יעדע זאַך שטרעבט צו דערהאַלטן איר יש. דערצו נאָך איז דער דאָזיגער זאַך קלאָר פון שלוסזאַך צו זאַך XXII, טייל IV, דען, ווען אַ מענטש זאָל שטרעבן צו דערהאַלטן זיין יש צוליב אַן אַנדער

זאַך, וואָלט משמעות די דאָזיגע זאַך געווען די ערשטע גרונטלאַגע פון טוגענט, וואָס איז על פּי דעם פאָריגן זאַץ אומזיניג. דעריבער, שטרעבט קיינער נישט, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXVI. אַלץ, וואָס מיר שטרעבן אין געהאָרכזאַמקייט צו דער פאַרנונפט, איז קיין אַנדער זאַך נישט, ווי דאָס דערקענען; און דער גייסט, אויף אַזוי ווייט ווי ער ווענדט אָן די פאַרנונפט, האַלט פאַר ניצלעך נאָר אַזעלכע זאַכן, וואָס פירן צו דעם דערקענען.

באַווייז. דאָס שטרעבן צו זעלבסטדערהאַלטונג איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי די תמצית פון דער זאַך זעלבסט (טייל III, זאַץ VII) וועלכע אויף אַזוי ווייט ווי זי עקזיסטירט ווי זי איז, ווערט באַגריפן אַלס אַזעלכע, וואָס באַזיצט אַ קראַפט צו דערהאַלטן זיך אין איר זיין (טייל III, זאַץ VI), און צו טאָן אַזעלכע זאַכן, וועלכע פאָלגן, אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, פון איר געגעבענער נאַטור (זעה די דעפיניציע פון פאַרלאַנג אין דער אָנמערקונג צו זאַץ IX, טייל III). די תמצית, אָבער, פון אונזער פאַרנונפט איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי אונזער גייסט אויף אַזוי ווייט ווי ער דערקענט קלאָר און דייטלעך (זעה די דעפיניציע אין טייל II אָנמערקונג II צו זאַץ XL); ממילא (טייל II, זאַץ XL), איז אַלץ, וואָס מיר שטרעבן אין געהאָרכזאַמקייט צו דער פאַרנונפט, קיין אַנדער זאַך נישט ווי דאָס דערקענען. היות, ווייטער, ווי דער דאָזיגער באַשטרעב, וואָס דורך אים זוכט דער גייסט, אויף ווי ווייט ער איז פאַרנונפטמעסיג, צו דערהאַלטן זיין אייגענעם יש, איז קיין אַנדער זאַך נישט, ווי דאָס דערקענען, לכן, איז (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ XXII) דאָס שטרעבן צו דערקענען די ערשטע און איינציגע גרונטלאַגע פון טוגענט, און מיר וועלן נישט שטרעבן צו דערקענען זאַכן לשם וועלכן עס איז אַנדער צוועק (טייל IV, זאַץ XXV); פון דער אַנדערער זייט, וועט דער גייסט, אויף אַזוי ווייט ווי ער דענקט פאַרנונפטמעסיג, זיין ביכולת צו באַגרייפן אַלס גוט פאַר אים נאָר אַזעלכע זאַכן, וואָס פירן צו דעם דערקענען (דעפיניציע I אין דעם דאָזיגן טייל). וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXVII. נאָר וועגן אַזעלכע זאַכן ווייסן מיר אויף געוויס. אַז זיי זענען גוט אָדער שלעכט, וועלכע פירן אונז, באמת, צו דער דערקענטעניש, אָדער וועלכע קאָנען אונז שטערן אין דער דערקענטעניש.

באַווייז. דער גייסט, אויף אַזוי ווייט ווי ער דענקט פאַרנונפטמעסיג, באַגערט קיין אַנדער זאַך נישט ווי דערקענטעניש, און האַלט קיין זאַך נישט אַלס ניצלעך פאַר אים, אַחוץ אַזעלכע זאַכן, וואָס פירן צו דער דערקענטעניש (נאָך דעם פאָריגן זאַץ). דער גייסט אָבער, (טייל II, זאַצן XLI און XLIII און אָנמערקונג) באַזיצט אַ געוויסהייט בנוגע אַ זאַך, נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער האָט אַדעקוואַטע אידעען, אָדער (וואָס נאָך אָנמערקונג

II צו זאַץ XL אין טייל II איז עס דאָס זעלבע) אויף אַזוי ווייט, ווי ער דענקט פאַרנונפטמעסיג. דעריבער, ווייסן מיר אויף געוויס נאָר וועגן אַזעלכע זאַכן, אַז זיי זענען גוט אָדער שלעכט, וועלכע פירן באמת, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXVIII. דאָס העכסטע גוטס פון גייסט איז די דערקענטעניש פון גאָט, און די העכסטע טוגענט פון דעם גייסט איז גאָט צו דערקענען.

באַווייז. דאָס העכסטע, וואָס דער גייסט קאָן דערקענען איז גאָט, דאָס הייסט (טייל I, דעפיניציע VI) דער אַבסאָלוט אומענדלעכער יש, וואָס אָן אים (טייל I, זאַץ XV) קאָן קיין זאַך נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן; פאָלגלעך, (טייל IV, זאַצן XXVI און XXVII) איז די העכסטע ניצלעכקייט אָדער (טייל IV דעפיניציע I) גוטס פון גייסט די דערקענטעניש פון גאָט. ווייטער איז דער גייסט אַקטיוו נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ער דערקענט, און נאָר אויף אַזוי ווייט קאָן מען אומבאַדינגט זאָגן וועגן אים, אַז ער האַנדלט טוגענטהאַפט. די אַבסאָלוטע טוגענט פון גייסט איז דעריבער די דערקענטעניש. און, היות, ווי דאָס העכסטע, וואָס דער גייסט קאָן דערקענען איז, ווי מיר האָבן שוין געצייגט, גאָט, לכן איז די העכסטע טוגענט פון גייסט צו באַגרייפן אָדער צו דערקענען גאָט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXIX. אַן איינצלנע זאַך, וואָס איר נאַטור איז לגמרי פאַרשיידן פון אונזערער, קאָן נישט העלפן און נישט שטערן אונזער ווירקונגס-קראַפט, און בכלל קאָן קיין זאַך נישט זיין גוט אָדער שלעכט פאַר אונז, ווען זי האָט נישט עפּעס געמיינזאַם מיט אונזער נאַטור.

באַווייז. די קראַפט פון יעדער איינצלנער זאַך, און ממילא די קראַפט פון מענטשן, וואָס דורך איר עקזיסטירט ער און ווירקט, קאָן נאָר דעטערמינירט ווערן פון אַן איינצלנער זאַך (טייל I, זאַץ XXVIII), וואָס איר נאַטור (טייל II זאַץ, VI) מוז דורך דעם זעלבן אַטריבוט פאַרשטאַנען ווערן, דורך וועלכן אויך די מענטשלעכע נאַטור ווערט באַגריפן. אונזער ווירקונגס-קראַפט, אויף וואָס פאַר אַן אופן זי זאָל נישט באַגריפן ווערן, קאָן, אַלזאָ, דעטערמינירט ווערן און, ממילא, געהאָלפן אָדער געשטערט ווערן דורך דער קראַפט פון וועלכער עס איז אַנדערער איינצלנער זאַך, וואָס האָט עפּעס געמיינזאַם מיט אונזער נאַטור, אָבער נישט דורך דער קראַפט פון אַ זאַך, וואָס איר נאַטור איז לגמרי פאַרשיידן פון אונזערער, און אַזוי ווי גוט אָדער שלעכט הייסט ביי אונז דאָס, וואָס איז די אורזאַך פון לוסט און אומלוסט (טייל IV, זאַץ VIII), דאָס הייסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI), דאָס, וואָס פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, העלפט אָדער שטערט אונזער ווירקונגס-קראַפט; דערפאַר קאָן דאָס, וואָס איז לגמרי פאַרשיידן פון אונזער נאַטור, נישט זיין נישט גוט און נישט שלעכט. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXX.** קיין זאַך קאָן נישט זיין שלעכט דורך דעם, וואָס זי האָט עפּעס געמיינזאַם מיט אונזער נאַטור, נאָר אויף ווי ווייט זי איז פאַר אונז שלעכט, אויף אַזוי ווייט איז זי להיפוך צו אונזער נאַטור.

**באַווייז.** מיר רופן אַ זאַך שלעכט, ווען זי איז די אורזאַך פון אומלוסט (טייל IV, זאַץ VIII), דאָס הייסט (נאָך דער דעפיניציע אין דער אָנמערקונג צו זאַץ XI, טייל III), ווען זי פאַרמערט אָדער פאַרמינערט אונזער ווירקונגס-קראַפט. ווען, אַלזאָ, אַ זאַך וואָלט שלעכט געווען פאַר אונז דורך דעם, וואָס זי האָט עפּעס מיט אונז געמיינזאַם, וואָלט די דאָזיגע זאַך גופא געקאָנט פאַרמינערן אָדער שטערן דאָס עפּעס, וואָס האָט געמיינזאַם מיט אונזער נאַטור, וואָס איז (טייל III, זאַץ IV) אומזיניג. דעריבער, קאָן קיין זאַך נישט זיין שלעכט פאר אונז דורך דעם, וואָס זי האָט עפּעס געמיינזאַם מיט אונז, נאָר פאַרקערט, אויף אַזוי ווייט ווי אַ זאַך איז שלעכט פאַר אונז, דאָס הייסט (ווי איך האָב נאָר וואָס געצייגט) אויף אַזוי ווייט ווי זי קאָן פאַרמינערן אָדער שטערן אונזער ווירקונגס-קראַפט, איז זי אַנטקעגנגעזעצט צו אונזער נאַטור. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXXI.** אויף אַזוי ווייט ווי אַ זאַך שטימט צונויף מיט אונזער נאַטור, איז זי, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, גוט.

**באַווייז.** אויף אַזוי ווייט ווי אַ זאַך שטימט צונויף מיט אונזער נאַטור קאָן זי נישט (לויט דעם פאָריגן זאַץ) זיין שלעכט. זי וועט, אַלזאָ, זיין ענטוועדער גוט אָדער אינדיפערענט. נעמען מיר אָן דאָס לעצטע, דאָס הייסט, אַז די זאַך וועט זיין נישט גוט און נישט שלעכט, וועט דאָך קיין זאַך נישט פאָלגן פון איר נאַטור (טייל IV, דעפיניציע I), וואָס זאָל דינען פאַר דער דערהאַלטונג פון אונזער נאַטור, דאָס הייסט (לפי דער היפּאָטעזע) פאַר דער דערהאַלטונג פון דער זאַך גופא; דאָס איז, אָבער, (טייל III, זאַץ VI) אומזיניג; דעריבער, איז אויף אַזוי ווייט, ווי די זאַך שטימט צונויף מיט אונזער נאַטור, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, גוט. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** דערפון פאָלגט, אַז וואָס מער אַ זאַך שטימט מיט אונזער נאַטור, אַלץ ניצלעכער און בעסער איז זי פאַר אונז, און להיפוך, וואָס ניצלעכער אַ זאך איז פאַר אונז, אַלץ מער שטימט זי צונויף מיט אונזער נאַטור. דען אויף אַזוי ווייט ווי זי האַרמאָנירט נישט מיט אונזער נאַטור, וועט זי אויף אַ נויטווענדיגן אופן זיין פאַרשיידן פון איר אָדער אַנטקעגנגעזעצט צו איר. ווען פאַרשיידן, קאָן זי נישט זיין נישט גוט און נישט שלעכט (טייל IV, זאַץ XXIX); ווען אַנטקעגנגעזעצט, וועט זי זיין אַנטקעגנגעזעצט צו דעם, וואָס האַרמאָנירט מיט אונזער נאַטור, דאָס הייסט, אַנטקעגנגעזעצט צו דעם, וואָס איז גוט — קורץ, זי וועט זיין שלעכט. אַ זאַך קאָן נאָר גוט זיין אויף אַזוי ווייט, ווי זי האַרמאָנירט מיט אונזער נאַטור, און, פאָלגלעך, וואָס

ניצלעכער אַ זאַך איז, אַלץ מער שטימט זי צונויף מיט אונזער נאַטור, און אומגעקערט. וו. א. ג. צ. ב.

ז אַ ך XXXII. אויף ווי ווייט מענטשן זענען אונטערגעוואָרפן דער לײדנשאַפט, אויף אַזוי ווייט קאָן מען נישט זאָגן, אַז זיי זענען פון נאַטור האַרמאָניש.

ב אַ ו י י ז. ווען מען זאָגט וועגן זאַכן, אַז זיי האַרמאָנירן פון נאַטור, פאַרשטייט מען אונטער דעם, אַז זיי שטימען צונויף אין דער קראַפט (טייל III, זאַך VII) אָבער נישט אין דער אָנמאַכט אָדער פאַרניינונג, און, ממילא, (טייל III, אָנמערקונג צו זאַך III) אויך נישט אין לײדנשאַפט. דערפאַר קאָן מען נישט זאָגן וועגן מענטשן, וועלכע זענען אונטערגעוואָרפן דער לײדנשאַפט, אַז זיי האַרמאָנירן איינער מיט דעם אַנדערן. וו. א. ג. צ. ב.

אָ נ מ ע ר ק ו נ ג. דאָס איז אויך קלאָר פון זיך אַליין, דען ווען מיר זאָגן, אַז שוואַרץ און ווייס שטימען צונויף בלויז דערין, וואָס קיינס פון זיי איז רויט, באַשטעטיגן מיר דערמיט אַבסאָלוט, אַז שוואַרץ און ווייס שטימען נישט צונויף אין קיין איין און איינציגן פּרט. אַזוי אויך, ווען מיר זאָגן, אַז מענטש און שטיין שטימען נאָר דערין, וואָס ביידע זענען ענדלעך און אָנמעכ־טיג, אָדער וואָס זיי עקזיסטירן נישט אויס דער נויטווענדיגקייט פון זייער אייגענער נאַטור, אָדער, שליסלעך, וואָס ביידע ווערן אומענדלעך איבערטראָפן פון דער מאַכט פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן, באַהויפּטן מיר דערמיט גאָר אינגאַנצן, אַז מענטש און שטיין זענען אין קיין פּרט נישט גלייך. זאַכן, אַל־זאָ, וואָס שטימען צונויף בלויז אין דער פאַרניינונג, אָדער אין די איכותן, וואָס קיינע פון זיי באַזיצט נישט, שטימען אין דער אמתן נישט צונויף אין קיין פּרט.

ז אַ ך XXXIII. מענטשן קאָנען זיין פאַרשיידן אין נאַטור אויף אַזוי ווייט, ווי זיי ווערן אָנגעגריפן פון די עמאָציעס, וועלכע זענען לײדנשאַפטן אָדער פּאַסיווע צושטאַנדן; און אויף אַזוי ווייט איז אַפילו איינער און דער זעלבער מענטש פאַרענדערלעך און אומבאַשטענדיג.

ב אַ ו י י ז. די נאַטור אָדער די עסענץ פון די עמאָציעס קאָן נישט דער־קלערט ווערן בלויז דורך אונזער נאַטור אָדער אונזער עסענץ (טייל III, דע־פיניציעס I און II); נאָר זי מוז דערקלערט ווערן דורך דער קראַפט, דאָס הייסט (טייל III, זאַך VII), דורך דער נאַטור פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן אין פאַרגלייך מיט אונזער אייגענער; דערפון קומט עס, וואָס עס זענען פאַראַן אַזויפיל אַרטן פון יעדער עמאָציע, וויפיל עס זענען פאַראַנען אויסנווייניגסטע אורזאַכן, וואָס דורך זיי ווערן מיר באַווירקט (טייל III, זאַך LVI), און וואָס מענטשן קאָנען, אויף אַ פאַרשיידענעם אופן, באַווירקט ווערן פון איינעם און דעם זעלבן אָביעקט (טייל III, זאַך LI), און, אויף אַזוי ווייט, זיין פאַרשיידן

אין נאַטור; און, שליסלעך, דאָס וואָס איינער און דער זעלבער מענטש קאָן בנוגע דעם זעלבן אָביעקט פאַרשיידנאַרטיג אויפגערעגט ווערן, און; אויף אַזוי ווייט, זיין פאַרענדערלעך און אומבאַשטענדיג. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXIV. אויף אַזוי ווייט ווי מענטשן זענען אָנגעגריפן פון עמאָציעס, וועלכע זענען ליידנשאַפטן, קאָנען זיי זיין אַנטקעגנגעזעצט איינער צום אַנדערן.

באַווייז. אַ מענטש, פעטער למשל, קאָן זיין די אורזאַך דערפון, וואָס פּאַוועל דערשפירט אומלוסט, דערפאַר וואָס ער (פעטער) באַזיצט עפּעס, וואָס איז גלייך צו דעם, וואָס פּאַוועל האַסט (טייל III, זאַץ XVI), אָדער דערפאַר, וואָס פעטער אַליין באַזיצט אַ זאַך, וואָס זי האָט פּאַוועל אויך ליב (טייל III, זאַץ XXXII און אָנמערקונג), אָדער צוליב אַנדערע אורזאַכן (וואָס די הויפּט פון זיי זענען אויסגערעכנט אין דער אָנמערקונג צו זאַץ LV, טייל III); עס קאָן, דעריבער, געשעהן, אַז פּאַוועל זאָל האַסן פעטערן (דעפיניציע VII פון די עמאָציעס), פאָלגלעך, קאָן אויך געשעהן, אַז פעטער זאָל צוריקהאַסן פּאַוולען, און אַז יעדער איינער פון זיי זאָל זוכן שאָדן צו טאָן איינער דעם אַנדערן (טייל III, זאַץ XXXIX), דאָס הייסט (טייל IV, זאַץ XXX), אַז זיי זאָלן זיין אַנטקעגנגעזעצט איינער צום אַנדערן. אָבער די עמאָציע פון אומלוסט איז תמיד אַ ליידנשאַפט, אָדער אַ פּאַסיווער צושטאַנד (טייל III, זאַץ LIX); ובכן, קאָנען די מענטשן, אויף ווי ווייט זיי זענען אָנגעגריפן פון עמאָציעס, וואָס זענען ליידנשאַפטן, זיין אַנטקעגנגעזעצט איינער צו דעם אַנדערן. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. איך האָב געזאָגט, אַז פּאַוועל קאָן האַסן פעטערן דערפאַר, וואָס ער שטעלט זיך פאָר, אַז פעטער באַזיצט עפּעס, וואָס ער (פּאַוועל) האָט אויך ליב. אויף דעם ערשטן בליק זעהט אויס דערפון צו פאָלגן, אַז די דאָזיגע צוויי מענטשן שטייען איינער דעם אַנדערן אין וועג, דערפאַר וואָס ביידע ליבן זיי איינע און די זעלבע זאַך, און, פאָלגלעך, דערפאַר, וואָס עס איז פאַראַן אַן איינשטימיגקייט אין זייערע באַטרעפנדע נאַטורן. ווען דאָס זאָל אַזוי זיין, וואָלטן די זאַצן XXX און XXXI פון דעם דאָזיגן טייל נישט אמת געווען. ווען מיר וועלן אָבער באַטראַכטן די זאַך אָן פּאָראורטיילן, וועלן מיר זעהן, אַז פון דער דאָזיגער אומאיינשטימיגקייט בלייבט נישט קיין זכר; דען די דאָזיגע צוויי מענטשן זענען אין וועג איינער דעם אַנדערן נישט צוליב דער איינשטימיגקייט אין זייערע נאַטורן, דאָס הייסט, נישט צוליב דעם, וואָס זיי ביידע ליבן איינע און די זעלבע זאַך, נאָר צוליב דעם, וואָס איינער איז פאַרשיידן פון דעם אַנדערן. אויף אַזוי ווייט, אייגנטלעך, ווי ביידע ליבן די זעלבע זאַך, ווערט דורך דעם די ליבע פון יעדן גענעהרט (טייל III, זאַץ XXXI), דאָס הייסט (דעפיניציע VI פון די עמאָציעס), די לוסט פון יעדן

ווערט דורך דעם געגעהרט. אַזוי, אַז עס איז ווייט דערפון, אַז זיי זאָלן זיין איינער מיט דעם אַנדערן אויף קידער-ווידער דערפאַר, וואָס זיי ביידע ליבן איין זאַך און צוליב דעם, וואָס זייערע נאַטורן שטימען-צונויף. די אורזאַך פון זייער אָפּאָזיציע באַשטייט, ווי איך האָב געזאָגט, אויסשליסלעך דערין, וואָס זיי זענען, ווי מיר נעמען אָן, פאַרשיידן איינער פון דעם אַנדערן. דען, מיר נעמען דאָך אָן, אַז פעטער האָט די אידעע פון דער געליבטער זאַך, אַלס פון איינער, וואָס ער האָט שוין אין זיין באַזיץ, און פאַוועל האָט די אידעע פון דער געליבטער זאַך, אַלס פון איינער, וואָס ער האָט פאַרלאָרן. דעריבער וועט איינער באַוועגט ווערן פון לוסט, דער אַנדערער וועט באַוועגט ווערן פון אומלוסט, און אויף אַזוי ווייט וועלן זיי זיין איינער אַנטקעגנגעזעצט צום אַנדערן. אויף דעם זעלבן אופן קאָן לייכט געצייגט ווערן, אַז אַלע איבריגע אורזאַכן פון האַס הענגען אָפּ דערפון, וואָס די מענטשן לפי זייער נאַטור ווייכן אָפּ איינע פון די אַנדערע, און נישט דערפון, וואָס זיי שטימען-צונויף איינע מיט די אַנדערע.

זאַץ XXXV. אויף אַזוי ווייט ווי מענטשן ליבן לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, און נאָר אויף אַזוי ווייט, שטימען זיי תמיד צונויף אין דער נאַטור נאָך, אויף אַ נויטווענדיגן אופן.

באַוויַיז. אויף אַזוי ווייט, ווי מענטשן ווערן אָנגעגריפן פון עמאָציעס, וועלכע זענען ליידנשאַפטן, קאָנען זיי זיין פאַרשיידן פון נאַטור (טייל IV, זאַץ XXXIII) און אַנטקעגנגעזעצט איינער צום אַנדערן. מענטשן זענען אָבער, זאָגן מיר, אַקטיוו נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי זיי האַנדלען נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט (טייל III, זאַץ III); און, דעריבער, מוז אַלץ, וואָס פאָלגט פון דער מענטשלעכער נאַטור, אויף אַזוי ווייט ווי זי ווערט דערקלערט דורך דער פאַרנונפט, פאַרשטאַנען ווערן בלויז דורך דער מענטשלעכער נאַטור אַלס דורך אַ נעקסטער אורזאַך דערפון. היות, אָבער, ווי יעדער מענטש, על פי די געזעצן פון זיין נאַטור, באַגערט דאָס, וואָס ער באַטראַכט פאַר גוט, און שטרעבט אַוועקצושאַפן דאָס, וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר שלעכט (טייל IV, זאַץ XIX); און היות, ווייטער, ווי דאָס וואָס מיר באַטראַכטן פאַר גוט אָדער שלעכט אין איינקלאַנג מיט דער פאַרנונפט, איז, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, גוט אָדער שלעכט (טייל II, זאַץ XLI), לכן, קומט-אויס, אַז אויף אַזוי ווייט ווי מענטשן לעבן אין איינקלאַנג מיט די געבאָטן פון דער פאַרנונפט, טוען זיי אויף אַ נויטווענדיגן אופן נאָר אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען על פי הכרח גוט פאַר דער מענטשלעכער נאַטור און, ממילא, פאַר יעדן איינצלנעם מענטשן (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXI); מיט אַנדערע ווערטער, זיי טוען אַזעלכע זאַכן, וועלכע זענען אין האַרמאָניע מיט דער נאַטור פון יעדן מענטשן. דעריבער שטימען אויך די מענטשן תמיד צונויף איינער מיט דעם

אַנדערן, אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, אויף אַזוי ווייט ווי זיי לעבן אין איינקלאַנג מיט די געבאָטן פון דער פאַרנונפט. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ I. עס איז נישט פאַראַן אין דער נאַטור פון זאַכן קיין איינצלנע זאַך, וואָס זאָל זיין ניצלעכער פאַר דעם מענטשן איידער אַ מענטש, וואָס לעבט לפי דער לייטונג פון דער פאַרנונפט. דען פאַר דעם מענטשן איז אַמניצלעכסטן דאָס, וואָס האַרמאָנירט על פּי רוב מיט זיין נאַטור (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXI), דאָס הייסט (ווי עס פאַרשטייט זיך פון זיך גופא) דער מענטש. דער מענטש, אָבער, האַנדלט אומבאַדינגט לפי די געזעצן פון זיין נאַטור, ווען ער לעבט אין געהאָרכזאַמקייט צו דער פאַרנונפט (טייל III, דעפיניציע II), און נאָר אויף אַזוי ווייט האַרמאָנירט ער תּמיד, אויף אַ נויטוועגדיגן אופן, מיט דער נאַטור פון אַן אַנדער מענטשן (לויט דעם פאָריגן זאַץ); פאָלגלעך, איז נישט פאַראַן צווישן איינצלנע זאַכן קיין ניצלעכערע זאַך פאַר דעם מענטשן, איידער אַ מענטש, וואָס לעבט לפי דער לייטונג פון דער פאַרנונפט.

שלוסזאַץ II. אַזוי ווי דער מענטש זוכט על פּי רוב דאָס, וואָס איז ניצלעך פאַר אים, זענען דעריבער מענטשן איינער צו דעם אַנדערן אַמניצלעכסטן. דען וואָס מער אַ מענטש זוכט דאָס, וואָס איז ניצלעך פאַר אים, און שטרעבט צו דערהאַלטן זיך גופא, אַלץ מער איז ער באַגאַבט מיט טוגענט (טייל IV, זאַץ XX), אָדער, וואָס דאָס איז דאָס זעלבע (טייל IV, דעפיניציע VIII), אַלץ מער איז ער באַגאַבט מיט דער קראַפט פון צו האַנדלען לפי די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור, דאָס הייסט, צו לעבן ווי די פאַרנונפט הייסט. דאָס רוב שטימען אָבער מענטשן איינער מיט דעם אַנדערן, ווען זיי לעבן ווי עס באָט די פאַרנונפט (נאָך דעם לעצטן זאַץ); דעריבער, וועלן מענטשן (לויט דעם לעצטן שלוסזאַץ) זיין פון דעם גרעסטן נוצן איינער צו דעם אַנדערן, ווען יעדערער וועט זוכן דאָס, וואָס איז ניצלעך פאַר אים. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דאָס, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געצייגט, באַשטעטיגט אויך די טעגלעכע דערפאַרונג דורך אַזוי פיל דייטלעכע און אָנגעזעהענע סימנים, און ביי יעדן אויף דער צונג ליגן די ווערטער: „דער מענטש איז צו דעם מענטשן אַ גאָט". אין דער אייגענער צייט, אָבער, געשעהט עס זעלטן, אַז מענטשן זאָלן לעבן ווי די פאַרנונפט דיקטירט, מחמת, זאַכן זענען אַזוי איינגעאָרדנט צווישן זיי, אַז זיי זענען פול מיט קנאה און אומאיינגענעם איינער צו דעם אַנדערן. פונדעסטוועגן, זענען זיי כמעט נישט ביכולת צו פירן איין איינזאַמען לעבן, אַזוי, אַז צו דער דעפיניציע פון מענטש אַלס אַ געזעלשאַפטלעכע חיה האָבן דאָס רוב מענטשן געגעבן זייער הסכמה; און אין דער ווירקלעכקייט איז דער ריוח, וואָס די מענטשן ציהען פון דעם געזעלשאַפט-

לעבן, אָן אַן עק גרעסער איידער דער היזק. מעגן, אַלזאָ, די סאַטיריקער לאַכן וויפיל זייער האַרץ גלוסט פון מענטשלעכע ענינים, מעגן די טעאָלאָגן זיי פאַרדאַמען, מעגן די מעלאַנכאָליקער לויבן אין הימל אַריין די אומקולטיווירטע דאָרפישקייט, מעגן זיי פאַראַכטן די מענטשן און באַוואונדערן די חיות, וועלן זיי נאָך דעם אַלעמען, פונדעסטוועגן, פון דער דערפאַרונג אויסגעפינען, אַז מענטשן קאָנען זיך אַ סך לייכטער פאַרשאַפן זייער באַדאַרף דורך געגנזייטיגער הילף, און אַז נאָר דורך פאַראייניגטע קרעפטן קאָנען זיי פאַרמיידן די געפאַרן, וואָס דראָהען זיי פון אַלע זייטן, נישט גערעדט שוין וועגן דעם, אַז עס איז אַ סך פאָרטרעפלעכער און ווירדיגער פאַר אונזער דערקענטעניש צו שטודירן דאָס טאָן פון דעם מענטשן, איידער די האַנדלונגען פון די אומפאַרנינפטיגע חיות. דעם דאָזיגן ענין וועל איך אָבער אויספירלעכער באַהאַנדלען אַנדערש-וואו.

**זאַץ XXXVI**. דאָס העכסטע גוטס פון די יעניגע, וועלכע פאָלגן נאָך דער טוגענט, איז געמיינזאַם פאַר אַלע און דערפאַר קאָנען אַלע אויף אַ גלייכן אופן זיך פרייען דערמיט.

**באַווייז**. צו האַנדלען טוגענטהאַפט הייסט צו האַנדלען ווי די פאַרנונפט דיקטירט (טייל IV, זאַץ XXIV), און וואָס נאָר מיר שטרעבן צו טאָן אין איינקלאַנג מיט דעם געבאָט פון דער פאַרנונפט הייסט צו דערקענען (טייל IV, זאַץ XXVI), דעריבער (טייל IV, זאַץ XXVIII), איז דאָס העכסטע גוטס פאַר די יעניגע, וואָס פאָלגן נאָך דער טוגענט צו דערקענען גאָט; דאָס הייסט (טייל II, זאַץ XLVII, און אָנמערקונג צום זאַץ) אַ גוטס, וואָס איז געמיינזאַם פאַר אַלע און קאָן פון אַלע אויף אַ גלייכן אופן באַזיצט ווערן, אויף אַזוי ווייט, ווי זיי זענען פון דער זעלבער נאַטור. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג**. קאָן דאָך עמיצער פרעגן ווי וואָלט געווען, ווען דאָס העכסטע גוטס פון די יעניגע, וואָס פאָלגן נאָך דער טוגענט, וואָלט נישט געווען געמיינזאַם פאַר אַלע? וואָלט עס דען יעמאָלט נישט געפאָלגט ווי אויבן (טייל IV, זאַץ XXXIV), אַז מענטשן, וואָס לעבן אין געהאָרכזאַמקייט צו דער פאַרנונפט, דאָס הייסט (טייל IV, זאַץ XXXV) אויף אַזוי ווייט ווי זיי שטימען פון נאַטור, וואָלטן געווען אַנטקעגנגעזעצט איינער צו דעם אַנדערן? אויף אַזאַ חקירה ודרישה ענטפער איך, אַז דאָס, וואָס דעם מענטשנס העכסטע גוטס איז געמיינזאַם פאַר אַלע, איז נישט קיין צופאַל, נאָר עס איז אַ פועל-יוצא פון דער סאַמע נאַטור פון דער פאַרנונפט, מחמת, עס ווערט אַרויסגעדרונגען פון דעם עצם תמצית פון דעם מענטשן, אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט דערקלערט דורך דער פאַרנונפט; און אַז אַ מענטש קאָן נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן, ווען ער זאָל נישט האָבן די קראַפט זיך מיט דעם העכסטן גוטס צו פרייען. דען עס געהערט (טייל II, זאַץ XLVII) צו דער

תמצית פון דעם מענטשלעכן גייסט צו האָבן אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער אייביגער און אומענדלעכער תמצית פון גאָט.

*זאַץ* XXXVII. דאָס גוטס, וואָס יעדער מענטש, וועלכער פאָלגט נאָך דער טוגענט, באַגערט פאַר זיך, וועט ער אויך באַגערן פאַר אַנדערע מענטשן, און אַלץ מער, וואָס גרעסער עס איז די דערקענטעניש, וואָס ער האָט וועגן גאָט.

*באַווייז.* די מענטשן, אויף אַזוי ווייט ווי זיי לעבן נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, זענען פון די גרעסטע נוצן צו זייערע מיט־מענטשן (טייל IV, שלוסזאַץ I צו זאַץ XXXV): דעריבער, וועלן מיר, (טייל IV, זאַץ XIX) אין געהאָרכזאַמקייט צו דער פאַרנונפט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, זוכן צו באַווירקן, אַז מענטשן זאָלן לעבן ווי עס דיקטירט זיי די פאַר־נונפט. דאָס גוטס אָבער, וואָס יעדער מענטש, אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט געלייטעט פון דער פאַרנונפט, מיט אַנדערע ווערטער, אויף אַזוי ווייט ווי ער פאָלגט נאָך דער טוגענט, ווינטשט, פאַר זיך, איז צו דערקענען (טייל IV, זאַץ XXVI): פאָלגלעך, וועט יעדערער, וואָס פאָלגט נאָך דער טוגענט, באַגערן דאָס גוטס, וואָס ער באַגערט פאַר זיך, אויך פאַר אַנדערע. ווייטער, איז דער באַגער, אויף ווי ווייט ער באַציהט זיך אויף דעם גייסט. דער עצם תמצית פון דעם גייסט גופא (דעפיניציע I פון די עמאָציעס), נו, באַשטייט אָבער די תמצית פון דעם גייסט אין דערקענטעניש (טייל II, זאַץ XI), וועלכע שליסט־איין די דערקענטעניש פון גאָט (טייל II, זאַץ XLVII) און קאָן אָן איר נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן (טייל I, זאַץ XV); וואָס גרעסער, דערי־בער, די דערקענטעניש פון גאָט, וואָס די תמצית פון גייסט שליסט־איין, אַלץ גרעסער וועט זיין דער באַגער פון דעם, וואָס פאָלגט נאָך דער טוגענט, אַז אַנדערע מענטשן זאָלן באַזיצן דאָס גוטס, וואָס ער זוכט פאַר זיך. וו. א. ג. צ. ב.

*אַן אַנדער באַווייז.* דאָס גוטס, וואָס אַ מענטש באַגערט פאַר זיך זעלבסט און ליבט, וועט ער ליבן מער באַשטענדיג, ווען ער זעהט, אַז אַנדערע ליבן דאָס אויך (טייל III, זאַץ XXXI), ער וועט דעריבער שטרעבן, אַז אַנדערע זאָלן עס אויך ליב האָבן, און אַזוי ווי דאָס דאָזיגע גוטס איז געמיינזאַם פאַר אַלע, און אַלע קאָנען זיך דערמיט פרייען, וועט ער, צוליב דעם זעלבן טעם, שטרעבן, אַז אַלע זאָלן זיך פרייען דערמיט, און דאָס וועט ער טאָן אַלץ מער (טייל III, זאַץ XXXVII), וואָס מער ער אַליין געניסט פון דעם דאָזיגן גוטס.

*אָנמערקונג* I. דער, וואָס, געלייטעט בלויז פון עמאָציע, שטרעבט צו פאַראורזאַכן אַנדערע ליב צו האָבן דאָס, וואָס ער אַליין ליבט, און צו מאַכן די אַנדערע צו ליבן נאָך זיין זין נאָך, האַנדלט בלויז אויס אימפולס, און איז דערפאַר פאַרהאַסט, דערהויפט, צו די יעניגע, וואָס זיי געפעלט עפּעס אַן

אַנדער זאַך, און אויף דעם זעלבן אופן באַמיהען זיי זיך, און אויס דעם זעלבן אימפּולס טראַכטן זיי, ווי אַזוי צו מאַכן די איבעריגע מענטשן צו לעבן נאָך זייער זין נאָך. היות, ווייטער, ווי דאָס העכסטע גוטס, וואָס מענטשן זוכן אונטער דער לייטונג פון עמאָציע, איז אָפט אַזעלכעס, וואָס נאָר איינער קאָן דאָס באַזיצן, לכן קומט אויס, אַז די, וואָס ליבן די זאַך, זענען נישט אויסגעהאַלטן אין זייערע כוונות, און בשעת זיי שעפּן נחת פון די לויב-גע-זאַנגען, וואָס זיי זינגען צו דעם העכסטן גוטס, ציטערן זיי פאַר דעם, טאָמער וועט מען זיי גלויבן. דער, אָבער, וואָס שטרעבט צו לייטן די מענטשן דורך פאַרנונפט, האַנדלט נישט אימפּולסיוו, נאָר מענטשנפריינטלעך און גוטהאַרציג, און זיין כוונה איז תמיד קאָנסעקווענט.

אַלע באַגערן און האַנדלונגען, ווידער, וואָס פון זיי זענען מיר די אור-זאַך, אויף אַזוי ווייט ווי מיר האָבן די אידעע פון גאָט, אָדער דערקענען גאָט, רעכן איך צו צו דער רעליגיע. דעם באַגער, אָבער, גוט צו האַנדלען, וועלכער אַנטשטייט דערפון, וואָס מיר לעבן נאָך דער לייטונג פון דער פאַר-נונפט, רוף איך פרומקייט. דעם באַגער, ווייטער, וואָס דורך אים איז דער מענטש, וואָס לעבט אין איינקלאַנג מיט דער פאַרנונפט, געטריבן זיך צו פאַרבינדן אין פריינטשאַפט מיט די איבעריגע מענטשן, רוף איך כבוד; און-טער בכבודיג פאַרשטיי איך דאָס, וואָס ווערט געלויבט פון מענטשן, וועלכע לעבן אין איינקלאַנג מיט דער פאַרנונפט, און אונטער שפלדיג פאַר-שטיי איך דאָס, וואָס איז אָפּשטויסנד צו דער פאַרקניפּונג פון פריינטשאַפט. — דערצו האָב איך אויך געצייגט, וואָס עס זענען די גרונדלאַגן פון פריינטשאַפט.

דער חילוק צווישן אמתער טוגענט און אומטיכטיגקייט קאָן מען גרינג איינזעהן דערפון, וואָס איך האָב געזאָגט: אמתע טוגענט איז, נעמלעך, קיין אַנדער זאַך נישט, ווי צו לעבן אויסשליסלעך נאָך דער לייטונג פון דער פאַר-נונפט, בעת אומטיכטיגקייט באַשטייט דערין, וואָס דער מענטש לאָזט זיך לייטן פון זאַכן, וואָס זענען אויסנווייניג פון אים, און ווערט פון זיי באַשטימט צו האַנדלען אַזוי ליבערשט, ווי עס פאָדערט די אַלגעמיינע דיספּאָזיציע פון זאַכן און נישט זיין אייגענע נאַטור, אין זיך גופא באַטראַכט.

דאָס איז עס, וואָס איך האָב צוגעזאָגט צו באַווייזן אין דער אָנמער-קונג צו זאַץ XVIII פון דעם דאָזיגן טייל. דערפון פאָלגט, אַז דאָס געזעץ, וואָס פאַרבאָט צו שלאַכטן חיות, איז באַגרינדעט מער אויף פוסטן אַבערגלויבן און ווייבערשער מיטלייד, איידער אויף דער געזונטער פאַרנונפט. די ראַציאָ-נאַלע זוכעניש דערפון, וואָס איז ניצלעך פאַר אונז, לערנט אונז די נויטווענ-דיגקייט פון פאַראייניגן זיך מיט אונזערע מיט-מענטשן, אָבער נישט מיט קיין חיות, אָדער מיט זאַכן, וואָס זייער נאַטור איז פאַרשיידן פון אונזער אייגע-נער; מיר האָבן דאָס זעלבע רעכט בנוגע צו זיי, ווי זיי האָבן בנוגע צו אונז.

נאָך מער, היות, ווי יעדן איינעמס רעכט ווערט באַשטימט לויט זיין טיכטיג־קייט אָדער לויט זיין מאַכט, האָבן דערום די מענטשן אַ סך אַ גרעסער רעכט אויף די היות, איידער די חיות אויף די מענטשן. דערמיט לייקן איך בשום אופן נישט אָפּ, אַז חיות האָבן עמפּינדונגען; וואָס איך לייקן יאָ איז, אַז צוליב דעם זאָל אונז נישט זיין ערלויבט פאַר אונזערע נוצן צו זאָרגן, און זיי געברויכן ווי אונז געפעלט, און זיי צו באַהאַנדלען ווי עס פּאַסט אַמ־בעסטן פאַר אונז; מחמת, זייער נאַטור איז נישט ווי אונזערע, און זייערע עמאָציעס זענען פון נאַטור פאַרשיידן פון אונזערע (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ LVII).

עס בלייבט איבער פאַר מיר צו דערקלערן, וואָס איך פאַרשטיי אונטער גערעכט און אומגערעכט, זינד און פאַרדינסט. זעה וועגן דעם די פאָלגנדע אָנמערקונג.

אָנמערקונג II. אין דער הוספה צו דעם ערשטן טייל האָב איך זיך אונטערגענומען צו דערקלערן וואָס איז לויב און טאַדל, עברה און זכות, גערעכטיגקייט און אומגערעכטיגקייט. וועגן לויב און טאַדל האָב איך גערעדט אין טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXIX. די צייט איז איצט געקומען צו רעדן וועגן די איבריגע אויסדריקן. איך מוז אָבער פריהער זאָגן איניגע ווערטער וועגן דעם נאַטירלעכן (נאַטור־רעכט) און געזעלשאַפטלעכן (שטאַטס־רעכט) שטאַנד פון דעם מענטשן.

יעדער מענטש עקזיסטירט לויט דעם העכסטן רעכט פון דער נאַטור, און ממילא טוט אויך יעדער מענטש לויט דעם העכסטן רעכט פון דער נאַ־טור דאָס, וואָס פאָלגט פון דעם הכרח פון זיין נאַטור; און לויט דעם העכסטן רעכט פון דער נאַטור אורטיילט אַלזאָ יעדער מענטש איבער וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, און זאָרגט פאַר זיינע אייגענע נוצן לויט זיין זין נאָך (טייל IV, זאַצן XIX און XX): ער נעמט נקמה פאַר דעם שלעכטס, וואָס ווערט געטאָן צו אים, (טייל III, שלוסזאַץ II צו זאַץ XL) שטרעבט צו דערהאַלטן דאָס, וואָס ער ליבט, און צו פאַרניכטן דאָס, וואָס ער האַסט (טייל III, זאַץ XXVIII). נו, וואָלטן מענטשן געלעבט אונטער דער ליטונג פון פאַרנונפט, וואָלט יעדער איינער געקאָנט בלייבן אין דער רשות פון זיין רעכט, און קיין שאָדן זאָל נישט געטאָן ווערן צו זיין שכן (טייל IV, שלוס־זאַץ I צו זאַץ XXXV). היות, אָבער, ווי זיי זענען אונטערגעוואָרפן צו זייערע עמאָציעס, וועלכע איבערשטייגן ווייט די קראַפט אָדער די טוגענט פון דעם מענטשן (טייל IV, זאַץ VI), ווערן זיי דערפאַר אין פאַרשיידענע ריכ־טונגען געצויגן (טייל IV, זאַץ XXXIII) און, זייענדיג אַנטקעגנגעזעצט איי־נער צו דעם אַנדערן (טייל IV, זאַץ XXXIV), באַנויטיגן זיי זיך אין גע־גנזייטיגער הילף (טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ XXXV).

כדי, אַלזאָ, די מענטשן זאָלן לעבן אינאיינעם בשלום און זאָלן קאָנען זיך העלפן איינער דעם אַנדערן, איז עס נויטיק, אַז זיי זאָלן אויפגעבן זייער נאַטירלעך רעכט און פון זיכערהייטסוועגן צוריקהאַלטן זיך פון אַלע האַנדלונגען, וואָס קאָנען ברענגען היזק צו די מיט-מענטשן. אויף וואָסער אַן אופן עס קאָן געשעהן, אַז מענטשן, וועלכע זענען אויף אַ נויטווענדיגן אופן אונטערגעוואָרפן צו זייערע עמאָציעס (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ IV) און וועלכע זענען אומבאַשטענדיג און פאַרשיידנאַרטיג, זאָלן זיין ביכולת צו שאַפן זיכערהייט איינער פאַר דעם אַנדערן און שענקען צוטרוי, איז קלאָר פון טייל IV, זאַץ VII און טייל III, זאַץ XXXIX. דאָרטן איז באַוויזן געוואָרן, אַז אַן עמאָציע קאָן אונטערגעדריקט ווערן נאָר דורך אַן עמאָציע, וועלכע איז שטאַרקער פאַר איר און וועלכע איז דער היפוך פון איר גופא, און אַז מענטשן מיידן-אויס צו טאָן עמיצן אַ רעה אויס מורא, אַז עס זאָל נישט געטאָן ווערן אַ גרעסערע רעה צו זיי גופא.

אויף דעם דאָזיגן געזעץ קאָן אַ געזעלשאַפט עטאַבלירט ווערן, אַזוי לאַנג ווי זי האַלט אין איר אייגענער האַנט דאָס רעכט, וואָס יעדערער האָט, זיך נוקם צו זיין, און וועגן גוטס און שלעכטס צו פסקנען, און בתנאי אויך, אויב זי האָט די מאַכט פאָרצושרייבן אַ געמיינזאַמען לעבנס-פיר, און דורכצופירן געזעצן, וועלכע זענען סאַנקציאָנירט נישט פון דער פאַרנונפט, וועלכע איז נישט ביכולת עמאָציעס צוריקצוהאַלטן, נאָר פון דראָהונגען (טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ XVII). אַזאַ געזעלשאַפט, באַגרינדעט אויף געזעץ און מאַכט זיך זעלבסט צו דערהאַלטן, הייסט שטאַט, און די, וואָס ווערן דורך זיינע רעכט באַשיצט, הייסן בירגער. דערפון זעהען מיר גרינג, אַז אין דעם נאַטור-צושטאַנד איז נישט פאַראַן קיין זאַך, וואָס זאָל, מיט דער איינשטימיגקייט פון אַלע, הייסן גוט אָדער שלעכט, מחמת, אין אַ נאַטור-צושטאַנד זאָרגט יעדער איינער נאָר פאַר זיינע נוצן, און נאָך זיין זין נאָך און נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ער נעמט אין אָנבאַטראַכט זיינע נוצן, אַנטשיידט ער, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, און ער ווערט פון קיין געזעץ נישט געבונדן געהאָרכזאַם צו זיין צו וועמען עס איז אַחוץ זיך אַליין.

אין אַ נאַטור-צושטאַנד איז, דעריבער, נישט שייך אַזאַ זאַך, ווי אַ פאַרברעכן; דאָס עקזיסטירט נאָר אין אַ בירגערלעכן צושטאַנד, וואו עס ווערט מיט אַ געמיינזאַמער איינשטימיגקייט אַנטשידן, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, און וואו יעדער איינער איז געצוואונגען צו זיין געהאָרכזאַם צום שטאַט.

פאַרברעך איז, אַלזאָ, קיין אַנדער זאַך נישט ווי אומגעהאָרכזאַמקייט, וואָס ווערט באַשטראָפט בלויז דורך דעם רעכט פון שטאַט; די געהאָרכזאַמקייט ווידער ווערט פאַררעכנט דעם בירגער אַלס אַ פאַרדינסט, ווייל

דורך דעם באַטראַכט מען אים דאַך אַלס איינעם, וואָס איז ראוי צו געניסן די פּאָרטיילן פון שטאַט.

אין אַ נאַטור-צושטאַנד וויזשטער איז קיינער נישט דורך׳ן געמיינזאַמער איינשטימיגקייט דער בעל-הבית פון אַ וועלכער עס איז זאַך; עס איז אויך נישט פאַראַן קיין איין זאַך אין דער נאַטור, וואָס מען זאָל קאָנען זאָגן וועגן איר, אַז זי געהערט צו דעם מענטשן און נישט צו דעם אַנדערן; אַלץ געהערט צו אַלעמען. דערפאַר קאָנען מיר זיך נישט פאָרשטעלן אין אַ נאַטור-צושטאַנד אַ וואונטש צו געבן יעדן איינעם דאָס זייניגע, אָדער אַוועקצונעמען פון וועמען עס איז דאָס, וואָס עס געהערט צו איר; מיט אַנדערע ווערטער, אין אַ נאַטור-צושטאַנד געשעהט נישט קיין זאַך, וואָס זאָל קאָנען הייסן גערעכט אָדער אומגערעכט. אַזעלכע אידעען זענען נאָר מעגלעך אין אַ סאָציאַלן צושטאַנד, ווען עס ווערט מיט אַ געמיינשאַפטלעכער הסכמה פעסטגעשטעלט, וואָס עס געהערט צו איינעם און וואָס צום אַנדערן. פון די דאָזיגע אַלע באַטראַכטונגען איז קלאָר, אַז גערעכטיגקייט און אומגערעכטיגקייט, פאַרברעך און פאַרדינסט זענען אידעען פון אַן אויסנווייניגסטער אַרט, און נישט קיין אַטריבוטן, וואָס דערקלערן די נאַטור פון דעם גייסט. — גענוג אָבער וועגן דעם.

זאַץ XXXVIII. אַלץ, וואָס באַאיינפלוסט דעם מענטשלעכן קערפּער אַזוי, אַז ער זאָל קאָנען אויף פילערליי אופנים אויפגערעגט ווערן, אָדער וואָס מאַכט אים פעהיג אויף פילערליי אופנים אויפצורעגן אויסנווייניגסטע קערפּער, איז ניצלעך פאַר דעם מענטשן; און אַלץ ניצלעכער, וואָס פעהיגער דער קערפּער וועט דורך דעם געמאַכט אויף פילערליי אופנים אויפגערעגט צו ווערן און אַנדערע קערפּער אויפצורעגן; אומגעקערט, אַלץ, וואָס מאַכט דעם קערפּער ווייניגער פעהיג אין דעם פרט, איז שעדלעך פאַר דעם מענטשן.

באַווייז. וואָס מער עס ווערן אויף אַזאַ אופן פאַרמערט די פעהיגקייטן פון גייסט געוואָר צו ווערן (טייל II, זאַץ XIV), דעריבער, איז דאָס, וואָס באַאיינפלוסט דעם קערפּער און מאַכט אים אַזוי-אַרום פעהיג, איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן גוט אָדער ניצלעך (טייל IV, זאַצן XXVI און XXVII), און אַלץ ניצלעכער, וואָס פעהיגער עס קאָן מאַכן דעם קערפּער; און אומגעקערט (טייל II, זאַץ XIV און טייל IV זאַצן XXVI און XXVII), שעדלעך, וואָס עס מאַכט דעם קערפּער ווייניגער פעהיג. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXIV. אַלץ, וואָס פיהרט דערצו, אַז עס זאָל דערהאַלטן בלייבן די שייכות צווישן באַוועגונג און רוה, וואָס די טיילן פון דעם מענטשלעכן קערפּער נעמען געגנזייטיג אָן, איז גוט; אומגעקערט, אַלץ, וואָס פאַראורזאַכט אַ פאַרענדערונג אין אַזאַ שייכות, איז שלעכט.

באַווייז. דער מענטשלעכער קערפּער באַדאַרף אַ סך אַנדערע קערפּ-

פּער פּאַר זיין דערהאַלטונג (טייל II, פּאָסטולאַט IV). דאָס, אָבער, וואָס שטעלט-צונויף די געשטאַלט פון דעם מענטשלעכן קערפּער, באַשטייט דערין, וואָס זיינע טיילן קאָמוניצירן זייערע איינציגע באַוועגונגען איינער צו דעם אַנדערן אויף אַ געוויסן באַשטימטן אופן (דעפיניציע פון הילפסזאַץ IV, הינטער זאַץ XIII אין טייל II). אַלץ, דעריבער, וואָס פיהרט צו דער דערהאַלטונג פון דער שייכות צווישן באַוועגונג און רוה, וואָס אים באַזיצן געגנזייטיג די טיילן פון דעם מענטשלעכן קערפּער, דערהאַלט די געשטאַלט פון דעם מענטשלעכן קערפּער, און, ממילא, מאַכט דעם מענטשלעכן קערפּער פעהיג באַווירקט צו ווערן אויף פילערליי אופנים און צו באַווירקן אויף פילערליי אופנים אויסגעווייניגסטע קערפּער, און איז, דעריבער, (נאָך דעם פאָריגן זאַץ) גוט. אַלץ, ווייטער, וואָס באַווירקט, אַז די טיילן פון דעם מענטשלעכן קערפּער זאָלן באַקומען אַן אַנדער שייכות צווישן באַוועגונג און רוה, באַווירקט אויך, אַז דער מענטשלעכער קערפּער זאָל אָננעמען אַן אַנדער געשטאַלט, מיט אַנדערע ווערטער (ווי עס איז פון זיך קלאָר און ווי מיר האָבן דערמאָנט צום סוף פון דעם פאָרוואָרט צו דעם דאָזיגן טייל), ער זאָל צעשטערט ווערן, און, ממילא, דורכאויס נישט פעהיג צו זיין אויף מערערע אופנים באַווירקט צו ווערן; דעריבער, איז ער שלעכט. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. וויפיל דאָס קאָן שאַדן אָדער ניצן דעם גייסט וועט דערקלערט ווערן אין דעם פינפטן טייל. דאָ אָבער וועל איך באַמערקן, אַז לויט מיין אויפפאַסונג שטאַרבט דער קערפּער יעמאָלט, ווען עס בייט זיך די שייכות פון באַוועגונג און רוה, וועלכע האָט זיך באַקומען געגנזייטיג צווישן איינציגע טיילן זיינע. דען, איך וואַג נישט צו לייקענען, אַז בעת דער מענטשלעכער קערפּער האַלט אָן די צירקולאַציע פון דעם בלוט און אַנדערע אייגנשאַפטן, וואָס אין זיי, דענקט מען, באַשטייט דאָס לעבן פון קערפּער, קאָן ער, פונדעסטוועגן, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַנדער נאַטור, וואָס איז לגמרי פאַרשיידן פון זיין אייגענער. קיין גרונד צווינגט מיך נישט אָנצונעמען, אַז דער קערפּער שטאַרבט נאָר יעמאָלט, ווען ער איז שוין טויט. די דערפאַרונג גופא שיינט אונז עפּעס אַנדערש צו לערנען. עס פּאַסירט אַמאָל, אַז דער מענטש מאַכט דורך אַזעלכע פאַרענדערונגען, דאָס מען קאָן אים קוים האַלטן פאַר דעם זעלבן. אַזוי האָב איך געהערט צו דערציילן וועגן אַ געוויסן שפּאַנישן דיכטער, וועלכער איז אָנגעגריפן געוואָרן פון אַ קראַנקהייט, און הגם ער איז געזונט געוואָרן האָט ער אָבער אַזוי פאַרגעסן אויף תמיד זיין פאַרגאַנגענהייט, אַז ער האָט נישט געגלויבט, אַז די פון אים פאַרפאַסטע געדיכטן און טראַגעדיעס זענען ווירקלעך זיינע אייגענע. וואָלט ער נאָך געוועז פאַרגעסן זיין מוטער-שפּראַך, וואָלט מען אים באמת געקאָנט האַלטן פאַר אַ גרויס קינד. אויב דאָס שיינט אומגלויבלעך, וואָס זאָלן מיר זאָגן וועגן קינדער, וואָס

זייער נאַטור האַלט אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן אַזוי פאַרשיידן פון זייער, אַז נאָר דורך אַן אַנאַלאָגיע מיט אַנדערע מענטשן קאָן מען אים איינרעדן, אַז ער איז אויך געווען אַ קינד? כדי אָבער נישט צו געבן קיין שטאָף דעם אַבערגלויבישן פאַר דער אָנרעגונג צו נייע פראַגן, וועל איך ליבערשט דאָ אָפּברעכן די דיסקוסיע מכח אַזעלכע פראַגן.

**ז אַ ץ XL.** אַלץ, וואָס פיהרט צו אַ שטאַטלעכער געמיינשאַפט פון דעם מענטשן, אָדער וואָס באַווירקט, אַז מענטשן זאָלן לעבן אינאיינעם האַרמאָניש, איז ניצלעך; דאַגעגן, אַלץ, וואָס ברענגט אַריין אַ דיסהאַרמאָניע אין דעם שטאַט, איז שלעכט.

**ב אַ ו ויי ז.** אַלץ, אייגנטלעך, וואָס באַווירקט, אַז מענטשן זאָלן אינאיינעם האַרמאָניש לעבן, באַווירקט צוגלייך, אַז זיי זאָלן לעבן נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט (טייל IV, זאַץ XXXV) און איז, דעריבער, (טייל IV, זאַצן XXVI און XXVII) גוט און (אויס דעם זעלבן גרונד) אַלץ, וואָס ברענגט אַריין אַ צווייאיגקייט, איז שלעכט. וו. א. ג. צ. ב.

**ז אַ ץ XLI.** לוסט אַן און פאַר זיך איז נישט שלעכט, נאָר גוט; אומלוסט, דאַגעגן, איז אַן און פאַר זיך שלעכט.

**ב אַ ו ויי ז.** לוסט איז אַן עמאָציע (טייל III, זאַץ XI און אָנמערקונג צום זאַץ), וואָס דורך איר ווערט געהאָלפן אָדער פאַרמערט די ווירקונגס-קראַפט פון קערפער; אומלוסט איז אַן עמאָציע, וואָס דורך איר ווערט פאַרמינערט אָדער געשטערט די ווירקונגס-קראַפט פון קערפער; דעריבער (טייל IV, זאַץ XXXVIII) איז לוסט אַן און פאַר זיך גוט, א. א. וו. וו. ד. א. ג. צ. ב.

**ז אַ ץ XLII.** פרייל עכקייט קאָן נישט האָבן קיין איבער-מאָס, נאָר איז תמיד גוט; מעלאַנכאָליע, דאַגעגן, איז תמיד שלעכט.

**ב אַ ו ויי ז.** פריילעכקייט (זעה די דעפיניציע פון איר אין טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI) איז לוסט, וואָס, אַזוי ווייט ווי זי באַציהט זיך אויף דעם קערפער, באַשטייט דערין, וואָס אַלע טיילן פון קערפער זענען צוגלייך באַווירקט: דאָס הייסט (טייל III, זאַץ XI) די ווירקונגס-קראַפט פון דעם קערפער ווערט פאַרמערט אָדער געהאָלפן אויף אַזאַ אופן, אַז אַלע טיילן זיינע האַלטן אָן די פריהערדיגע שייכות פון רוה און באַוועגונג; דעריבער, איז פריילעכקייט תמיד גוט (טייל IV, זאַץ XXXIX) און קאָן נישט האָבן קיין איבערמאָס. מעלאַנכאָליע, אָבער, (זעה די דעפיניציע פון איר און דער זעלבער אָנמערקונג צום זאַץ XI, טייל III) איז אומלוסט, וועלכע, אַזוי ווייט ווי זי באַציהט זיך אויף דעם קערפער, באַשטייט אין דער אַבסאָלוטער פאַרמינערונג אָדער הינדערונג פון דער ווירקונגס-קראַפט פון קערפער; דעריבער, (טייל IV, זאַץ XXXVIII) איז זי תמיד שלעכט. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XLIII.** סטימולאַציע קאָן האָבן אַן איבערמאָס און זיין שלעכט, שמארץ אָבער קאָן זיין גוט אויף אַזוי ווייט, ווי סטימולאַציע אָדער לוסט איז שלעכט.

**באַווייז.** לאָקאַליזירטע לוסט, אָדער סטימולאַציע, איז לוסט, וועלכע, אַזוי ווייט ווי זי באַציהט זיך אויף דעם קערפּער, באַשטייט דערין, וואָס איין אָדער אייניגע טיילן זיינע ווערן אויפגערעגט מער איידער די איבריגע (זעה די דעפיניציע פון איר אין אָנמערקונג III צום זאַץ XI, טייל III); די קראַפט פון דער דאָזיגער עמאָציע קאָן אַזוי גרויס זיין, אַז זי זאָל איבערשטייגן אַנדערע האַנדלונגען פון דעם קערפּער (טייל IV, זאַץ VI); און זיך האַרטנעקיג אָנהעפטן אין אים, און אַזוי אַרום מאַכן אים אומפעהיג באַווירקט צו ווערן אויף פאַרשיידענע אַנדערע אופנים, און דעריבער (טייל IV, זאַץ XXXVIII) קאָן זי שלעכט זיין. שמארץ ווייטער, וועלכע איז אומלוסט, קאָן נישט אַלס אַזעלכע זיין גוט (טייל IV, זאַץ XLI). היות, אָבער, ווי איר קראַפט און וואוקס ווערט דעפינירט דורך דער קראַפט פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך אין פאַרגלייך מיט אונזער אייגענער (טייל IV, זאַץ V), קאָנען מיר זיך דעריבער פאָרשטעלן אומענדלעך פיל גראַדן און מאָדוסן פון שטאַרקייט אין דער דאָזיגער עמאָציע (טייל IV, זאַץ III); און מהאי טעמא קאָנען מיר זיך זי פאָרשטעלן אַלס אַזעלכע, וואָס איז ביכולת צוריקצוהאַלטן די סטימולאַציע, און נישט דערלאָזן, אַז זי זאָל אַן איבערמאָס האָבן און פאַרמינערן די פעהיגקייטן פון דעם קערפּער. דעריבער, קאָן די שמאַרץ אויף אַזוי ווייט גוט זיין. ו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XLIV.** ליבע און באַגער קאָנען האָבן אַן איבערמאָס.

**באַווייז.** ליבע איז לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך (דעפיניציע VI פון די עמאָציעס); די סטימולאַציע, דעריבער, וואָס ווערט באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, איז ליבע (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI); דערפאַר קאָן ליבע האָבן אַן איבערמאָס. די שטאַרקייט פון באַגער, ווייטער, איז פאַרשיידן לפי ערך צו דער עמאָציע, וואָס פון איר אַנטשטייט ער (טייל III, זאַץ XXXVII). היות, ווי עמאָציע קאָן איבערטרעפן אַלע איבריגע האַנדלונגען פון דעם מענטשן (טייל IV, זאַץ VI), לכן קאָן דער באַגער, וואָס אַנטשטייט פון דער זעלביגער עמאָציע, איבערטרעפן אַלע אַנדערע באַגערן און האָבן אַן איבערמאָס, ווי מיר האָבן אין דעם פאָריגן זאַץ געצייגט בנוגע סטימולאַציע.

**אָנמערקונג.** פריילעכקייט, וואָס איך האָב וועגן איר באַהויפּטעט, אַז זי איז גוט, לאָזט זיך גרינגער פאַרשטיין איידער באַאָבאַכטן. דען די עמאָציעס, וואָס פון זיי ווערן מיר טעגלעך אָנגעגריפן, באַציען זיך בכלל אויף

אַ געוויסן טייל פון קערפּער, וואָס ער ווערט מער איידער די איבריגע טיילן זיינע אויפגערעגט; דעריבער, האָבן די עמאָציעס על פּי הרוב אַן איבערמאָס, און זיי האַלטן דעם גייסט אַזוי פעסט ביי אַן אַלאייניגער באַטראַכטונג פון אַן איין און איינציגן געגנשטאַנד, אַז ער קאָן נישט טראַכטן וועגן אַנדערע. און הגם די מענטשן זענען על פּי כלל אונטערגעוואָרפן צו פילערליי עמאָציעס, און מען געפינט זעלטן אַזעלכע, וואָס זענען כסדר פון איינער און דער זעלבער עמאָציע אַטאַקירט, פונדעסטוועגן זענען פאַראַן מאַנכע, וואָס אין זיי האַלט זיך איינע און די זעלבע עמאָציע מיט אַ מוראדיגער עקשנותדיגקייט. דען מיר זעהען ווי מענטשן ווערן מאַנכע מאָל אַזוי פאַרזעצט אין אויפרעגונג פון איין און איינציגן געגנשטאַנד, אַז הגם ער איז נישט געגנוואַרטיג, גלויבן זיי, אַז זיי האָבן אים פאַר זיך. ווען דאָס טרעפט מיט אַ מענטשן, ווען ער איז אין אַ וואַכן צושטאַנד, זאָגן מיר, אַז ער איז פאַרריקט אָדער משוגע. פאַר נישט וויי־ניגער משוגע ווערן געהאַלטן די, וואָס ברענען אין ליבע און חלומען טאָג און נאַכט נאָר וועגן זייער געליבטער אָדער קעפּס־וויב, ווייל זיי רופן ביי אונז אַרויס געוויינטלעך אַ געלעכטער. ווען אָבער אַ קמצן טראַכט וועגן קיין אַנדער זאַך נישט ווי וועגן געווינס אָדער געלט, אָדער ווען דער אַמביציעזער מענטש טראַכט וועגן קיין זאַך נישט ווי וועגן גלאָריע, ווערן זיי נישט געהאַלטן פאַר וואַנזיניג, מחמת זיי זענען אין אַלגעמיין שעדלעך און מען באַטראַכט זיי דערפאַר אַלס אַזעלכע, וואָס זענען ווערט געהאַסט צו ווערן. אין דער אמתן אָבער זענען זשעדנעקייט, אַמביציע און תאווה מינים פון משוגעת, אפילו ווען זיי ווערן נישט געציילט צווישן די קראַנקהייטן.

זאַץ XLV. האַס קאָן קיינמאָל נישט זיין גוט.

באַוייז. ווען מיר האַסן אַ מענטשן, שטרעבן מיר אים צו פאַרניכטן (טייל III, זאַץ XXXIX), דאָס הייסט (טייל IV, זאַץ XXXVII), מיר שטרעבן צו טאָן עטוואָס, וואָס איז שלעכט; אַלזאָ, א. א. וו. א. ג. צ. ב.

נ. ב. דאָ, און אויך אין דעם, וואָס פאָלגט, פאַרשטיי איך אונטער האַס נאָר אַזאַ האַס, וואָס איז געגן מענטשן געריכטעט.

שלוסזאַץ I. קנאה, שפּאָט, פאַראַכטונג, כעס, נקמה און אַנדערע עמאָציעס, וואָס געהערן צו דעם האַס, אָדער אַנטשטייען פון אים, זענען שלעכט; דאָס איז קלאָר פון טייל III, זאַץ XXXIX און טייל IV, זאַץ XXXVII.

שלוסזאַץ II. אַלץ וואָס מיר באַגערן דערפאַר, ווייל מיר זענען באַהערשט פון דער עמאָציע פון האַס, איז נידעריג, און אין אַ שטאַט איז דאָס אומגערעכט. דאָס איז אויך קלאָר פון טייל III זאַץ XXXIX און פון די דעפיניציעס פון נידעריגקייט און אומגערעכטיגקייט אין דער אָנמערקונג צו זאַץ XXXVII און טייל IV.

**אָנמערקונג.** צווישן שפּאָט (וואָס אים האָב איך אין שלוסזאַץ I באַצייכנט אַלס שלעכט) און געלעכטער אָנערקען איך אַ גרויסן חילוק. דען, געלעכטער, ווי אויך שפּאַסהאַפטיגקייט, איז ריינע לוסט, און איז דעריבער, אויב נאָר נישט אין אַן איבערמאָס, אַן און פאַר זיך גוט (טייל IV, זאַץ XLI). קיין זאַך אין דער אמתן אַחוץ פינסטערן און טרויעריגן אַבערגלויבן פאַרבאָט נישט אַ מענטשן זיך צו פרייען. דען, פאַרוואָס זאָל עס זיין מער געזעצלעך צו שטילן דאָרשט און הונגער, איידער צו פאַרטרייבן מעלאַנכאָליע? איך פון מיין זייט האָב געדענקט איבער דעם ענין און בין געקומען צו דער פאָלגנ־דער איבערצייגונג: קיין גאָטהייט, און קיין אַנדערער אַחוץ דעם בעל מקנא קלייבט נישט קיין נחת פון מיין שוואַכקייט און ענטמוטיגונג, און רעכנט מיר צו אַלס אַ טוגענט די טרערן, די קרעכצן, די שרעק וכדומה, וועלכע זענען סימנים פון שוואַכקייט פון גייסט; נאָר פאַרקערט, וואָס גרעסער די לוסט, וואָס פון איר ווערן מיר באַווירקט, אַלס גרעסער די פולקאָמענהייט, וואָס צו איר גייען מיר אַריבער; מיט אַנדערע ווערטער, אַלץ מער אָנטייל נעמען מיר, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אין דער געטלעכער נאַטור. צו געניסן דעריבער די זאַכן, און מיט זיי זיך ווי ווייט מעגלעך צו פרייען (נישט ביז צו דעם איבערזאַט, ווייל דאָס וואָלט שוין קיין תענוג נישט געווען), איז גאַנץ ווירדיג פאַר דעם קלוגן מענטשן. עס איז ווירדיג, זאָג איך, פאַר דעם חכם זיך צו דער־קוויקן און צו דערפרישן מיט מעסיגער און אָנגענעמער שפּייז און געטראַנק, און נישט ווייניגער, מיט דעם גערוך און מיט דער ווייכער שיינקייט פון די פלאַנצן, מיט קליידער, מיט מוזיק, מיט גימנאַסטישע שפּילן, מיט טעאַטער און אַנדערע זאַכן פון זעלבן מין, וואָס יעדער איינער קאָן געניסן אָן היזק צום אַנדערן. דען, דער מענטשלעכער קערפּער איז צונויפגעזעצט פון זייער פיל טיילן פון פאַרשיידענער נאַטור, וועלכע באַדאַרפן כסדר נייע און פאַר־שיידענע נאַהרונג, כדי דער גאַנצער קערפּער זאָל קאָנען דורכפירן גלייכמעסיג אַלע טאַטן, וואָס פאָלגן פון דער נויטווענדיגקייט פון זיין נאַטור; און, פאָלגלעך, כדי אויך דער גייסט זאָל קאָנען דערקענען אַ סך זאַכן אין איינער און דער זעלבער צייט.

אַזאַ לעבנספּיר שטימט, אַלזאָ, אַמבעסטן מיט אונזערע גרונדזאַצן און אויך מיט דער אַלגעמיינער פּראַקטיק. דערפאַר איז דער דאָזיגער לעבנס־פּיר, אויב וועלכער עס איז, דער בעסטער און איז אין יעדער הינזיכט ווערט רעקאָמענדירט צו ווערן. נאָך דייטלעכער און אויספירלעכער איבער דעם ענין צו רעדן איז איבעריג.

**זאַץ XLVI.** ווער עס לעבט לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, שטרעבט, ווי ווייט מעגלעך, צו ענטפערן מיט ליבע, אָדער פריינטלעכקייט אויף דעם אַנדערנס האַס, צאָרן, פאַראַכטונג א. א. וו. געגן אים.

באַווייז. אַלע עמאָציעס פון האַס זענען שלעכט (שלוסזאַץ I צום פאָריגן זאַץ). אַלזאָ, וועט דער, וואָס לעבט אונטער דער לייטונג פון פאַרנונפט, שטרעבן ווי ווייט מעגלעך אויסצומיידן דעם אָנגריף פון אַזעלכע עמאָציעס (טייל IV, זאַץ XIX); ממילא, וועט ער אויך שטרעבן, אַז קיין אַנדערער זאָל נישט ליידן פון די דאָזיגע עמאָציעס (טייל lV, זאַץ XXXVII). דער האַס אָבער ווערט פאַרמערט דורך געגנזייטיגן האַס, און ער קאָן דורך ליבע פאַרטיליגט ווערן (טייל III, זאַץ XLIII). אַזוי, אַז האַס קאָן (טייל III, זאַץ XLIV) אין ליבע אַריבערגיין. ווער, אַלזאָ, עס לעבט נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, וועט שטרעבן אויף האס מיט ליבע צו ענטפערן, דאָס הייסט, מיט פריינטלעכקייט. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. ווער עס איז אַ נוקם ונוטר פאַר באַליידיגונגען געגן אים, פאַרביטערט זיכערלעך זיין לעבן. דאַגעגן, ווער עס באַמיהט זיך דעם האַס דורך ליבע צו באַקעמפן, דער קעמפט בלי ספק פריידיג און זיכער; ער ווידערשטייט פיל מענטשן אַקוראַט אַזוי גרינג ווי איין מענטש און ער באַנויטיגט זיך זייער ווייניג אין דער הילף פון דעם גליק. די יעניגע, וואָס ער באַזיגט, גיבן נאָך מיט פרייד, און דערצו נישט אויס מאַנגל פון קראַפט, נאָר אויס צווואוקס פון זייערע קרעפטן. דאָס אַלץ פאָלגט אַזוי קלאָר בלויז פון די דעפיניציעס פון ליבע און דערקענטעניש, אַז עס איז נישט נויטיג פאַר מיר זיי אין דעטאַל צו באַווייזן.

זאַץ XLVII. עמאָציעס פון האָפענונג און שרעק קאָנען נישט אין זיך גופא גוט זיין.

באַווייז. עמאָציעס פון האָפענונג און שרעק קאָנען נישט עקזיסטירן אָן אומלוסט. דען, שרעק איז אומלוסט (דעפיניציע XIII פון די עמאָציעס), און האָפענונג (דעפיניציעס פון די עמאָציעס, דערקלערונג XII און XIII) קאָן נישט עקזיסטירן אָן שרעק; דעריבער, (טייל lV, זאַץ XLI) קאָנען די דאָזיגע עמאָציעס נישט זיין גוט אין זיך גופא, נאָר אויף אַזוי ווייט בלויז, ווי זיי קאָנען איינשרענקען די איבערמאָס פון לוסט (טייל IV, זאַץ XLIII). וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. מיר קאָנען צוגעבן, אַז די דאָזיגע עמאָציעס צייגן אויף אַ מאַנגל אין דערקענטעניש און אַן אומטיכטיגקייט פון גייסט; און צוליב דעם זעלבן טעם זענען צוטרוי, יאוש, פרייד און אַנטוישונג סימנים פון גייסטיגער שוואַכקייט. דען, הגם צוטרוי און פרייד זענען עמאָציעס פון לוסט, דייטן זיי אָן פונדעסטוועגן אויף אַ פריהער געשעהענער אומלוסט, נעמלעך, האָפענונג און שרעק. וואָס מער, דעריבער, מיר שטרעבן צו לעבן נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, אַלץ מער זוכן מיר ווייניגער אָפּהענגיג צו זיין פון האָפענונג, פון שרעק, און פריי צו מאַכן און באַהערשן, ווי ווייט מיר

קאָנען, דעם שיקזאל און איינצוריכטן אונזערע האַנדלונגען נאָך דער זיכערער אָנווייזונג פון דער פאַרנונפט.

זאַץ XLVIII. די עמאָציעס פון איבערשאַצונג און אונטערשאַצונג זענען תּמיד שלעכט.

באַווייז. די דאָזיגע עמאָציעס ווידער — שטרייטן געגן דער פאַרנונפט (זעה דעפיניציעס XXI און XXII פון די עמאָציעס) און זענען, דעריבער (טייל IV, XXVI און XXVII), שלעכט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XLIX. די איבערשאַצונג מאַכט דעם מענטשן, וואָס אים איבערשאַצט מען, לייכט שטאָלץ.

באַווייז. ווען מיר זעהען, אַז עמיצער אויס ליבע שאַצט אונז צו הויך, ווערן מיר אויפגעבלאָזן (טייל III, זאַץ XLI) אָדער פון לוסט אויפגערעגט (דעפיניציע XXX פון די עמאָציעס); מיר גלויבן לייכט אין דעם גוטן, וואָס מען שרייבט אונז צו (טייל III, זאַץ XXV), און, דעריבער, שאַצן מיר זיך צו הויך אויס אייגנליבע, מיט אַנדערע ווערטער, מיר ווערן שטאָלץ. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ L. רחמנות אין אַ מענטשן, וואָס לעבט לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, איז אַן און פאַר זיך שלעכט און אומניצלעך.

באַווייז. רחמנות (דעפיניציע XVIII פון די עמאָציעס) איז אַן אומלוסט, און, דעריבער, (טייל IV, זאַץ XLI) איז זי אַן און פאַר זיך שלעכט. די גוטע פּעולה, וואָס פאָלגט דערפון, נעמלעך אונזער שטרעבן צו באַפרייען דעם אָביעקט פון אונזער מיטלייד פון ליידן, איז אַ טואונג, וואָס מיר באַגערן צו טאָן בלויז על פּי דעם געבאָט פון דער פאַרנונפט (טייל IV, זאַץ XXXVII); און בלויז על פּי דעם געבאָט פון דער פאַרנונפט קאָנען מיר טאָן עטוואָס, וואָס מיר ווייסן אויף געוויס, אַז עס איז גוט (טייל IV, זאַץ XXVII), און דערפאַר איז רחמנות אין מענטשן, וואָס לעבט נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, אַן און פאַר זיך אומניצלעך און שלעכט. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. ווער עס ווייסט באמת, אַז אַלצדינג פאָלגט פון דעם הכרח פון דער געטלעכער נאַטור, און געשעהט על פּי די אייביגע געזעצן און רעגלען פון דער נאַטור, דער וועט זיכערלעך נישט געפינען קיין זאַך, וואָס זאָל ווערט זיין דעם האַס, דעם שפּאָט, אָדער די פאַראַכטונג, און ער וועט אויך אויף קיינעם קיין רחמנות נישט האָבן, נאָר ער וועט, ווי ווייט די מענטשלעכע טיכטיגקייט קאָן עס דערגרייכן, שטרעבן, ווי מען זאָגט, וואויל צו האַנדלען, און צו האָבן אַ האַרץ פול מיט פרייד. דערצו קאָן נאָך צוגעגעבן ווערן, דאָס דער, וואָס ווערט גרינג געריהרט פון דער עמאָציע פון מיטלייד און ווערט באַוועגט פון די טרערן און צער פון אַן אַנדערן, טוט גאָר אָפט עטוואָס, וואָס ער האָט אויף דעם דערנאָכדעם חרטה; צום טייל דערפאַר, וואָס

מיר קאָנען קיינמאָל נישט זיין זיכער, אַז אַ טאַט, וואָס איז פון אַן עמאָציע פאַראורזאַכט איז גוט, און אנדערטיילס דערפאַר, וואָס מיר ווערן גרינג אָפּגענאַרט פון פאַלשע טרערן.

איך רעד דאָ אויסדריקלעך וועגן אַ מענטשן, וואָס לעבט נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט. דען, ווער עס ווערט נישט באַוועגט נישט פון דער פאַרנונפט און נישט פון מיטלייד אַנדערע צו העלפן, יענעם רופט מען מיט רעכט אוממענטש, מחמת (טייל III, זאַץ XXVII) ער שיינט נישט צו זיין מער געגליכן צו אַ מענטשן.

זאַץ LI. די גונסט ווידערשטרייט נישט דער פאַרנונפט, נאָר זי קאָן מיט איר צונויפשטימען און פון איר אַנטשטיין.

באַווייז. גונסט איז ליבע צו עמיצן, וואָס האָט אַן אַנדערן וואויל געטאָן (דעפיניציע XIX פון די עמאָציעס), און קאָן זיך, אַלזאָ, אויף דעם גייסט באַציהען, אויף אַזוי ווייט ווי דער לעצטער איז אַקטיוו (טייל III, זאַץ LIX), דאָס הייסט (טייל III, זאַץ III) אויף אַזוי ווייט ווי ער דערקענט; און דערפאַר שטימט די גונסט צונויף מיט דער פאַרנונפט, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

אַן אַנדער באַווייז. ווער עס לעבט נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, ווינטשט אויך אַנדערע דאָס גוטס, וואָס ער באַגערט פאַר זיך (טייל IV, זאַץ XXXVII); דעריבער, ווערט זיין באַשטרעב צו טאָן גוטס גענעהרט דערפון, וואָס ער זעהט ווי עמיצער טוט וואויל אַן אַנדערן, מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט דערשפירן לוסט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XI), באַגלייט נאָך דערצו פון דער אידעע פון דעם, וועלכער האָט דעם אַנדערן וואויל געטאָן, און, פאָלגלעך, איז ער וואויל גענייגט צו אים. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. אַנטריסטונג, ווי זי איז פון אונז דערקלערט געוואָרן (דעפיניציע XX פון די עמאָציעס), איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן שלעכט (טייל IV, זאַץ XLV); עס מוז אָבער באַמערקט ווערן, אַז ווען די אַלער-העכסטע מאַכט מיט דער כוונה צו זיכערן דעם בירגער-פרידן באַשטראָפט אַ בירגער, וועלכער איז אַן עולה באַגאַנגען געגן אַן אַנדערן, קאָן וועגן איר נישט געזאָגט ווערן, אַז זי איז אַנטריסטעט געגן בירגער, ווייל זי איז נישט פון האַס געטריבן אים צו רואינירן, נאָר זי איז געפיהרט פון דעם געפיהל פון פליכט, און דערפאַר באַשטראָפט זי אים.

זאַץ LII. זעלבסטצופרידנהייט קאָן אַנטשטיין פון דער פאַרנונפט, און בלויז די זעלבסטצופרידנהייט, וועלכע אַנטשטייט פון דער פאַרנונפט, איז די העכסטע, וואָס קאָן געבן.

באַווייז. זעלבסטצופרידנהייט איז לוסט, וואָס אַנטשטייט דערפון, וואָס דער מענטש באַטראַכט זיך זעלבסט אין זיין אייגענער ווירקונגס-קראַפט

(דעפ. XXV פון די עמאָציעס). די אמתע קראַפט, אָבער, פון דעם מענטשן, אָדער די טוגענט איז די פאַרנונפט גופא (טייל III, זאַץ III) ווי דער מענטש באַטראַכט זי קלאָר און דייטלעך (טייל II, זאַצן XL און XLIII). די צופרידנהייט מיט זיך זעלבסט אנטשטייט, אַלזאָ, פון דער פאַרנונפט. דער מענטש ווייטער פאַסט־אויף קלאָר און דייטלעך אָדער אַדעקוואַט נאָר אַזעלכע זאַכן, וואָס פאָלגן פון זיין ווירקונגס־קראַפט (טייל III, דעפיניציע II), דאָס הייסט (טייל III, זאַץ III), פון דער קראַפט פון זיין דערקענטעניש; און דערפאַר אַנטשטייט נאָר פון דער דאָזיגער באַטראַכטונג די העכסטע זעלבסטצופרידנהייט, וואָס קאָן נאָר געבן. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. זעלבסטצופרידנהייט איז, אין דער אמתן, דאָס העכסטע, אויף וואָס מיר קאָנען האָפן; דען (ווי מיר האָבן געצייגט אין טייל IV, זאַץ XXV) קיינער שטרעבט נישט צו דערהאַלטן זיין יש צוליב וועלכן עס איז צוועק, וואָס ליגט אויסנווייניג פון אים, און היות ווי די דאָזיגע זעלבסטצופרידנהייט ווערט גענערט און געשטאַרקט מער און מער דורך לויב (טייל III, שלוסזאַץ צו זאַץ LIII) און פאַרקערט, ווערט געשטערט מער און מער דורך טאַדל (טייל III, שלוסזאַץ צו זאַץ LV), לכן ווערט באַרימטקייט אונזער שטאַרקסטער אָנטרייב צו טאַט, און מיר קאָנען קוים איבערטראָגן אַ לעבן פון שאַנד.

זאַץ LIII. נידערגעשלאָגנקייט איז נישט קיין טוגענט, דאָס הייסט, זי אַנטשטייט נישט פון דער פאַרנונפט.

באַווייז. נידערגעשלאָגנקייט איז אומלוסט, וועלכע אַנטשטייט דערפון, וואָס דער מענטש באַטראַכט זיינע אייגענע שוואַכקייטן (דעפיניציע XXVI פון די עמאָציעס). אַזוי ווייט, אָבער, ווי דער מענטש דערקענט זיך זעלבסט דורך דער אמתער פאַרנונפט, נעמען מיר אָן, אַז ער דערקענט זיין תמצית, דאָס הייסט, זיין שטאַרקייט (טייל III, זאַץ VII). ווען אַ מענטש, דעריבער, בעת ער באַטראַכט זיך זעלבסט; ווערט געוואָר אַ וואָסערע עס איז שוואַכקייט אין זיך, קומט עס נישט דערפון, וואָס ער האָט זיך דערקענט, נאָר דערפון (טייל III, זאַץ LV), וואָס זיין ווירקונגס־קראַפט איז איינגעשרענקט געוואָרן. אויב מיר נעמען אָבער אָן, אַז דער מענטש זעהט־איין זיין שוואַכקייט, דערפאַר וואָס ער דערקענט עטוואָס מעכטיגערס פאַר זיך, אַ דערקענטעניש, וואָס דורך איר באַשטימט ער זיין אייגענע ווירקונגס־קראַפט, איז עס דאָס זעלבע ווי מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער מענטש דערקענט זיך קלאָר (טייל IV, זאַץ XXVI), אָדער אַז זיין ווירקונגס־קראַפט ווערט אויסגעברייטערט. די נידערגעשלאָגנקייט, דעריבער, אָדער די אומלוסט, וועלכע אַנטשטייט פון דעם מענטשנס באַטראַכטונג פון זיין אייגענער שוואַכקייט, אַנטשטייט נישט פון

דער אמתער באַטראַכטונג, אָדער פון דער פאַרנונפט, און איז דערפאַר נישט קיין טוגענט, נאָר אַ ליידנשאַפט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ LIV. חרטה איז נישט קיין טוגענט, דאָס הייסט, זי אַנטשטייט נישט פון דער פאַרנונפט; נאָר דער, וואָס האָט חרטה אויף אַ טאַט, איז דאָפּלט עלנד און אומטיכטיג.

באַווייז. דער ערשטער טייל פון דעם דאָזיגן זאַץ ווערט ווי דער פאָריגער זאַץ דערוויזן. דער צווייטער טייל ווערט דערוויזן בלויז פון דער דעפיניציע פון דער באַטרעפנדער עמאָציע (דעפיניציע XXVII פון די עמאָציעס); דען, דער מענטש לאָזט זיך באַזיגן פריהער פון שלעכטע באַגערן און דערנאָך פון אומלוסט.

אָנמערקונג. ווייל דער מענטש לעבט זעלטן נאָך דעם געבאָט פון דער פאַרנונפט, דערפאַר ברענגען די דאָזיגע צוויי עמאָציעס, נעמלעך, נידערגעשלאָגנקייט און חרטה, ווי אויך האָפענונג און שרעק, מער נוצן איידער שאָדן; און אויב אונז איז באַשערט צו זינדיגן, זאָלן מיר שוין בעסער זינדיגן אין דער דאָזיגער ריכטונג. דען ווען אַלע מענטשן, וואָס זענען דערדאָזיגער עמאָציע אונטערגעוואָרפן, וואָלטן אַלע גלייך שטאָלץ געווען, וואָלטן זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּגעשטעלט און פאַר קיין זאַך זיך נישט געשראָקן, וויזשע וואָלטן זיי יעמאָלט דורך אַ געמיינזאַמען באַנד פאַראייניגט און געהאַלטן געוואָרן? דער המון איז שרעקלעך, ווען ער האָט פאַר קיין זאַך נישט וואָס מורא צו האָבן; עס איז, דעריבער, קיין וואונדער נישט, וואָס די נביאים, וואָס האָבן געזאָרגט פאַר דעם נוץ נישט פון די איינציגע ווייניגע, נאָר פון אַלע, האָבן אַזוי פיל געוויכט געלייגט אויף נידערגעשלאָגנקייט, חרטה און יראת הכבוד. און געוויס קאָנען די מענטשן, וועלכע זענען די דאָזיגע עמאָציעס אונטערגעוואָרפן, אַ סך לייכטער, איידער אַנדערע, געבראַכט ווערן ענדלעך דערצו, אַז זיי זאָלן נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט לעבן, דאָס הייסט, אַז זיי זאָלן זיין פריי און געניסן דאָס לעבן פון דעם גליקזעליגן.

זאַץ LV. די גרעסטע גאוה ווי די גרעסטע נידערגעשלאָגנקייט איז די גרעסטע אומדערקענטעניש פון זיך זעלבסט.

באַווייז. דאָס איז קלאָר פון די דעפיניציעס XXVIII און XXIX פון די עמאָציעס.

זאַץ LVI. די גרעסטע גאוה און די גרעסטע נידערגעשלאָגנקייט זענען סימנים פון דער גרעסטער אָנמאַכט פון דער נשמה.

באַווייז. די ערשטע גרונדלאַגע פון טוגענט איז זעלבסטדערהאַלטונג (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ XXII) אונטער דער לייטונג פון דער פאַרנונפט (טייל IV, זאַץ XXIV). ווער, אַלזאָ, עס קען נישט זיך זעלבסט, קען נישט די גרונדלאַגן פון אַלע טוגענטן, און ממילא אויך נישט די טוגענטן גופא. צו

האַנדלען ווייטער טוגענטהאַפט, הייסט קיין אַנדער זאַך נישט, ווי צו האַנדלען לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט (טייל IV, זאַץ XXIV); און ווער עס האַנדלט לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, מוז, אויף אַ נויטוועדיגן אופן, וויסן, אַז ער האַנדלט לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט (טייל II, זאַץ XLIII). ווער, אַלזאָ, עס קען דורכאויס נישט זיך זעלבסט און (ווי מיר האָבן נאָר וואָס געצייגט), ממילא, קיינע טוגענטן נישט, דער האַנדלט אַמווייניגסטנס טוגענטהאַפט, דאָס הייסט (טייל IV, דעפיניציע VIII), ער האָט אַמווייניגסטן נשמה-שטאַרקייט. אַזוי-אַרום באַצייכנט די גרעסטע גאווה אָדער נידערגעשלאָגנקייט די גרעסטע אָנמאַכט פין דער נשמה. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט גאַנץ דייטלעך, אַז די שטאָלצע און די נידערגעשלאָגענע ווערן על פי רוב אונטערגעוואָרפן די עמאָציעס.

אָנמערקונג. פונדעסטוועגן קאָן נידערגעשלאָגנקייט גרינגער בייגעקומען ווערן איידער שטאָלץ, דען שטאָלץ איז אַן עמאָציע פון לוסט, און נידערגעשלאָגנקייט איז אַן עמאָציע פון אומלוסט, און אַן עמאָציע פון לוסט איז שטאַרקער פאַר אַן עמאָציע פון אומלוסט (טייל IV, זאַץ XVIII).

זאַץ LVII. דער בעל-גאווה ליבט די חברה חניפהניקעס און פאַראַזיטן, און האַסט די געזעלשאַפט פון אויפריכטיגע.

באַווייז. גאווה איז לוסט, וואָס אַנטשטייט דערפון, וואָס דער מענטש איבערשאַצט זיך זעלבסט (דעפיניציעס XXVIII און VI פון די עמאָציעס). אַזאַ אָפשאַצונג וועט דער גרויסהאַלטער שטרעבן אויפצוהאַלטן מיט אַלע זיינע כחות (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XIII); דעריבער, וועט ער זיך מחיה זיין מיט דער חברה חניפהניקעס און פאַראַזיטן (וואָס זייער כאַראַקטער איז צו גוט באַקאַנט, אַז מען זאָל זיי דאָ דאַרפן דעפינירן), און ער וועט אויסמיידן די געזעלשאַפט פון אויפריכטיגע מענטשן, וועלכע שאַצן אים אָפּ לפי זיין נוערט נאָך. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. עס וואָלט געפירט צו ווייט, ווען איך זאָל וועלן אויסרעכענען אַלע שלעכטע פועל-יוצאס פון גאווה, מחמת די גרויסהאַלטער זענען אונטערגעוואָרפן אַלע עמאָציעס, הגם צו קיינער פון זיי ווייניגער איידער צו ליבע און באַרעמהאַרציגקייט.

מיר קאָנען, אָבער, דאָ נישט לאָזן אומבאַרירט דעם פאַקט, אַז אַ מענטש קאָן האַסן שטאָלץ אויך דערפאַר, וואָס ער אונטערשאַצט אַנדערע מענטשן; און דעריבער קאָן גאווה אין דעם זין דעפינירט ווערן אַלס לוסט, וואָס אַנטשטייט פון דער פאַלשער מיינונג, דורך וועלכער אַ מענטש קאָן זיך באַטראַכטן העכער פאַר זיינע מיטמענטשן. די נידערגעשלאָגנקייט, וועלכע איז די אַנטקעגנגעזעצטע קוואַליטעט צו דער דאָזיגער אַרט גאווה, קאָן דעפינירט ווערן אַלס אומלוסט, וועלכע אַנטשטייט פון דער פאַלשער מיינונג, דורך וועלכער אַ

מענטש קאָן גלויבן, אַז ער שטייט נידריגער פֿאַר זיינע מיטמענטשן. נעמען מיר דאָס אָן, קאָנען מיר גרינג זעהן, אַז אַ בעל-גאוה איז, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, אַ בעל-מקנא (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ LV) און אַז ער האָט גאַנץ באַזונדער די, וואָס ווערן הויך געלויבט פֿאַר זייערע טוגענטן; אַז זיין האַס, ווייטער, ווערט נישט גרינג באַזיגט פֿון ליבע אָדער וואוילטאַט (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XLI), און אַז ער האָט הנאה נאָר פֿון אַ געזעלשאַפֿט פֿון אַזעלכע מענטשן, וועלכע גיבן נאָך ביז גאָר זיין שוואַכן גייסט און אָנשטאָט בלויז אַ נאַר צו מאַכן פֿון אים, מאַכן זיי אים פֿאַר אַ משוגענעם.

הגם די נידערגעשלאָגנקייט איז דער היפּוך פֿון שטאָלץ, פֿונדעסטוועגן שטייט דער נידערגעשלאָגענער מענטש זייער נאָהנט צום שטאָלצן מענטשן. דען אַזוי ווי זיין אומלוסט אַנטשטייט דערפֿון, וואָס ער באַאורטיילט זיין שוואַכקייט נאָך דער קראַפֿט אָדער טוגענט פֿון אַן אַנדער מענטשן, וועט דערפֿאַר זיין אומלוסט געמילדערט ווערן, דאָס הייסט, ער וועט זיך פֿרייען, ווען זיין פֿאָרשטעלונג וועט זיין באַשעפֿטיגט מיט דער באַטראַכטונג פֿון די חסרונות פֿון אַן אַנדער מענטשן, דערפֿון נעמט זיך דאָס שפּריכוואָרט: „עס איז אַ טרייסט פֿאַר דעם עלנדן צו האָבן חברים אין דעם עלנד". אומגעקערט, וואָס מער ער וועט דענקען, אַז ער שטייט נידעריגער פֿאַר אַנדערע, אַלץ מער באַטריבט וועט ער זיין. דערפֿון קומט עס, וואָס קיינער איז נישט אַזוי גענייגט צו קנאה ווי די דערשלאָגענע, וואָס גראָד זיי שטרעבן אַממיינסטן צו באַאָבאַכטן די האַנדלונגען פֿון די מענטשן, מער כּדי צו געפֿינען חסרונות, איידער אום זיי צו פֿאַרבעסערן, און כּדי אָנצוהאַלטן זייערע שבחים פֿאַר דער קליינמוטיגקייט און זיך מיט איר צו באַרימען, אַזוי, אָבער, אַז זיי זאָלן אין דער אייגענער צייט אויף אַ האָר נישט פֿאַרלירן זייער אויסזעהן פֿון נידערגעשלאָגנקייט. דאָס פֿאָלגט אויף אַזאַ נויטווענדיגן אופן פֿון דער דאָזיגער עמאָציע, ווי עס פֿאָלגט פֿון דער נאַטור פֿון אַ דרייעק, אַז זיינע דריי ווינקלען זענען גלייך צו צוויי רעכטע.

איך האָב שוין געזאָגט, אַז איך רוף אָן די דאָזיגע און צו זיי געגליכענע עמאָציעס שלעכט, נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי איך האָב אין אויג דעם מענטשלעכן נוץ. די געזעצן פֿון דער נאַטור, אָבער, באַציהען זיך אויף דער אַלגעמיינער אָרדנונג פֿון דער נאַטור, וואָס פֿון איר איז דער מענטש אַ טייל. איך דערמאָן עס דאָ פֿאַרבייגייענדיג, בכדי קיינער זאָל נישט דענקען, אַז איך האָב בדעה געהאַט דאָ אויסצורעכענען די חסרונות און איראַציאָנאַלע מעשים פֿון די מענטשן ליבערשט, איידער פֿעסטצושטעלן די נאַטור און אייגנשאַפֿטן פֿון זאַכן. דען, ווי איך האָב געזאָגט אין דער הקדמה צו דעם דריטן טייל, באַטראַכט איך די עמאָציעס און זייערע אייגנשאַפֿטן אויף דעם זעלבן שטאַנד, ווי די אַנדערע פֿענאָמענאַ פֿון דער נאַטור. און זיכערלעך צייגן די מענטש-

לעכע עמאָציעס די קראַפט און די קונסט, ווען נישט פון דעם מענטשן, איז פון דער נאַטור, גראָד אַזוי גוט ווי אַנדערע זאַכן, וועלכע מיר באַוואונדערן, און יואָס פאַרשאַפן אונז תענוג, ווען מיר טראַכטן וועגן זיי. איך גיי אָבער ווייטער אָנצומערקן די אייגנשאַפטן אין די איינצלנע עמאָציעס, וועלכע ברענגען נוצן דעם מענטשן, אָדער וועלכע טוען אים אָן היזק.

**זאַץ** LVIII. כבוד ווידערשטרייט נישט דער פאַרנונפט, נאָר ער קאָן פון איר אַנטשטיין.

**באַווייז.** דאָס איז קלאָר פון דעפיניציע XXX פון די עמאָציעס, און אויך פון דער דעפיניציע פון אַן עהרנהאַפטן מענטשן (טייל IV, אָנמערקונג I צו זאַץ XXXVII).

**אָנמערקונג.** די אַזוי-אָנגערופענע פוסטע עהרע איז צופרידנהייט מיט זיך זעלבסט, וואָס ווערט גענערט בלויז פון דער גוטער מיינונג פון דעם גרויסן המון; ווען די דאָזיגע גוטע מיינונג פאַרשווינדט, ווערט אַ סוף אויך צו דער זעלבסטצופרידנהייט, דאָס הייסט, צום העכסטן גוטס, וואָס יעדער ליבט (טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ LII); פאָלגלעך, מוז דער, וועמענס עהרע ציהט חיונה פון דער פאָפולערער גוטהייסונג, טאָג נאָך טאָג זיך אַנגסטלעך מיהען, טעטיג זיין, פלענער מאַכן בכדי אָנצוהאַלטן זיין רעפוטאַציע. מחמת דער המון איז פאַרענדערלעך און אומבאַשטענדיג, אַזוי אַז ווען די רעפוטאַציע ווערט נישט אָנגעהאַלטן, ווערט זי באַלד נעלם. יעדער איינער יאָגט זיך נאָך דעם בייפאַל פון דעם גרויסן עולם און אונטערדריקט גרינג די באַרימטקייט פון אַנדערע. היות, ווי זיי מיינען, אַז זיי שטרייטן פאַר דעם העכסטן גוטס, ווערט יעדער צד פאַרכאַפט מיט אַ ווילדן באַגער זיינע ריוואַלן אויף יעדן מעגלעכן אופן צו אונטערדריקן, אַזוי אַז ווער עס קומט שליסלעך אַרויס דער זיגער, איז מער שטאָלץ דערמיט, וואָס ער האָט אַנדערע שאָדן געטאָן, איידער דערמיט, וואָס ער האָט זיך גוטס געטאָן. דער דאָזיגער אַרט כבוד איז ווירקלעך אַ פוסטער, ווייל ער איז קיין כבוד נישט.

דאָס וואָס איז צו באַמערקן וועגן שאַנד, קאָן גרינג אַרויסגעדרונגען ווערן דערפון, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן באַרעמהאַרציגקייט און חרטה. איך וועל נאָר צוגעבן, אַז שאַנד ווי מיטלייד, הגם — נישט קיין טוגענט, איז דאָך גוט אויף אַזוי ווייט, ווי זי ווייזט, אַז דער מענטש, וואָס פיהלט די שאַנד, איז דורכגעדרונגען מיט דעם באַגער צו לעבן עהרנהאַפט; אויף דעם זעלבן אופן ווי דער שמאַרץ איז גוט, אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אַ סימן דערפון, אַז דער פאַרלעצטער קערפערטייל איז נאָכנישט אָפּגעשטאָרבן. הגם, אַלזאָ, דער מענטש, וואָס שעמט זיך פאַר אַ האַנדלונג, דערשפירט באמת אומלוסט, איז ער דאָך מער פולקאָמען, איידער דער אומפאַרשעמטער, וועלכער האָט קיין חשק נישט צו לעבן עהרנהאַפט.

דאָס איז עס, וואָס איך האָב מיר פאָרגענומען אויסצופירן וועגן די עמאָציעס פון לוסט און אומלוסט; וואָס אָנבאַלאַנגט די באַגערן, זענען זיי גוט אָדער שלעכט לויט דעם, ווי זיי אַנטשטייען פון גוטע אָדער שלעכטע עמאָציעס. אַלע זענען זיי אָבער בלינד אויף אַזוי ווייט, ווי זיי ווערן געבוירן אין אונז פון עמאָציעס, וואָס אין זיי איז דער גייסט פּאַסיוו (ווי דאָס איז אויגנשיינלעך פון דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין טייל IV אָנמערקונג צו זאַץ XLIV), און זיי וואָלטן פון קיינערליי נוצן נישט געווען, ווען די מענטשן זאָלן קאָנען גרינג באַווערט ווערן צו לעבן נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, ווי איך וועל עס גלייך אין קורצן צייגן.

זאַץ LIX. צו אַלע טאַטן, וואָס צו זיי זענען מיר באַשטימט דורך אַן עמאָציע, וואָס אין איר איז דער גייסט פּאַסיוו, קאָנען מיר באַשטימט ווערן אויך אָן אַן עמאָציע, דורך דער פאַרנונפט.

באַווייז. פאַרנונפטמעסיק צו האַנדלען איז קיין אַנדער זאַך נישט (טייל III, זאַץ III און דעפיניציע II), ווי צו טאָן דאָס, וואָס פאָלגט פון דעם הכרח פון דער נאַטור אַן און פאַר זיך באַטראַכט. אומלוסט, אָבער, איז אויף אַזוי ווייט שלעכט, ווי זי פאַרמינערט אָדער האַלט צוריק די ווירקונגס-קראַפט (טייל IV, XLI); אַלזאָ, קאָנען מיר נישט דורך דער עמאָציע פון אומלוסט באַשטימט ווערן צו אַ וואָסערן עס איז טאַט, וואָס מיר זאָלן נישט זיין ביכולת אים דורכצופירן נאָך דער לייטונג פון דער פאַרנונפט. לוסט, ווידער, איז נאָר אויף אַזוי ווייט שלעכט, ווי זי שטערט דעם מענטשנס פעהיגקייט צו האַנדלען (טייל IV, זאַצן XLI און XLIII); ממילא, קאָנען מיר אויף אַזוי ווייט נישט באַשטימט ווערן דורך איר צו אַ וואָסערער עס איז האַנדלונג, וואָס מיר זאָלן נישט קאָנען זי אויספירן לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט. שליסלעך, אויף אַזוי ווייט ווי לוסט איז גוט, איז זי אין הסכם מיט דער פאַרנונפט (דען, זי באַשטייט דאָך דערין, וואָס אַ מענטשנס פעהיגקייט צו אַקציע ווערט פאַרמערט און אויסגעברייטערט); און זי איז אַ פּאַסיווער צושטאַנד פון דעם גייסט נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי דעם מענטשנס ווירקונגס-קראַפט ווערט דורך איר נישט פאַרמערט ביז צו אַזאַ גראַד, אַז ער זאָל קאָנען האָבן אַן אַדעקוואַטן באַגריף פון זיך און פון זיינע האַנדלונגען (טייל III, זאַץ III און אָנמערקונג צום זאַץ).

ווען, דעריבער, דער מענטש, וועלכער איז באַווירקט פון לוסט, ווערט געבראַכט צו אַזאַ צושטאַנד פון פולקאָמענהייט, אַז ער באַקומט אַן אַדעקוואַטן באַגריף פון זיך און זיינע האַנדלונגען, ווערט ער אויך פעהיג, און נאָך מער פעהיג אפילו, אויף די דאָזיגע טאַטן, וואָס צו זיי איז ער באַשטימט פון די עמאָציעס, וועלכע זענען פּאַסיווע צושטאַנדן פון גייסט. אַלע עמאָציעס, אָבער, באַציהען זיך אויף לוסט, אומלוסט אָדער באַגער (זעה אָנמערקונג צו דער

דעפיניציע IV פון די עמאָציעס); און באַגער (דעפיניציע I פון די עמאָציעס) איז קיין אַנדער זאַך נישט, ווי דאָס שטרעבן גופא צו האַנדלען. פּאָלגלעך קאָנען מיר צו אַלע האַנדלונגען, וואָס צו זיי ווערן מיר באַשטימט דורך אַן עמאָציע, וועלכע איז אַ פּאַסיווער צושטאַנד פון גייסט, געפירט ווערן אויך אָן איר, בלויז דורך דער פאַרנונפט. וו. א. ג. צ. ב.

אַן אַנדער באַווייז. יעדע אַקציע הייסט שלעכט אויף אַזוי ווייט, ווי זי אַנטשטייט דערפון, וואָס מיר זענען אויפגערעגט פון האַס, אָדער פון וועלכער עס איז שלעכטער עמאָציע. קיין אַקציע אָבער, אַן און פאַר זיך גענומען, איז שלעכט אָדער גוט (ווי מיר האָבן עס געצייגט אין דער הקדמה צו טייל IV); נאָר איין און די זעלבע אַקציע קאָן זיין אַמאָל גוט און אַמאָל שלעכט; פּאָלגלעך, קאָנען מיר צו דער זעלבער אַקציע, וועלכע איז אַמאָל שלעכט, אָדער וועלכע אַנטשטייט פון וועלכער עס איז שלעכטער עמאָציע, אויך פון דער פאַרנונפט געפירט ווערן (טייל IV, זאַץ XIX). וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער דאָזיגער ענין וועט דייטלעכער דערקלערט ווערן דורך אַ ביישפּיל. די אַקציע פון אַ קלאַפּ-טאָן, פיזיש באַטראַכט, און אויף אַזוי ווייט, ווי מיר האָבן דערביי אין אויג דאָס, וואָס דער מענטש הויבט-אויף דעם אָרעם, דריקט-צונויף די האַנט, און לאָזט מיט געוואַלט דעם גאַנצן אָרעם אַרונטער, איז אַ טוגענט, אָדער אַן איבערטרעפלעכקייט, וואָס ווערט באַגריפן אַלס פּאַסיק פאַר דער סטרוקטור פון דעם מענטשלעכן קערפּער. ווערט, אַלזאָ, אַ מענטש באַשטימט פון כעס אָדער האַס די האַנט צונויפצודריקן אָדער דעם אָרעם צו באַוועגן, געשעהט עס (ווי מיר האָבן געצייגט אין טייל II) דערפאַר, וואָס איינע און די זעלבע אַקציע קאָן זיין אַסאָציאַצירט מיט אַלערליי פאָרשטעלונגס-בילדער פון זאַכן. און דעריבער קאָנען מיר באַשטימט ווערן צו דער דורכפירונג פון איינער און דער זעלבער אַקציע דורך מטושטשע אידעען אַזוי גוט, ווי דורך קלאָרע און באַשטימטע אידעען. דערפון איז קלאָר, אַז יעדער באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אַן עמאָציע, וועלכע איז אַ פּאַסיווער צושטאַנד פון גייסט, וואָלט פון קיין נוצן נישט געווען, ווען די מענטשן זאָלן קאָנען פון דער פאַרנונפט געלייטעט ווערן.

לאָמיר איצט זעהן, פאַרוואָס אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אַן עמאָציע, וועלכע איז אַ פּאַסיווער צושטאַנד פון גייסט, ווערט פון אונז אַלס בלינד באַצייכנט.

זאַץ LX. אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אַ לוסט אָדער אומלוסט, וועלכע גייט אָן איינעם אָדער אייניגע, אָבער נישט אַלע טיילן פון קערפּער, האָט קיין שייכות נישט צו דעם נוץ פון דעם מענטשן אַלס גאַנצן.

באַווייז. אָנגענומען למשל, אַז „א״, אַ טייל פון קערפּער, איז אַזוי געשטאַרקט פון וועלכער עס איז אויסנווייניגסטער אורזאַך, אַז ער האָט אַן

איבערגעוויכט איבער די איבעריגע טיילן (טייל IV, זאַץ VI); וועט דער דאָזיגער טייל נישט שטרעבן אויפצוגעבן זיינע קרעפטן, בכדי די איבעריגע טיילן פון קערפּער זאָלן קאָנען זייערע פונקציעס אויספירן, דען ער וואָלט געמוזט באַזיצן די קראַפט, אָדער די מאַכט, זיינע קרעפטן אויפצוגעבן, וואָס איז (טייל III, זאַץ VI) אומזיניג. יענער טייל אַלזאָ, און, פאָלגלעך (טייל III, זאַצן VII און XII) אויך דער גייסט, וועלן שטרעבן אָנצוהאַלטן יענעם צושטאַנד; דעריבער, האָט נישט דער באַגער, וועלכער אַנטשטייט פון אַזאַ מין עמאָציע פון לוסט, קיין שייכות מיט דעם גאַנצן, פאַרקערט, ווערט אָנגענומען, אַז דער טייל „א" איז אַזוי געשטערט, אַז די איבעריגע טיילן באַקומען די איבערגעוויכט, קאָן עס אויף דעם זעלבן אופן באַוויזן ווערן, אַז אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון אומלוסט, האָט קיין שייכות נישט מיט דעם גאַנצן. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. היות, ווי לוסט על פי רוב (טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ XLIV) גייט אָן בלויז איין טייל פון קערפּער, דעריבער, זענען מיר על פי רוב געניינט צו דערהאַלטן אונזער זיין אָן אַ צוריקבליק אויף אונזער וואויל-זיין אַלס גאַנצעס: דערצו קאָן נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז די באַגערן, וואָס האָבן די שטאַרקסטע שליטה איבער אונז (טייל IV, זאַץ IX), רעכענען זיך מיט דער געגנוואַרט און נישט מיט דער צוקונפט.

זאַץ LXI. אַ באַגער, וואָס אַנטשטייט פון פאַרנונפט, קאָן נישט האָבן קיין איבערמאָס.

באַווייז. באַגער (דעפיניציע I פון די עמאָציעס) אין דעם אַבסאָלוטן זין, איז דער עצם תמצית פון מענטשן אויף אַזוי ווייט, ווי ער ווערט באַגריפן אַלס באַשטימט אויף וועלכן עס איז אופן צו אַן איינצלנער אַקטיוויטעט דורך אַ געגעבענער פאַרענדערונג פון זיך גופא. דעריבער, איז דער באַגער, וועלכער אַנטשטייט פון דער פאַרנונפט, דאָס הייסט (טייל III, זאַץ III), וועלכער ווערט געבאָרן אין אונז אויף אַזוי ווייט ווי מיר זענען אַקטיוו, די אַקטועלע עסענץ אָדער נאַטור פון דעם מענטשן אויף אַזוי ווייט, ווי זי ווערט באַגריפן אַלס באַשטימט צו אַזעלכע אַקטיוויטעטן, וועלכע ווערן אַדעקוואַט באַגריפן בלויז דורך דער עסענץ פון דעם מענטשן (טייל III, דעפיניציע II). ווען, אַלזאָ, אַ באַגער וואָלט געקאָנט האָבן אַן איבערמאָס, וואָלט די מענטשלעכע נאַטור, באַטראַכט אַן און פאַר זיך, געקאָנט משמעות זיך גופא איבערשטייגן, אָדער זי וואָלט געווען ביכולת צו טאָן מער וויפיל זי קאָן, וואָס דאָס איז אַן אויסדריקלעכע סתירה. דערפאַר קאָן אַזאַ באַגער נישט האָבן קיין איבערמאָס. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ LXII. אויף אַזוי ווייט, ווי דער גייסט באַגרייפט אַ זאַך לויט דער אָנווייזונג פון דער פאַרנונפט, ווערט ער אויף אַ גלייכן אופן אָנגערעגט,

מעג די אידעע זיין פון אַ צוקונפטיגער, אָדער פון אַ פאַרגאַנגענער, אָדער פון אַ געגנוואַרטיגער זאַך.

באַווייז. אַלץ, וואָס דער גייסט באַגרייפט אונטער דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, באַגרייפט ער עס אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט אָדער נויטווענדיגקייט (טייל II, שלוסזאַץ II צו זאַץ XLIV); און ער האָט איבער אַלץ די זעלבע געוויסהייט (טייל II, זאַץ XLIII, און אָנמערקונג צום זאַץ), מעג, דעריבער, די אידעע זיין פון אַ צוקונפטיגער, פאַרגאַנגענער אָדער געגנוואַרטיגער זאַך, באַגרייפט דער גייסט די זאַך מיט דער זעלבער נויטווענדיגקייט, און ער האָט וועגן איר די זעלבע געוויסהייט; און צי וועט די אידעע זיין פון עפּעס צוקונפטיגעס, פאַרגאַנגענעס און געגנוואַרטיגעס, וועט זי אין אַלע פאַלן זיין גלייך אמת (טייל II, זאַץ XLI); דאָס הייסט, זי וועט תּמיד האָבן די זעלבע אייגנשאַפטן פון אַן אַדעקוואַטער אידעע (טייל II, דעפיניציע IV); און דערפאַר ווערט דער גייסט, אויף אַזוי ווייט ווי ער באַגרייפט די זאַך נאָך דעם געבאָט פון דער פאַרנונפט, אָנגערעגט אויף אַ גלייכן אופן, צי איז די אידעע פון אַ צוקונפטיגער, אָדער פון אַ פאַרגאַנגענער, אָדער פון אַ געגנוואַרטיגער זאַך. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. ווען מיר וואָלטן געקאָנט האָבן אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער דויער פון זאַכן, און וואָלטן געקאָנט דורך דער פאַרנונפט באַשטימען די צייט פון זייער עקזיסטענץ, וואָלטן מיר געקאָנט די צוקונפטיגע זאַכן באַטראַכטן מיט דער זעלבער עמאָציע ווי די געגנוואַרטיגע; דער גייסט וואָלט געשטרעבט נאָך דעם גוטן, וואָס ער באַגרייפט אַלס צוקונפטיגעס, אַקוראַט אַזוי גוט, ווי ווען עס וואָלט געווען געגנוואַרטיג; פאָלגלעך, וואָלט ער, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, געלאָזט גיין אַ קלענער גוטס אין דער געגנוואַרט צוליב אַ גרעסער גוטס אין דער צוקונפט, און ער וואָלט אויף קיין אופן נישט באַגערט דאָס, וואָס איז גוט אין דער געגנוואַרט, און איז אָבער אַ מקור פון שלעכטס אין דער צוקונפט, ווי מיר וועלן באַלד באַווייזן. מיר קאָנען, אָבער, האָבן אַ זייער אומאַדעקוואַטע דערקענטעניש פון דער דויער פון זאַכן (טייל II, זאַץ XXXI); און די תּקופות פון זייער עקזיסטענץ (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XLIV) קאָנען מיר באַשטימען בלויז דורך דעם פאָרשטעלונגס-פאַרמעג, וועלכער ווערט דורך דעם פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ געגנוואַרטיגער זאַך נישט אין דער זעלבער מאָס אויפגערעגט, ווי דורך אַ פאָרשטעלונגס-בילד פון אַ צוקונפטיגער זאַך. דערפון נעמט זיך, וואָס די אמתע דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, וואָס מיר באַזיצן, איז נאָר אַן אַבסטראַקטע, אָדער אַן אַלגעמיינע, און אונזער אורטייל איבער דעם סדר פון זאַכן און דער פאַרקניפּונג פון סיבות, וואָס מיר בילדן, בכדי צו באַשטימען וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט פאַר אונז אין דער געגנוואַרט, אַנטשפּרעכט מער

אונזער פאָרשטעלונג בלויז, איידער דערווירקלעכקייט. עס איז, דעריבער, קיין וואונדער, ווען דער באַגער, וועלכער אַנטשטייט פון דער דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, אויף אַזוי ווייט ווי ער באַציהט זיך אויף דער צוקונפט, קאָן גאָר גרינג אונטערדריקט ווערן דורך דעם באַגער צו זאַכן, וועלכע זענען רייצנד אין דער געגנוואַרט (טייל IV, זאַץ XVI).

זאַץ LXIII. ווער עס ווערט פון שרעק געלייטעט און טוט גוטס, בכדי נצול צו ווערן פון שלעכטס, דער ווערט נישט פון דער פאַרנונפט געלייטעט.

באַווייז. אַלע עמאָציעס, וועלכע גייען אָן דעם גייסט אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אַקטיוו, מיט אַנדערע ווערטער, די, וועלכע באַציהען זיך אויף דער פאַרנונפט, זענען עמאָציעס פון לוסט און באַגער (טייל III, זאַץ LIX), ובכן, איז ווער עס ווערט געלייטעט פון שרעק און טוט גוטס, בכדי פון שלעכטס נצול צו ווערן, ווערט נישט געלייטעט פון דער פאַרנונפט.

אָנמערקונג. די אַבערגלויבישע, וואָס ווייסן בעסער ווי צו טאַדלען פעלערן איידער ווי צו לערנען טוגענטן, און וועלכע שטרעבן נישט צו לייטן די מענטשן דורך פאַרנונפט, נאָר אַזוי זיי אין צוים צו האַלטן דורך מורא, אַז זיי זאָלן אַנטלויפן פון דעם בייזן ליבערשט, איידער זיי זאָלן ליבן די טוגענט, באַצוועקן נישט קיין אַנדער זאַך, ווי צו מאַכן אַנדערע אַזוי קלעגלעך, ווי זיי אַליין זענען; עס איז דערפאַר קיין וואונדער נישט, וואָס זיי זענען על פי רוב אַ לאַסט צו און פאַרהאַסט פון זייערע מיטמענטשן.

שלוסזאַץ. אויף דעם גרונד פון דעם באַגער, וואָס אַנטשטייט פון דער פאַרנונפט, פאַרפאָלגן מיר דאָס גוטע אוממיטלבאַר און פליהען פון דעם שלעכטן מיטלבאַר.

באַווייז. דער באַגער, וואָס אַנטשטייט פון דער פאַרנונפט, קאָן אַנטשטיין נאָר פון אַן עמאָציע פון לוסט, וועלכע איז נישט קיין פאַסיווער צושטאַנד פון גייסט (טייל III, זאַץ LIX), מיט אַנדערע ווערטער, פון אַ לוסט, וועלכע קאָן נישט האָבן קיין איבערמאָס (טייל IV, זאַץ LXI) און נישט פון אומלוסט. דער דאָזיגער באַגער, אַלזאָ, אַנטשטייט פון דער דערקענטעניש פון גוטס און נישט פון שלעכטס (טייל IV, זאַץ VIII) און דעריבער שטרעבן מיר אונטער דער לייטונג פון דער פאַרנונפט דאָס גוטע אוממיטלבאַר, און מיידן אויס דאָס שלעכטע נאָר דורך אַן אָנצוהערעניש. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דער דאָזיגער שלוסזאַץ קאָן אילוסטרירט ווערן דורך דעם ביישפּיל פון אַ קראַנקן און אַ געזונטן מענטשן. דער קראַנקער איס מורא פאַר דעם טויט שלינגט אַרונטער, וואָס אים איז צו ווידער; דער געזונטער אָבער האָט הנאה פון זיין שפייז און ער געניסט אויף אַזאַ אופן זיין לעבן בעסער, ווי ווען ער זאָל מורא האָבן פאַר דעם טויט און זאָל זוכן אים

אוממיטלבאַר צו פאַרמיידן. אַזוי ווערט אויך דער ריכטער, פאַרמשפּטנדיג אַ פאַרברעכער צום טויט, בלויז פון פאַרנונפט געלייטעט, נישט אויס האַס אָדער כעס, נאָר אויס ליבע צום עפנטלעכן וואוילזיין.

זאַץ LXIV. די דערקענטעניש פון שלעכטס איז אַן אומאַדעקוואַטע דערקענטעניש.

באַווייז. די דערקענטעניש פון שלעכטס (טייל IV, זאַץ VIII) איז די אומלוסט זעלבסט, אויף ווי ווייט מיר זענען אויף איר באַוואוסטזיניג. אומלוסט איז אָבער אַן איבערגאַנג צו אַ קלענערער פולקאָמענהייט (דעפיניציע III פון די עמאָציעס) און זי קאָן, דעריבער, נישט פאַרשטאַנען ווערן דורך דער נאַטור פון דעם מענטשן (טייל III, זאַצן VI און VII); און דעריבער איז זי אַ פּאַסיווער צושטאַנד (טייל III, דעפיניציע II), וועלכער (טייל III, זאַץ III) הענגט אָפּ פון אומאַדעקוואַטע אידעען, פאָלגלעך, איז די דערקענטעניש פון איר (טייל II, זאַץ XXIX) נעמלעך, די דערקענטעניש פון שלעכטס, אומאַדעקוואַט. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז ווען דער מענטשלעכער גייסט וואָלט געהאַט נאָר אַדעקוואַטע אידעען, וואָלט ער קיין באַגריף פון שלעכטס נישט געבילדעט.

זאַץ LXV. לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט וועלן מיר פון צוויי גוטסן אויסקלייבן דאָס גרעסערע און פון צוויי שלעכטסן דאָס קלענערע.

באַווייז. אַ גוטס, וואָס הינדערט אונז פון צו געניסן אַ גרעסער גוטס, איז אייגנטלעך אַ שלעכטס; דען מיר ווענדן אָן די אויסדריקן גוטס און שלעכטס צו זאַכן, אויף אַזוי ווייט, ווי מיר פאַרגלייכן זיי איינע מיט דער אַנדערער (ווי איך האָב געצייגט אין דער פאָררעדע צו דעם דאָזיגן טייל); שלעכטס איז, דעריבער, אין דער ווירקלעכקייט אַ קלענער גוטס, און דערפאַר זוכן מיר אָדער פאַרפאָלגן לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט דאָס גרעסערע גוטס און דאָס קלענערע שלעכטס. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. מיר וועלן לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט פאַרפאָלגן אַ קלענערע שלעכטס צוליב אַ גרעסער גוטס, און מיר קאָנען צוריקווייזן אַ קלענער גוטס, וועלכעס איז די אורזאַך פון אַ גרעסער שלעכטס. דען דאָס שלעכטס, וואָס ווערט דאָ באַצייכנט אַלס קלענער, איז אייגנטלעך גוט, און דאָס קלענערע גוטס איז אייגנטלעך שלעכטס, דערפאַר וועלן מיר זוכן דאָס ערשטע און צוריקווייזן דאָס לעצטע. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ LXVI. לויט דער לייטונג פון דער פאַרנונפט וועלן מיר זוכן אַ גרעסער גוטס אין דער צוקונפט אין פאָרצוג צו אַ קלענערס אין דער געגנוואַרט, און מיר וועלן זוכן אַ קלענער שלעכטס אין דער געגנוואַרט אין פאָרצוג צו אַ גרעסערס אין דער צוקונפט.

באַווייז. ווען דער גייסט וואָלט געקאָנט האָבן אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון צוקונפטיגע זאַכן, וואָלט ער מיט דער זעלבער עמאָציע אויפגערעגט געוואָרן געגן אַ צוקונפטיגער זאַך, ווי געגן אַ געגנוואַרטיגער (טייל IV, זאַץ LXII); אויף אַזוי ווייט, דעריבער, ווי מיר נעמען אין אַכט בלויז די פאַרנונפט, ווי מיר טוען עס אין דעם דאָזיגן זאַץ על פי השערה, איז קיין חלוק נישטאָ צי נעמען מיר אָן דאָס גרעסערע גוטס אָדער שלעכטס אַלס צוקונפטיגס אָדער געגנוואַרטיגס; דעריבער, וועלן מיר זוכן אַ גרעסער גוט אין דער צוקונפט אין פאָרצוג צו אַ קלענער גוטס אין דער געגנוואַרט, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. מיר וועלן, אונטער דער לייטונג פון דער פאַרנונפט, זוכן אַ קלענער שלעכטס אין דער געגנוואַרט, מחמת עס איז די אורזאַך פון אַ גרעסער גוטס אין דער צוקונפט, און מיר וועלן צוריקווייזן אַ קלענער גוטס אין דער געגנוואַרט, מחמת, עס איז די אורזאַך פון אַ גרעסער שלעכטס אין דער צוקונפט. די שייכות פון דעם דאָזיגן שלוסזאַץ צו דעם פאָריגן זאַץ איז דער זעלבער, ווי די שייכות פון שלוסזאַץ פון זאַץ LXV צו דעם זעלביגן זאַץ LXV אין טייל IV.

אָנמערקונג. פאַרגלייכן מיר די דאָזיגע באַהויפּטונגען דערמיט, וואָס מיר האָבן געזאָגט אין דעם דאָזיגן טייל ביז צו זאַץ XVIII וועגן דער מאַכט פון די עמאָציעס, זעהען מיר גרינג איין אין וואָס עס באַשטייט דער חלוק צווישן אַ מענטשן, וואָס ווערט פון עמאָציע אָדער מיינונג געלייטעט, און דעם מענטשן, וואָס ווערט געלייטעט פון דער פאַרנונפט. דער ערשטער, מעג ער עס וועלן אָדער נישט, טוט דאָס, איבער וואָס ער געפינט זיך אין דער גרעסטער אומוויסנהייט, דער לעצטער איז זיין אייגענער באַלעבאָס, און ער טוט נאָר דאָס, וואָס ער האָט דערקענט אַלס דאָס וויכטיגסטע אין לעבן, און וואָס צוליב דעם באַגערט ער עס אממיינסטן, און דערפאַר רוף איך דעם ערשטן קנעכט און דעם לעצטן פרייער מענטש, וואָס וועגן זיין געמיטס־צושטאַנד און לעבנספיר וועל איך נאָך אייניגעס באַמערקן.

זאַץ LXVII. אַ פרייער מענטש דענקט וויינעגער פאַר אַלץ וועגן טויט; און זיין חכמה איז: דאָס נאָכדענקען נישט וועגן דעם טויט, נאָר וועגן דעם לעבן.

באַווייז. דער פרייער מענטש, דאָס הייסט, דער, וואָס לעבט נאָך דער אָנווייזונג פון דער פאַרנונפט, ווערט נישט געלייטעט פון טויט־שרעק (טייל IV, זאַץ LXIII), נאָר ער באַגערט דאָס גוטע אוממיטלבאַר (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ LXIII), דאָס הייסט (טייל IV, זאַץ XXIV) ער שטרעבט צו האַנדלען, צו לעבן, און זיין יש צו דערהאַלטן אויף דער גרונדלאַגע פון דעם זוכן זיין אייגענעם אמתן נוץ, דערפאַר דענקט אַזעלכער וועגן קיין זאַך

נישט ווייניגער איידער וועגן טויט, און זיין חכמה איז פיל מער אַ נאָכדענ־קען וועגן לעבן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ LXVIII. ווען מענטשן זאָלן געבוירן ווערן פריי, וואָלטן זיי, אזוי לאַנג ווי זיי וואָלטן געבליבן פריי, קיין באַגריף נישט געבילדעט וועגן גוטס און שלעכטס.

באַווייז. איך רוף פריי דעם יעניגן, וואָס ווערט פון דער פאַרנונפט אַליין געלייטעט. ווער עס ווערט, אַלזאָ, געבוירן פריי און בלייבט פריי, האָט בלויז אַדעקוואַטע אידעען, און ער קאָן דעריבער (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ LXIV) נישט האָבן קיין באַגריף וועגן שלעכטס, און ממילא — מחמת גוטס און שלעכטס זענען באַגריפן, וואָס שטייען אין אַ געגנזייטיגער באַציהונג — אויך קיין באַגריף נישט וועגן גוטס. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. עס איז קלאָר פון טייל IV, זאַץ IV, אַז די השערה אין דעם דאָזיגן זאַץ איז פאַלש און זי קאָן נאָר באַגריפן ווערן אויף אַזוי ווייט, ווי מיר ריכטן אונזערע אויגן אויף דער נאַטור פון דעם מענטשן גופא, אָדער פיל מער אויף דער נאַטור פון גאָט אַליין, נישט אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אומענדלעך, נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער איז די אורזאַך פון דעם מענטשנס עקזיסטענץ.

דאָס און אַנדערע זאַכן, וועלכע מיר האָבן שוין באַוויזן, האָט משה, ווי עס שיינט, אָנגעדייטעט אין דער געשיכטע פון אדם הראשון. דאָרט ווערט נישט געדאַכט וועגן קיין אַנדער מאַכט פון גאָט, אַחוץ דער, וואָס מיט איר האָט ער דעם מענטשן באַשאַפן, דאָס הייסט, די מאַכט, וואָס מיט איר האָט ער אַליין געזאָרגט פאַר דעם נוץ פון דעם מענטשן; עס ווערט דאָרט דער־ציילט, אַז גאָט האָט פאַרבאָטן דעם פרייען מענטשן צו עסן פון דעם עץ הדעת, און אַזוי באַלד ווי דער מענטש וועט האָבן געגעסן פון אים, וועט ער מער מורא האָבן פאַר דעם טויט איידער באַגערן דאָס לעבן. עס שטייט דאָרט ווייטער געשריבן, אַז ווען דער מענטש האָט אַ ווייב געפונען, וועלכע האָט אינגאַנצן מיט זיין נאַטור צונויפגעשטימט, האָט ער דערקענט, אַז עס קאָן קיין זאַך נישט זיין אין דער נאַטור, וואָס זאָל זיין צו אים ניצלעכער פאַר איר; נאָכדעם, אָבער, ווי ער האָט געגלויבט, אַז די חיות זענען געגליכן צו אים, האָט ער גלייך אָנגעהויבן נאָכצומאַכן זייערע עמאָציעס (טייל III, זאַץ XXVII) און צו פאַרלירן זיין פרייהייט, וועלכע איז צוריקגעוואונען געוואָרן פון די פאַטריאַרכן, וועלכע זענען געלייטעט געוואָרן פון דעם גייסט פון קריסטוס, דאָס הייסט, פון דער אידעע פון גאָט, וואָס פון איר אַליין הענגט אָפּ, דאָס דער מענטש זאָל זיין פריי, און ער זאָל באַגערן פאַר אַנדערע דאָס גוטס, וואָס ער באַגערט פאַר זיך גופא, ווי מיר האָבן אויבן געצייגט (טייל IV, זאַץ XXXVII).

**זאַץ LXIX.** די טוגענט פון אַ פרייען מענטשן ציינט זיך גלייך אַרויס אין דעם פאַרמיידן ווי אין דעם גובר זיין פון געפאַרן.

**באַווייז.** אַן עמאָציע קאָן אונטערדריקט אָדער אַוועקגעשאַפט ווערן דורך אַן עמאָציע, וואָס איז דער היפוך פון זיך גופא, און וואָס באַזיצט מער מאַכט איידער די עמאָציע, וועלכע איז צום אונטערדריקן (טייל IV, זאַץ VII). בלינדע גצוואַגטקייט, אָבער, און שרעק זענען עמאָציעס, וואָס קאָנען אַלס גלייך גרויסע באַגריפן ווערן (טייל IV, זאַצן V און III); דער־פאַר, פאָדערט זיך נישט ווייניגער טוגענט אָדער גייסט־שטאַרקייט צו אונ־טערדיקן גצוואַגטקייט ווי צו אונטערדריקן שרעק (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ LIX), מיט אַנדערע ווערטער, (דעפיניציעס XL און XLI פון די עמאָ־ציעס) דער פרייער מענטש פאַרמיידט געפאַרן מיט דער זעלבער טוגענט פון דעם געמיט, מיט וועלכער ער זוכט זיי גובר צו זיין, וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** ביי אַ פרייען מענטשן איז דאָס אָפּטרעטן צוריק אין דער ריכטיגער צייט אַקוראַט אַזאַ צייכן פון ווילנסקראַפט ווי דער קאַמף, אָדער: דער פרייער מענטש קלייבט־אויס מיט דער זעלבער ווילנסקראַפט אַדער נשמה־שטאַנדהאַפטיגקייט, ווי דעם קאַמף אַזוי אויך דעם צוריקטריט.

**אָנמערקונג.** וואָס ווילנסקראַפט איז, און וואָס איך פאַרשטיי אונ־טער דעם, האָב איך דערקלערט אין טייל III אָנמערקונג צו זאַץ LIX. אונ־טער געפאַר, אָבער, פאַרשטיי איך אַלץ דאָס, וואָס קאָן זיין די סיבה פון אַ וואָסער עס איז שלעכטס, ווי פון אומלוסט, האַס און צוויסטיגקייט א. א. וו.

**זאַץ LXX.** דער פרייער מענטש, וואָס לעבט צווישן אומוויסנדע, באַמיט זיך אויסצוווייכן, ווי ווייט ער קאָן, זייערע חסדים.

**באַווייז.** יעדער איינער באַאורטיילט וואָס איז גוט לפי זיין געמיטס־צושטאַנד (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXXIX); דעריבער וועט דער אומ־וויסנדער, וואָס האָט געטאָן אַ חסד צו אַן אַנדערן, אָפּשאַצן אים לפי זיין איי־גענער השגה, און אויב דער, צו וועמען דער חסד איז געטאָן געוואָרן, זאָל עס נישט אַזוי הויך שאַצן, וועט דער חסד־טוער זיך זייער מצער זיין (טייל IV, זאַץ XLII). דער פרייער מענטש, אָבער, ווינטשט צו פאַרבינדן אַנדערע מענטשן מיט זיך אין פריינטשאַפט (טייל IV, זאַץ XXXVII) און ער צאָלט נישט צוריק זייערע חסדים מיט אַנדערע, וואָס קאָנען אויסגערעכנט ווערן, אַז זיי זענען פון דעם זעלבן ווערט, נאָר ער לייטעט זיך זעלבסט און די איבעריגע מענטשן לויט דעם פרייעם אורטייל פון דער פאַרנונפט און טוט נאָר אַזעלכע זאַכן, וועלכע ער אַליין ווייסט, אַז זיי זענען פון גרויס וויכטיגקייט. דער פרייער מענטש, דעריבער, כדי נישט צו ווערן פאַרהאַסט פון די אומ־וויסנדע, אָדער בכדי צו פאָלגן זייער פאַרנונפט, און נישט זייערע באַגערן,

ווערט שטאַרבן, ווי ווייט ער קאָן, אויסצוויייכן זייערע וואוילטהאַטן. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. איך זאָג, ווי ווייט ער קאָן. דען הגם מענטשן זענען אומוויסנד, זענען זיי דאָך מענטשן, און אין נויט-פאַלן קאָנען זיי לייסטן מענטשלעכע הילף, וועלכע איז די ווערטפולסטע זאַך פון אַלע זאַכן: דערפאַר איז עס אָפט זייער נויטיג אָנצונעמען פון זיי וואוילטהאַטן, און, ממילא, זיי דאַנקבאַר צו זיין פאַר זיי לויט זייער זין נאָך. און ווען מיר ווייזן צוריק זייערע וואוילטאַטן, מוזן מיר עס טאָן מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט, כדי נישט אַרויסצורופן ביי זיי דעם חשד, אַז מיר פאַראַכטן זיי, אָדער אַז מיר ווילן נישט אויס זשעדנעקייט זיי צאָלן מדה כנגד מדה, און אַזוי אַרום וועקן ביי זיי אַ צאָרן געגן אונז, גראָד דורך דעם, וואָס מיר האָבן געזוכט צו פאַרמיידן זייער האַס. אין דעם אָפּזאָגן זיך פון חסדים מוזן מיר, אַלזאָ, זיך רעכענען מיט דער ניצלעכקייט און העפלעכקייט.

זאַץ LXXI. נאָר פרייע מענטשן זענען העכסט דאַנקבאַר איינער צו דעם אַנדערן.

באַווייז. נאָר פרייע מענטשן זענען איינער צום אַנדערן פולקאָמען ניצלעך, און פאַרבינדן זיך איינער מיט דעם אַנדערן דורך דעם פעסטן בונד פון פריינטשאַפט (טייל IV, זאַץ XXXV און שלוסזאַץ I צום זעלבן זאַץ). נאָר אַזעלכע מענטשן שטרעבן מיט אַ גלייכער התלהבות פון ליבע איינער דעם אַנדערן וואויל צו טאָן (IV, זאַץ XXXVII) און, ממילא, זענען נאָר זיי אַליין איינער צו דעם אַנדערן העכסט דאַנקבאַר. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. די דאַנקבאַרקייט, וועלכע מענטשן, וואָס ווערן געלייטעט פון בלינדן באַגער, ווייזן אַרויס איינער צו דעם אַנדערן, איז על פי רוב אַ האַנדלס-געשעפט אָדער אַ רמז אויף הבטחות ליבערשט, איידער ריינע דאַנקבאַרקייט. אומדאַנקבאַרקייט, ווידער, איז נישט קיין עמאָציע. דאָך איז אומדאַנקבאַרקייט שעדלעך, מחמת על פי כלל ציינט זי אָן, אַז דער מענטש איז באַווירקט פון צופיל האַס, כעס, שטאָלץ, גייץ, א. א. וו. דער, ווער אויס נאַרישקייט ווייס נישט ווי טובות צו פאַרגעלטן, איז נישט אומדאַנקבאַר, און נאָך ווייניגער דער, ווער עס ווערט נישט באַוועגט דורך די מתנות פון אַ קעפּס-ווייב צו דינען איר תאווה, אָדער פון אַ גנב צו פאַרבאָרגן זיינע גנבות, אָדער פון אַ וואָסער עס איז אַנדער פערזאָן פון דעם זעלבן סאָרט, דען אַזעלכער ציינט גראָד אין געגנטייל, אַז ער האָט אַ שטאַנדהאַפטן גייסט, וואָס לאָזט זיך נישט, צו זיין אייגענעם אָדער אַלגעמיינעם היזק, פאַרדאַרבן.

זאַץ LXXII. דער פרייער מענטש האַנדלט קיינמאָל נישט אויף אַ באַטריגערישן אופן, נאָר אַלע מאָל מיט אויפריכטיגקייט.

באַווייז. ווען דער פרייער מענטש, אויף אַזוי ווייט ווי ער איז פריי, זאָל טאָן עפּעס אויס באַטרוג, וואָלט ער עס געטאָן נאָך דעם געבאָט פון דער פאַרנונפט, דען נאָר אויף אַזוי ווייט רופן מיר אים פריי. יעמאָלט וואָלט באַטריגעריש צו האַנדלען געווען אַ טוגענט (טייל IV, זאַץ XXIV), און פאָלגלעך, (לויט דעם זעלבן זאַץ) וואָלט עס ראַטזאַם געווען פאַר יעדן איינעם, וואָס וויל דערהאַלטן זיין יש, אויף אַ באַטריגערישן אופן צו האַנדלען, דאָס הייסט, (ווי עס איז פון זיך קלאָר) עס וואָלט ראַטזאַמער געווען פאַר די מענטשן בלויז אין ווערטער צו האַרמאָנירן, אין טאַט, אָבער, צו זיין איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. דאָס איז (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXI) אומזיניג. דער פרייער מענטש האַנדלט דעריבער, א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. ווען מען זאָל איצט פרעגן: ווען אַ מענטש קאָן דורך טריילאָזיגקייט זיך רעטן פון אַ פּנים-אל-פּנימדיגער טויט-געפאַר, ראַט דען יעמאָלט נישט דער צוריקבליק אייף דער זעלבסטדערהאַלטונג אומבאַדינגט טריילאָז צו זיין? דערויף ענטפערט מען אויף דעם זעלבן אופן: ווען די פאַרנונפט זאָל דאָס ראַטן, וואָלט זי עס אַלזאָ געראַטן אַלע מענטשן, און דערמיט וואָלט די פאַרנונפט אומבאַדינגט קיין אַנדער זאַך די מענטשן נישט געראַטן ווי צו שליסן פאַלשע אָפּמאַכן וועגן דער פאַראייניגונג פון זייערע קרעפטן און אָפּהיט פון געמיינזאַמען רעכט, דאָס הייסט, זי וואָלט זיי געראַטן צו באַשליסן, אַז אין דער אמתן זאָלן זיי קיין געמיינזאַמען רעכט נישט האָבן — וואָס איז אומזיניג.

זאַץ LXXIII. דער פון דער פאַרנונפט געלייטעטער מענטש איז פרייער אין א שטאַט, וואו ער לעבט אונטער אַן אַלגעמיינעם סיסטעם פון געזעצן, איידער אין איינזאַמקייט, וואו ער איז אומאָפּהענגיג.

באַווייז. דער מענטש, וואָס ווערט געלייטעט פון דער פאַרנונפט, ווערט נישט דורך שרעק געבראַכט צו געהאָרכזאַמקייט (טייל IV, זאַץ LXIII). נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער שטרעבט צו דערהאַלטן זיין יש לויט דעם געבאָט פון דער פאַרנונפט, דאָס הייסט (טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ LXVI) אויף אַזוי ווייט ווי ער שטרעבט צו לעבן פריי, זוכט ער איינצואָרדענען יין לעבן אין איינקלאַנג מיט דעם געמיינשאַפטלעכן לעבן און מיט דעם געמיינזאַמען נוץ (טייל IV, זאַץ XXXVII), און, פאָלגלעך, (ווי מיר האָבן געצייגט אין טייל IV, אָנמערקונג II צו זאַץ XXXVII) צו לעבן אין איינקלאַנג מיט די געזעצן פון זיין לאַנד. דער פרייער מענטש, אַלזאָ, כּדי מער פרייהייט צו געניסן, באַגערט צו באַזיצן די אַלגעמיין-בירגערלעכע רעכט. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. די דאָזיגע און ענלעכע באַווירקונגען, וואָס מיר האָבן געמאַכט וועגן דעם מענטשנס אמתע פרייהייט, באַציהען זיך אויף שטאַרקייט,

דאָס הייסט, אויף קוראַזש און איידלקייט פון כאַראַקטער (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ LIX). איך האַלט אָבער נישט, אַז עס איז ווערט די מיה אָנצוגעבן דאָ בפּרטיות אַלע אייגנשאַפטן פון גייסטיגער שטאַרקייט, און נאָך פיל וויניגער, צו באַווייזן, אַז דער גייסט-קרעפטיגער מאַן האַסט קיינעם נישט, איז אויף קיינעם נישט אין כּעס, איז קיינעם נישט מקנא, געגן קיינעם נישט אויפגעבראַכט, פאַראַכטעט קיינעם נישט, און ער איז בשום אופן נישט שטאָלץ. דען דאָס און אַלץ, וואָס געהערט צום אמתן לעבן און צו רעליגיע, לאָזט זיך גרינג דערקלערן פון טייל IV, זאַצן XXXVII און XLVI; נעמלעך, אַז האַס דאַרף דורך ליבע באַזיגט ווערן, און אַז יעדער מענטש, וואָס ווערט פון דער פאַרנונפט געלייטעט, באַגערט אויף פאַר אַנדערע דאָס גוטס, וואָס ער ווינטשט פאַר זיך. מיר קאָנען אויך איבערחזרן דאָס, צו וואָס מיר האָבן אויפמערקזאַמקייט געצויגן אין דער אָנמערקונג צו טייל IV, זאַץ L, און אין אַנדערע שטעלן; נעמלעך, דאָס דער גייסטיג-קרעפטיגער מענטש האָט פריהער פון אַלץ אין זין, אַז אַלע זאַכן פאָלגן פון דער נויטווענדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור; אַזוי אַז אַלץ, וואָס ער באַטראַכט פאַר שעדלעך און שלעכט, און אַלץ, וואָס זעהט-אויס צוליב דעם, אַלס גאָטלאָז, שרעקלעך, אומגערעכט און נידעריג, נעמט זיך דערפון, וואָס זיין באַגריף וועגן די זאַכן גופא איז אָן אַ סדר, צעפּיצלט און מטושטש. מהאי טעמא שטרעבט ער טאַקע פריהער פון אַלץ צו באַגרייפן די זאַכן ווי זיי זענען אַן און פאַר זיך, און אַוועקצושאַפן די מניעות צו דער אמתער דערקענטעניש, ווי דאָס זענען עס האַס, כּעס, קנאה, שפּאָט, שטאָלץ און ענלעכע עמאָציעס, וועלכע איך האָב אויבן דערמאָנט. דעריבער, ווי געזאָגט, שטרעבט ער, ווי ווייט ער קאָן, צו טאָן גוטס, און צו גיין זיך אין זיין וועג מלא-חדוה. ווי ווייט, אָבער, די מענטשלעכע טוגענט איז ביכולת אַזאַ מדרגה צו דערגרייכן און ווי ווייט עס קאָנען גיין אירע כּחות וועל איך ציינגן אין דעם קומענדן טייל.

## הוספה.

וואָס איך האָב געזאָגט אין דעם דאָזיגן טייל וועגן דעם ריכטיגן לעבנס-פיר, איז נישט אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַ סדר אַזוי, אַז מען זאָל עס קאָנען מיט איין בליק אַרומנעמען, נאָר עס איז געגעבן געוואָרן שטיקלעכווייז, לויט דעם ווי איך האָב געדענקט, אַז יעדער זאַץ האָט געקאָנט גרינגער אַרויסגעדרונגען ווערן פון דעם פריהערדיגן. איך וועל דעריבער ווידער איבער-שטעלן מיינע באַמערקונגען און זיי ברענגען אין איינצלנע הויפּט-זאַצן.

1

אַלע אונזערע באַשטרעבונגען אָדער באַגערן פאָלגן אַזוי פון דער נויט-

װענדיגקייט פון אונזער נאַטור, אַז זיי קאָנען פאַרשטאַנען װערן, ענטװעדער דורך איר אַליין, אַלס זייער נאָהנטסטע סיבה, אָדער אויף אַזוי װייט, װי מיר זענען אַ טייל פון דער נאַטור, װעלכער דורך זיך אַליין, אָן אַנדערע אינדי־װידן, קאָן אַדעקװאַט נישט באַגריפן װערן.

II

די באַגערן, װאָס פאָלגן פון אונזער נאַטור אויף אַזאַ אופן, אַז זיי קאָ־נען דורך איר אַליין פאַרשטאַנען װערן, זענען אַזעלכע, װאָס באַציהען זיך אויף דעם גייסט אויף אַזוי װייט, װי ער װערט באַגריפן צו באַשטיין פון אַדעקװאַטע אידעען. די איבריגע באַגערן באַציהען זיך אויף דעם גייסט, אויף אַזוי װייט, װי ער באַגרייפט זאַכן אומאַדעקװאַט, און זייער מאַכט און זייער װאוקס קאָנען על פי כלל דערקלערט װערן נישט דורך דער קראַפט פון דעם מענטשן, נאָר דורך דער קראַפט פון זאַכן, װאָס זענען אויסנװייניג פון אונז, און דערפאַר הייסן די ערשטע מיט רעכט טאַטן, די לעצטע דאַגעגן ליידנשאַפטן; דען די ערשטע צייגן תמיד אָן אונזער קראַפט, די לעצטע, דאַ־געגן — אונזער אָנמאַכט און אונזער פראַגמענטאַרישע דערקענטעניש.

III

אונזערע טאַטן, דאָס הייסט, יענע באַגערן, װעלכע װערן דערקלערט דורך דעם מענטשנס קראַפט אָדער פאַרנונפט, זענען תמיד גוט. די איבריגע קאָנען זיין גראָד אַזוי גוט װי שלעכט.

IV

עס איז, דעריבער, אין לעבן פריהער פאַר אַלץ ניצלעך צו פאַרפולקאָ־מען דעם פאַרשטאַנד אָדער די פאַרנונפט, װײפיל נאָר מיר קאָנען, און דערין אַליין באַשטייט דעם מענטשנס העכסטער גליק אָדער גליקזעליגקייט; דען די גליקזעליגקייט איז, באמת, קיין אַנדער זאַך נישט, װי די נשמה־רוה, װעלכע אַנטשטייט פון דער אינטואיטיװער דערקענטעניש פון גאָט; דעם פאַרשטאַנד װידער צו פאַרפולקאָמען איז אָבער אויך קיין אַנדער זאַך נישט, װי צו דער־קענען גאָט, גאָטס אַטריבוטן און די טאַטן, װעלכע פאָלגן פון דער נויט־װענדיגקייט פון זיין נאַטור. דערפאַר איז דער לעצטער ציל פון דעם פון פאַר־נונפט געלייטעטן מענטשן, דאָס הייסט, זיין העכסטער באַגער, װאָס דורך אים זוכט ער אַלע זיינע מיטמענטשן צו פירן, דער יעניגער, װעלכער פירט אים צו אַן אַדעקװאַטן באַגריף פון זיך זעלבסט און פון אַלע זאַכן, װאָס קאָ־נען װערן געגנשטאַנדן פון זיין דערקענטעניש.

## V

עס איז, דערום, נישט פאַראַן קיין פאַרנונפטיג לעבן אָן דערקענ־טעניש; און זאַכן זענען גוט נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי זיי העלפן דעם מענטשן צו געניסן דאָס גייסטיגע לעבן, ווען אַלץ וואָס ווערט דורך דערקענטעניש דער־קלערט, דאַגעגן, דאָס אַליין, וואָס הינדערט דעם מענטשן זיין פאַרנונפט צו פאַרפולקאָמען און צו געניסן אַ פאַרנונפטיג לעבן, רופן מיר שלעכט.

## VI

היות, אָבער, ווי אַלע זאַכן, וואָס פון זיי איז דער מענטש די וויר־קנדע אורזאַך, זענען אויף אַ נויטווענדיגן אופן גוט, לכן קאָן שלעכטס דעם מענטשן טרעפן נאָר דורך אויסנווייניגסטע אורזאַכן; אויף אַזוי ווייט, נעמלעך, ווי ער איז אַ טייל פון דער אוניווערסאַלער נאַטור, וואָס אירע געזעצן איז די מענטשלעכע נאַטור געצוואונגען צו פאָלגן, און אויף כמעט אומענדלעכע אופנים זיך צו זיי צופאַסן.

## VII

עס איז אוממעגלעך, אַז דער מענטש זאָל נישט זיין אַ טייל פון דער נאַטור, אָדער אַז ער זאָל נישט פאָלגן איר געמיינזאַמע אָרדנונג; לעבט ער אָבער צווישן אינדיווידן, וואָס זייער נאַטור שטימט צונויף מיט זיין אייגע־נער, ווערט דורך דעם זיין ווירקונגס־קראַפט געהאָלפן און געגערט. געפינט ער זיך אָבער צווישן אַזעלכע, וואָס זייער נאַטור שטימט זייער ווייניג צונויף מיט זיין אייגענער נאַטור, וועט ער קוים זיך קאָנען צופאַסן צו זיי אָן אַ גרויסער פאַרענדערונג פון זיך זעלבסט.

## VIII

אַלץ אין דער נאַטור, וואָס מיר באַטראַכטן אַלס שלעכט, אָדער אַלס עפעס אַזעלכס, וואָס איז ביכולת צו שעדיגן אונזער עקזיסטענץ־פעהיגקייט און דעם געניוס פון אַ פאַרנונפטיגן לעבן, באַדאַרפן מיר דערוויטערן אויף אַן אופן, וואָס שיינט צו זיין דער זיכערסטער פאַר אונז; דאַגעגן, אַלץ, וואָס מיר באַטראַכטן אַלס גוט און ניצלעך פאַר דער דערהאַלטונג פון אונזער זיין און פאַר דעם געניוס פון אַ פאַרנונפטיגן לעבן, באַדאַרפן מיר פאַרווענדן צו אונזער נוצן און געברויכן עס ווי מיר דענקען אַמבעסטן. איבערהויפט איז יעדן איינעם לויט דעם העכסטן רעכט פון דער נאַטור דערלויבט צו טאָן אַלץ, וואָס וועט לויט זיין איבערצייגונג פאַרבעסערן זיינע אייגענע אינטערעסן.

## IX

קיין זאַך האַרמאָנירט נישט אַזוי מיט דער נאַטור פון אַ געגעבענער זאַך, ווי אַנדערע אינדיווידן פון דעם זעלבן מין; דערפאַר (הויפטזאַץ VII איז פאַר דעם מענטשן אין דער דערהאַלטונג פון זיין יש און אין דעם גענוס פון זיין פאַרנונפטיגן לעבן נישט פאַראַן קיין מער ניצלעכערע זאַך, איידער דער פון דער פאַרנונפט געלייטעטער מיטמענטש. ווייטער, היות ווי מיר ווייסן נישט צווישן איינצלנע זאַכן קיין זאַך — וואָס זאָל זיין פאָרטרעפלעכער איידער דער מענטש, וואָס איז פון דער פאַרנונפט געלייטעט, פאָלגלעך, קאָן קיין מענטש נישט אַרויסווייזן בעסער זיין געשיקטלעכקייט און באַגאַבונג, איי־דער דורך דעם, וואָס ער ווערט אַזוי דערציהען די מענטשן, אַז זיי זאָלן סוף כּל סוף לעבן אונטער דער הערשאַפט פון זייער אייגענער פאַרנונפט.

## X

אויף אַזוי ווייט ווי מענטשן ווערן געטריבן פון קנאה, אָדער פון וועל־כער עס איז אַנדער אַרט האַס פון איינעם צום אַנדערן, זענען זיי אַנטקעגנ־געזעצט איינער צו דעם אַנדערן, און דעריבער וואָס מעכטיגער זיי זענען פאַר זייערע מיטמענטשן, אַלץ מער דאַרף מען פאַר זיי מורא האָבן.

## XI

דאָך ווערן די געמיטער געוואונען נישט דורך וואָפן־געוואַלט, נאָר דורך ליבע און איידלקייט.

## XII

עס איז פריהער פאַר אַלץ ניצלעך פאַר די מענטשן צו פאַראייניגן זייערע לעבנס־דרכים, דורך אַזעלכע התחייבותן זיך פאַרקניפּן איינער מיט דעם אַנדערן, וואָס דורך זיי זאָלן זיי אַלע אַמבעסטן קאָנען אין אַן איינהייט צו־נויפגעזאַמלט ווערן, און, בכלל, צו טאָן אַלצדינג, וואָס דינט דער באַפעס־טיגונג פון פריינטשאַפט.

## XIII

פאַר דעם פאָדערט זיך, אָבער, געשיקטלעכקייט און וואַכזאַמקייט. דען די מענטשן זענען פאַרשיידנאַרטיג — איינצלנע נאָר לעבן לויט דער פאָר־שריפט פון דער פאַרנונפט — דאָך, אין אַלגעמיין, זענען זיי פול מיט קנאה און זענען מער גענייגט צו נקמה איידער צו באַרעמהאַרציגקייט. עס פאָדערט זיך, דעריבער, נישט קיין קליינע קראַפט פון כאַראַקטער אויף צו נעמען יעדן איינעם ווי ער איז, און אויף צוריקצוהאַלטן זיך פון נאָכצומאַכן די עמאָציעס

פון די אַנדערע. די יענ̈יגע, אָבער, וואָס רייסן אַרונטער די מענטשהייט, און וואָס זענען מער געשיקט צו שימפן פאַר חטאים, איידער צו לערנען טוגענטן, און וואָס ברעכן די געמיטער פון די מענטשן ליבערשט, איידער זיי צו באַ־פעסטיגן, זענען אַ לאַסט צו זיך און צו אַנדערע. אַזוי אַרום האָבן אַ סך אויס צו גרויסער אומגעדולד פון גייסט אָדער אויס פאַלשער רעליגיעזער התלהבות, פאָרגעצויגן צו לעבן ליבערשט צווישן חיות, איידער צווישן מענטשן; אַזוי חי יינגלעך און יונגע לייט, וואָס קאָנען נישט אַריבערטראָגן אויף אַ רוהיגן אופן די פאָרוואורפן פון זייערע עלטערן, וועלן זיך איינשרייבן אַלס סאָלדאַטן און אויסקלייבן די שוועריגקייטן פון מלחמה און די דעספּאָטישע דיסציפּלין, אין פאַרצוג צו די באַקוועמלעכקייטן פון דער היים און די אויסריידונגען פון זייער פאָטער, און זיי וועלן לאָזן אַרויפלייגן אויף זיך וועלכע עס איז לאַסט, כּדי נאָר זיך נוקם צו זיין אין די עלטערן.

## XIV

הגם, אַלזאָ, די מענטשן ריכטן אַלץ איין על פּי רוב נאָך זייערע גליס־טונגען נאָך, דאָך האָט אין זיך די פאַרגעזעלשאַפטונג זייערע מער מעלות, איידער חסרונות. דערפאַר איז עס בעסער צו ליידן געדולדיג די עוולות, וואָס זיי קאָנען באַגיין געגן אונז, און מיט חשק צו באַטרייבן אַלץ, וואָס העלפט צו ברענגען האַרמאָניע און פריינטשאַפט.

## XV

האַרמאָניע קומט אויף דער וועלט דורך די זאַכן, וועלכע געהערן צו גערעכטיגקייט, אָרנטלעכקייט און עהרנהאַפטיגקייט. דען מענטשן טראָגן אומ־גערן איבער נישט בלויז דאָס, וואָס איז אומגערעכט און אומגלייך, נאָר אויך דאָס, וואָס ווערט אַלס געמיין באַטראַכט, אָדער ווען עמיצער זאָל אַן אומ־אַכטונג אַרויסווייזן צו די מנהגים פון זייער געזעלשאַפט. בכדי, אָבער, ליבע צו געווינען זענען דער עיקר נויטיג די דאָזיגע קוואַליטעטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו רעליגיע און פרומקייט (טייל IV, אָנמערקונגען I און II צו זאַץ XXXVII; אָנמערקונג צו זאַץ XLVI; און אָנמערקונג צו זאַץ LXXIII).

## XVI

האַרמאָניע איז אַחוץ דעם אָפט דער רעזולטאַט פון מורא, אָבער אַזאַ האַרמאָניע איז נישט זיכער. מורא, ווידער, אַנטשטייט פון אַן אומטיכטיג־קייט פון דעם גייסט, און געהערט נישט דערפאַר צום געברויך פון דער פאַר־נונפט. דאָס אייגענע איז אמת וועגן מיטלייד, הגם די לעצטע זעהט־אויס צו טראָגן אין זיך אַ דמיון פון פרומקייט.

## XVII

מענטשן לאָזן זיך אויך געווינען דורך פֿרייגעביגקייט, דערהויפּט די יעניגע, וואָס זענען נישט אין דער לאַגע זיך צו פֿאַרשאַפֿן אַלץ נויטווענדיגס פֿאַר זייער לעבנס-אונטערהאַלט. דאָך איז דאָס איבער די כּחות און די נוצן פֿון וועלכן עס איז פּריוואַטמענטשן צו העלפֿן יעדן נויטבאַדערפֿטיגן. מחמת, דאָס רייכטום פֿון אַ וועלכער עס איז פּריוואַטפּערזאָן איז לגמרי נישט גענוגנד אויף צו פֿאַרענטפֿערן אַזאַ נויטבאַדערפֿטיגקייט. דערצו זענען די רעסורסן פֿון דעם כאַראַקטער פֿון דעם איינצלנעם מענטשן צו-באַשרענקט, אַז ער זאָל זיין בּיכולת צו מאַכן אַלע מענטשן פֿאַר זיינע פֿריינט. דערום ליגט די זאָרג פֿאַר די אָרעמע אויף דער גאַנצער געזעלשאַפֿט און דאָס אַ שייכות בלויז צו דעם אַלגעמיינעם נוץ.

## XVIII

אין דעם אָננעמען פֿון טובֿות און אין דער צוריקגעבונג מיט דאַנקבאַרקייט, מוז אונזער פֿליכט זיין גאָר אַן אַנדערע (טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ LXX און אָנמערקונג צו זאַץ LXXI).

## XIX

די זינלעכע ליבע, דאָס הייסט, דער געשלעכטס-באַגער, וועלכער ווערט געוועקט פֿון קערפּערלעכער שיינקייט, און איבערהויפּט יעדע ליבע, וואָס אָנערקענט אַלס איר אורזאַך עפּעס אַנדערש, ווי די פֿרייהייט פֿון דער נשמה, גייט זייער גרינג אַריבער אין האַס; סיידן זי איז באמת, וואָס עס איז נאָך ערגער, אַן אַרט פֿון משוגעת, און אין אַזאַ פֿאַל ווערט זי מער פֿון דיסהאַרמאָניע איידער פֿון האַרמאָניע גענערט (טייל III, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXI).

## XX

וואָס אָנבאַלאַנגט הייראַט, איז עס זיכער, אַז דאָס איז אין איינקלאַנג מיט דער פֿאַרנונפֿט, ווען דער באַגער נאָך אַ פֿיזישער פֿאַראייניגונג ווערט אַרויסגערופֿן נישט בלויז דורך דער קערפּערלעכער שיינקייט, נאָר אויך דורך דעם פֿאַרלאַנג קינדער צו געבוירן, און זיי מיט חכמה צו דערציהען; און ווען אַחוץ דעם האָט די ליבע פֿון ביידע זייטן פֿון דעם מאַן און פֿון דער ווייב אַלס איר אורזאַך נישט נאָר די קערפּערלעכע שיינקייט, נאָר אויך די פֿרייהייט פֿון דער נשמה.

## XXI

אויך חניפֿה ברענגט מיט זיך האַרמאָניע; אָבער בלויז דורך דער הער-

לעכער לעסטערונג פון נשמה־קנעכטשאַפט אָדער דורך פאַלשקייט; דען קיינער לאָזט זיך נישט מער פאַנגען פון חניפה ווי די שטאָלצע, וואָס ווילן זיין די ערשטע, און זענען נישט.

## XXII

אין קליינמוט שטעקט אַ פאַלשע שיין פון רעליגיע און פרומקייט. און הגם קליינמוטיגקייט איז דער היפוך פון שטאָלצקייט, דאָך איז דער, וואָס דער־נידעריגט זיך זעלבסט, אַ נאָהנטער קרוב צו דעם שטאָלצן (טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ LVII).

## XXIII

די שאַם טראָגט אויך ביי צו דער האַרמאָניע, נאָר אָבער אין אַזעלכע זאַכן, וואָס לאָזן זיך נישט פאַרבאַהאַלטן. היות, איבריגנס, ווי די שאַם איז אַן אַרט פון אומלוסט, האָט זי גאָרנישט צו טאָן מיט דעם געברויך פון פאַרנונפט.

## XXIV

די איבריגע געגן אַנדערע מענטשן גערעכטפערטיגטע עמאָציעס פון אומלוסט זענען דער דירעקטער געגנטייל פון גערעכטיגקייט, אָרנטלעכקייט, עהרע, פיעטעט און רעליגיע. און הגם די אַנטריסטונג טראָגט אויף זיך דעם שיין פון אָרנטלעכקייט, דאָך איז דאָס לעבן אין אַ געזעצלאָזן צושטאַנד, דאָרט, וואו עס איז יעדן איינעם ערלויבט צו משפטן איבער די טאַטן פון דעם אַנדערן און זיך גופא אָדער דעם אַנדערן רעכט צו פאַרשאַפן.

## XXV

די לייטזעליגקייט, דאָס הייסט, דער באַגער צו די מענטשן, געהערט, ווען ער ווערט באַשטימט פון דער פאַרנונפט, צו דער פרומקייט (ווי מיר האָבן געזאָגט אין טייל IV, אָנמערקונג I צו זאַץ XXXVII). אַנטשטייט זי אָבער פון אַן עמאָציע, איז זי אַן אַמביציע, אָדער דער באַגער, וואָס דורך אים, אונטער דעם פאַלשן מאַנטל פון פיעטעט, פאַראורזאַכן מענטשן אין אַל־געמיין צוויסטיגקייט און אויפרור. דען דער, וואָס באַגערט צו העלפן אַנדערע מיט ראַט אָדער טאַט, אַז זיי זאָלן מיט אים געניסן דאָס העכסטע גוטס, דער וועט אין דער ערשטער ליניע טראַכטן וועגן דעם, ווי אַזוי זייער ליבע צו געווינען, נישט אָבער וועגן דעם, ווי אַזוי זיי אין באַוואונדערונג אַריינציהען, כדי די לערע זיינע זאָל זיין נאָמען טראָגן, און ער וועט איבערהויפט נישט געבן קיין גרונד פאַר קנאה, אויך וועט ער אין געמיינשאַפטלעכן פאַר־

קער זיך היטן פון צו רעדן וועגן די חסרונות פון די מענטשן, און ער וועט זיין פאָרזיכטיג צו רעדן וועגן די מענטשלעכע שוואַכקייטן מיט צוריקהאַלטונג; דאַגעגן וועט ער רעדן פיל איבער די מענטשלעכע טוגענט אָדער קראַפט און דעם מיטל, וואָס דורך אים קאָן זי פאַרפולקאָמט ווערן. אויף אַזאַ אופן וועלן מענטשן באַוועגט ווערן, נישט אויס מורא אָדער אָפנייגונג, נאָר דורך דער עמאָציע פון פרייד גופא, צו שטרעבן, אַזויפיל וויפיל זיי קאָנען, צו לעבן לויט דער פאָרשריפט פון דער פאַרנונפט.

## XXVI

אַחוץ דעם מענטשן קענען מיר נישט קיין איינצלנעס וועזן אין דער נאַטור, וואָס אין זיין גייסט זאָלן מיר זיך דערפרייען, און וואָס אים וואָלטן מיר געקאָנט פאַרבינדן מיט אונז אין פריינטשאַפט אָדער אין אַ וועלכן עס איז סאָרט חברשאַפט. אַלץ איבריגס, וואָס איז פאַראַן אין דער נאַטור אַחוץ דעם מענטשן, פאָדערט נישט פון אונז די פאַרנונפט, וואָס האָט איינזעהעניש מיט אונזערע נוצן, אַז מיר זאָלן זיי דערהאַלטן; זי לערנט אונז זיי צו צעשטערן אָדער צו דערהאַלטן לויט זייער פאַרשיידענער געברויכבאַרקייט און צו צופאַסן זיי צו אונזער געברויך אויף דעם בעסטן פאַר אונז אופן.

## XXVII

די נוצן, וואָס מיר ציהען פון די זאַכן, וועלכע זענען אויסנווייניג פון אונז, באַשטייען — אַ חוץ אין דער דערפאַרונג און אין דער דערקענטעניש, וואָס מיר געווינען דערפון, וואָס מיר באַאָבאַכטן זיי און דערפון, וואָס מיר רעקאָמבינירן זייערע עלעמענטן אין פאַרשיידענע פאָרמען — אין דער דערהאַלטונג הויפטזעכלעך פון אונזער קערפער; אין דעם דאָזיגן פרט זענען די יעניגע קערפער פון באַזונדערן נוץ, וועלכע קאָנען דעם קערפער אַזוי אונטערהאַלטן און דערנערן, אַז אַלע זיינע טיילן זאָלן זיין ביכולת ריכטיג אויסצואיבן זייערע פונקציעס. מהמת, וואָס פעהיגער דער קערפער איז אויף פילערליי אופנים אויפגערעגט צו ווערן, און די אויסנווייניגסטע קערפער אויף פילפאַכע אופנים אויפצורעגן, אַלץ פעהיגער איז אויך דער גייסט צום דענקען (זעה טייל IV, זאַצן XXXVIII און XXXIX). עס זענען אָבער פאַראַן, זעהט אויס, זייער ווייניג זאַכן פון דעם דאָזיגן מין; דעריבער זענען פאַר דער נויטיגער דערנערונג פון דעם קערפער נויטיג אַ סך נאַרונגס-מיטלען פון פאַרשיידנאַרטיגער נאַטור. דען דער מענטשלעכער קערפער איז דאָך צונויפגעזעצט פון גאָר פילע טיילן פון פאַרשיידענער נאַטור, וואָס באַדאַרפן אַן אומאויפהערלעכע און אַ פאַרשיידנאַרטיגע דערנערונג, בכדי דער גאַנצער

קערפּער זאָל זיין צוגלייך פעהיג אויף צו טאָן אַלץ, וואָס קאָן פאָלגן פון זיין אייגענער נאַטור, און, ממילא, אַז אויך דער גייסט זאָל זיין צוגלייך פעהיג אויף צו בילדן אַ סך השגות.

## XXVIII

נו, כּדי צו פאַרזאָרגן די דאָזיגע נאַרונגען וועט די קראַפט פון יעדן איינצלנעם קוים גענוג זיין, ווען די מענטשן זאָלן נישט לייסטן איינער דעם אַנדערן געגנזייטיגע הילף. געלט, אָבער, איז געוואָרן דער אויסדרוק-צייכן פאַר אַלע זאַכן, און דערפאַר איז דער גייסט פון דעם המון איינגאַנצן פאַרנומען מיט דעם באַגריף פון געלט; ניין, ער קאָן זיך קוים פאָרשטעלן אַ וועלכן עס איז אַרט פאַרגעניגן, וואָס איז נישט באַגלייט פון דער אידעע פון געלט אַלס זיין אורזאַך.

## XXIX

אין דעם דאָזיגן אויספיר זענען שולדיג נאָר די דאָזיגע, וועלכע זוכן געלט נישט אויס אָרעמקייט אָדער כּדי צופרידנצושטעלן זייערע נויטיגע באַדערפעניש, נאָר ווייל זיי האָבן געלערנט די קונסט פון מאַכן פראָפיטן, וואָס דורך זיי קאָנען זיי פירן אַ לעבן פול מיט פראַכט און גלאַנץ. געוויס דערנערן זיי זייער קערפּער, ווי דער מנהג איז, אָבער קאַרגלעך, וואָרים זיי גלויבן, אַז וואָס זיי גיבן-אויס אויף דער האַלטונג פון זייער קערפּער פאַרלירן זיי אַזוי פיל פון זייער רייכטום. ווער עס ווייסט, אָבער, דעם ריכטיגן נוץ פון געלט, און ווער עס מעסט אָפּ די מאָס פון רייכטום בלויז לויט די אַקטועלע באַדערפעניש, דער לעבט צופרידן מיט ווייניג.

## XXX

היות, אַלזאָ, ווי די דאָזיגע זאַכן זענען גוט, וועלכע העלפן די פאַרשיידענע טיילן פון דעם קערפּער אין דער אויסאיבונג פון זייערע פונקציעס, און היות ווי לוסט באַשטייט דערין, וואָס די קראַפט פון מענטשן, אויף אַזוי וויים, ווי ער איז צונויפגעשטעלט פון גייסט און קערפּער, ווערט געהאָלפן אָדער פאַרמערט, ובכן, זענען אַלע זאַכן, וואָס ברענגען לוסט, גוט. אַזוי ווי אָבער זאַכן אַרבעטן נישט מיט דעם צוועק אויף צו פאַרשאַפן אונז פרייד, אָך אַזוי ווי זייער ווירקונגס-קראַפט איז נישט איינגעשטעלט געוואָרן אויף צו צופאַסן זיך צו אונזערע נוצן און אַזוי ווי, ענדלעך, די לוסט באַציהט זיך

בכלל אויף איין טייל פון קערפּער מצר, איידער אויף די אַנדערע טיילן; דערי-בער, זענען דאָס רוב פון די עמאָציעס פון לוסט — ווען די פאַרנונפט און די וואַכזאַמקייט זענען דערביי נישטאָ — און, ממילא, די באַגערן, וואָס אַנטשטייען פון זיי, איבערמעסיג. דערצו נאָך קומט דאָס, וואָס די עמאָציעס האַלטן פאַר דאָס וויכטיגסטע דאָס, וואָס איז איינגענעם אין דער געגנוואַרט, און דערפאַר פאַרשטייען מיר נישט ווי אָפּצושאַצן מיט די צוגלייך-לעבהאַפטיגע עמאָציעס די צוקונפט (טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ XLIV, און אָנמערקונג צו זאַץ LX).

## XXXI

דער אַבערגלויבן זעהט-אויס גראָד פאַרקערט צו דערקלערן אַלס גוט אַלץ, וואָס ברענגט אומלוסט, און אַלס שלעכט אַלץ, וואָס ברענגט לוסט. פונדעסטוועגן, ווי מיר האָבן אויבן געזאָגט (טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ XLV), קלייבט קיינער נישט אַחוץ דעם בעל-מקנא קיין נחת פון מיין אָנמאַכט און פון מיינע צרות, דען, וואָס גרעסער די לוסט, וואָס פון איר ווערן מיר אויפגערעגט, אַלץ גרעסער איז די פולקאָמענהייט, צו וועלכער מיר גייען אַריבער, און ממילא, אַלץ אַ גרעסערן חלק האָבן מיר אין דער געטלעכער נאַטור. אויך קאָן קיין לוסט קיינמאָל שלעכט נישט זיין, וועלכע איז רעגולירט דורך אַן אמתער פאַרשטענדעניש פון אונזערע נוצן. ווער אָנשטאָט דעם לאָזט זיך ליטן פון דער שרעק, און טוט גוטס כדי צו פאַרמיידן דאָס שלעכטס, דער ווערט נישט געלייטעט פון דער פאַרנונפט.

## XXXII

די מענטשלעכע קראַפט, אָבער, איז ביז דעם העכסטן גראַד באַשרענקט און זי ווערט אומענדלעך איבערטראָפן פון דער קראַפט פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן; מיר האָבן נישט, דעריבער, קיין אומבאַדינגטע מאַכט צו צופּאַסן די זאַכן, וואָס זענען אויסנווייניג פון אונז, צו אונזער נוצן. פונדעסטוועגן וועלן מיר מיט גלייכן מוט איבערטראָגן אַלץ, וואָס באַגעגנט אונז אין ווידערשטרעב צו די פּרעטענסיעס אויף אונזער אייגענעם נוץ, אַזוי לאַנג, ווי מיר זענען באַוואוסטזיניג, אַז מיר האָבן געטאָן אונזער פליכט, אַז די מאַכט, וואָס מיר באַזיצן, איז נישט גענוג אויף צו מאַכן אונז אימשטאַנד זיך פולשטענדיג צו באַשיצן, און אַז מיר זענען נאָר אַ טייל פון דער אוניווערסאַלער נאַטור, וואָס איר סדר פאָלגן מיר. זעהען מיר דאָס איין קלאָר און דייטלעך, וועט דער טייל פון אונזער נאַטור, וואָס געפינט זיין אויסדרוק אין דער דערקענ-

טעניש, דאָס הייסט, דער בעסערער טייל אין אונז, דערביי זיך זיכער באַרו־היגן, און ער וועט זוכן דויערהאַפטיג צו בלייבן אין דער דאָזיגער רוה. דען אַזוי ווייט ווי מיר דערקענען, קאָנען מיר נאָר באַשטרעבן דאָס, וואָס איז נויטווענדיג, און גאָר איינגאַנצן צו רוה קומען נאָר אין דעם אמת. אויף אַזוי ווייט, אַלזאָ, ווי מיר זעהען דאָס ריכטיג איין, שטימט דער באַשטרעב פון דעם בעסערן טייל אין אונז צונויף מיט דעם סדר פון דער גאַנצער נאַטור.

# פינפטער טייל

## וועגן דער מאַכט פון דער דערקענטעניש, אָדער וועגן דער מענטשלעכער פרייהייט

### פאָרוואָרט

איך גיי ענדלעך איבער צו דעם איבערגעבליבענעם טייל פון מיין עטיק׳ וואָס האַנדלט וועגן די מיטלען און די וועגן, וואָס פירן צו פרייהייט. אין דעם דאָזיגן טייל וועל איך רעדן וועגן דער מאַכט פון דער פאַרנונפט, אָנצייגנדיק ווי ווייט די פאַרנונפט קאָן קאָנטראָלירן די עמאָציעס, און וואָס אַזעלכס איז די פרייהייט פון גייסט, אָדער די גליקזעליגקייט. דערפון וועלן מיר זעהן אויף וויפיל מעכטיגער דער חכם איז פון דעם אומוויסנדן.

עס גייט נישט אַריין אין די ראַמען פון מיין אָפּהאַנדלונג דאָס אָנצייגן פון דער מעטאָדע און די מיטלען, וואָס דורך זיי ווערט דער פאַרשטאַנד פאַרפולקאָמט, און אויך נישט דאָס אָנצייגן פון די קונסט-רעגלען, וואָס דורך זיי זאָל דער קערפּער אַזוי אָפּגעהיט ווערן, אַז ער זאָל קאָנען אויסאיבן ריכטיג זיינע פונקציעס. די לעצטע פראַגע האָט איר אָרט אין דער מעדיצין, די ערשטע אין דער לאָגיק.

דאָ אַלזאָ וועל איך, ווי געזאָגט, האַנדלען וועגן דער מאַכט פון גייסט אָדער פון דער פּאַרנונפט; און איך וועל צייגן דער עיקר די גרויס און דעם באַשאַף פון איר הערשאַפט איבער די עמאָציעס אויף זיי צו קאָנטראָלירן און צו מעסיגן. אַז מיר האָבן איבער זיי נישט קיין אַבסאָלוטע געוועלטיקייט, האָב איך שוין אויבן געוויזן.

דאָך זענען די סטאָיקער געווען מיט דער מיינונג, אַז די עמאָציעס הענגען אָפּ אומבאַדינגט פון אונזער ווילן, און אַז מיר וואָלטן געקאָנט זיי אומבאַדינגט באַהערשן. די סתירות אָבער פון דער דערפאַרונג האָבן געצוואונגען די דאָזיגע פילאָסאָפן, — בשום אופן נישט זייערע פרינציפּן — זיך מודה צו זיין, אַז מען באַדאַרף אַ היפּש ביסל איבונג און אָנשטרענגונג, בכדי זיי

צו קאָנטראָלירן און מעסיגן; און דאָס האָט איינער (אויב איך געדענק שוין ריכטיג) געפּרוּווט אילוסטרירן דורך דעם בײַשפּיל פון צוויי הינט, איינער אַ הויז-הונט און דער אַנדערער אַ יאַגד-הונט. דען דורך לאַנגער איבונג קאָן עס געבראַכט ווערן דערצו, אַז דער הויז-הונט זאָל זיך צוגעוואוינען צו דער יאַגד, און דער יאַגד-הונט זאָל זיך אָפּגעוואוינען פון צו פּאַרפאָלגן האָזן. נישט ווייניג געניגט צו דער דאָזיגער מיינונג איז אויך דעקאַרט, מחמת, ער האָט באַהויפּטעט, אַז די נשמה אָדער דער גייסט איז באַזונדערס ענג פאַראייניגט מיט אַ געוויסן טייל פון די געהירן, נעמלעך, מיט דעם טייל, וואָס רופט זיך צירבעל דריזע, וואָס מיט איר הילף איז דער גייסט ביכולת צו פילן אַלע באַוועגונגען, וואָס גייען אָן אין קערפּער און אויך אַלע אויסנווייניגסטע געגנשטאַנדן, און וואָס זיי קאָן דער גייסט, דורך דעם גופא, וואָס ער וויל, אויף פאַרשיידענע אופנים זעצן אין באַוועגונג. על פּי דער השערה זיינער שוועבט די דאָזיגע דריזע אַזוי אין דערמיט פון די געהירן, אַז זי קאָן אין באַוועגונג געזעצט ווערן דורך דעם גרינגסטן ריהר פון די לעבנס-גייסטער. ער באַהויפּטעט ווייטער, אַז די דאָזיגע דריזע שוועבט אין דער מיט פון די געהירן אויף אופנים אַזוי פיל פאַרשיידענע, וויפיל די לעבנס-גייסטער שטויסן זיך אין זיי אָן, און אַז אויף איר ווערן אַזוי פיל פאַרשיידענע שפּורן אָפּגעדרוקט, וויפיל פאַרשיידענע אויסנווייניגסטע געגנשטאַנדן זענען פאַראַן, וואָס טרייבן צו איר די לעבנס-גייסטער; דערפון קומט, וואָס ווען די דאָזיגע דריזע ווערט דורך דעם ווילן פון דער נשמה, וואָס באַוועגט זי פאַרשיידנאַרטיג, געבראַכט אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער לאַגע, וואָס אין איר איז זי שוין פריהער געבראַכט געוואָרן פון די לעבנס-גייסטער, וואָס ווערן געטריבן אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער וועג, וועט די דריזע פון איר זייט רעאַגירן אויף די דערמאָנטע לעבנס-גייסטער און זי טרייבט זיי און באַשטימט זיי צו אַ צושטאַנד, וואָס אין אים זענען זיי געוועזן, ווען זיי זענען פריהער צוריקגעשטויסן געוואָרן ביי אַן ענלעכער לאַגע פון דער דריזע. ווייטער נעמט ער אָן, אַז יעדעס ווילן פון גייסט איז פון נאַטור פאַרבונדן מיט אַ באַוועגונג פון דער דריזע. ווען עמיצער, למשל, וויל קוקן אויף אַ ווייטן געגנשטאַנד, וועט דער דאָזיגער ווילן באַווירקן, אַז דער שוואַרצאַפּל פון אויג זאָל זיך פאַנאַנדערציהען; דענקט ער אָבער בלויז וועגן דער פאַנאַנדערציהונג פון דעם שוואַרצאַפּל, וועט דער דאָזיגער ווילן בלויז צו פאַנאַנדערציהען דעם שוואַרצאַפּל נישט ברענגען קיינע רעזולטאַטן, וואָרים די באַוועגונג פון דער דריזע, וואָס דינט דערצו אויף צו טרייבן די לעבנס-גייסטער צו דעם זעה-נערוו, אויף אַן אופן, וואָס זאָל פאַנאַנדערציהען אָדער צונויפציהען דעם שוואַרצאַפּל, איז נישט פאַרבונדן אין נאַטור מיט דעם ווילן פאַנאַנדערצוציהען אָדער צונויפצוציהען דעם שוואַרצאַפּל, רק מיט דעם ווילן צו קוקן אויף ווייטע אָדער זייער נאָהנטע געגנשטאַנדן.

ענדלעך, האָט ער באַהויפּטעט, אַז הגם יעדע באַוועגונג פון דער דערמאָנטער דריזע זעהט־אויס צו האָבן געווען זיין פאַראייניגט דורך דער נאַטור מיט איין איינצלנעם געדאַנק פון דעם גאַנצן סך־הכל פון אונזערע געדאַנקען פון דעם סאַמע אָנהויב פון אונזער לעבן. דאָך קאָן זי פונדעסטוועגן אַסאָציאַצירט ווערן מיט אַנדערע געדאַנקען; דאָס זוכט ער צו באַווייזן אין זיין שריפט *וועגן די ליידנשאַפטן פון דער נשמה* טייל I, אַרטיקל L. דערפון ציהט דעקאַרט דעם פועל־יוצא, אַז עס איז נישט פאַראַן אַזאַ שוואַכע נשמה, וואָס זאָל נישט קאָנען אונטער גוטע אָנווייזונגען בייקומען אַן אומבאַדינגטע מאַכט איבער אירע ליידנשאַפטן. דען ליידנשאַפטן, ווי זיי ווערן פון אים דעפינירט, זענען „געוואָרווערונגען אָדער עמפינדונגען, אָדער באַוועגונגען פון דער נשמה, וואָס באַציהען זיך ספּעציעל אויף דער נשמה, און וועלכע (מערקט דעם אויסדרוק) ווערן אַרויסגעבראַכט, דערהאַלטן און פאַרשטאַרקט דורך אַ באַוועגונג פון לעבנס־גייסטער" (זעה אַרטיקל XXVII, טייל I פון דער שריפט *וועגן די ליידנשאַפטן פון דער נשמה*). אַזוי ווי מיר קאָנען אָבער פאַרבונדן יעדע באַוועגונג פון דער דריזע און, פאָלגלעך, אויך פון די לעבנס־גייסטער מיט יעדן ווילן, העגנט אָפּ די באַשטימונג פון דעם ווילן לגמרי פון אונזער אייגענער מאַכט; אויב מיר באַשטימען דעריבער אונזער ווילן מיט זיכערע און פעסטע אורטיילן אין דער ריכטונג, וואָס אין איר ווילן מיר טרייבן אונזערע האַנדלונגען, און מיר פאַרקניפּן די באַוועגונגען פון די ליידנשאַפטן, וועלכע מיר ווילן קריגן, מיט די דערמאָנטע אורטיילן, וועלן מיר דערגרייכן אַן אַבסאָלוטע הערשאַפט איבער אונזערע ליידנשאַפטן.

דאָס איז די דאָקטרין פון דעם הויכבאַרימטן פילאָסאָף. — אַזוי ווייט ווי איך נעם זי פון זיינע אייגענע ווערטער. וואָלט זי געווען וויניגער שאַרפזיניג, וואָלט איך שווערלעך געגלויבט, אַז זי קומט אַרויס פון אַזאַ גרויסן מאַן. איך קאָן מיך באמת נישט גענוג וואונדערן, אַז אַ פילאָסאָף, וועלכער האָט זיך פעסט פאָרגענומען נישט צו ציהען קיינע שלוסן, וואָס פאָלגן נישט פון זעלבסטפאַרשטענדלעכע גרונדזאַצן, און נישט צו באַהויפּטן קיין זאַך, וואָס ער האָט נישט דערפאַסט קלאָר און דייטלעך, און וועלכער האָט אַזוי אָפט געטאַדלט די סכאָלאַסטיקער דערפאַר, וואָס זיי האָבן געוואָלט דערקלערן טונקעלע זאַכן דורך פאַרבאָרגענע קוואַליטעטן, זאָל אַליין אונטערהאַלטן אַ היפּאָטעזע, וועלכע איז פאַרבאָרגענער, איידער אַלע פאַרבאָרגענע קוואַליטעטן אינאיינעם. וואָס, פרעג איך, פאַרשטייט ער אונטער אַ פאַראייניגונג פון גייסט און קערפּער? איך מיין, וואָס פאַר אַ קלאָרן און דייטלעכן באַגריף האָט ער וועגן אַ געדאַנק אין דער אינטימסטער פאַראייניגונג מיט אַ געוויסן טיילכל פון אויסגעשפּרייטער מאַטעריע. איך וואָלט געוואונטשן, אַז ער זאָל די דאָזיגע פאַראייניגונג דערקלערן דורך דער נעכסטער אורזאַך. ער האָט, אָבער,

געהאַט אַזאַ דייטלעכן באַגריף וועגן דעם גייסט אַלס אַזעלכס, וואָס איז אַזוי פאַרשיידן פון קערפּער, אַז ער האָט נישט געקאָנט אָנגעבן קיין באַזונדערע אורזאַך נישט פון דער דאָזיגער פאַראייניגונג און נישט פון דעם גייסט גופא; ער איז דעריבער געצוואונגען געווען צוריקצוגיין צו דער אורזאַך פון דעם גאַנצן אוניווערס, דאָס הייסט, צו גאָט. ווייטער וואָלט איך זייער גערן גע־וואָלט וויסן, וויפיל גראַד פון באַוועגונג וואָלט דער גייסט געקאָנט מיטטיילן דער דאָזיגער צירבעל דריזע, און מיט ווי גרויס אַ קראַפט קאָן ער זי האַלטן אין אַ שוועבענדן צושטאַנד? מחמת, מיר איז אומבאַקאַנט, אויב די דאָזיגע דריזע ווערט צהין און אהער געטריבן שנעלער אָדער לאַנגזאַמער פון דעם גייסט איידער פון די לעבנס-גייסטער, און אויב די באַוועגונגען פון די ליידנשאַפטן, וואָס מיר האָבן ענג פאַרקניפּט מיט פעסטע אורטיילן, קאָנען נישט ווידער פאַנאַנדערגענומען ווערן דורך פיזישע אורזאַכן; אין אַזאַ פאַל וואָלט געפאָלגט, דאָס ווען אַפילו דער גייסט וואָלט זיך פעסט פאָרגענומען זיך צו שטעלן פנים אל פנים מיט דער געפאַר, און ער וואָלט מיט דעם דאָזיגן אַנטשלוס פאַרבונדן די באַוועגונג פון דרייסטקייט, וואָלט דאָך ביים אָנבליק פון דער געפאַר די דריזע געקאָנט ווערן סוספּענדירט אויף אַן אופן, וואָס זאָל נישט דערלאָזן דעם גייסט צו טראַכטן וועגן קיין אַנדער זאַך אַ חוץ פון צו מאַכן פליטה. און אין דער אמתן, אַזוי ווי עס איז נישט פאַראַן קיין שייכות צווישן דעם ווילן און דער באַוועגונג, אַזוי איז אויך נישט מעגלעך קיין פאַרגלייכבאַרקייט צווישן דער מאַכט און די קראַפטן פון גייסט און דער מאַכט און די קרעפטן פון קערפּער; און, פאָלגלעך, קאָנען די קרעפטן פון דעם קערפּער בשום אופן נישט באַשטימט ווערן דורך די קרעפטן פון דעם גייסט, דערצו קאָן אויך צוגעגעבן ווערן, אַז מען געפינט גאָר נישט די דאָ־זיגע דריזע צו ליגן אַזוי אין מיט פון די געהירן, אַזוי זי זאָל אַזוי גרינג און אויף אַזוי פיל אופנים קאָנען אַרומגעטריבן ווערן, און אַז אויך נישט אַלע נערוון זענען פאַרלאָנגגערט ביז צו די חללים פון די געהירן.

שליסלעך, לאָז איך אין אַ זייט אַלץ, וואָס ער האָט באַהויפּטעט וועגן דעם ווילן און זיין פרייהייט, מחמת, איך האָב שוין גענוג און איבערגענוג באַוויזן, אַז זיינע גרונדזאַצן זענען פאַלש.

היות, אַלזאָ, ווי די מאַכט פון גייסט ווערט, ווי איך האָב אויבן גע־צייגט, בלויז דורך דעם פאַרשטאַנד דעפינירט, וועלן מיר דעריבער באַשטי־מען בלויז דורך דער דערקענטעניש פון דעם גייסט די תרופות אַנטקעגן די עמאָציעס, וואָס, ווי איך גלויב, אַלע מענטשן האָבן דערפאַרן, דאָך באַאָבאַכטן זיי נישט גענוי, און האָבן זיי נישט דייטלעך פאַר די אויגן, און, אויס דער זעלבער גרונדלאַגע, וועלן מיר דעדוצירן די דאָזיגע אַלע באַשלוסן, וואָס באַ־ציהען זיך אויף דער גליקזעליגקייט פון דעם גייסט.

# אַקסיאָמען

I. ווען אין דעם זעלבן סוביעקט ווערן אָנגערעגט צוויי אַנטקעגנגעזעצטע האַנדלונגען, מוז אַנטוועדער אין ביידע פון זיי אָדער אין איינער פון זיי אַ פאַרענדערונג אויף אַ נויטווענדיגן אופן געשעהן און אָנהאַלטן ביז זיי הערן אויף צו זיין אַנטקעגנגעזעצט.

II. די קראַפט פון אַ ווירקונג ווערט באַשטימט דורך דער קראַפט פון איר אורזאַך, אויף אַזוי ווייט ווי איר תמצית ווערט דערקלערט אָדער באַשטימט דורך דער תמצית פון איר אורזאַך (די דאָזיגע אַקסיאָמע איז קלאָר פון טייל III, זאַץ VII).

זאַץ I. גראָד אַזוי ווי די געדאַנקען און די אידעען פון זאַכן זענען איינגעאָרדנט און פאַרקייטלט אינווייניג אין דעם גייסט, אַזוי זענען אויף אַ פינקטלעכן שטייגער איינגעאָרדנט און פאַרקייטלט די פאַרענדערונגען פון קערפּער און די פאָרשטעלונגס-בילדער פון זאַכן אינווייניג אין דעם קערפּער.

באַווייז. די אָרדענונג און די פאַרקניפּונג פון אידעען איז (טייל II, זאַץ VII) די זעלבע, ווי די אָרדענונג און די פאַרקניפּונג פון זאַכן, און, להיפוך די אָרדענונג און פאַרקניפּונג פון זאַכן איז (טייל II שלוסזאַץ צו זאַץ VI און זאַץ VII) די זעלבע, ווי די אָרדענונג און פאַרקניפּונג פון אידעען. ווען, אַלזאָ, די אָרדענונג פון פאַרקייטלונג פון די אידעען אין גייסט אַנטשטייען לפי דער אָרדענונג און פאַרקייטלונג פון די פאַרענדערונגען פון קערפּער (טייל II, זאַץ XVIII), אַזוי, אומגעקערט, אַנטשטייט די אָרדענונג און פאַרקייטלונג פון די פאַרענדערונגען פון דעם קערפּער לויט דעם, ווי עס ווערן איינגעאָרדנט און פאַרקייטלט די געדאַנקען און די אידעען פון זאַכן אין דעם גייסט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ II. ווען מיר לאָזן לויז אַ געמיטס-באַוועגונג אָדער אַן עמאָציע פון דעם געדאַנק פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, און מיר פאַרקניפּן זי מיט אַנדערע געדאַנקען, וועט יעמאָלט די ליבע אָדער דער האַס געגן דער אויסערער אורזאַך, ווי אויך דאָס שוואַנקען פון דער נשמה, וואָס איז אַנטשטאַנען פון די דאָזיגע עמאָציעס, פאַרניכטעט ווערן.

באַווייז. דאָס, וואָס שטעלט צונויף די רעאַליטעט פון ליבע אָדער האַס, איז לוסט אָדער אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך (דעפיניציעס VI און VII פון די עמאָציעס), ווערט, אַלזאָ, די דאָזיגע אורזאַך אַוועקגעשאַפן, ווערט אינאיינעם מיט איר אויך אַוועקגעשאַפן די רעאַליטעט פון ליבע אָדער האַס, און, פאָלגלעך, ווערן פאַרניכטעט די דאָזיגע עמאָציעס, און די, וועלכע אַנטשטייען פון זיי. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ III. אַן עמאָציע, וואָס איז אַ ליידנשאַפט, הערט אויף צו זיין

אַ לײדנשאַפֿט, אַזוי שנעל ווי מיר בילדן אַ קלאָרע און באַשטימטע אידעע פֿון איר.

**באַווייז.** אַן עמאָציע, וואָס איז אַ לײדנשאַפֿט, איז אַ צעמישטע אידעע (נאָך דער אַלגעמײנער דעפֿ. פֿון עמאָציעס). ווען מיר בילדן, דעריבער, אַ קלאָרע און באַשטימטע אידעע פֿון דער עמאָציע, וועט זיך די דאָזיגע אידעע, אויף אַזוי ווייט ווי זי באַציהט זיך אויף דעם גײַסט בלויז, אונטערשיידן פֿון דער עמאָציע נאָר דורך דער דאָזיגער אַרט פֿון באַציהונג (טייל II, זאַץ XXI און אָנמערקונג צום זאַץ); דערמיט (טייל III, זאַץ III) וועט די עמאָציע אויפֿהערן צו זײַן אַ לײדנשאַפֿט. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** אַן עמאָציע שטייט דערום אַלץ מער אונטער אונזער קאָנטראָל, און דער גײַסט איז אַלץ ווייניקער פּאַסיוו בנוגע צו איר, וואָס מער מיר האָבן זי דערקענט.

**זאַץ IV.** עס איז נישט פֿאַראַן קיין פֿאַרענדערונג פֿון קערפּער, וואָס וועגן איר זאָלן מיר נישט קענען בילדן אַ וואָסער עס איז קלאָרן און באַשטימטן באַגריף.

**באַווייז.** אייגנשאַפֿטן, וואָס זענען געמײנזאַם צו אַלע זאַכן, קענען נישט אַנדערש ווי אַדעקוואַט באַגריפֿן ווערן (טייל II, זאַץ XXXVIII; און פֿאָלגלעך (טייל II, זאַץ XII און הילפֿזאַץ II הינטער זאַץ XIII, טייל II), איז נישט פֿאַראַן קיין פֿאַרענדערונג פֿון קערפּער, וואָס וועגן איר זאָלן מיר נישט קענען בילדן קיין קלאָרן און באַשטימטן באַגריף. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** דערפֿון פֿאָלגט, אַז עס איז נישט פֿאַראַן קיין עמאָציע, וואָס וועגן איר זאָלן מיר נישט קענען בילדן אַ וואָסער עס איז קלאָרן און באַשטימטן באַגריף. דען אַן עמאָציע איז די אידעע פֿון אַ פֿאַרענדערונג פֿון דעם קערפּער (נאָך די אַלגעמײנע דעפֿיניציעס פֿון די עמאָציעס) און זי מוז דעריבער (נאָך דעם פֿאָריקן זאַץ) אײַנשליסן אין זיך אַ קלאָרן און באַשטימטן באַגריף.

**אָנמערקונג.** היות, ווי עס איז נישט פֿאַראַן קיין זאַך, וואָס פֿון איר זאָל אַ וועלכע עס איז ווירקונג נישט פֿאָלגן (טייל I, זאַץ XXXVI), און היות ווי מיר דערקענען קלאָר און דײַטלעך אַלץ, וואָס פֿאָלגט פֿון אַן אידעע, וועלכע איז אין אונז אַדעקוואַט (טייל II, זאַץ XL), ובכן, קומט אויס, אַז יעדער איינער האָט די מאַכט זיך אַליין און זײַנע עמאָציעס קלאָר און דײַטלעך צו דערקענען, אויב נישט אומבאַדינגט, איז, לפּחות, צום טייל, און פֿאָלגלעך, צו באַווירקן, אַז ער זאָל זײַן ווייניקער אונטערגעוואָרפֿן צו זיי. מיר מוזן, אַלזאָ, אונזערע באַמיהונגען פֿאַרווענדן, דער עיקר, דערויף, אַז מיר זאָלן באַקומען ווי ווײַט מעגלעך אַ קלאָרע און דײַטלעכע דערקענטעניש פֿון יעדער עמאָציע, בכדי דער גײַסט זאָל אויף אַזאַ אופֿן קענען דורך דער

עמאָציע באַשטימט ווערן צו דענקען וועגן יענע זאַכן, וואָס ער ווערט געוואָר קלאָר און דייטלעך און וואָס אין זיי געפינט ער פולע רוה, און אַז די עמאָציע גופא זאָל קענען אַזוי אַרום אָפּגעטיילט ווערן פון דעם געדאַנק וועגן אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, און מיט אמתע געדאַנקען פאַרקניפּט ווערן. דער פועל־יוצא דערפון וועט זיין, אַז נישט בלויז די ליבע, דער האַס א. א. וו. וועלן פאַרטיליגט ווערן (טייל V, זאַץ II), נאָר אַז אויך די פאַרלאַנגען און די באַגערן, וואָס פלעגן פון אַזאַ עמאָציע אַנטשטיין, וועלן נישט קענען האָבן קיין איבערמאָס (טייל IV, זאַץ LXI).

עס מוז אייגנטלעך פריהער פון אַלץ באַמערקט ווערן, אַז דער פאַרלאַנג, וואָס דורך אים, זאָגן מיר, איז דער מענטש אַקטיוו, איז איינער און דער זעלבער פאַרלאַנג, וואָס דורך אים, זאָגן מיר, איז דער מענטש פּאַסיוו. מיר האָבן, למשל, געצייגט, אַז די מענטשלעכע נאַטור איז אַזוי קאָנסטיטואירט, אַז יעדער איינער באַגערט, אַז זיינע מיטמענטשן זאָלן לעבן לויט זיין נאָך (טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXXI); נו, איז דער דאָזיגער באַגער אין דעם מענטשן, וואָס איז נישט געלייטעט פון דער פאַרנונפט, אַליידנשאַפט, וואָס הייסט אַמביציע, און אונטערשיידט זיך נישט צופיל פון גאוה; בעת אין דעם מענטשן, וואָס לעבט לויט די אָנווייזונגען פון דער פאַרנונפט, איז דער זעלבער באַגער אַן אַקטיוויטעט אָדער טוגענט, וואָס רופט זיך פיעטעט (טייל IV, אָנמערקונג I צו זאַץ XXXVII, און דער צווייטער באַווייז פון דעם זעלבן זאַץ). אויף דעם זעלבן אופן זענען אַלע פאַרלאַנגען און באַגערן — ליידנשאַפטן נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ווייט זיי אַנטשטייען פון אומאַדעקוואַטע אידעען; זיי ווערן אָבער אַלס טוגענטן פאַררעכנט, ווען זיי ווערן אַרויסגע־רופן אָדער אַרויסגעבראַכט דורך אַדעקוואַטע אידעען. דען אַלע באַגערן, וואָס דורך זיי ווערן מיר צו אַ געוויסער אַקטיוויטעט באַשטימט, קענען פון אַדעק־וואַטע אַזוי גוט ווי פון אומאַדעקוואַטע אידעען אַנטשטיין (טייל IV, זאַץ LIX).

קיין מער פאָרטרעפלעכן מיטל (אום צוריקצוקומען צום פּינקט, פון וועלכן מיר זענען אַרויסגעגאַנגען) געגן די עמאָציעס, וואָס זאָל ליגן אין אונזער מאַכט, איידער דער, וואָס באַשטייט אין אַן אמתער דערקענטעניש פון די עמאָציעס, קאָן נישט צוגעטראַכט ווערן. מחמת, דער גייסט האָט נישט קיין אַנדער קראַפט אַחוץ דער קראַפט פון דענקען און בילדן אַדעקוואַטע אידעען, ווי מיר האָבן אויבן געצייגט (טייל III, זאַץ III).

זאַץ V. אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר איינפאַך, און נישט אַלס נויטווענדיג, אָדער אַלס צופעליג, אָדער אַלס מעג־לעך, איז, אונטער אַלע אַנדערע גלייכע אומשטענדן, שטאַרקער, איידער וועלכע־עס איז אַנדער עמאָציע.

באַווייז. אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר אַלס פריי, איז שטאַרקער, איידער די עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר אַלס נויטוועגדיג (טייל III, זאַץ XLIX), און, ממילא, איז זי נאָך שטאַרקער, איידער די עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר אַלס מעגלעך אָדער צופעליג (טייל IV, זאַץ XI). זיך פאָרצושטעלן, אָבער, אַ זאַך אַלס פריי, קאָן נישט מיינען קיין אַנדער זאַך ווי פאָרצושטעלן זיך זי אַלס איינפאַך, ווייל מיר קענען נישט די אורזאַכן, וואָס דורך זיי איז זי צו האַנדלונג באַשטימט געוואָרן (טייל II, אָנמערקונג צו זאץ XXXV); דעריבער איז אַן עמאָציע געגן אַ זאַך, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר איינפאַך, אונטער אַנדערע גלייכע אומשטענדן, שטאַרקער, איידער די עמאָציע, וואָס מיר ביהאַלטן צו אַ זאַך, וועלכע איז נויטיג, מעגלעך אָדער צופעליג און ממילא איז זי שטאַרקער פאַר אַלע אַנדערע עמאָציעס. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ VI. אויף ווי ווייט דער גייסט דערקענט אַלע זאַכן אַלס נויטווענדיג, אויף אַזוי ווייט האָט דער גייסט אַ גרעסערע מאַכט איבער די עמאָציעס און איז ווייניגער אונטערגעוואָרפן צו זיי.

באַווייז. דער גייסט דערקענט, אַז אַלע זאַכן זענען נויטווענדיג (טייל I, זאַץ XXIX) און אַז זיי ווערן באַשטימט צו דער עקזיסטענץ און צום ווירקן דורך אַן אומענדלעכער פאַרקניפונג פון אורזאַכן (טייל I, זאַץ XXVIII); דורך דעם באַווירקט ער (לויט דעם פאָריגן זאַץ), דאָס ער איז ווייניגער אונטערגעוואָרפן צו די עמאָציעס, וואָס אַנטשטייען פון די זאַכן (טייל III, זאַץ XLVIII) און ווערט ווייניגער אויפגערעגט מיט עמאָציעס געגן די זאַכן גופא. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. וואָס מער די דאָזיגע דערקענטעניש, אַז זאַכן זענען נויטיג, ווערט אָנגעווענדעט אויף איינצלנע זאַכן, וואָס זיי שטעלן מיר זיך פאָר דייטלעכער און לעבהאַפטער, אַלץ גרעסער איז די מאַכט פון גייסט איבער די עמאָציעס, ווי דאָס באַווייזט אויך די דערפאַרונג. דען מיר זעהען, אַז די אומלוסט איבער פאַרלוירן גוטס ווערט געמילדערט באַלד ווי דער מענטש, וואָס האָט עס פאַרלאָרן, באַדענקט זיך, אַז עס האָט בשום אופן נישט געקאָנט דערהאַלטן ווערן. אַזוי זעהען מיר אויך, אַז קיינער האָט נישט קיין רחמנות אויף אַ קליין קינד דערפאַר, וואָס עס קאָן נישט רעדן, גיין, ציהען קיינע פאַרנונפט-שלוסן, אָדער, שליסלען, וואָס עס פאַרברענגט אַזויפיל יאָר אין אַ געוויסער מאָס אָן באַוואוסטזיין פון זיך זעלבסט. ווען, אָבער, דאָס רוב מענטשן וואָלטן געבוירן געוואָרן אַלס דערוואַקסענע און נאָר איינער דאָ און דאָרט אַלס אַ קליין קינד, וואָלט יעדער איינער מיטלייד געהאַט אויף די קליינע קינדער; מחמת, יעמאָלט וואָלט מען נישט געקוקט אויף קינדהייט ווי אויף עפעס נאַטירלעכס און נויטווענדיגס, רק ווי אויף אַ חסרון אָדער אַ

פֿאַרברעכן פֿון דער נאַטור; און אַזוי וואָלטן מיר געקאָנט נאָך אַנדערע בייַשפּילן ברענגען.

**זאַץ VII.** די עמאָציעס, וואָס אַנטשטייען אָדער ווערן געוועקט פֿון דער פֿאַרנונפֿט, אויב מיר לאָזן נישט אַרויס פֿון אויג די צייַט, זענען שטאַרקער איידער די, וואָס באַציהען זיך אויף איינצלנע זאַכן, וואָס זיי באַטראַכטן מיר אַלס אָפּוועזנדע.

**באַווייז.** מיר באַטראַכטן אַ זאַך אַלס אָפּוועזנד נישט צוליב דער עמאָציע, וואָס דורך איר שטעלן מיר זיך פֿאָר די זאַך, נאָר דערפֿאַר, וואָס דער קערפּער איז באַווירקט פֿון אַנדערע עמאָציעס, וואָס שליסן-אויס די עקזיסטענץ פֿון דער געגעבענער זאַך (טייל II, זאַץ XVII). דערפֿאַר איז די עמאָציע, וואָס באַציהט זיך אויף דער זאַך, וועלכע מיר באַטראַכטן אַלס אָפּוועזנד, נישט פֿון אַזאַ נאַטור, וואָס זאָל איבערשטייגן די איבעריגע האַנדלונגען פֿון דעם מענטשן און זייַן מאַכט (טייל IV, זאַץ VI), נאָר זי איז פֿיל מער פֿון אַזאַ נאַטור, וואָס קאָן קאָנטראָלירט ווערן פֿון די עמאָציעס, וואָס שליסן-אויס פֿון עקזיסטענץ איר אויסנווייניגסטע אורזאַך (טייל IV, זאַץ IX). אַן עמאָציע, אָבער, וואָס אַנטשטייט פֿון פֿאַרנונפֿט, באַציהט זיך אויף אַ נויטווענדיגן אופֿן אויף די געמיינזאַמע אייגנשאַפֿטן פֿון זאַכן (זעה די דעפֿ. פֿון פֿאַרנונפֿט אין טייל II, אָנמערקונג II צו זאַץ XL), וואָס זיי באַטראַכטן מיר תּמיד אַלס געגנוואַרטיג (דען עס קאָן נישט געבן קיין זאַך, וואָס זאָל אויסשליסן זייערע געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ), און וואָס זיי שטעלן מיר זיך תּמיד פֿאָר אויף דעם זעלבן אופֿן (טייל II, זאַץ XXXVIII). דערפֿאַר בלייבט אַזאַ עמאָציע תּמיד די זעלבע; און, פֿאָלגלעך, (טייל V, אַקסיאָמע I) וועלן מוזן די עמאָציעס, וואָס זענען אַנטקעגנגעזעצט צו איר און ווערן נישט אונטערשטיצט פֿון זייער אויסנווייניגסטע אורזאַכן, זיך צופּאַסן מער און מער צו איר, ביז וואַנען זיי זענען נישט מער אַנטקעגנגעזעצט צו איר; און אויף אַזוי ווייט איז די עמאָציע, וואָס אַנטשטייט פֿון דער פֿאַרנונפֿט, מער מעכטיג. ו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ VIII.** וואָס מער פֿון איינאיינעם ווירקנדע אורזאַכן אַן עמאָציע ווערט אַרויסגערופֿן, אַלץ שטאַרקער איז זי.

**באַווייז.** מערערע אורזאַכן איינאיינעם זענען מעכטיגער, איידער ווייניגע (טייל III, זאַץ VII); דעריבער (טייל IV, זאַץ V), וואָס גרעסער די צאָל פֿון אורזאַכן, וואָס רופֿן צוגלייך אַרויס די עמאָציע, אַלץ שטאַרקער ווערט די עמאָציע. ו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** דער דאָזיגער זאַץ איז אויך קלאָר פֿון טייל V, אַקסיאָמע II.

זאַץ IX. אַן עמאָציע, וואָס באַציהט זיך אויף אַ סך און פאַרשיידענע אורזאַכן, וואָס זיי באַטראַכט דער גייסט מיט דער עמאָציע צוגלייך, איז ווייניגער שעדלעך און מיר זענען ווייניגער אונטערגעוואָרפן צו איר און מיר ווערן ווייניגער אויפגערעגט געגן יעדער איינצלנער פון אירע אורזאַכן, איידער ווען עס וואָלט געווען אַן אַנדערע גלייך שטאַרקע עמאָציע, וואָס וואָלט זיך באַציוגן אויף ווייניגער אורזאַכן, אָדער אויף איין און איינציגער אורזאַך.

באַווייז. אַן עמאָציע איז נאָר אויף אַזוי ווייט שלעכט אָדער שעדלעך, אויף ווי ווייט דער גייסט ווערט דורך איר אין זיין דענקען געשטערט (טייל IV, זאַצן XXVI און XXVII); דעריבער, איז אַן עמאָציע, וואָס דורך איר ווערט דער גייסט באַשטימט צו טראַכטן וועגן פילע זאַכן מיט אַמאָל, ווייניגער שעדלעך, איידער אַן אַנדערע, גלייך שטאַרקע עמאָציע, וואָס האַלט אַזוי פעסט דעם גייסט אין דער איין און איינציגער באַטראַכטונג פון איינִיגע געגנשטאַנדן, אָדער פון איין געגנשטאַנד, אַז ער איז נישט ביכולת צו טראַכטן וועגן קיין אַנדער זאַך. דאָס איז געוועזן אונזער ערשטער פונקט. ווייטער, היות ווי די עסענץ פון דעם גייסט, מיט אַנדערע ווערטער, זיין קראַפט (טייל III, זאַץ VII) באַשטייט אויסשליסלעך אין דענקען (טייל II, זאַץ XI), לכן איז דער גייסט ווייניגער פאַסיוו בנוגע אַן עמאָציע, וואָס דורך איר ווערט ער באַשטימט צו טראַכטן וועגן פילע זאַכן צוגלייך, איידער בנוגע צו אַ גלייך שטאַרקער עמאָציע, וואָס האַלט אים פעסט אין דער באַטראַכטונג פון איינִיגע אָדער פון איין געגנשטאַנד. דאָס איז געוועזן אונזער צווייטער פונקט. שליסלעך, די דאָזיגע עמאָציע (טייל III, זאַץ XLVIII), אויף ווי ווייט זי באַציהט זיך אויף פילע אורזאַכן, איז ווייניגער מעכטיג בנוגע צו יעדער איינצלנער פון זיי. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ X. אַזוי לאַנג ווי מיר ווערן נישט אָנגעגריפן פון עמאָציעס, וואָס זענען אַנטקעגנגעזעצט צו אונזער נאַטור, האָבן מיר די מאַכט איינצואָרדענען די פאַרענדערונגען פון אונזער קערפער, לפי דער אָרדענונג, וואָס אַנטשפּרעכט אונזער דערקענטעניש.

באַווייז. די עמאָציעס, וואָס זענען אַנטקעגנגעזעצט צו אונזער נאַטור, דאָס הייסט (טייל IV, זאַץ XXX), וואָס זענען שלעכט, זענען שלעכט אויף אַזוי ווייט, ווי זיי הינדערן דעם גייסט אין דעם דערקענען (טייל IV, זאַץ XXVII). אַזוי לאַנג, דעריבער, ווי מיר זענען נישט אָנגעגריפן פון אַנטקעגנגעזעצטע צו אונזער נאַטור עמאָציעס, אַזוי לאַנג איז די מאַכט פון אונזער גייסט, וואָס מיט אים שטרעבט ער צו דערקענען זאַכן (טייל IV, זאַץ XXVI), נישט געהינדערט, און דעריבער איז ער ביכולת צו בילדן קלאָרע און באַשטימטע אידעען און אַרויסצודרינגען זיי איינע פון דער אַנדערער (טייל II, אָנמערקונג II צו זאַץ XL; און אָנמערקונג צו זאַץ XLVII); ממילא, האָבן

מיר אין אַזאַ פֿאַל די מאַכט איינצואָרדנען און צו פֿאַרקייטלען די פּאַרענדערונגען פֿון דעם קערפּער לויט אַן אָרדענונג, וואָס אַנטשפּרעכט אונזער דערקענטעניש. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דורך דער דאָזיגער מאַכט ריכטיג איינצואָרדנען און צו פֿאַרקייטלען די קערפּערלעכע באַוועגונגען קאָנען מיר באַווירקן, אַז מיר זאָלן נישט גרינג באַוועגט ווערן פֿון שלעכטע עמאָציעס. דען (טייל V, זאַץ VII) מען באַדאַרף אַ גרעסערע קראַפֿט צו קאָנטראָלירן די עמאָציעס, ווען זיי זענען איינגעאָרדנט און פֿאַרקייטלט לויט דער דערקענטעניש און אַנטשפּרעכנדער אָרדענונג, איידער ווען זיי זענען נישט זיכער און נישט אין קיין אָרדענונג.

דאָס בעסטע, אַלזאָ, וואָס מיר קאָנען טאָן, אַזוי לאַנג ווי מיר באַזיצן נישט קיין פֿולקאָמענע דערקענטעניש פֿון אונזערע עמאָציעס, איז פֿעסטצושטעלן אַ ריכטיגן לעבנס-פּיר, אָדער באַשטימטע לעבנס-דאָגמען, אויסלערנען זיי אויף אויסנווייניג און, נישט אָפּלייגנדיג, אָנווענדן זיי צו די איינצלנע אומשטענדן, מיט וועלכע מיר טרעפֿן זיך אָפֿט אָן, אַזוי אַז אונזער פֿאָרשטעלונג זאָל מיט זיי דורכגעדרונגען ווערן, און זיי זאָלן צו אַלע צייטן אונז שטיין פֿאַר די אויגן.

אַזוי האָבן מיר, למשל, צווישן אַנדערע אויפגעשטעלט אַ לעבנס-רעגל, אַז דער האַס זאָל דורך ליבע און איידלמוט באַזיגט ווערן (טייל IV, זאַץ XLVI, און אָנמערקונג) און זאָל נישט דורך געגנהאַס פֿאַרגאָלטן ווערן. כּדי, אָבער, דער דאָזיגער פֿאָרשריפֿט פֿון דער פֿאַרנונפֿט זאָל קאָנען זיין תּמיד ביי דער האַנט, ווען מיר נויטיגן זיך אין אים, מוזן מיר אָפֿט נאָכדענקען און נאָכטראַכטן וועגן די עוולות, וואָס ווערן געוויינטלעך באַגאַנגען פֿון מענטשן, און אויף וואָסער אַן אופֿן און דורך וועלכע מיטלען קאָנען זיי דורך איידלמוט אָפּגעווענדט ווערן; אויף אַזאַ אופֿן, וועלן מיר אַסאָציאַצירן די אידעע פֿון עוולה מיט דער אידעע פֿון דעם דאָזיגן פֿאָרשריפֿט, וואָס וועט ווי געהעריג זיין גרייט צום נוצן, ווען אַן עוולה וועט געגן אונז באַגאַנגען ווערן (טייל II, זאַץ XVIII).

ווען מיר וועלן נאָך אויך האָבן אין אויג דעם באַגריף פֿון אונזער אמתן נוצן און פֿון דעם גוטס, וואָס פֿאָלגט פֿון געגנזייטיגער פֿריינטשאַפֿט און געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַראייניגונג, און ווען מיר וועלן געדענקען, אַז פֿון אַ ריכטיגן לעבנס-פּיר קוועלט אַרויס די העכסטע נשמה-רוה (טייל IV, זאַץ LII), און אַז מענטשן, נישט ווייניגער ווי אַלץ אַנדערס, האַנדלען אויס דער נויטווענדיגקייט פֿון זייער נאַטור, יעמאָלט וועט דאָס שלעכטס אָדער דער האַס, וואָס אַנטשטייט געוויינטלעך פֿון איר, נעמען אין באַזין אַ קליינעם טייל פֿון אונזער פֿאָרשטעלונג און מ'וועט אים גרינג גובר זיין. און פֿאַלס דער

צאָרן, וואָס אַנטשטייט פון אַ שווערער עולה, זאָל נישט גהינג איבערוואונדן ווערן, וועט ער פונדעסטוועגן איבערוואונדן ווערן, הגם נישט אָן אַ גייסטיגן קאָנפליקט, אין אַ סך אַ קירצערער צייט, ווי ווען מיר וואָלטן פריהער נישט געטראַכט וועגן דעם דאָזיגן ענין, ווי דאָס איז קלאָר פון זאַצן VI, VII און VIII אין דעם דאָזיגן טייל.

אויף דעם זעלבן אופן מוזן מיר נאָכדענקען וועגן קוראַזש אַלס אַ מיטל בייצוקומען שרעק; די געוויינטלעכע געפאַרן פון לעבן זאָלן אָפט דערמאָנט ווערן און פאָרגעשטעלט ווערן אינאיינעם מיט די מיטלען, וואָס מיט זיי, דורך דער אומפאַרלאָרנקייט פון מוט און טאַפּפערקייט, קאָנען זיי אויסגעמיטן און בייגעקומען ווערן.

עס מוז אָבער באַמערקט ווערן, אַז ביי דער איינאָרדנונג פון אונזערע געדאַנקען און באַגריפן, זאָלן מיר תמיד האָבן אין זינען דאָס, וואָס איז גוט אין יעדער איינצלנער זאַך (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ LXIII און טייל III, זאַץ LIX), בכדי מיר זאָלן קאָנען אַלע מאָל צו האַנדלונג באַשטימט ווערן פון אַ לוסט-עמאָציע. ווען אַ מענטש זעהט, למשל, אַז ער טראַכט אַביסל צופיל וועגן כבוד, זאָל ער זיך פאַרטראַכטן וועגן זיין ריכטיגן געברויך, צו־ליב וועלכן ענד-צוועק זאָל ער פאַרפאָלגט ווערן, און וועגן די מיטלען, וואָס דורך זיי קאָן ער דערגרייכט ווערן; נישט אָבער איבער זיין מיסברויך און אינהאַלטסלאָזיגקייט און איבער דער אומבאַשטענדיגקייט פון די מענטשן און דאָס גלייכן, וואָס וועגן דעם טראַכט נישט קיין מענטש, סיידן נאָר ווען ער איז אין אַ קראַנקנהאַפטיגער שטימונג; דען מיט אַזעלכע געדאַנקען קוועלן זיך גראָד על פי רוב די עהרע-גייציגסטע, ווען זיי זענען זיך מיאש פון צו באַ־קומען די אויסצייכענונגען, וואָס נאָך זיי גלוסטן זיי, און זיי ווילן קלוג אויס־זעהן, בעת זיי גיסן-אויס זייער ביטער האַרץ. דערפאַר איז עס זיכער, אַז די, וואָס שרייען אַמראַשיגסטן געגן דעם מיסברויך פון כבוד און דעם הבל הבלים פון דער וועלט, זענען עס די, וואָס באַגערן אים זייער גיריג. און דאָס איז נישט די אויסשליסלעכע אייגנשאַפט פון די אַמביציעזע, רק עס איז געמיינזאַם צו אַלע, וואָס האָבן קיין מזל נישט, און וואָס זענען שוואַך אין גייסט. דען אויך דער אָרימער מענטש, וואָס וואָלט גערן געוואָלט זיין רייך, וועט רעדן אומאויפהערלעך וועגן דעם מיסברויך פון געלט און וועגן דער לעסטערונג פון די רייכע, וואָס דורך דעם מאַטערט ער בלויז זיך גופא, און ווייזט דער וועלט, אַז ער טראָגט ביי זיך אין האַרצן אַ שלעכטמוטיקייט, נישט נאָר געגן זיין אייגענער אָרעמקייט, נאָר אויך געגן דער רייכקייט פון אַנדערע מענטשן. געגנוי אַזוי דענקען די יעניגע, וועלכע ווערן פון זייערע געליבטע שלעכט אויפגענומען, וועגן קיין אַנדער זאַך, ווי וועגן דער אומבאַ־

שטענדיגקייט, פאַלשקייט און אַנדערע אויסגעדראָשענע חסרונות פון דעם שיינעם געשלעכט; דאָס אַלץ ווערט איבערגעגעבן צו דער פאַרגעסנהייט, אַזוי באַלד ווי זיי ווערן צוריק גוטמוטיג אויפגענומען פון זייערע געליבטע.

ווער אַלזאָ עס באַמיהט זיך זיינע עמאָציעס און פאַרלאַנגען בלויז דורך דער ליבע צו פרייהייט צו רעגולירן, דער שטרעבט, ווי ווייט ער קאָן, לערנען צו קענען זיינע טוגענטן און זייערע אורזאַכן און אָנצופילן די נשמה מיט דער פרייד, וואָס אַנטשטייט פון דער אמתער דערקענטעניש פון זיי; ער וועט אָבער בשום אופן נישט וועלן זיך אָפּשטעלן אויף די חסרונות פון די מענטשן, אַרונטערצורייסן זיינע מיטמענטשן און צו פרייען זיך מיט דער פאַלשער שיין פון פרייהייט. ווער עס וועט מיט התמדה באַאָבאַכטן און פּראַקטיצירן די דאָזיגע כּללים — וואָס זענען אין דער אמתן נישט שווער — וועט זיכערלעך אין אַ קורצער צייט זיין ביכולת איינצוריכטן דעם רוב פון זיינע האַנדלונגען לפי די געבאָטן פון דער פאַרנונפט.

זאַץ XI. אויף וואָס מער זאַכן אַ פאָרשטעלונג-בילד באַציהט זיך, אַלץ אָפטער חזרט זיך די פאָרשטעלונג איבער, אָדער אַלץ אָפטער לעבט זי אויף און באַשעפטיגט דעם גייסט.

באַווייז. אויף וואָס מער זאַכן אַ פאָרשטעלונג-בילד אָדער אַן עמאָציע באַציהט זיך, אַלץ מער אורזאַכן זענען פאַראַן, וואָס פון זיי קאָן זי אַרויסגערופן און דערנערט ווערן, און די דאָזיגע אורזאַכן (לפי דער היפּאָטעזע) באַטראַכט דער גייסט צוגלייך אין פאַרבינדונג מיט דער געגעבענער עמאָציע; דעריבער חזרט זיך די עמאָציע אָפטער איבער און לעבט אויף אָפט און (טייל V, זאַץ VIII) באַשעפטיגט מער דעם גייסט.

זאַץ XII. די פאָרשטעלונג-בילדער פון זאַכן ווערן לייכטער פאַרבונדן מיט בילדער, וואָס באַציהען זיך אויף זאַכן, וואָס מיר דערקענען קלאָר און דייטלעך, איידער מיט אַנדערע.

באַווייז. זאַכן, וואָס מיר דערקענען קלאָר און דייטלעך, זענען אַנטווערער די געמיינזאַמע אייגנשאַפטן פון זאַכן אָדער דעדוקציעס פון זיי (זעה דעפיניציע פון פאַרנונפט טייל II, אָנמערקונג II צו זאַץ XL), און, פאָלגלעך, (לויט דעם לעצטן זאַץ) ווערן זיי אָפטער אין אונז אַרויסגערופן. עס קאָן דערפאַר לייכטער געשעהן, אַז מיר זאָלן באַטראַכטן אַנדערע זאַכן אינאיינעם מיט די דאָזיגע, איידער אינאיינעם מיט אַנדערע, און (טייל II, זאַץ XVIII) ממילא, אַז די בילדער פון די דערמאָנטע זאַכן זאָלן אָפטער זיין אַסאָציאירט מיט די בילדער פון די דאָזיגע, איידער מיט די בילדער פון אַנדערע. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XIII. מיט וואָס מער אַנדערע פאָרשטעלונג-בילדער אַ פאָרשטעלונג-בילד איז פאַרקניפּט, אַלץ אָפטער לעבט עס אויף.

באַווייז. מיט וואָס מער אַנדערע פאָרשטעלונגען אַ פאָרשטעלונג איז פאַרקניפּט, אַלץ מער אורזאַכן זענען פאַרהאַן (טייל II, זאַץ XVIII), וואָס דורך זיי קאָן זי אַרויסגערופן ווערן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XIV. דער גייסט קאָן באַווירקן, אַז אַלע פאַרענדערונגען פון קערפּער, אָדער בילדער פון זאַכן, זאָלן זיך באַציהען אויף דער אידעע פון גאָט.

באַווייז. עס איז נישט פאַרהאַן קיין פאַרענדערונג פון דעם קערפּער, וואָס וועגן איר זאָל דער גייסט נישט בילדן אַ קלאָרן און דייטלעכן באַגריף (טייל V, זאַץ IV), און פאָלגלעך קאָן ער באַווירקן, אַז זיי זאָלן אַלע זיך באַציהען אויף דער אידעע פון גאָט (טייל I, זאַץ XV). וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XV. ווער עס דערקענט זיך גופא און זיינע עמאָציעס, ליבט גאָט, און אַלץ מער, וואָס מער ער דערקענט זיך גופא און זיינע עמאָציעס.

באַווייז. ווער עס דערקענט זיך גופא און זיינע עמאָציעס קלאָר און דייטלעך, האָט לוסט (טייל III, זאַץ LIII), און די דאָזיגע לוסט איז (נאָך דעם לעצטן זאַץ) באַגלייט פון דער אידעע פון גאָט; אַזעלכער, אַלזאָ (דעפיניציע VI פון די עמאָציעס), ליבט גאָט. און (מחמת דעם זעלבן טעם) אַלץ מער, וואָס מער ער דערקענט זיך גופא און זיינע עמאָציעס. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XVI. די דאָזיגע ליבע צו גאָט מוז פאַרנעמען דעם אויבן-אָן אין דעם גייסט.

באַווייז. דען די דאָזיגע ליבע איז פאַרקניפּט מיט אַלע פאַרענדערונגען פון קערפּער (טייל V, זאַץ XIV) און איז דערנערט פון זיי אַלע (טייל V, זאַץ XV), דעריבער (טייל V, זאַץ XI) מוז זי פאַרנעמען דעם אויבן-אָן אין דעם גייסט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XVII. גאָט איז פריי פון אַלע ליידנשאַפטן, און ער ווערט נישט באַוועגט פון קיינע עמאָציעס פון לוסט אָדער אומלוסט.

באַווייז. אַלע אידעען, אויף ווי ווייט זיי באַציהען זיך אויף גאָט, זענען אמת (טייל II, זאַץ XXXII), דאָס הייסט (טייל II, דעפיניציע IV), אַדעקוואַט, און דעריבער (נאָך די אַלגעמיינע דעפיניציעס פון די עמאָציעס) איז גאָט אָן ליידנשאַפטן. ווייטער קאָן גאָט נישט איבערגיין צו אַ גרעסערער אָדער אַ קלענערער פולקאָמענהייט (טייל I, שלוסזאַץ II צו זאַץ XX), און, פאָלגלעך (נאָך דעפיניציעס II און III פון די עמאָציעס), ווערט ער נישט באַוועגט פון קיין עמאָציע פון לוסט אָדער אומלוסט.

שלוסזאַץ. אייגנטלעך גערעדט, ליבט און האַסט גאָט קיינעם נישט. מחמת גאָט (לויט דעם פאָריגן זאַץ) איז נישט באַוועגט פון קיין עמאָציע פון לוסט אָדער אומלוסט, ממילא (דעפיניציע VI און VII פון די עמאָציעס) ליבט ער און האַסט קיינעם נישט.

**זאַץ XVIII.** קיינער קאָן גאָט נישט האַסן.

**באַווייז.** די אידעע פון גאָט, וועלכע איז אין אונז, איז אַדעקוואַט און פולקאָמען (טייל II, זאַצן XLVI און XLVII); זענען מיר, אַלזאָ, אויף אַזוי ווייט ווי מיר טראַכטן וועגן גאָט, אַקטיוו (טייל III, זאַץ III); פאָלגלעך (טייל III, זאַץ LIX), קאָן נישט זיין קיין אומלוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון גאָט, מיט אַנדערע ווערטער (דעפ. VII פון די עמאָציעס), קיינער קאָן נישט האַסן גאָט. וו. א. ג. צ. ב.

**שלוסזאַץ.** די ליבע צו גאָט קאָן זיך נישט פאַרוואַנדלען אין האַס.

**אָנמערקונג.** עס קאָן איינגעווענדעט ווערן, דאָס היות ווי מיר דערקענען גאָט אַלס די אורזאַך פון אַלע זאַכן, לכן באַטראַכטן מיר אים דורך דעם אַליין אַלס די אורזאַך פון אומלוסט. דערויף ענטפער איך אָבער, אַז אַזוי ווייט ווי מיר דערקענען די אורזאַכן פון אומלוסט, אויף אַזוי ווייט (טייל V, זאַץ III) הערט זי אויף צו זיין אַ ליידנשאַפט, דאָס הייסט זי הערט אויף צו זיין אַן אומלוסט (טייל III, זאַץ LIX); און, פאָלגלעך, אויף אַזוי ווייט ווי מיר דערקענען גאָט צו זיין די אורזאַך פון אומלוסט, אויף אַזוי ווייט עמפינדן מיר לוסט.

**זאַץ XIX.** ווער עס ליבט גאָט, דער קאָן נישט שטרעבן, אַז גאָט זאָל אים צוריק ליבן.

**באַווייז.** דען, ווען אַ מענטש זאָל אַזוי שטרעבן, וואָלט ער באַגערט (טייל V, שלוסזאַץ צו זאַץ XVII), אַז גאָט, וועמען ער ליבט, זאָל נישט זיין גאָט, און, פאָלגלעך, וואָלט ער באַגערט צו עמפינדן אומלוסט (טייל III, זאַץ XIX) וואָס דאָס איז אומזיניג (טייל III, זאַץ XXVIII); פאָלגלעך, ווער עס ליבט גאָט א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XX.** די דאָזיגע ליבע צו גאָט קאָן נישט באַפלעקט ווערן פון דער עמאָציע פון קנאה אָדער אייפערזוכט, נאָר זי ווערט נאָך מער דערנערט, וואָס מער מענטשן מיר שטעלן זיך פאָר מיט גאָט פאַראייניגט דורך דעם זעלבן בונד פון ליבע.

**באַווייז.** די דאָזיגע ליבע צו גאָט איז דאָס העכסטע גוטס, וואָס מיר קאָנען זוכן אונטער דער לייטונג פון פאַרנונפט (טייל IV, זאץ XXVIII), זי איז געמיינזאַם צו אַלע מענטשן (טייל IV, זאַץ XXXVI), און מיר באַגערן, אַז אַלע זאָלן זיך פרייען מיט איר (טייל IV, זאַץ XXXVII); דעריבער קאָן זי נישט (דעפ. XXIII פון די עמאָציעס) זיין באַפלעקט פון דער עמאָציע פון קנאה און אויך נישט פון דער עמאָציע פון אייפערזוכט (טייל V, זאַץ XVIII. זעה דעפיניציע פון אייפעזוכט, טייל III, אָנמערקונג צו זאַץ XXXV); נאָר פאַרקערט, זי מוז מער דערנערט ווערן, וואָס מער מענטשן, מיר שטעלן זיך פאָר, פרייען זיך מיט איר. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** אויף דעם זעלבן אופן קאָנען מיר ציַיגן, אַז עס איז נישט פאַרהאַן קיין עמאָציע, וואָס זאָל זיין דירעקט אַנטקעגנגעזעצט צו דער דאָזיגער ליבע, וואָס דורך איר זאָל די דאָזיגע ליבע קאָנען פאַרניכטעט ווערן. דערפאַר קאָנען מיר ציהען דעם שלוס, אז די דאָזיגע ליבע צו גאָט איז די באַשטענדיגסטע פון אַלע עמאָציעס, און אויף אַזוי ווייט ווי זי באַציהט זיך אויף דעם קערפּער, קאָן זי נישט פאַרניכטעט ווערן, סיידן דער קערפּער זאָל אויך פאַרניכטעט ווערן. וואָס אָנבאַלאַנגט איר נאַטור, אויף אַזוי ווייט ווי זי באַציהט זיך בלויז אויף דעם גייסט, וועלן מיר שפּעטער זעהן.

דערמיט בין איך דורכגעגאַנגען אַלע תרופות געגן די עמאָציעס, אָדער אַלץ, וואָס דער גייסט, פאַר זיך אַליין באַטראַכט, קאָן געגן זיי טאָן. דערפון זעהט זיך אַרויס, אַז די מאַכט פון דעם גייסט איבער די עמאָציעס באַשטייט:

I. אין דער אַקטועלער דערקענטעניש פון די עמאָציעס (טייל V, אָנמערקונג צו זאַץ IV).

II. דערין, וואָס ער טיילט אָפּ די עמאָציעס פון דעם געדאַנק פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך, וועלכע מיר באַגרייפן אויף אַ מטושטשן אופן (טייל V, זאַץ II, און אָנמערקונג צו זאַץ IV).

III. דערין, וואָס בנוגע דער צייט-דויער, איבערווינדן די עמאָציעס, וואָס באציהען זיך אויף זאַכן, וועלכע מיר דערקענען קלאָר, די יעניגע עמאָציעס, וואָס באַציהען זיך אויף עפּעס, וואָס מיר באַגרייפן אויף אַ מטושטשן און צעפּיצלטן אופן (טייל V, זאַץ VII).

IV. אין דעם סכום פון אורזאַכן, וואָס דורך זיי ווערן דערנערט די פאַרענדערונגען, וועלכע באַציהען זיך אויף די געמיינזאַמע אייגנשאַפטן פון זאַכן אָדער אויף גאָט (טייל V, זאַצן IX און XI).

V. אין דעם סדר, וואָס אין אים איז דער גייסט ביכולת זיינע עמאָציעס איינאָרדענען און פאַרקניפּן איינע מיט דער אַנדערער (טייל V, אָנמערקונג צו זאַץ X און זאַצן XII, XIII און XIV).

בכדי, אָבער, די דאָזיגע מאַכט פון דעם גייסט איבער די עמאָציעס זאָל בעסער פאַרשטאַנען ווערן, מוזן מיר דאָ באַזונדערס באַמערקן, אַז מיר רופן די עמאָציעס שטאַרק, ווען מיר פאַרגלייכן די עמאָציע פון איין מענטשן מיט דער עמאָציע פון אַן אַנדער מענטשן, און זעהען, אַז איין מענטש איז מער איידער דער אַנדערער אויפגערעגט פון דער זעלבער עמאָציע; אָדער ווען מיר פאַרגלייכן די פאַרשיידענע עמאָציעס פון דעם זעלבן מענטשן איינע מיט דער אַנדערער און געפינען, אַז ער איז אויפגערעגט אָדער באַוועגט פון איין עמאָציע, מער איידער פון דער אַנדערער. דען די קראַפט פון יעדער עמאָציע דערקלערט זיך אויס אַ פאַרגלייך פון אונזער אייגענער קראַפט מיט דער

קראַפט פון אַן אויסנווייניגסטער אורזאַך (טייל IV, זאַץ V). די קראַפט פון גייסט, אָבער, ערקלערט זיך אויס דער בלויזער דערקענטעניש, זיין אָנמאַכט אָדער ליידנשאַפט, דאַגעגן — אויס דעם בלויזן מאַנגל פון דער דערקענטעניש, דאָס הייסט, אויס דעם גופא, צוליב וואָס זיינע אידעען הייסן אומאַדעקוואַט. דערפון פאָלגט, אַז יענער גייסט איז דאָס רוב פּאַסיוו, וועמענס גרעסטער טייל באַשטייט פון אומאַדעקוואַטע אידעען, אַזוי אַז ער קאָן כאַראַקטעריזירט ווערן גיכער דורך זיינע פּאַסיווע צושטאַנדן איידער דורך זיינע אַקטיוויטעטן; פון דער אַנדערער זייט איז יענער גייסט דאָס רוב אַקטיוו, וועמענס גרעסטער טייל באַשטייט פון אַדעקוואַטע אידעען, אַזוי, דאָס הגם ער קאָן אַנטהאַלטן אַזויפיל אומאַדעקוואַטע אידעען ווי דער ערשטער גייסט, דאָך ווערט ער לייכטער כאַראַקטעריזירט דורך די אידעען, וואָס ווערן צוגעשריבן צו דער מענטשלעכער טוגענט, איידער צו אידעען, וואָס זאָגן עדות אויף מענטשלע-כער אָנמאַכט.

ווייטער איז צו באַמערקן, אַז די קראַנקהאַפטע צושטאַנדן און אומ-גליקלעכע צופאַלן פון דעם געמיט האָבן בדרך כלל זייער מקור אין דער צו-גרויסע ליבע פאַר עפּעס, וואָס איז אונטערגעוואָרפן צו אַ סך וואַריאַציעס, און איבער וואָס מיר קאָנען נישט ווערן קיין בעלי-בתים. מחמת, קיינער זאָרגט זיך נישט און קימערט זיך נישט וועגן אַ זאַך, וואָס ער האָט נישט ליב, און אַלע עוולות, פאַרדאַכטן און פיינטשאַפטן אַנטשטייען פון זאַכן, וואָס קיינער ווירקלעך קאָן נישט זיין איבער זיי קיין בעל-הבית.

אויף אַזאַ אופן באַגרייפן מיר לייכט, וואָס פאַר אַ מאַכט די קלאָרע און דייטלעכע דערקענטעניש, און, דער עיקר, די דריטע אַרט פון דערקענטעניש (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XLVII), וואָס איר גרונדלאַגע איז די אַקטועלע דערקענטעניש פון גאָט, באַזיצט איבער די עמאָציעס. און הגם זי קאָן זיי נישט אומבאַדינגט פאַרניכטן, אויף אַזוי ווייט ווי זיי זענען ליידנשאַפטן (טייל V, זאַץ III, און אָנמערקונג צו זאַץ IV), קאָן זי, לכל הפחות, באַ-ווירקן, אַז זיי זאָלן פאַרנעמען אַ זייער קליינעם טייל פון דעם גייסט (טייל V, זאַץ XIV). ווייטער ברענגט זי אַרויס אַ ליבע צו אַ זאַך, וואָס איז אומ-פאַרענדערלעך און אייביג (טייל V, זאַץ XV), און וואָס זי קאָנען מיר באמת באַזיצן (טייל II, זאַץ XLV); און דערום קאָן זי אויך נישט באַפלעקט ווערן פון אַלע די פעלערן, וואָס זענען איינגעבוירן אין געוויינלעכער ליבע; נאָר זי קאָן אָנשטאָט דעם גרעסער און גרעסער ווערן, און אַרומנעמען דעם גרעסטן טייל פון גייסט און אים טיף דורכדרינגען.

דערמיט האָב איך ערליידיגט אַלץ, וואָס באַציהט זיך אויף דעם געגנ-וואַרטיגן (צייטלעך באַגרענעצטן) לעבן; דען ווי איך האָב געזאָגט אין דעם

אָנהויב פון דער דאָזיגער אָנמערקונג, האָב איך קורץ צוזאַמענגעפאַסט אַלע תּרופות געגן די עמאָציעס. און דאָס האָט יעדער איינער לייכט געקאָנט זעהן, ווער עס האָט מיט אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט דאָס, וואָס איז געזאָגט געווערן אין דער דאָזיגער אָנמערקונג און אויך די דעפיניציעס פון דעם גייסט און זיינע עמאָציעס און, שליסלעך, די זאַצן I און III פון טייל III. עס איז איצט צייט דעריבער אַריבערצוגיין צו די ענינים, וואָס געהערן צו דער דויער פון גייסט, אָן אַ שייכות צו דעם קערפּער.

**זאַץ XXI.** דער גייסט קאָן נאָר אַזוי לאַנג, ווי דער קערפּער דויערט, זיך עטוואָס פאָרשטעלן, אָדער זיך אָן פאַרגאַנגענע זאַכן דערמאָנען.

**באַווייז.** דער גייסט דריקט-אויס די אַקטועלע עקזיסטענץ פון זיין קערפּער און ער באַגרייפט אויך די פּאַרענדערונגען פון זיין קערפּער אַלס אַקטועל, נאָר אַזוי לאַנג, ווי דער קערפּער דויערט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VIII); און פאָלגלעך (טייל II, זאַץ XXVI), פאַסט ער אויף יעדן אַנדערן קערפּער אַלס באמת עקזיסטירנד נאָר אַזוי לאַנג, ווי זיין אייגענער קערפּער דויערט. אויף אַזאַ אופן קאָן ער זיך נישט פאָרשטעלן קיין זאַך (פאַר דער דעפיניציע פון פאָרשטעלונג, זעה אָנמערקונג צו זאַץ XVII, טייל II) אָדער דערמאָנען זיך אין פאַרגאַנגענע זאַכן, נאָר אַזוי לאַנג, ווי זיין קערפּער דויערט (זעה די דעפיניציע פון זכרון, טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XVIII). וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXII.** אין גאָט אָבער איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאַרהאַן אַן אידעע, וואָס דריקט-אויס די עסענץ פון דעם אָדער יענעם מענטשלעכן קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט.

**באַווייז.** גאָט איז די אורזאַך נישט נאָר פון דער עקזיסטענץ פון דעם אָדער יענעם מענטשלעכן קערפּער, נאָר אויך פון זיין עסענץ (טייל I, זאַץ XXV). די דאָזיגע עסענץ מוז, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, באַגריפן ווערן דורך דער עצם עסענץ פון גאָט (טייל I, אַקסיאָמע IV), און אייגנטלעך דורך אַ געוויסער אייביגער נויטווענדיגקייט (טייל I, זאַץ XVI); און דער דאָזיגער באַגריף מוז אויף אַ נויטווענדיגן אופן עקזיסטירן אין גאָט (טייל II, זאַץ III). וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXIII.** דער מענטשלעכער גייסט קאָן נישט אַבסאָלוט פאַרניכטעט ווערן מיט דעם קערפּער, נאָר עס בלייבט עפּעס פון אים, וואָס איז אייביג.

**באַווייז.** עס איז אויף אַ נויטווענדיגן אופן פאַרהאַן אין גאָט אַ באַגריף אָדער אידעע, וועלכע דריקט אויס די תּמצית פון דעם מענטשלעכן קערפּער (לעצטער זאַץ), און וועלכע איז דערפאַר על פּי הכרח עפּעס אַזעלכס,

וואָס געהערט צו דער תּמצית פון דעם מענטשלעכן גייסט (טייל II, זאַץ XIII), דעם מענטשלעכן גייסט, אָבער, האָבן מיר צוגעשריבן אַ דויער, וואָס ווערט דורך דער צייט דעפינירט, נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ער דריקט אויס די אַקטועלע עקזיסטענץ פון דעם קערפּער, וועלכע ווערט דערקלערט דורך דויער, און קאָן דורך צייט דעפינירט ווערן — דאָס הייסט (טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ VIII), מיר שרייבן צו דויער צו אים נאָר אַזוי לאַנג, ווי דער קערפּער דויערט. דאָך, היות ווי עס איז פאַרהאַן פונדעסטוועגן עפּעס, וואָס ווערט באַגריפן נאָך אַן אייביגער געוויסער נויטוועדיגקייט דורך דעם עצם תּמצית פון גאָט (לעצטער זאַץ), וועט דער דאָזיגער עפּעס, וואָס געהערט צו דער תּמצית פון גייסט, זיין אויף אַ נויטוועדיגן אופן אייביג. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. די אידעע, וואָס דריקט אויס די תּמצית פון דעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, איז, ווי מיר האָבן געזאָגט, אַ געוויסער מאָדוס פון דענקען, וואָס געהערט צו דער תּמצית פון דעם גייסט, און איז, אויף אַ נויטוועדיגן אופן, אייביג. טראָץ דעם איז עס נישט מעגלעך, אַז מיר זאָלן געדענקען, אַז מיר האָבן עקזיסטירט פריהער פאַר דעם קערפּער, מחמת אונזער קערפּער קאָן נישט טראָגן אין זיך קיינע שפּורן פון אַזאַ עקזיסטענץ, אויך קאָן אייביגקייט נישט דעפינירט ווערן דורך דער צייט, אָדער האָבן אַ וואָסער עס איז שייכות צו צייט. פונדעסטוועגן אָבער פיהלן מיר און וויסן, אַז מיר זענען אייביג. דען דער גייסט פיהלט די יעניגע זאַכן, וועלכע ער באַגרייפט דורך דערקענטעניש, נישט וויניגער, איידער די יעניגע זאַכן, וועלכע ער האָט אין זכרון. די אויגן פון דעם גייסט, וואָס מיט זיי זעהט ער און באַאָבאַכטעט זאַכן, זענען אין עצם תּוך די באַווייזן. הגם, אַלזאָ, מיר געדענקען נישט, אַז מיר האָבן עקזיסטירט פריהער פאַר אונזער קערפּער, דאָך פיהלן מיר, אַז אונזער גייסט, אויף ווי וויט ער שליסט איין די עסענץ פון דעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, איז אייביג, און זיין עקזיסטענץ, אויף אַזאַ אופן, קאָן נישט דעפינירט ווערן דורך צייט, אָדער דערקלערט ווערן דורך דויער. אונזער גייסט קאָן אַלזאָ נאָר אויף אַזוי ווייט אַלס דויערנד באַצייכנט ווערן, און זיין עקזיסטענץ קאָן דורך אַ געוויסן צייט-דויער באַשטימט ווערן, אויף ווי ווייט ער שליסט איין די אַקטועלע עקזיסטענץ פון דעם קערפּער; און נאָר אויף אַזוי ווייט האָט ער די מאַכט צו באַשטימען די עקזיסטענץ פון זאַכן דורך צייט און צו באַגרייפן זיי אונטער דער קאַטעגאָריע פון דויער.

זאַץ XXIV. וואָס מער מיר דערקענען איינצלנע זאַכן, אַלץ מער דערקענען מיר גאָט.

באַווייז. דאָס איז קלאָר פון טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XXV.

זאַץ XXV. דער העכסטער באַשטרעב פון דעם גייסט, און די העכסטע טוגענט איז צו דערקענען זאַכן לויט דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש.

באַווייז. די דריטע אַרט פון דערקענטעניש גייט פון אַן אַדעקוואַטער אידעע פון געווויסע אַטריבוטן פון גאָט ביז צו אַן אַדעקוואַטער דערקענטעניש פון דער תמצית פון זאַכן (זעה די דעפיניציע פאַר איר, טייל II, אָנמערקונג II צו זאַץ XL); און וואָס מער מיר דערקענען זאַכן אויף אַזאַ אופן, אַלץ בעסער דערקענען מיר גאָט (לעצטער זאַץ); דעריבער (טייל IV, זאַץ XXVIII) איז די העכסטע טוגענט פון דעם גייסט, דאָס הייסט (טייל IV, דעפ. VIII), די קראַפט, אָדער די נאַטור פון גייסט, אָדער (טייל III, זאַץ VII) זיין העכסטער באַשטרעב צו דערקענען זאַכן נאָך דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXVI. וואָס מער דער גייסט איז ביכולת צו דערקענען זאַכן לויט דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש, אַלץ מער באַגערט ער צו דערקענען זאַכן לויט דער דאָזיגער אַרט.

באַווייז. דאָס איז קלאָר. מחמת אויף ווי ווייט מיר באַטראַכטן דעם גייסט אַלס אַזעלכן, וואָס איז ביכולת צו דערקענען זאַכן לויט דער דאָזיגער אַרט פון דערקענטעניש, אויף אַזוי ווייט באַטראַכטן מיר אים אַלס אַזעלכן, וואָס איז באַשטימט אויף אַזאַ אופן צו דערקענען זאַכן; און, פאָלגלעך (דעפיניציע I פון די עמאָציעס), וואָס מער דער גייסט איז ביכולת דערויף, אַלץ מער באַגערט ער אויך אַזוי צו טאָן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXVII. פון דער דאָזיגער דריטער אַרט פון דערקענטעניש אַנטשטייט די העכסטע גייסטיגע רוה, וואָס קאָן נאָר געבן.

באַווייז. די העכסטע טוגענט פון דעם גייסט איז צו דערקענען גאָט (טייל IV, זאַץ XXVIII), אָדער צו דערקענען זאַכן לויט דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש (טייל V, זאַץ XXV), און די דאָזיגע טוגענט איז גרעסער, וואָס מער דער גייסט דערקענט זאַכן לויט דער דאָזיגער דערקענטעניש-אַרט (טייל V, זאַץ XXIV). ווער, אַלזאָ, עס דערקענט זאַכן לויט דער דאָזיגער אַרט פון דערקענטעניש, דער גייט אַריבער צו העכסטער מענטשלעכער פולקאָמענהייט, און ער ווערט דעריבער (דעפיניציע II פון די עמאָציעס) באַווירקט פון דער העכסטער לוסט, אַ לוסט, וואָס איז באַגלייט אפילו פון דער אידעע פון זיך גופא און זיין טוגענט, און דערפאַר (דעפיניציע XXV פון די עמאָציעס) אַנטשטייט פון דער דאָזיגער אַרט פון דערקענטעניש די העכסטע רוה, וואָס קאָן נאָר געבן. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXVIII. דער באַשטרעב אָדער באַגער צו דערקענען זאַכן

לויט דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש קאָן נישט אַנטשטיין פון דער ערשטער, נאָר פון דער צווייטער אַרט פון דערקענטעניש.

באַווייז. דער דאָזיגער זאַץ איז קלאָר פון זיך אַליין. דען אַלץ, וואָס מיר דערקענען קלאָר און דייטלעך, דערקענען מיר עס אַנטוועדער דורך זיך זעלבסט, אָדער דורך אַן אַנדערס, אַזעלכס, וואָס ווערט דורך זיך זעלבסט באַגריפן; דאָס הייסט, די אידעען, וואָס זענען קלאָר און דייטלעך אין אונז, אָדער וואָס באַציהען זיך אויף דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש (טייל II, אָנמערקונג II צו זאַץ XL), קאָנען נישט פאָלגן פון די צעבראָכענע און מטושטשע אידעען, וועלכע געהערן צו דער דערקענטעניש פון דער ערשטער אַרט, נאָר זיי מוזן פאָלגן פון אַדעקוואַטע אידעען, אָדער פון די אידעען פון דער צווייטער אָדער דריטער אַרט; דעריבער (דעפ. I פון די עמאָציעס) קאָן נישט דער באַגער צו דערקענען זאַכן לויט דער העכסטער אַרט פון דערקענטעניש אַנטשטיין פון דער ערשטער אַרט פון דערקענטעניש, רק ער מוז אַנטשטיין פון דער צווייטער אַרט. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXIX. אַלץ וואָס דער גייסט דערקענט אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, דערקענט ער עס נישט אויף דעם גרונט דערפון, וואָס ער באַגרייפט די געגנוואַרטיגע אַקטועלע עקזיסטענץ פון דעם קערפּער, נאָר אויף דעם גרונט דערפון, וואָס ער פאַסט-אויף די תּמצית פון דעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט.

באַווייז. אויף ווי ווייט דער גייסט באַגרייפט די געגנוואַרטיגע עקזיסטענץ פון זיין קערפּער, אויף אַזוי ווייט באַגרייפט ער דויער, וואָס קאָן דורך צייט באַשטימט ווערן, און אויף אַזוי ווייט נאָר האָט ער די קראַפט צו באַגרייפן זאַכן און זייער שייכות צו צייט (טייל V, זאַץ XXI, טייל II, זאַץ XXVI). אייביקייט, אָבער, קאָן נישט אויסגעדריקט ווערן דורך קיין דויער (טייל I, דעפיניציע VIII, און דערקלערונג); פאָלגלעך, האָט דער גייסט נישט אויף אַזוי ווייט די קראַפט צו באַגרייפן זאַכן אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, ער באַזיצט אָבער אַזאַ קראַפט, ווייל עס ליגט אין דער נאַטור פון דער פאַרנונפט צו באַגרייפן זאַכן אונטער דער פאָרם פון אייביקייט (טייל II, שלוסזאַץ II צו זאַץ XLIV) און אויך, ווייל עס געהערט צו דער נאַטור פון דעם גייסט צו באַגרייפן די עסענץ פון דעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט (טייל V, זאַץ XXIII), דען אַחוץ די דאָזיגע צוויי, איז נישט פאַראַן קיין זאַך, וואָס געהערט צו דער תּמצית פון דעם גייסט (טייל II, זאַץ XIII). דעריבער געהערט די דאָזיגע קראַפט צו באַגרייפן זאַכן אונטער דער פאָרם פון אייביקייט צום גייסט נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ער באַגרייפט די תּמצית פון קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט. וו. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** זאַכן ווערן אויפגעפאַסט פון אונז אַלס אַקטועל אויף צווייערליי אופנים: אַנטוועדער אַלס עקזיסטירנד אין שייכות צו אַ באַשטימטער צייט, אָדער אַ באַשטימטן אָרט, אָדער אַלס אַזעלכע, וואָס זענען אַנטהאַלטן אין גאָט און וואָס זענען אַ פּועל־יוצא פון דער נויטווענדיגקייט פון דער געטלעכער נאַטור. אַלץ וואָס מיר באַגרייפן אויף דעם צווייטן אופן אַלס אמת און רעאַל, באַגרייפן מיר אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, און זייערע אידעען שליסן איין די אייביגע און אומענדלעכע עסענץ פון גאָט, ווי מיר האָבן באַוויזן אין טייל II, זאַץ XLV. זעה אויך אָנמערקונג צו דעם דאָזיגן זאַץ.

**זאַץ XXX.** אויף ווי ווייט אונזער גייסט דערקענט זיך גופא און דעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, אויף אַזוי ווייט האָט ער אַ דערקענטעניש פון גאָט און ווייס, אַז ער איז אין גאָט, און ווערט באַגריפן דורך גאָט.

**באַווייז.** אייביגקייט איז דער עצם תּמצית פון גאָט אויף אַזוי ווייט, ווי ער שליסט־איין די נויטווענדיגע עקזיסטענץ (טייל I, דעפיניציע VIII). צו באַגרייפן זאַכן אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, הייסט דעריבער, צו באַגרייפן זאַכן אויף אַזוי ווייט, ווי זיי ווערן באַגריפן דורך דער תּמצית פון גאָט אַלסווירקלעך זייענדע, אָדער אויף אַזוי ווייט, ווי זיי שליסן־איין עקזיסטענץ דורך דער תּמצית פון גאָט, און דערפאַר האָט אונזער גייסט, אויף ווי ווייט ער באַגרייפט זיך גופא און דעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, אויף אַ נויטוועגדיגן אופן אַ דערקענטעניש פוז גאָט, און ווייסט א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

**זאַץ XXXI.** די דריטע אַרט פון דערקענטעניש הענגט אָפּ פון גייסט, אַלס איר ווירקלעכע אורזאַך, אויף אַזוי ווייט, ווי דער גייסט גופא איז אייביג.

**באַווייז.** דער גייסט באַגרייפט נישט קיין זאַך אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, אַחוץ נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ער באַגרייפט זיין אייגענעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט (טייל V, זאַץ XXIX); דאָס הייסט, אַחוץ אויף אַזוי ווייט, ווי ער איז אייביג (טייל V, זאַצן XXI און XXIII); דעריבער (נאָך דעם לעצטן זאַץ נאָך) אויף אַזוי ווייט, ווי ער איז אייביג, באַזיצט ער די דערקענטעניש פון גאָט, אַ דערקענטעניש, וואָס איז אויף אַ נויטוועגדיגן אופן אַדעקוואַט (טייל II, זאַץ XLVI); דערפאַר איז דער גייסט, אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אייביג, ביכולת צו דערקענען אַלץ, וואָס קאָן פאָלגן פון דער געגעבענער דערקענטעניש פון גאָט (טייל II, זאַץ XL), מיט אנדערע ווערטער, צו דערקענען זאַכן דורך דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש (זעה דעפיניציע אין טייל II, אַנמערקונג II צו זאַץ XL), פון

וועלכער דער גייסט, אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אייביג, איז די אַדעקוואַטע אָדערווירקלעכע אורזאַך. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. וואָס מער תּקיף איינער איז דעריבער אין דער דאָזיגער אַרט פון דערקענטעניש, אַלץ בעסער באַוואוסטזיניג וועט ער זיין וועגן זיך זעלבסט און וועגן גאָט; דאָס הייסט, אַלץ פולקאָמענער און גליקזעליגער וועט ער זיין, וואָס ס'וועט נאָך קלאָרער ווערן דערפון, וואָס מיר וועלן שפּעטער זאָגן. דאָ מוזן מיר אָבער באַמערקן, דאָס הגם מיר זענען שוין זיכער, אַז דער גייסט איז אייביג אויף אַזוי ווייט, ווי ער באַגרייפט זאַכן אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, דאָך, בכדי דאָס וואָס מיר ווילן צייגן זאָל קאָנען לייכטער דערקלערט ווערן און בעסער פאַרשטאַנען ווערן, וועלן מיר באַטראַכטן דעם גייסט גופא, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו עקזיסטירן און צו דערקענען זאַכן אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט, ווי מיר האָבן עס באמת ביז-איצט געטאָן. מיר קאָנען דאָס טאָן אָן אַ וואָסער עס איז געפאַר פון אַ טעות צו מאַכן, אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן זיין פאָרזיכטיג נישט צו ציהען קיינע שלוסן, סיידן אונזערע פרעמיזן זענען דייטלעך.

זאַץ XXXII. מיט אַלץ, וואָס מיר דערקענען לויט דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש, פרייען מיר זיך, און אונזער פרייד איז באַגלייט פון דער אידעע פון גאָט אַלס אורזאַך.

באַווייז. פון דער דאָזיגער אַרט פון דערקענטעניש אַנטשטייט די העכסטע צופרידנהייט פון גייסט, וואָס קאָן נאָר געבן, דאָס הייסט (דעפ. XXV פון די עמאָציעס), די העכסטע לוסט, און די דאָזיגע צופרידנהייט איז באַגלייט פון דער אידעע פון דעם גייסט גופא (טייל V, זאַץ XXVII), און, ממילא (טייל V, זאַץ XXX), פון דער אידעע אויך פון גאָט אַלס אורזאַך. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. פון דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש אַנטשטייט, אויף אַ נויטווענדיגן אופן, די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט. פון דער דאָזיגער אַרט פון דערקענטעניש אַנטשטייט די לוסט, באַגלייט פון דער אידעע פון גאָט אַלס אורזאַך, דאָס הייסט (דעפ. VI פון די עמאָציעס), די ליבע צו גאָט נישט אויף אַזוי ווייט, ווי מיר שטעלן זיך אים פאָר אַלס געגנוואַרטיג (טייל V, זאַץ XXIX), נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי מיר דערקענען אים אַלס אייביג-זייענדן, און דאָס איז, וואָס איך רוף די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט.

זאַץ XXXIII. די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט, וועלכע אַנטשטייט פון דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש, איז אייביג.

באַווייז. די דריטע אַרט פון דערקענטעניש איז אייביג (טייל V, זאַץ XXXI, טייל I, אַקסיאָמע III), דעריבער איז (לויט דער זעלבער אַק-

סיאָמע) די ליבע, וועלכע אַנטשטייט פון איר, אויף אַ נויטוועגדיגן אופן אויך אייביג. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. הגם די דאָזיגע ליבע צו גאָט האָט נישט קיין התחלה (נאָך דעם פאָריגן זאַץ נאָך), דאָך באַזיצט זי אַלע פולקאָמענהייטן פון ליבע, אַקוראַט אַזוי ווי זי וואָלט אַנטשטאַנען, ווי מיר האָבן זיך כלומרשט פאָרגעשטעלט אין דעם שלוסזאַץ פון דעם לעצטן זאַץ. עס איז דאָ אויך קיין אונטערשייד נישט פאַראַן, אַחוץ דעם, וואָס דער גייסט האָט באַזעסן פון אייביג אָן די זעלבע פולקאָמענהייטן, וועלכע מיר האָבן זיך כלומרשט פאָרגעשטעלט, אַז ער האָט זיי נאָר וואָס דערגרייכט, און זיי זענען פאַרבינדן מיט דער אידעע פון גאָט אַלס אורזאַך. אויב אַלזאָ לוסט באַשטייט אין דעם איבערגאַנג צו אַ גרעסערער פולקאָמענהייט, מוז די גליקזעליגקייט זיכערלעך באַשטיין דערין, וואָס דער גייסט איז באַגאַבט מיט פולקאָמענהייט זעלבסט.

זאַץ XXXIV. דער גייסט איז אונטערגעוואָרפן צו די עמאָציעס, וועלכע געהערן צו די ליידנשאַפטן, נאָר אַזוי לאַנג, ווי דער קערפער דויערט.

באַווייז. די פאָרשטעלונג איז אַן אידעע, וואָס דורך איר באַטראַכט דער גייסט אַ זאַך אַלס געגנוואַרטיג (טייל II, אָנמערקונג צו זאַץ XVII); דאָך צייגט אָן די דאָזיגע אידעע דעם געגנוואַרטיגן צושטאַנד פון דעם מענטשלעכן קערפער ליבערשט, איידער די נאַטור פון דער אויסנווייניגסטער זאַך (טייל II, שלוסזאַץ II צו זאַץ XVI). אַן עמאָציע איז, אַלזאָ, (זעה אַלגעמיינע דעפ. פון עמאָציעס) אַ פאָרשטעלונג אויף אַזוי ווייט, ווי זי צייגט אָן דעם געגנוואַרטיגן צושטאַנד פון דעם קערפער; דעריבער (טייל V, זאַץ XXI) איז דער גייסט אונטערגעוואָרפן צו די עמאָציעס, וועלכע געהערן צו די ליידנשאַפטן, נאָר אַזוי לאַנג, ווי דער קערפער דויערט. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז קיין אַנדער ליבע איז אייביג, אַחוץ דער אינטעלעקטועלער ליבע.

אָנמערקונג. ווען מיר קוקן זיך צו צו דער אַלגעמיינער מיינונג פון די מענטשן, זעהען מיר, אַז זיי זענען באמת באַוואוסטזיניג אויף דער אייביגקייט פון זייער גייסט, נאָר זיי מישן צונויף אייביגקייט מיט דויער, און שרייבן זי צו צו דער פאָרשטעלונג אָדער דעם זכרון, וואָס זיי גלויבן, אַז ער בלייבט איבער נאָך דעם טויט.

זאַץ VXXX. גאָט ליבט זיך גופא מיט אַן אומענדלעכער אינטעלעקטועלער ליבע.

באַווייז. גאָט איז אַבסאָלוט אומענדלעך (טייל I, דעפיניציע VI), דאָס הייסט (טייל II, דעפ. VI), די נאַטור פון גאָט פריידט זיך מיט דער אומענדלעכער פולקאָמענהייט; און אַזאַ פרייד איז (טייל II, זאַץ III) באַגלייט פון דער אידעע פון זיך זעלבסט, דאָס הייסט (טייל I, זאַץ XI און דעפ. I),

פון דער אידעע פון זיין אייגענער אורזאַך, און דאָס איז, וואָס מיר האָבן באַצייכנט (אין טייל V, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXII) אַלס אינטעלעקטועלע ליבע. וו. א. ג. צ. ב.

זאַץ XXXVI. די אינטעלעקטועלע ליבע פון דעם גייסט צו גאָט איז גאָטס ליבע זעלבסט, וואָס מיט איר ליבט גאָט זיך גופא, נישט אויף אַזוי ווייט, ווי ער איז אומענדלעך, נאָר אויף אַזוי ווייט, ווי ער קאָן דערקלערט ווערן דורך דער תמצית פון דעם מענטשלעכן גייסט, וואָס ווערט באַטראַכט אונטער דער פאָרם פון אייביגקייט; מיט אַנדערע ווערטער, די אינטעלעקטועלע ליבע פון דעם גייסט צו גאָט איז אַ טייל פון דער אומענדלעכער ליבע, וואָס מיט איר ליבט גאָט זיך גופא.

באַווייז. די דאָזיגע ליבע פון גייסט מוז צוגערעכנט ווערן צו די אַקטיוויטעטן פון דעם גייסט (טייל V, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXII און טייל III, זאַץ III); זי איז אַליין, אין דער אמתן, אַן אַקטיוויטעט, וואָס דורך איר באַטראַכט דער גייסט זיך גופא אונטער דער באַגלייטונג פון דער אידעע פון גאָט אַלס אורזאַך (טייל V, זאַץ XXXII און שלוסזאַץ), דאָס הייסט (טייל I, שלוסזאַץ צו זאַץ XXV און טייל II, שלוסזאַץ צו זאַץ XI), אַן אַקטיוויטעט, וואָס דורך איר באַטראַכט זיך גופא גאָט אויף אַזוי ווייט, ווי ער קאָן דערקלערט ווערן דורך דעם מענטשלעכן גייסט, אונטער דער באַגלייטונג פון דער אידעע פון זיך זעלבסט; דעריבער איז (נאָך דעם לעצטן זאַץ נאָך) די דאָזיגע ליבע פון דעם גייסט אַ טייל פון דער אומענדלעכער ליבע, וואָס מיט איר ליבט גאָט זיך גופא. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז גאָט, אויף אַזוי ווייט ווי ער ליבט זיך גופא, ליבט די מענטשן, און, פאָלגלעך, אַז די ליבע פון גאָט צו מענטשן און די אינטעלעקטועלע ליבע פון דעם גייסט צו גאָט איז איינס און דאָס זעלבע.

אָנמערקונג. דערפון, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן, פאַרשטייען מיר דייטלעך, אין וואָס עס באַשטייט אונזער היילונג, אָדער גליקזעליגקייט, אָדער פרייהייט, נעמלעך, אין דער באַשטענדיגער און אייביגער ליבע צו גאָט, אָדער אין גאָטס ליבע צו מענטשן. די דאָזיגע ליבע אָדער גליקזעליגקייט רופט זיך אין דער ביבל כבוד און נישט מיט אומרעכט. דען מעג זיך די דאָזיגע ליבע באַציהען אויף גאָט, אָדער מעג זי זיך באַציהען אויף דעם גייסט, קאָן זי גאַנץ ריכטיג זיך רופן נשמה-רוה, וועלכע אין דער אמתן אונטערשיידט זיך נישט פון כבוד (דעפיניציע XXV און XXX פון די עמאָציעס). אויף אַזוי ווייט, ווי זי באַציהט זיך אויף גאָט (טייל V, זאַץ XXXV) איז די לוסט — אויב מיר קאָנען נאָך אַלץ ניצן דעם דאָזיגן אויסדרוק — באַגלייט פון דער אידעע פון זיך זעלבסט, און זי איז דאָס זעלבע אויף אַזוי ווייט, ווי

זי באַציהט זיך אויף דעם גייסט (טייל V, זאַץ XXVII). מחמת, אַזוי ווי די תּמצית פון אונזער גייסט באַשטייט בלויז אין דער דערקענטעניש, וואָס איר אורשפּרונג און פונדאַמענט איז גאָט (טייל I, זאַץ XV און טייל II, אַנ־מערקונג צו זאַץ XLVII), ווערט אונז דערמיט קלאָר, אויף וואָסער אַן אופן און אין וואָסער אַ הינזיכט אונזער גייסט, לויט זיין תּמצית און עקזיסטענץ נאָך, פאָלגט פון דער געטלעכער נאַטור און איז כּסדר אָפּהענגיג פון גאָט.

איך האָב געהאַלטן, אַז עס איז ווערט די מיה דאָס צו דערמאָנען, בכדי צו צייגן דורך דעם דאָזיגן ביישפּיל ווי שטאַרק עס איז די דערקענ־טעניש פון איינצלנע זאַכן, וואָס זי האָב איך אָנגערופן אינטואיטיווע אָדער פון דער דריטער אַרט (טייל II, אָנמערקונג II צו זאַץ XL) און וויפיל וויכ־טיגער זי איז פאַר דער אוניווערסאַלער דערקענטעניש, וואָס זי האָב איך באַ־צייכנט אַלס די דערקענטעניש פון דער צווייטער אַרט. דען הגם אין דעם ערשטן טייל האָב איך געצייגט אין אַלגעמיין, אַז אַלע זאַכן — ממילא אויך דער מענטשלעכער גייסט — הענגען־אָפּ לויט זייער עסענץ און עקזיסטענץ פון גאָט, דאָך מאַכט נישט דער דאָזיגער באַווייז, אפילו ווען ער ווערט גע־פירט לויט אַלע כּללים פון רעכט און לאָזט נישט צו דעם מינדסטן ספק, דעם זעלבן איינדרוק, ווי ווען דער זעלבער פּועל־יוצא ווערט געצויגן פון דער תּמצית פון אַ געוויסער איינצלנער זאַך, וואָס וועגן איר זאָגן מיר, אַז זי הענגט־אָפּ פון גאָט.

זאַץ XXXVII. עס איז נישט פאַרהאַן קיין זאַך אין דער נאַטור, וואָס איז אַנטקעגנגעזעצט צו דער דאָזיגער אינטעלעקטועלער ליבע, אָדער וואָס זאָל זי קאָנען אָוועקנעמען.

באַווייז. די דאָזיגע אינטעלעקטועלע ליבע פאָלגט, אויף אַ נויטווענ־דיגן אופן, פון דער נאַטור פון דעם גייסט אויף אַזוי ווייט, ווי ער ווערט באַ־טראַכט דורך דער נאַטור פון גאָט אַלס אַן אייביגער אמת (טייל V, זאַצן XXIX און XXXIII). וואָלט אַלזאָ געווען אַ וועלכע עס איז זאַך, וואָס זאָל זיין אַנטקעגנגעזעצט צו דער דאָזיגער ליבע, וואָלט די דאָזיגע זאַך גע־ווען אַנטקעגנגעזעצט צו דעם, וואָס איז אמת; פאָלגלעך, וואָלט דאָס, וואָס וואָלט געווען בּיכולת אַוועקצונעמען די דאָזיגע ליבע, געקאָנט באַווירקן, אַז דאָס, וואָס איז אמת, זאָל זיין פאַלש; דאָס איז (ווי עס איז קלאָר פון זיך אַליין) אומזיניג. דעריבער, איז נישט פאַרהאַן אין דער נאַטור קיין זאַך, וואָס א. א. וו. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. די אַקסיאָמע פון פערטן טייל באַציהט זיך אויף איינצלנע זאַכן, אויף ווי ווייט זיי ווערן באַטראַכט אין שייכות צו אַ באַשטימ־טער צייט און אַרט, איבער וואָס קיינער, גלויב איך, קאָן נישט צווייפלען.

**זאַץ XXXVIII.** וואָס מער זאַכן דער גייסט דערקענט לויט דער צווייטער און דריטער אַרט פון דערקענטעניש, אַלץ ווייניגער ליידט ער פון די עמאָציעס, וועלכע זענען שלעכט, און אַלץ ווייניגער האָט ער אויך מורא פאַר דעם טויט.

**באַווייז.** די עסענץ פון דעם גייסט באַשטייט אין דערקענטעניש (טייל II, זאַץ XI), וואָס מער זאַכן, דעריבער, דער גייסט דערקענט נאָך דער צווייטער און דריטער אַרט פון דערקענטעניש, אַלץ גרעסער וועט זיין דער טייל פון אים, וואָס דויערט (טייל V, זאַצן XXIII און XXIX), און, פאָלג־לעך, (נאָך דעם לעצטן זאַץ נאָך) וועט אַ גרעסערער טייל פון אים בלייבן אומ־באַרירט פון די עמאָציעס, וועלכע זענען אַנטקעגנגעזעצט צו אונזער נאַטור, מיט אַנדערע ווערטער, פון די עמאָציעס, וועלכע זענען שלעכט (טייל IV, זאַץ XXX). וואָס מער זאַכן אַלזאָ דער גייסט דערקענט לויט דער צווייטער און דריטער אַרט פון דערקענטעניש, אַלץ אַ גרעסערער טייל פון אים בלייבט אומפאַרלעצט און אַלץ ווייניגער ליידט ער דערפאַר פון די עמאָציעס, א. א. וו. ה. א. ג. צ. ב.

**אָנמערקונג.** דערפון פאַרשטייען מיר דעם פונקט, וועלכן איך האָב באַריהרט אין טייל IV, אָנמערקונג צו זאַץ XXXIX, און וואָס אים האָב איך צוגעזאָגט צו אַנטוויקלען אין דעם דאָזיגן טייל; נעמלעך, אַז דער טויט איז אַלץ ווייניגער שעדלעך, וואָס גרעסער עס איז די קלאָרע און דייט־לעכע דערקענטעניש פון דעם גייסט, און ממילא, וואָס מער דער גייסט ליבט גאָט. היות, ווייטער, ווי פון דער דריטער אַרט פון דערקענטעניש קוועלט אַרויס די העכסטע צופרידנהייט, וואָס קאָן געבן (טייל V, זאַץ VXII), לכן פאָלגט, אַז דער מענטשלעכער גייסט קאָן דערגרייכן דעם זיין פון אַזאַ נאַטור, אַז דער טייל זיינער, וואָס, ווי מיר האָבן געצייגט, גייט צו גרונט אינאיינעם מיט דעם קערפּער (טייל V, זאַץ XXI), זאָל זיין פון גאָר אַ קליינעם באַדייט אין פאַרגלייך מיט דעם טייל, וואָס דויערט. וועגן דעם וועל איך אָבער גלייך רעדן באריכות.

**זאַץ XXXIX.** ווער עס האָט אַ קערפּער, וואָס איז פעהיג אויף אַ זייער גרויסער צאָל אַקטיוויטעטן, דער האָט אַ גייסט, וואָס דער גרעסטער טייל זיינער איז אייביג.

**באַווייז.** ווער עס האָט אַ קערפּער, וואָס איז פעהיג אויף זייער אַ גרויסער צאָל טעטיגקייטן, דער איז אַמווייניגסטנס באַשטורעמט פון די עמאָ־ציעס, וועלכע זענען שלעכט (טייל IV, זאַץ XXXVIII) — דאָס הייסט (טייל IV, זאַץ XXX), פון די עמאָציעס, וועלכע זענען אַנטקעגנגעזעצט צו אונזער נאַטור; דעריבער (טייל V, זאַץ X) האָט ער די קראַפט צו איינאָרדנען און פאַרבינדן די פאַרענדערונגען פון קערפּער על פי דעם אינטעלעקטועלן

סדר, און, ממילא, צו באַווירקן, אַז אַלע פאַרענדערונגען פון דעם קערפּער זאָלן זיך באַציהען אויף גאָט, דער פועל־יוצא דערפון איז (טייל V, זאַץ XV), אַז ער וועט ווערן אָנגעפילט מיט ליבע צו גאָט (טייל V, זאַץ XVI), וואָס זי מוז פאַרנעמען, אָדער צונויפשטעלן דעם הויפּט־טייל פון דעם גייסט; אַזאַ מענטש, אַלזאָ (טייל V, זאַץ XXXIII), וועט האָבן אַ גייסט, וואָס זיין הויפּט־טייל איז אייביג. וו. א. ג. צ. ב.

א נ מ ע ר ק ו נ ג. ווייל די מענטשלעכע קערפּער זענען פעהיג אויף דער גרעסטער צאָל טעטיגקייטן, קאָנען זיי בלי ספק זיין פון אַזאַ נאַטור, וואָס זאָל געהערן צו די גייסטער, וועלכע האָבן אַ גרויסע דערקענטעניש פון זיך און פון גאָט, און וואָס זייער גרעסטער אָדער הויפּט־טייל איז אייביג, אַזוי אַז זיי האָבן כמעט גאָרנישט וואָס מורא צו האָבן פאַר דעם טויט. בכדי, אָבער, דאָס זאָל קלאָרער פאַרשטאַנען ווערן, מוז איך דאָ אויפמערקזאַם מאַכן דערויף, אַז מיר לעבן אין אַ צושטאַנד פון כסדרדיגער פאַרענדערונג, און לפי דעם נאָך, ווי מיר פאַרוואַנדלען זיך אין עפּעס בעסערס אָדער ערגערס, הייסן מיר גליקלעך אָדער אומגליקלעך.

דען ווער עס שטאַרבט אַלס זויגלינג אָדער קינד הייסט אומגליקלעך, און פאַרקערט, עס ווערט געהאַלטן פאַר אַ גליק, ווען מיר קאָנען דורכלויפן די גאַנצע לעבנס־באַן מיט אַ געזונטן גייסט און אַ געזונטן קערפּער. און אין דער ווירקלעכקייט ווער ווי אַ זויגלינג אָדער אַ קינד האָט אַ קערפּער, וואָס איז אויף ווייניגע זאַכן פעהיג, און איז על פּי רוב אָפּהענגיג פון אויסנווייניגסטע אורזאַכן, האָט אַ גייסט, וואָס, אין זיך גופא באַטראַכט, האָט כמעט גאָר קיין באַוואוסטזיין פון זיך, אָדער פון גאָט, אָדער פון זאַכן; דאַגעגן, ווער עס האָט אַ קערפּער, וואָס איז פעהיג אויף זייער אַ סך טעטיגקייטן, דער האָט אויך אַ גייסט, וואָס, אין זיך גופא באַטראַכט, באַזיצט פיל באַוואוסטזיין פון זיך, פון גאָט און פון זאַכן. אין דעם דאָזיגן לעבן, אַלזאָ, שטרעבן מיר פריהער פאַר אַלץ צו באַווירקן, אַז דער קערפּער פון אַ קינד, אויף ווי ווייט זיין נאַטור ערלויבט עס, און ווי ווייט עס איז ניצלעך פאַר אים, זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַנדערן, וועלכער איז פעהיג אויף זייער אַ סך טעטיגקייטן, און וואָס זאָל צו אַ גייסט געהערן, וועלכער האָט אַ הויכן באַוואוסטזיין פון זיך, פון גאָט און פון זאַכן; און מיר ווינטשן אַזוי אים צו ענדערן, אַז דאָס וואָס געהערט צו זיין פאָרשטעלונג און זכרון זאָל כמעט פון קיין באַדייט נישט זיין לפי ערך צו זיין אינטעלעקט, ווי איך האָב עס שוין געזאָגט אין דער אָנמערקונג צו דעם לעצטן זאַץ.

זאַץ XL. וואָס מער פולקאָמענהייט אַ זאַך האָט, אַלץ מער אַקטיוו איז זי און ווייניגער פּאַסיוו, און להיפוך, וואָס מער אַקטיוו אַ זאַך איז, אַלץ פולקאָמענער איז זי.

באַווייז. וואָס פּולקאָמענער אַ זאַך איז, אַלץ מער רעאַליטעט האָט זי (טייל II, דעפ. VI), און, פאָלגלעך (טייל III, זאַץ III און אָנמערקונג), איז זי אויך אַזוי ווייט מער אַקטיוו און ווייניקער פּאַסיוו; אַ באַווייז, וואָס ווערט אין אַ להיפּוכדיקן סדר געפירט אויף דעם זעלבן אופן, און וואָס פון אים פאָלגט יעמאָלט, אַז וואָס מער אַקטיוו אַ זאַך איז, אַלץ פּולקאָמענער איז זי. וו. א. ג. צ. ב.

שלוסזאַץ. דערפון פאָלגט, אַז דער טייל פון גייסט, וואָס דויערט, מעג ער זיין גרויס אָדער קליין, איז מער פּולקאָמען איידער דאָס איבעריגע. דען דער אייביגער טייל פון גייסט (טייל V, זאַצן XXIII און XXIX) איז די דערקענטעניש, וואָס צוליב איר אַליין זאָגט מען וועגן אונז, אַז מיר האַנדלען (טייל III, זאַץ III); דער טייל, וואָס מיר האָבן געצייגט, אַז ער גייט אונטער, איז די פאָרשטעלונג (טייל V, זאַץ XXI), וואָס צוליב איר אַליין הייסן מיר פּאַסיוו (טייל III, זאַץ III און אַלגעמיינע דעפ. פון די עמאָציעס); דעריבער איז דער ערשטער טייל, מעג ער זיין קליין אָדער גרויס, מער פּולקאָמען איידער דער לעצטער. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דאָס איז עס, וואָס איך האָב מיך אונטערגענומען צו צייגן בנוגע דעם גייסט, אויף אַזוי ווייט ווי ער ווערט באַטראַכט אָן אַ שייכות צו דעם קערפּער; דערפון, ווי אויך פון טייל I, זאַץ XXI און אַנדערע ערטער, איז דאָס קלאָר, אַז אונזער גייסט, אויף אַזוי ווייט ווי ער דערקענט, איז אַן אייביגער מאָדוס פון דענקען, וועלכער איז באַשטימט פון אַן אַנדער מאָדוס פון דענקען, און דער דאָזיגער אַנדערער פון אַ דריטן און אַזוי ביז דער אומענדלעכקייט; אַזוי אַז אַלע אינאיינעם מאַכן אויס די אייביגע און אומענדלעכע פאַרנונפט פון גאָט.

זאַץ XLI. אַפילו ווען מיר וואָלטן נישט געוואוסט, אַז אונזער גייסט איז אייביג, וואָלטן מיר אַלץ פאַר דער העכסטער וויכטיקייט געהאַלטן פרומקייט און רעליגיע, און איבערהויפּט אַלע זאַכן, וואָס זיי האָבן מיר געצייגט אין טייל IV, געהערן צו ווילנסשטאַרקייט און דערהאַבנקייט.

באַווייז. די ערשטע און איינציקע גרונדלאַגע פון טוגענט אָדער דער ריכטיקער לעבנספירער איז (טייל IV, שלוסזאַץ צו זאַץ XXII און זאַץ XXIV) דאָס זוכן פון אייגענעם נוצן. בעת, אָבער, מיר האָבן באַשטימט וואָס די פאַרנונפט פאָרשרייבט אַלס ניצלעך, האָבן מיר אין חשבון נישט אַריינגערעכנט די אייביקייט פון גייסט, וואָס וועגן איר זענען מיר געוואָר-געוואָרן אין דעם דאָזיגן פינפטן טייל. הגם אַלזאָ מיר האָבן נאָך דאָרט נישט געוואוסט, אַז דער גייסט איז אייביג, האָבן מיר פונדעסטוועגן באַהויפּטעט, אַז אַלץ, וואָס געהערט צו ווילנסשטאַרקייט און ערהאַבנקייט, איז פון

דער גרעסטער וויכטיגקייט; ווען מיר וואָלטן, דעריבער, נאָך אויך איצט גע-
ווען אומוויסנד וועגן דעם, וואָלטן מיר דאָך די אויבנדערמאָנטע פאָרשריפטן
פון דער פאַרנונפט אין דער ערשטער ליניע אָוועקגעשטעלט.

אָנמערקונג. די געוויינלעכע מיינונג פון דעם המון שיינט צו
זיין אַן אַנדערע. דאָס רוב פון די מענטשן זעהען־אויס צו גלויבן, אַז זיי זע-
נען פריי, אויף ווי ווייט זיי קאָנען זיין געהאָרכזאַם צו זייערע תאוות, און אַז
זיי געבן־אויף זייער רעכט אויף אַזוי ווייט, ווי זיי מוזן לעבן לפי די געבאָטן
פון דעם געטלעכן געזעץ. זיי גלויבן דערפאַר, אַז פרומקייט, רעליגיע און
איבערהויפּט אַלץ, וואָס געהערט צו דער קראַפט פון דער נשמה, זענען לאַסטן,
וואָס נאָך דעם טויט האָפן זיי פון זיך זיי אַראָפּצוואַרפן און פאַר זייער
קנעכטשאַפט, דאָס הייסט פאַר זייער פרומקייט און רעליגיע, מקבל פּרס זיין;
און נישט נאָר די דאָזיגע האָפנונג אַליין, נאָר אויך, און דער עיקר, די
שרעק נאָך דעם טויט מיט שרעקלעכע מאַטערנישן באַשטראָפט צו ווערן, באַ-
וועגט זיי צו לעבן לפי דער פאָרשריפט פון דער געטלעכער פאַרנונפט אויף
אַזוי ווייט, ווי די באַשרענקטקייט און שוואַכקייט פון זייער גייסט ערלויבט עס.

ווען מענטשן וואָלטן נישט געהאַט די דאָזיגע האָפנונג און די דאָזיגע
שרעק, נאָר זיי וואָלטן געגלויבט, אַז דער גייסט גייט מיט דעם קערפּער צו
גרונט, און, אַז פאַר די אומגליקלעכע, וואָס ווערן ערשעפּט מיט דער לאַסט
פון פרומקייט, שטייט נישט פאַר קיין ווייטערער לעבן, וואָלטן זיי זיך צוריק-
געקערט צו זייערע אייגענע נייגונגען און וואָלטן אַלץ איינגעריכטעט נאָך
זייערע גלוסטונגען נאָך, און זיי וואָלטן מער חשק געהאַט זיך צו צוהערן צו
דער שטים פון די אומשטענדן, איידער צו זייער אייגענער שטים. דאָס שיינט
מיר צו זיין אַקוראַט אַזוי אומזיניג, ווי ווען איינער, וואָס גלויבט נישט, אַז ער
קאָן פאַר דער אַלעראייביגקייט דערהאַלטן זיין קערפּער מיט גוטע נאַהרונגס-
מיטלען, וואָלט מהאי טעמא זיך געשטאָפּט מיט גיפטן און טויטלעכע שטאָפן;
אָדער ווייל ער זעהט, אַז דער גייסט איז נישט אייביג אָדער אומשטערבלעך,
זאָל ער וועלן ליבערשט אָן פאַרשטאַנד זיין און אָן פאַרנונפט צו לעבן;
די דאָזיגע אידעען זענען אַזוי אומזיניג, אַז עס לוינט זיך קוים אויף זיי
אָפּצושטעלן.

זאַץ XLII. די גליקזעליגקייט איז נישט דער שכר פון טוגענט, נאָר
די טוגענט גופא; און מיר פרייען זיך מיט איר, נישט דערפאַר, וואָס מיר
קאָנטראָלירן אונזערע תאוות, נאָר פאַרקערט, ווייל מיר פרייען זיך מיט איר,
זענען מיר ביכולת צו קאָנטראָלירן אונזערע תאוות.

באַווייז. די גליקזעליגקייט באַשטייט אין דער ליבע צו גאָט (טייל
V, זאַץ XXXVI און אָנמערקונג), וועלכע פליסט פון דער דריטער
אַרט פון דערקענטעניש (טייל V, שלוסזאַץ צו זאַץ XXXII); דעריבער מוז

די דאָזיגע ליבע (טייל III, זאַץ LIX) זיך באַציהען אויף דעם גייסט, אויף אַזוי ווייט, ווי ער איז אַקטיוו; און דערפאַר (טייל IV, דעפ. VIII) איז זי טוגענט אַליין. דאָס איז געווען אונזער ערשטער פונקט. ווייטער, וואָס מער דער גייסט פריידט זיך מיט דער דאָזיגער געטלעכער ליבע אָדער גליקזעליגקייט, אַלץ מער דערקענט ער (טייל V, זאַץ XXXII); דאָס הייסט (טייל V, שלוסזאַץ צו זאַץ III), אַלץ מער מאַכט האָט ער איבער די עמאָציעס, און (טייל V, זאַץ XXXVIII) אַלץ ווייניגער איז ער אונטערוואָרפן צו די עמאָציעס, וואָס זענען שלעכט; דורך דעם, אַלזאָ, וואָס דער גייסט פריידט זיך מיט דער געטלעכער ליבע אָדער גליקזעליגקייט, האָט ער די מאַכט צו קאָנטראָלירן די תאוות, און היות ווי די מענטשלעכע מאַכט צו קאָנטראָלירן די עמאָציעס באַשטייט בלויז אין דער דערקענטעניש, לכן פאָלגט, אַז קיינער פריידט זיך נישט מיט גליקזעליגקייט, מחמת ער קאָנטראָלירט זיינע תאוות, נאָר פאַרקערט, די מאַכט צו קאָנטראָלירן זיינע תאוות אַנטשטייט פון דער דאָזיגער גליקזעליגקייט גופא. וו. א. ג. צ. ב.

אָנמערקונג. דערמיט האָב איך פאַרענדיגט אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט אַרויסברענגען וועגן דער מאַכט פון גייסט איבער די עמאָציעס, און דער פרייהייט פון גייסט. דערפון זעהט מען אַרויס ווי שטאַרק דער קלוגער מענטש איז און וויפיל מעכטיגער ער איז פאַר דעם אומוויסנדן, וועלכער ווערט געטריבן בלויז פון זיינע תאוות. דען דער אומוויסנדער מענטש, אָפגעזעהן דערפון, וואָס ער ווערט פון אויסנווייניגסטע סיבות אויף כּלערליי אופנים הין און הער געטריבן, און ער איז קיין מאָל נישט אין דעם באַזיץ פון אמתער נשמה-רוה, לעבט ער נאָך דערצו אָן דעם באַוואוסטזיין פון זיך אַליין, פון גאָט און פון זאַכן, און אַזוי באַלד ווי ער הערט אויף פון ליידנשאַפטן באַוועגט צו ווערן, הערט ער אויך אויף צו זיין. דער קלוגער מענטש, דאַגעגן, אויף אַזוי ווייט, ווי ער ווערט אַלס אַזעלכער באַטראַכט, ווערט קוים אין דער נשמה באַאומרוהיגט, נאָר באַוואוסט אויף זיך אַליין, אויף גאָט און אויף זאַכן הערט ער לפּי אַ געוויסער אייביגער נויטווענדיגקייט נישט אויף צו זיין, נאָר ער געפינט זיך תמיד אין דעם באַזיץ פון אמתער נשמה-רוה. ווען אַלזאָ דער וועג, וואָס, ווי איך האָב געצייגט, פיהרט צו דעם דאָזיגן רעזולטאַט, שיינט אַפילו צו זיין זייער אַ שווערער, קאָן ער דאָך געפינען ווערן. און אייגנטלעך מוז זיין גאַנץ שווער דאָס, וואָס מען טרעפט אַזוי זעלטן אָן, דען ווי וואָלט עס מעגלעך געווען, ווען די זעליגקייט וואָלט געווען אַזוי גרינג צו דער האַנט, און וואָלט געקאָנט אָן פיל מיה געפינען ווערן, אַז זי זאָל כמעט פון אַלע מענטשן פאַרנאַכלעסיגט ווערן? אָבער אַלץ, וואָס איז דערהאַבן, איז אַזוי שווער ווי עס איז זעלטן.

---

